# מרים ראסקין



# זלאטקע





ניו יאָרק, 1951

זלאַטקע פון בערעזע.

געווען אַמאָל אַזאַ זלאַטקע, און איך האָב זי געקענט. די, וואָס האָבן זיך אויסגעהאָדעוועט אין דער משפחה פון בונד, האָבן גע־וואוסט פון אַ סך וואונדערלעכע פערזענלעכקייטן, ליכטיקע גע־שטאַלטן. אַרויסקומענדיק פון רייכע, יחוסדיקע היימען, האָבן זיי דורך זייער געלייטערטער פשטות באַלאַנגט מער צו די אַרבע־טער, ווי צו זייער אייגענעם קלאַס. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אין קאַמף פאַר אַ גערעכטיקער וועלט, און אין מסירת־נפש פאַר הויכע אידעאַלן געזען דעם אמתן זינען פון לעבן. זיי זיינען געווען דורכ־גענומען מיט דעם גייסט פון יידישער געשיכטע, דעם טייל אירן, וואָס איז פול מיט העראָאיזם און מאַרטירערשאַפט. און זיי זיינען ווי גע־ווען באַרופן צו ציען ווייטער דעם פאָדעם פון דער געשיכטע.

זלאַטקע האָט ניט באַלאַנגט צו יענע גרויסע פערזענלעכקייטן, נאָר זי האָט פאַרמאָגט אין זיך די זעלביקע גייסטיקע גבורה, די גרייט־קייט זיך מקריב צו זיין פאַר די זעלביקע הויכע אידעאַלן. אויך זי איז געווען גרייט אָפּצוגעבן איר יונג לעבן צו העלפן, אַז די וועלט זאָל ווערן שענער און בעסער פאַר אַלעמען. זלאַטקע האָט געשטאַמט פון דער אָרעמקייט. זי איז געווען איינע פון פאָלק. איינע פון יענע העלדן, וואָס זייערע נעמען וועלן ניט פאַרשריבן ווערן אין דער געשיכטע.

פון אַזאַ זלאַטקע, און פון נאָך אַזעלכע ווי זי, דערציילט זיך דאָ אין דעם דאָזיקן בוך.

יולי 1951.

# ערשטער קאַפּיטל

וואָס נעענטער צום פּאַרנאַכט איז זלאַטקע אַלץ אומרואיקער געוואָרן. ס'איז פרייטיק היינט, און אין אָוונט איז די פאַרזאַמלונג פון סכאָדקע, ווען זי קאָנען אַרויסרייסן זיך פון שטוב און קומען אַהין אין צייט?

די מאַמע, זלאַטקעס, פאַרגיט איר אַלץ נייע אַרבעט:

— זלאַטקע, אויף גיך רוף אַריין די קינדער פון גאַס, כ'וויל זיי אויסצוואָגן די קעפּלעך. ס'איז שוין שפּעט, טאָכטער, נעם פאַרשפּרייט אַ טישטוך אויפן טיש, שטעל אַוועק די לייכטער...

זלאַטקע פאָלגט אַלץ וואָס מען הייסט איר. צוגלייך מיט דער מאַמען איילט זי זיך וואָס גיכער אַריינברענגען דעם שבת אין שטוב, אַז זי זאָל שוין קענען אַוועקגיין וואוהין זי באַדאַרף. די אָרעמע שטוב, מיט דעם נידעריקן באַלקן, איז ליכטיק אויפגעפרישט. די פאָדלאָגע אָפּגעוואַשן, די צוויי חלות איבערגעדעקט מיט אַ ווייס טישטוכל. די מאַמע האָט שוין אָפּגעבענטשט ליכט. פון איר שטענדיק פאַרהאָוועטן און פאַרזאָרגטן אויסזען טרעט אָפּ די וואָכעדיקייט, און רו און פרידלעכקייט שפּרייט זיך אַרום.

נאָר דער אמתער שבת באַווייזט זיך ווען דער טאַטע, זלאַטקעס, קומט אַריין פון שול. ער נעמט שפּאַנען איבערן שטוב מיט די הענט פאַרלייגט אויף הינטן:

— שלום עליכם מלאכי השרת! — זינגט דער טאַטע. ער פרייט זיך מיט דעם שבת. עס שיינען ביי אים די טיף־שוואַרצע, אַ ביסעלע אַרויסגעזעצטע אויגן, זיין מאַט־בלייכער פּנים, די לאַנגע צעקעמטע באָרד, אַלץ שאַלט אין אים און זינגט.

דער עסן גייט דורך אין אַ געהויבענער רואיקייט. די קינדער ביים טיש זיצן סטאַטעטשנע, ווען די מאַמע טיילט אויס די שבתדיקע מאכלים. איין זלאַטקע איז אומרואיק. אַן אומגעדולדיקע וואַרט זי נאָר, אַז דער טאַטע זאָל אָנהויבן דעם בענטשן. דעמאָלט כאַפּט זי זיך אַראָפּנעמען פון טיש. און איידער מ'קוקט זיך אַרום, האָט זי שוין צעוואַשן דאָס געפעס. אַ סוף! איצט שאַרט זי זיך אַרויס פון שטוב.

זי לויפט איבער די שטילע, שטעטלשע געסלעך, ביז זי קומט צו דער קאָנספּיראַטיווער קוואַרטיר, וואָס געפינט זיך אויף אַן אויבער־

שטיבל. זאַוול, דער שטעפּער, וואוינט אין דער קוואַרטיר. די פענצטער זיינען פאַרהאַנגען, אַז מען זאָל פון דרויסן גאָר ניט זען, נאָר אינעווייניק איז ליכטיק און היימלעך. אַלע מיטגלידער פון סכאָדקע זיינען שוין דאָ. בעריש, דער ישיבה־בחור, צאַלקע ווייסענבערג, נינע אייזענשטאַט, און זאַוול אַליין. פינף זיינען זיי אין צאָל. זלאַטקע באַגריסט זיך מיט אַלעמען דורך דעם באַזונדערן פעסטן האַנט־דרוק, וואָס מיינט אַזוי פיל. עס מיינט, אַז זיי באַלאַנגען אַלע צו דעם אידעאַל פון רעוואָלוציע און אַז אַלעמען פאַרבינדט איין גורל. אינטים און האַרציק זיינען יעדעס מאָל די באַגעגענישן זייערע. זלאַטקע אָטעמט אָפּ פריייער:

— ניט געקענט ביז איצט זיך אַרויסרייסן פון שטוב!

זי זעצט זיך אויפן סאָפּקעלע אין איינעם מיט נינען. אויך נינען איז שווער יעדן מאָל אַוועקצוגיין פון שטוב. טאַטע־מאַמע היטן איר די טריט. און היינט האָבן זיי איר געסטראַשעט צו פאַרשליסן די טיר, ניט אַריינלאָזן איר צוריק אין שטוב.

— אָ, וועמען אַרט עס! — גיט זי ענערגיש אַ מאַך מיט איר שמאָל, דין הענטל.

איין ווײַלע איז אין צימערל אַ פריילעכע גערעדעריי. מען לאַכט פון צאַלקען, וואָס איידער ער קומט אַהער דרייט ער זיך אַרום אויף זייטיקע גאַסן, אין פאַל מען שפּיאָנירט אים נאָך. צאַלקע איז אַ גע־וועזענער שילער פון רעאַל־שולע. ער טראָגט אַ רוסישע רובאַשקע מיט אַ קוטאַס פאַרבונדן. זיינע האָר, רויטלעך־בלאָנדע, זיינען שטענדיק צעפּאַטלטע און אַלע מאָל דוכט זיך אים אויס, אַז עס גייען אים נאָך שפּיאָנען. זאַוול, דער שטעפּער, רעדט אים אויס שטרענג:

— מיט דיין צופיל דרייען זיך וועסטו נאָך אויפרייסן די אויגן ביי דער פּאָליציי!

די זיצונג האָט זיך אָנגעהויבן. אַרבעט איז דאָ אָן אַ שיעור: אָנפירן מיט די קרייזלעך צו לערנען דעם סאָציאַליזם, אָרגאַניזירן פאַרזאַמלונגען פאַר די „מאַסאָווע", אַגיטירן די אַרבעטער פון שוועבל־פאַבריק, די איינציקע פאַבריק אין שטעטל. נאָר וויכטיקער פון אַלע אַרבעטן איז איצט דאָס פאַרשפּרייטן אַ פּראָקלאַמאַציע צו די רעקרוטן. עס דערנענטערט זיך די צייט פון פּריזיוו, אַ צייט ווען גרויסע מאַסן יונגע פויערים קומען זיך אָן אין שטעטל צום „סבאָרני־פּונקט". די פויערים לעבן אין אומוויסנהייט. עס איז נויטיק זיי צו אַגיטירן, עפענען די אויגן.

בעריש, דער ישיבה־בחור, האָט די פּראָקלאַמאַציע אויפגעשריבן. ער האָט דאָס איצט פאַר אַלעמען געלייענט. ס'איז געווען „אַ רוף צום אַרבעטנדיקן פאָלק אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם שווערן יאָך"; אַז די ערד באַלאַנגט צו די, וואָס באַאַרבעטן זי; און אַז די רעגירונג האַלט די פויערים אין דער פינצטערניש.

קיין זאַך האָט בעריש ניט דורכגעלאָזן אין זיין שריפט. דער שיין פון קליין לעמפל האָט געוואָרפן אַ העלן ליכט אויף זיין בלייך, אויסגעאיידלטן פּנים, אויף זיין געוועלבטן שטערן און אויף זיין גאַנצער הויכער, דינער פיגור. ער האָט לייענענדיק געטייטלט מיטן פינגער אין פּאַפּיר און זיך געוויגט ווי ביים לערנען גמרא.

— אונטערגעשריבן פון דער היגער אָרגאַניזאַציע פון „בונד"!— האָט בעריש אַלעמען ערנסט אָנגעקוקט. עס איז געווען ווי ער וואָלט אַ כישוף־וואָרט אַרויסגערעדט מיט דעם וואָרט „בונד" און די מינוט איז געוואָרן אַ געהויבענע. מען איז באַהעפט מיט דער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי פון גאַנצן, גרויסן, בונדישן ראַיאָן.

נינע, וואָס קען גוט די רוסישע שפּראַך, האָט באַדאַרפט די פּראָקלאַמאַציע איבערשרייבן אויף רוסיש. זי האָט איצט מיט אַ בלייפעדער פאַרצייכנט אַלץ, וואָס מען קען נאָך צוגעבן. זי האָט אויסגעזוכט די שענסטע און האַרציקסטע ווערטער, וואָס זאָל אויף דעם פויער ווירקן. זי און בעריש האָבן זיך אַ ווײַלע געשפּאַרט וועגן אַ גוטן אויסדרוק, וועגן אַ וואָרט. נאָר זאַוול, דער שטעפּער, האָט שוין זיי ביידן שאַרף אָנגעקוקט און אַ חוזק־שמייכל איז דורכגעלאָפן איבער זיין ענערגיש, טונקל־הויטיק פּנים.

— וואָס טויגן די אַלע קונצן, — האָט ער זיך אָפּגערופן — דער פויער דאַרף האָבן קלאָרע דיבורים. וואָס פּראָסטער די רייד, וועט ער אַלץ בעסער פאַרשטיין.

זאַוול האָט ניט ליב געהאַט דאָס „אינטעליגענטישע" אַמפּערן זיך. ער אַליין איז ניט געווען גענוג געלערנט, נאָר ער האָט אָבער פאַרמאָגט שאַרפע און שכלדיקע איינפאַלן, וואָס מען האָט ניט געקענט פאַרביייגיין. ער האָט גערעדט איינגעהאַלטן און ניט געאיילט, נאָר אַלע האָבן געוואוסט, אַז ער קאָן הייס דיסקוטירן און שטיין פעסט פאַר זיינער אַ מיינונג.

זלאַטקע האָט געשוויגן שטיל. זי איז ערשט ניט לאַנג אַריינגענומען געוואָרן אין סבאָדקע און זי האָט זיך ניט געפילט שטאַרק גענוג אַרויסצוזאָגן אַ מיינונג. און צאַלקע ווייסענבערג האָט שוין אומרואיק זיך געדרייט אויף זיין שטול. עס האָט אים קיין געדולד ניט געסטאַיעט, ווען די געשפּרעכן האָבן זיך צו לאַנג פאַרצויגן. אַ באַשלוס איז אָנגענומען געוואָרן אָפּצוואוואַרטן דערווייל מיט דער פּראָקלאַמאַציע. צייט איז נאָך געווען גענוג. אַ מענטש פון קאָמיטעט האָט אין גיכן געדאַרפט קומען אַהער, וואָס ער האָט געפירט די פאַרבינדונגען צווישן די אָרגאַניזאַציעס פון דעם בונדישן ראַיאָן און געהאָלפן פאַרענטפערן שווערע פראַגן.

אַז די זיצונג איז געווען צו ענד, איז מען זיך פון דער קוואַרטיר צעגאַנגען איינציקווייז, צוליב קאָנספּיראַציע, און אין אַ ווייטער גאַס

האָט מען זיך ווידער געטראָפן און אַוועקגעשפּאַצירט אונטערן שטאָט צום פרייען פעלד. די נאַכט איז געווען אַ מילדע, אַ סוף־זומערדיקע; די טונקעלע הימלען אויסגעזייט מיט שטערן. לאַנג האָט נאָך אָט די קליינע גרופּע פאַרשווערער געשמועסט צווישן זיך, פול מיט חלומות פון דער שענערער וועלט, וואָס דאַרף קומען. די געדאַנקען ביי אַלע־מען זיינען געווען געווענדט צו די גרויסע שטעט, מיט די סך פאַ־בריקן, מיט די אמתע פּראָלעטאַריער. דאָרט פירן זיך די גרויסע קאַמפן פון וועלכע דאָ, אין דעם קליינעם ליטווישן שטעטל, האָט מען נאָר אַן אָפּקלאַנג געהערט. בעריש, דער ישיבה־בחור, האָט זיך שוין לאַנג געריסן צו פאָרן אַהין.

— דעם ווינטער נאָך וועט מען מוזן פאָרן ערגעץ. אין ביאַליסטאָק צי אין וואַרשע, — האָט ער גערעדט ווי צו זיך אַליין.

וועגן ברישן האָט מען געוואוסט, אַז ער וואַקסט אַ קראַפט. ער האָט טיף געגרונטעוועט זיך אין וויסן און ער האָט אַזוי קלאָר גע־וואוסט מאַרקסעס לערע, אַז ווען מען וועקט אים אויף אין מיטן נאַכט וואָלט ער געקענט פון דעם ריידן. ער וועט דאָרט, אין דער גרויסער שטאָט, אַריין גלייך אין קאָמיטעט, וועט לעבן אומלעגאַל, און אַלע זיינען אים מקנא געווען.

— ניטאָ נאָך דערוויייל ווער עס זאָל אייך דאָ פאַרבייטן, — האָט מען אים יעדן מאָל אָפּגערעדט פון פאָרן.

נינע האָט אויפגעהויבן די אויגן צום אויסגעשטערנטן הימל, וואָס איז געווען אי סודותדיק, אי נאָענט. זי האָט געוואוסט דעם גאַנג פון די פּלאַנעטן און האָט געקענט פון זיי לייענען ווי פון אַ בוך. זלאַטקע איז געווען אַ פּולע, אַ באַרוישטע. זי האָט געלאָזט דעם פרישן ווינטל קילן איר דאָס פּנים. איר האָט זיך געדוכט ווי זי וואָלט ערשט געוואָרן געבוירן און אַלץ אַרום איר האָט באַקומען אַ העכערן זינען. בעריש האָט דער ערשטער זיך דערמאָנט וועגן גיין אַהיים. ער האָט געוואוינט אין אַ נאָענטן דערפל, ביי אַ ישובניק, געלערנט דאָרט מיט זיינע צוויי יינגלעך. האָט ער איצט אַוועקגעשפּאַנט אַהין מיט זיינע לאַנגע פיס.

שפּעט ביינאַכט איז נאָך זלאַטקע געשטאַנען לעבן איר שטוב מיט זאַוולען. זאַוול האָט אַלץ ניט געוואָלט גיין אַהיים. זלאַטקע האָט געהאַט אַן אָנונג, אַז ער ליבט זיך אין איר. דעם גאַנצן הייגטיקן אָוונט, וואו נאָר זי האָט זיך געקערט, האָט זי געפילט ווי זיינע גליענדיקע אויגן גייען איר נאָך. זלאַטקע איז געווען אַ חנעוודיק מיידל. זי האָט געהאַט דעם טאַטנס מאַט־בלייכן פּנים און זיינע טונקעלע, בולטע אויגן און ווייכע שאַטענע האָר. און אַז זי איז געווען פון עפּעס באַ־גייסטערט, האָט איר פּנים אינגאַנצן געלויכטן.

זלאַטקע האָט אין אָנהויב פאַר זאַוולען אַ ביסל מורא געהאַט. איי־

דער ער איז אַריין אין דער אָרגאַניזאַציע איז ער געווען אַ שטיק אומרו, אַ שלעגער. אין שטעטל האָט מען פֿאַר אים געציטערט. זינט ער האָט אין וואַלד ביי אַן אומלעגאַלער פֿאַרזאַמלונג געהערט די ערשטע רעדע איז אים ניט צו דערקענען. ער איז געוואָרן איינגע־האַלטענער און שטילער, ווי אַ געצוימטע חיהלע, און עס איז ניטאָ אַזאַ זאַך ער זאָל ניט קענען טאָן פֿאַר דער באַוועגונג.

אַז זאַוול גייט ביי איר זייט פֿילט זיך איצט זלאַטקע אַליין שטאַרקער, זיכערער. עס ווייעט מיט גבורה פֿון זיינע געמויערטע פּליי־צעס, פֿון זיין פֿעסטער קין און דער הויכער קוטשמע האָר, שוואַרץ ווי די נאַכט. פֿון זיין פֿעסטן האַנט־דרוק פֿילט זי ווי דאָס גאַנצע בלוט קומט איר אין פּנים אַריין. זי קוקט זיך אום אויב עמעצער פֿון שטוב זעט איר ניט ווי זי שטייט דאָ מיט אים.

— גיי, גיי אין שטוב, זלאַטקע, — גיט זיך זאַוול מיט איר אַ רייס.

— דו האָסט דאָך מורא פֿאַר דיין מאַמען.

זלאַטקע באַליידיקט זיך שטאַרק.

— איך האָב מורא? ווערט דאָס דיר געזאָגט? — און זי גיט זיך אַ קער אָפּ אַן אַ „גוטע נאַכט“.

זי טוט אויס די שיך, אַז טאַטע־מאַמע זאָלן ניט הערן ווי זי גייט אַריין אין שטוב. באַלד גליטשט זי זיך אַריין אין בעט, צווישן אירע צוויי שוועסטערלעך, וואָס שלאָפֿן שוין מיט אַ געשמאַקן שלאָף.

*
**

אין דער היים ביי זלאַטקען האָט מען געלעבט אָרעם און מיט דעם שטענדיקן הו־האַ פֿון אַ כאַפּטע קינדער, זלאַטקעס שוועסטערלעך און ברידערלעך, פֿון וועלכע זי איז די עלטסטע געווען. דער טאַטע, זלאַטקעס, האָט געהאַט אַ נאָמען פֿאַר אַ קלוגן קאָפּ און אַ למדן, נאָר צו קיין ריכטיקער פּרנסה האָט ער זיך ניט געקענט דערשלאָגן. ער האָט געהאַנדלט מיט לאָטעריי־צעטלען און קיין סך פֿאַרדינסט איז פֿון דעם ניט געווען. די מאַמע, זלאַטקעס, איז אויך געווען אַ פֿאַרדינערקע. אין אַ מאַרק־טאָג האָט זי אויפֿגעקויפֿט ביי די פּויערים אייער און הינער און פֿאַרקויפֿט עס דערנאָך צו די רייכע באַלעבאָסטעס. די מאַמע, זלאַטקעס, איז געווען בייז און אויפֿגערעגט. פֿלעגט צייטנווייז שרייען און שילטן די קינדער. אַז איר איז ניט געווען גוט אויפֿן האַרצן, האָט זי אויסגעלאָזט איר כעס אויף זלאַטקען:

— אַזאַ מויד אין שטוב, און מען זאָל עס פֿון איר האָבן אַ ברעקל נוץ!

זלאַטקע האָט צוגעשוויגן און געראַמט די שטוב, געוואַשן וועש אין אַ גרויסער באַלייע, געהאָלפֿן דער מאַמען האָדעווען די קינדער.

ס׳איז איר אומעטיק געווען, זלאַטקען, מיט אירע פולע, לעבעדיקע זעכצן יאָר. אַפילו מיט די מיידלעך, אירע חברטעס, האָט זי ניט אַלע מאָל זיך געוויילט. אין אַ שבת, ווען די מיידלעך און בחורים האָבן זיך פאַרקליבן אין אַ שייער טאַנצן, האָט זלאַטקע גאָר ליב געהאַט צו לייענען ביכלעך, וואָס זי האָט גענומען אויף פּראָקאַט. אין די ביכלעך האָבן וואונדערלעכע זאַכן זיך באַשריבן — וועגן שטאַרקער און אייביקער ליבע, פאַר וועלכע די העלדן זיינען גרייט אַפילו צו שטאַרבן. אַ פאַרוועבטע אין אָט די חלומות איז זי דערנאָך אַרומגע־גאַנגען אַ גאַנצע וואָך אַרום איר אַרבעט.

אַזאַ איז זלאַטקע געווען ווען מען האָט צום ערשטן מאָל איר פאַרטרויט דעם גרויסן סוד פון דער באַוועגונג. זלאַטקען האָט מען ניט באַדאַרפט לאַנג אַגיטירן. אַז זי האָט דערהערט וועגן דער נייער לערע פון אַ שענערער און ליכטיקערער וועלט, האָט זי געוואוסט, אַז דאָס האָט מען איר אויך אין זינען. און ס׳איז געווען פאַר איר ווי אַ גוטע בשורה, וואָס דערוואַרעמט און דערפרישט דאָס האַרץ. גאָר אין גיכן האָט זלאַטקע שוין געקענט טאָן וויכטיקע אַרבעט פאַר דער אָרגאַניזאַציע. זי האָט שוין איצט אַליין אָנגעפירט מיט אַ קרייזל פון „אָנפאַנגער״. אין דער זעלבער צייט האָט זי אַליין געשמאַק געלערנט סאָציאַליזם אין אַ העכערן קרייזל, אָנגעפירט פון בערישן. בייגאַכט האָט זי איצט געהאַט אומלעגאַלע ביכער. אַמליבסטן זיינען איר געווען די ביכער פון דעם לעבן פון די גרויסע רעוואָלוציאָנערן, וואָס זיינען זיך מקריב געווען פאַר זייער אידייע. זלאַטקע האָט דעמאָלט שעהנווייז זיך פאַרלייענט. זי האָט זיך פאָרגעשטעלט ווי זי וועט אויך גרייט זיין צו ברענגען זיך פאַר אַ קרבן, ווען די צייט וועט קומען פאַר גרויסע טאַטן.

זלאַטקעס חלומות זיינען אָפט איבערגעריסן געוואָרן דורך דער מאַמעס פאַרשלאָפּענעם קול:

— וועסט שוין אַמאָל פאַרלעשן דאָס לעמפּל. ברענט אומזיסט נאָפט, פרעג וואָס?..

די מאַמע זלאַטקעס האָט אַלץ געזען: איר אַנטלויפן פון שטוב ווי נאָר נאָכט, איר קומען שפּעט אַהיים, און ווי זי ענטפערט איצט אַ טראָציקע, אַז מען הייסט איר עפּעס טאָן.

— נעם, זלאַטקע, אויף גיך, טראָג אַוועק דעם טוך אייער צו דער באַלעבאָסטע!

— כ׳האָב צייט שפּעטער אויך, — האָט זי געענטפערט, ווי צו ווייזן אַז זי איז שוין ניט די זעלבע זלאַטקע, וואָס געווען. וואָס פאַר אַ ווערדע האָבן איצט פאַר איר די שטוביקע אינטערעסן אין פאַרגלייך מיט דעם אידעאַל, וואָס האָט איצט שטענדיק געלויכטן פאַר די אויגן?

— וואַרט, וואַרט, זלאַטקע, זאָל נאָר דער טאַטע זיך דערוויסן! — האָט די מאַמע איר געסטראַשעט. נאָר דער טאַטע, זלאַטקעס, איז אַליין געווען געגנוג פאַרטראָגן. דעם גאַנצן טאָג איז ער אַרומגעגאַנגען פאַר־קויפן זיינע לאָטעריי־צעטלען און אין אָוונט האָט מען אים געקענט זען אַריינגעטאָן אין עפּעס פאַרשריבענע פּאַפּירן, און ווי ער רעכנט און רעכנט. אַז ער האָט נאָר צייט געהאַט האָט ער אַרויסגענומען אַ ספר פון אַלמער, געזעצט זיך ביים טיש, און שוין, ווי ער וואָלט גאָר אין שטוב ניט געווען. די מאַמע האָט שוין ניט איינמאָל געגעבן אים צו וויסן פון זלאַטקעס ווילדע גענג, נאָר ער האָט זעלטן־ווען זיך געמישט אין די פּירונגען פון שטוב. ער איז געווען אַ גרויסער שוויַיגער.

דער טאַטע, זלאַטקעס, האָט נאָר אויפגעלעבט, ווען זייער שכן, הערש־לייב דער שענקער, איז אַריינגעקומען צו אים אויף אַ שמועס. הערש־לייב איז געווען אַ שטאַרקער, מגושמדיקער ייד. זיין האַלדז רויט, צעטריקנט ווי די קאָרע פון אַ בוים און אָנגעטאָן אין אַ קאַ־מעזעלקע, מיט די ווייסע אַרבל פאַרקאַשערט. אין שענק ביי אים האָט ער געקענט אַ נעם־טאָן ביי די קאָלנערס אַ דריי צעשיכורטע גויים פאַר איין מאָל און זיי אַרויסשטופּן פון זיין שענק אין גאַס אַרויס.

זלאַטקעס טאַטע פלעגט ווערן גוט אויפגעלייגט ווען ער פלעגט אים דערזען. ער פלעגט צו אים רעדן מיט פסוקים פון תנך און גמרא און הערש־לייב האָט גרויס דרך־ארץ געהאַט פאַר אים. מער פון זיין שענק האָט הערש־לייב ליב געהאַט מסחר. ער האָט אָנגערעדט דעם טאַטן צו ווערן אַ שותף אין אַ שטיק וואַלד, וואָס ער האָט אָפּגעדונגען ביי אַ פּריץ. מען וועט דעם וואַלד אויסהאַקן, דאָס געהילץ פאַר־קויפן.

— ס'שטייט פאָר צו פאַרדינען שטיקער געלט, — האָט הערש־לייב זיך געהיצט. דער טאַטע האָט ניט געגלויבט אין די גליקן.

— כ'וועל זיין צופרידן אַרויסצוקומען מיטן קרן, — האָט ער מעלאַנכאָליש געשמייכלט מיט זיינע דינע ליפּן, וואָס האָבן זיך אַרויס־געשניטן רויט צווישן דער טונקעלער באָרד. די מאַמע, וואָס האָט אים פריער צוגערעדט צום שותפות, האָט שוין איצט חרטה געהאַט.

— דו וועסט שוין אַזוי אָנזען דעם קרן ווי דו זעסט אָן דיינע אויערן! — האָט זי זיך אָפּגעגעסן דאָס האַרץ. די מאַמע איז שטענדיק פול געווען מיט טענות, מיט רייד, צו זיך און צו דער וועלט און גע־שאָלטן איר ביטערע דאָליע. וואָס מער זי האָט זיך געקאָכט, האָט דער טאַטע אַלץ מער געשוויגן, נאָר גענומען שפּרייזן איבערן שטוב מיט די־הענט פאַרלייגט אויף הינטן, ווי די שטוב וואָלט אים צו ענג געווען.

***

איין טאָג נאָר, שבת, האָט דער מאַמעס מויל געררוט. קיין סימן ניט געווען אויף איר דער וואָכעדיקער אומרו. אָנגעטאָן אין אַן אַלטן זיידענעם יאַקל, מיט אַ בלאָנדן פּאַרוק צוגעדעקט די האָר, איז זי געזעסן ביים פענצטער מיט דעם ברייטן טייטש־חומש אין האַנט און געלייענט שטיל, באַוועגנדיק מיט די ליפּן. די נאָכמיטאָגדיקע זון האָט געשפּרייט בלייכע שטראַלן דורך די נידעריקע פענצטער. די קינדער זיינען אַלע געווען אין גאַס, פאַרטאָן אין זייער שפּיל. דער טאַטע, זלאַטקעס, האָט שוין אַריינגעכאַפּט אַ דרעמל, אויסגעטרונקען די גלאָז טיי, וואָס די מאַמע האָט אים דערלאַנגט. איצט לאָזט ער זיך גיין צום ספרים־אַלמער. ער האָט אויסגעקליבן אַ ספר. איצט זעצט ער זיך פאַרגעניגנדיק צום טיש, און אין אַ ווייל אַרום איז ער שוין אין אַנדערע וועלטן.

זלאַטקע קוקט אָן אַ ווײַלע איר טאַטן. די יאַרמלקע איז ווייט פאַררוקט אויף אַהינטער. ער האָט אָנגעטראָפן אויף אַ האַרבן ענין און עס קנייטשט זיך זיין הויכער שטערן. זלאַטקע שמייכלט גוטמוטיק. — „עס איז אָבערגלויבן און מיטלאַלטער און מער גאָרניט“, — גיט זי ביי זיך אַ טראַכט וועגן איר טאַטן.

דער אַלטער וואַנט־זייגער האָט שוין אויסגעשלאָגן צוויי. צייט פאַר איר צו גיין. ס'איז היינט אַ וויכטיקע פאַרזאַמלונג אין וואַלד. און זי שלייכט זיך אַרויס פון שטוב. זי גייט פאַרביי דעם שענקערס הויז, דערנאָך די קרומע, פאַרלאָזענע פלויטן, וואָס ציען זיך לענג־אויס דער גאַס. אָט באַווייזן זיך שוין גרינע פעלדער און לאָנקעס. אויפן וועג באַגעגנט זי אַ „פּיקעט“, אַ יונגן, געזונטן חברהמאַן. זלאַטקע דאַרף אים ניט זאָגן דעם „פּאַראָל“, געגנוג נאָר אַ שמייכל, אַ וואונק מיט די אויגן. נעענטער צום וואַלד זעט זי נאָר בחורים און מיידלעך, אַלץ אייגענע.

— אָט איז זלאַטקע! — דערפרייען זיי זיך מיט איר. זיי נעמען זי אַריין אין מיטן. אינטים און האַרציק זיינען זייערע רייד.

— קומט, קומט, ס'איז שוין שפּעט, — איילט זי זיי אונטער, זלאַטקע.

אין גרינעם טאָל, פאַרשטעלט מיט אַלטע, צעוואַקסענע בוימער, זיינען שוין אַלע אויסגעזעצט אין אַ קרייז. דורכאויס מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע, אויסער די מאַסאָוועַ. אַלע שבתדיק אָנגעטאָן. די מיידלעך אין זייערע העלע, ציצענע קליידער האָבן צוגעגעבן אַ סך שיינקייט צו די רייכע האַרבסטיקע קאָלירן פון וואַלדיקן געגענט.

בעריש האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט. ער האָט צוגעגרייט אַ רעפעראַט וועגן דער פראַגע, וואָס איז אים נאָענט צום האַרצן:

„די געשיכטע, דער אויפקום פון סאָציאַליזם". ער איז אין זיין ריידן פריער אַוועק טיף אין אַלטערטום, ווען די מענטשן האָבן נאָך געלעבט האַלב ווילד. דערנאָך איז ער אַדורך דעם מיטלאַלטער, מיט זיין פעאָדאַלער סיסטעם, ביז ער איז געקומען צום קאַפּיטאַליזם, די ברוטאַלסטע פון אַלע סיסטעמען אין דער געשיכטע. און דאָ איז בעריש געוואָרן באַזונדערס אויפגעלייגט — און זיינע אויגן אונטערן געוועלבטן שטערן האָבן אויסגעקוקט נביאיש, ווי ער וואָלט געזען פאַר זיך קלאָר דעם גאַנג פון דער געשיכטע, ווי אַלץ אין דער מענטשלעכער געזעל־שאַפט פירט זיך לויט באַשטימטע, אייזערנע געזעצן. דער קאַפּיטאַ־ליזם טראָגט שוין אין זיך די קערנדלעך פון אַ נייער תקופה. צי מען וויל, צי מען וויל ניט, וועט דער סאָציאַליזם מוזן קומען און דער הערשער פון יענער אָרדענונג וועט זיין דער פּראָלעטאַריאַט, דער אַרבעטער־קלאַס.

פאַרכאַפּט פון דעם וואונדערלעכן בילד, וואָס בעריש האָט אויס־געמאָלן, זיינען אַלעמענס אויגן געווען צוגעשמידט צו אים, פּנימער יונגע, ענערגישע און נייגעריקע. און קיין איין שאָרך האָט מען פון קיינעם ניט געקענט הערן. דערנאָך איז געקומען אַן איבעררייס, אַ ווײַלע האָט מען גערוט. דערנאָך האָבן זיך אָנגעהויבן די „פראַגן". פון אַלע זייטן האָבן זיך די פראַגן אַ שאָט געטאָן און בעריש איז איינער אַליין געווען גרייט אַלע פראַגן צו פאַרענטפערן.

דער גרעסטער פרעגער איז אַלע מאָל געווען שמואל דער זייגער־מאַכער, שמואל, וואָס האָט פּשוט געשלונגען ביכער, וועלכע עס זיינען נאָר אַריינגעפאַלן צו אים אין האַנט. ער האָט איצט אין זיין פראַגע גערעדט פון מערב־אייראָפּע. ער איז געווען קעגן אַ „פּאַרלאַמענט", וואָס איז נאָר אַ מיטל צו פאַרשלעפערן די מאַסן.

זאַוול אַליין איז אויך ניט געווען רואיק. זיין מאַרך האָט לאַנגזאַם געאַרבעט און ס'איז אים שווער געווען צו פאַרשטיין פאַרוואָס איז די אָרגאַניזאַציע קעגן „איינציקע אַקטן", קעגן טעראָר. בעריש, דער טעאָרעטיקער, האָט זיי אַלעמען איינגענומען. ער האָט אַנטקעגן זיי אויפגעשטעלט אַ צאַם, וואָס מ'קען ניט אַריבערטרעטן. די צאַם איז געווען די לערע פון מאַרקסן.

די דיסקוסיעס זיינען געווען הייסע, שטורעמדיקע און מען האָט אַפילו פאַרגעסן, אַז יעדע מינוט קען קומען פּאָליציי און אַלעמען אַרעסטירן.

מיט זאַוולען איז היינט אַפילו בערישן שווער געווען זיך צו ספּראַווען.

— וואָס טויג מיר די קונצן! — איז ער באַשטאַנען אויף זיינס, — מענטשן נויטיקן זיך אין סטראַשונקעס. דעם סטרייק אין שוועבל־

פאַבריק וואָלט מען קיינמאָל ניט געוואונען, ווען מען וואָלט איינעם דאָרט, אַ פּינצטערלינג, ניט אָנגעבראָכן די ביינער.

זאַוול איז געווען צופיל איינגעגלויבט אין זיך. ער האָט געקענט ריידן הייס, פלאַמענדיק און צי ער איז געווען גערעכט צי ניט, איז גוט געווען אים צו הערן, ער אזוי געשטאַנען אַנטקעגן אַלעמען מיט זיינע געהאַמערטע פּלייצעס, זיין בראָנזן פּנים און גליענדיקע אויגן, אַ ברויזנדיקער, אַז אַפילו ניגע אייזענשטאַט האָט ניט געקענט אָפּרייסן פון אים אירע אויגן. נאָר בעריש האָט סוף־כל־סוף אים אויך איינ־גענומען. זיינע באַווייזן זיינען געווען קלאָר ווי דער טאָג און שאַרף ווי אַ מעסער. און זאַוול איז געבליבן שטיין שטיל און שולדיק גע־שמייכלט, ווייזנדיק זיינע צוויי שורהס ווייסע ציין.

אַ באַרואיקטער האָט זאַוול דערנאָך אָפּגעזוכט זלאַטקען, וואָס איז געזעסן אויף אַ בערגל, צווישן אַ גרופּע מיידלעך. אירע געקרויזטע שאָטין האָר האָבן אין זון אויסגעזען דורכזיכטיק. זי האָט מיט אירע הענט אַרומגענומען אירע קני. די אויגן האָבן געקוקט פאַר זיך מיט אַ פאַרטיפטן, אינעווייניקסטן בליק. זי האָט ניט דורכגעלאָזן קיין איין וואָרט פון דער פאַרזאַמלונג. אַליין האָט זי אָבער געשוויגן. זי האָט געקליבן אין זיך וויסן, ווי אַ בין דעם האָניק. זאַוול האָט וואַרעם אַנטקעגן איר געשמייכלט. דאָס איז זיין געליבטע מיידל, זיין אויס־דערוויילטע, וואָס פון אַלע שטעטלשע מיידלעך האָט נאָר זי איינע פאַר־כאַפּט זיין האַרץ.

זלאַטקע האָט געמאַכט אַן אָרט לעבן זיך.

— זעץ זיך דאָ, זאַוול, — האָט זי שטיל געזאָגט. געמאַכט אַ צייכן ער זאָל ניט שטערן דעם גאַנג פון דער פאַרזאַמלונג. נאָר עטלעכע קליינע פראַגן זיינען פאַרבליבן און בעריש האָט זיי אויף גיך פאַרענדיקט.

ראַשיק האָבן אַלע זיך אויפגעהויבן פון די ערטער. חברה האָבן זיך צעלאָזן איבערן וואַלד — ווער קלייבן ניס, ווער שפּילן אין פּעטש, ווער „באָרען זיך". יונגער געלעכטער און געזאַנג האָט אָפּגע־הילכט ווייט אַרום. איצט, נאָך דער פאַרזאַמלונג איז שוין קיין מורא ניט געווען פאַר פּאָליציי. די זון האָט זיך געזעצט, די לופט איז פול געווען מיט דערקוויקנדיקע ריחות פון די סאָסנע־ביימער. פון דער טיפעניש פון וואַלד האָט אַ קוקו־פויגל געלאָזט הערן זיין קול.

זאַוול האָט איינגערעדט זלאַטקען מען זאָל גיין צום „ליעסניק" עסן וועטשערע, פרישע מילך מיט שוואַרצן ברויט. עטלעכע חברים זיינען שוין אַהין אַוועק. זלאַטקע האָט אַ ווילע זיך געוואַקלט. איר היים האָט אַ שווער געטאָן פאַר אירע אויגן. נאָר זי האָט באַלד הפקר־דיק אַ מאַך געגעבן מיט דער האַנט און זיי זיינען אויך אַהין אַוועק. צוריק אַהיים איז מען געגאַנגען דורכן שאָסיי. זאַוול האָט ניט

פאַרמאָגט קיין סך ווערטער צו דערציילן זלאַטקען פון זיין ליבע, נאָר ער האָט דעם גאַנצן וועג זיך מאָדנע אויפגעפירט. דאָ איז ער געווען מילד און דאָ גאָר פאַרשייט. און שפּעט ביינאַכט, אַז ער איז שוין גע־שטאַנען מיט זלאַטקען ניט ווייט פון איר שטוב, האָט זאַוול ניט אויס־געהאַלטן און מיט אַ געוואַגטער באַוועגונג האָט ער איר אַרומגעכאַפּט מיט זיינע פעסטע אָרעמס און האָט אויסגעקושט איר דאָס פּנים, די אויגן, די ליפּן. זלאַטקע איז אַזש צעטומלט געוואָרן, אַזוי אומגעריכט האָט ער דאָס געטאָן.

— גיי אַוועק! — האָט זי אים אָפּגעשטופּט פון זיך אָן אָטעם און זי האָט זיך פאַרשטעלט דאָס פּנים מיט ביידע הענט און אַזוי געוואַרט ביז ער איז אַוועק.

שפּעטער, אַז זלאַטקע איז אַריין אין דער שלאָפנדיקער שטוב, האָט זי נאָך לאַנג ניט געקענט קומען צו זיך. זי איז אין כעס געווען אויף זאַוולען. ניין, ניט אויף זאַוולען, נאָר אויף זיך אַליין. צו דער־לאָזן ער זאָל איר קושן, און נאָך אָן איר דערלויבעניש! זי האָט זיך געפילט געפאַלן און אוממאָראַליש. זי האָט גוט געוואוסט ווי שטרענג מען איז אין דער אָרגאַניזאַציע ביים אַריינעמען אַ מיטגליד, און ווי וויכטיק עס איז די אויפפירונג פון אַזאַ איינעם. און זי, זי וואָלט דאָך באַדאַרפט דינען ווי אַ מוסטער. זי איז דאָך ניט קיין „מאַסאָווע״.

זי איז געלעגן אין בעט מיט אָפענע אויגן און לאַנג ניט געקענט אַנטשלאָפן ווערן. אין אָרגאַניזאַציע וועט מען זיך דערוויסן. זיי וועלן איר געוויס קריטיקירן. זי האָט געפּרוּווט זיך פאָרשטעלן ווי עס דאַרפן זיך פירן אמתע רעוואָלוציאָנערן אין זייער פּערזענלעכן לעבן. די „פרויען־פראַגע״ איז שוין ניט איין מאָל דיסקוטירט געוואָרן צווישן די חברים, נאָר זלאַטקע האָט דעמאָלט פון זיך אַליין ניט געטראַכט. זי האָט נאָר געוואוסט איין זאַך: יעדער קעמפער דאַרף אויסאַרבעטן פון זיך דעם כאַראַקטער פון אַ שטאַרקן מענטשן, אָן שום זייטיקע באַ־גערן. זלאַטקע האָט אָפּט געצווייפלט אויב זי איז אַזאַ. איבערהויפּט האָט זי זיך געהאַסט, אַז זי האָט זיך געזען אין שפּיגל — איר פולע אויסגערונדיקטע פיגור, אירע פּוכקע רויטע ליפּן.

זי האָט אומרואיק געדרייט זיך אויפן געלעגער און ניט געקענט אַנטשלאָפן ווערן. ניין, דער קוש האָט איר קיין גוטס ניט געטאָן. צום סוף האָט זי אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז זי וועט מיט זאַוולען האָבן אַן ערנסטן געשפּרעך. זי וועט אים פאַרזאָגן, אַז ער זאָל ניט וואַגן נאָך אַמאָל אַזוי צו האַנדלען. ערשט נאָך אָט דעם באַשלוס האָט זי זיך דערפילט באַרואיקט און צופרידן.

# צווייטער קאַפּיטל

עס איז שוין געווען נאָענט צום יום־טוב סוכות. נאָך דעם האָט באַדאַרפט קומען דער פּריזיוו און אין סכאָדקע האָט מען באַשלאָסן ניט וואַרטן אויפן מענטשן פון קאָמיטעט, נאָר אַליין די פּראָקלאַמאַציע פאַרבעסערן ווי נאָר מעגלעך. נינע האָט שוין אויך געהאַט איבער־געשריבן עס אויף רוסיש. איצט איז נאָך געבליבן אָפּדרוקן עס אויף אַ העקטאָגראַף. אָט די אַרבעט איז איבערגעגעבן געוואָרן צאַלקע ווייסענבערגן.

ווי קומט צאַלקע צו אַ העקטאָגראַף? אָ, צאַלקע ווייס אַ סך זאַכן. ער ווייס ווי צו באַגיין זיך מיט אַ רעוואָלווער און פון וואָס אַ באָמבע איז צונויפגעשטעלט. צאַלקע קען וועגן דעם פירן אומענד־לעכע געשפּרעכן מיט זאַוולען, וועלכער האָט אויך אַן אויג פאַר אַזעל־כע זאַכן.

האָט צאַלקע זיך גענומען פאַר דער אַרבעט. איינגעקויפט דעם נויטיקן מאַטעריאַל אין אַפּטייק, געבראַכט עס צו זאַוולען אין דער אומ־לעגאַלער קוואַרטיר, געשטעלט זיך קאָכן דעם זשעלאַטין אין אַ פּענדל און אויסגיסן אין אַ בלעך די „מאַסע“.

אין יענע טעג האָט מען געקענט זען צאַלקען זיך דרייען זייער אָפט אַרום דער קאָנספּיראַטיווער קוואַרטיר מיט אַ סודותדיקן אויסזען. נינע האָט אים איינמאָל געזען אַזאַ, האָט זי אים דערנאָך שטרענג אויסגערעדט:

— איר ווייסט זיך ניט ווי צו האַלטן און איר וועט נאָך אונז אַלעמען פאַרשיטן; וואו איז אייער דיסציפּלין?

יאָ, צאַלקע איז ניט געווען אָן חסרונות. ער איז געווען אַן איין־און־ איינציקער זון ביי זיין מאַמען, פרומע די שניט־קר־עמערקע. זי האָט אים געקעכלט און געבאַלעוועט און געלאָזן אים אַרומגיין ליידיק. און צאַלקע איז אויך געווען אַ היץ־קאָפּ. ער האָט געהאַט שטענדיק פּלענער ווי אונטערצוקויפן דעם פּריסטאַוו און דעם זשאַנדאַר, צו פאַרהיטן די אָרגאַניזאַציע פון אַרעסטן. קיינער האָט זיינע פּלענער ניט געהאַלטן פאַר ערנסט און זאַוול פלעגט אים אָפּקילן מיט איין קוק נאָר, אַ שאַרפן און אַ שפּאָטישן.

אַז די אַרבעט פון דער פּראָקלאַמאַציע איז נאָך געווען אין סאַמע

מיטן, האָט פֿאַסירט אַן אומגעריכטע זאַך. ס'איז געווען אַזוי: נינע האָט פֿון צייט צו צייט געקראָגן פֿון אויסלאַנד די אומלעגאַלע צייטונג „איסקראַ". האָט זי איצט באַקומען פֿון דאָרט אַ פּראָקלאַמאַציע צו די רעקרוטן פֿון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. עס האָט זיך געפֿאָדערט אַן עקסטרא זיצונג פֿון דער סכאָדקע דעם ענין צו באַטראַכטן און זען אויב מען קען אפֿשר אָט די פּראָקלאַמאַציע נוצן.

נינע האָט געגעבן צו וויסן, אַז היינט קען מען זיך צונויפֿקומען ביי איר אין שטוב. אַזוי האָט מען אָפּט געטאָן, ניט צופֿיל צו נוצן די קאָנספּיראַטיווע קוואַרטיר.

נינעס טאַטע איז געווען אַ וואַלד־סוחר און זייער רייך. זייער הויז איז געשטאַנען אין אַ גוויישער געסל מיט סעדער און גערטנער אַרום. מיט אַ גאַניק און וויס־געפּאַרבטע שטאַכעטן, און אויף די פֿענצטער דינע, טיולענע פֿאָרהאַנגען. אין שטוב ביי זיי האָט מען גערעדט נאָר רוסיש, און נינע אַליין האָט אין שווייצאַריע, ציריך, שטודירט אויף מעדיצינישע קורסן און דאָרטן איז זי אויך אַ סאָציאַ־ליסטקע געוואָרן. און טאַטע־מאַמע פֿאַרקוקן איצט פֿון איר אַ סך זאַכן, אַבי זי זאָל מער אַהין ניט פֿאָרן.

אין נינעס מיידלשן צימער איז געווען לופֿטיק און זוניק. שטענ־דיק פֿרישע בלומען אין אַ וואַזעלע, בילדער אויף די ווענט, און ביכער, אַ סך ביכער. זלאַטקע האָט ליב געהאַט צו קומען אַהער אין צימער; עס איז געווען ווי אַן אָפּרו, אַ יום־טוב פֿאַר איר. ביידע מיידלעך פֿלעגן זיצן אויפֿן ווייסן בעטל און שעהנווייז שמועסן. נינע האָט ניט איינמאָל זיך באַקלאָגט, אַז עס שטיקט איר די אַטמאָספֿערע פֿון איר שטוב און אַז זי וועט אַנטלויפֿן פֿון דאַנען ערגעץ אין אַ גרויסער רוסישער שטאָט, וואו זי וועט מער נוצן ברענגען. דעם חוב וואָס זי פֿילט צו דעם רוסישן אַרבעטנדיקן פֿאָלק, צום פּויער, האָט איר ניט געלאָזן רוען. זי האָט אָפּט פֿאַר זלאַטקען דעקלאַמירט פֿון נעקראַסאָוון: „פּאָלאָסאַ טי מאָיאַ פּאָלאָסאַ" — וועגן אַן אָרעמען קראַנקן פּויער, וואָס זיין שטיקל ערד ליגט ניט באַאַרבעט. אַ דעליקאַטע ראָזקייט פֿלעגט זיך פֿאַר־ציען דעמאָלט איבער איר איידל פּנים מיט די דינע שטריכן; און אירע אויגן, בלויע, זוניקע, האָבן געקוקט מיט צער און בענקשאַפֿט. זלאַטקע האָט דעמאָלט אין געדאַנק איר צוגעגליכן צו יענע גרויסע העלדן, די פֿריערדיקע רעוואָלוציאָנערן, וועלכע האָבן זיך מקריב געווען פֿאַרן אידעאַל.

יענעם אָוונט זיינען אַלע געקומען פֿרי צו דער זיצונג. איידער אַריינצוקומען אין נינעס צימער, האָט מען געמוזט פֿאַרבייגיין נינעס מאַמע, וועלכע איז געשטאַנען אַן אָנגעבלאָזענע, מיט איר הויכער פֿריזור, אין אַ שוואַרץ זיידן קלייד, און דורכגענומען אַלעמען מיט איר

קאַלטער, גדלותדיקער אויג. נינע האָט להכעיסדיק יעדן וואָרעם באַגריסט: „קומט, קומט, אָט איז מיין צימער“.

די זיצונג האָט זיך באַלד אָנגעהויבן. נינע האָט פון אַ באַהעל־טעניש אַרויסגענומען די פּראָקלאַמאַציע, געדרוקט אויף דינעם פּאַ־פּיר, און פאַר אַלעמען עס געלייענט. עס איז גאָר קיין פראַגע ניט גע־ווען, אַז די פּראָקלאַמאַציע איז בעסער ווי די, וואָס זיי האָבן אַליין אָנגעשריבן. אַזוי קלאָר, שאַרף און די ריכטיקע רייד, אַ זעלטענער מוסטער. אַלע זיינען געווען אַנטציקט.

—נאָר די רוסן ווייסן ווי צו ווענדן זיך צום פּויער! — האָט זיך אָפּגערופן בעריש מיט גרויס ערנסט.

און זיי האָבן אָנגענומען אַ באַשלוס די אייגענע פּראָקלאַמאַציע אָפּצושטעלן און נוצן די פון דער פּאַרטיי. צאַלקען האָט ניט געאַרט, וואָס ער וועט די אַרבעט פון העקטאָגראַפירן אָנהויבן אויף דאָס ניי. די אונטערשריפט: „רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי“ איז אים באַזונדערס געפעלן. „ס'וועט מאַכן אַ שטאַרקן איינדרוק“, האָט ער געזאָגט.

נינע האָט ניט געלאָזן קיינעם צו גיין אַהיים. זי האָט אַריינגע־בראַכט טיי מיט אַ טעלער פּרוכט און געשפּרייטע ווייסע טישטעכלעך און זילבערנע לעפעלעך און מעסערלעך. זי האָט אַרומגעפלאַטערט איבערן צימער אַ דינע, אַ בויגעוודיקע, אין אַן איינפאַך ווייס בלוזקע־לע. ברייטהאַרציקייט און גוטסקייט האָט געווייעט פון איר. בעריש האָט זיך באַלד אַ לאָז געטאָן צו דער עטאַזשערקע מיט די ביכער, אַרויסגענומען פון דאָרטן אַ באַנד מיכאַילאָווסקי, און צווישן אים און נינען האָט זיך באַלד פאַנאַנדערגעוויקלט אַ דיסקוסיע וועגן אַן אַגראַר־פראַגע, וועגן „אָבשטשינע“.

זאַוול איז ניט געווען צופרידן. דעם אמת געזאָגט, איז אים ניט געווען צום האַרצן זייער „אינטעליגענטישע“ חקירנען זיך, די דינ־קייטן, וואָס ער האָט קוים געקענט כאַפּן מיטן שכל. ס'איז נאָך געווען פרי און ער האָט געוואָלט איבערלאָזן זיי ביידן דיסקוטירן, און ער האָט פאַרגעלייגט צאַלקען צו גיין צום טייך, נעמען אַ שיפל.

— ס'איז היינט אַ שיינער אָוונט. אפשר איז גאָר אַ פּלאַן דורכצו־שיפלען זיך?

צאַלקע האָט באַלד איינגעשטימט. זלאַטקע האָט זיך שוין געהאַט באַקוועם איינגעזעצט אויפן בעטל, גרייט זיך איינצוהערן צו דער דיס־קוסיע, נאָר זאַוול האָט איר נישט געלאָזן. „קום זלאַטקע“! — האָט ער איר אַ נעם געטאָן ביי דער האַנט מיט אַזאַ אימפּעט, אַז דאָס האַרץ האָט זיך ביי איר אַ צאַפּל געטאָן. און זי האָט דאָך שוין אָפּגעמאַכט ביי

זיך ריידן מיט זאָװלען און פֿאַרזאָגן אים ער זאָל זיך ניט דערװעגן... נאָר איצטער איז זי עפּעס אינגאַנצן געװען אין זײַן מאַכט און אים נאָכגעגאַנגען, װי אַ געפֿאַנגענע.

צאַלקע װײַסענבערג איז ערגעץ פֿאַרשװאונדן. געקומען צום ברעג טײַך איז ער מיט זײַן באַקאַנטער מײדל, רבֿקה די נעיטערקע, װאָס איז נאָך געװען אַ מאַסאָװע. רבֿקה האָט געהאַט אַ קלאָר, װײַס פּנים און פֿרישע, רױטע באַקן, און די שװאַרצע האָר קאָקעטיש אױסגעקעמט, מיט צװײ לאָקן אױפֿן שטערן, אַ פֿרײלעכע, אַ לאַכערקע, האָט זי אױס־געזען גלוסטיק פֿאַרן אױג. צאַלקע האָט זיך אין איר פֿאַרליבט. מען האָט גערעדט, אַז ער װעט מיט איר חתונה האָבן, און די מאַמע זײַנע, פֿרומע די שניט־קרעמערקע, װעט דאָס אפֿשר ניט אױסהאַלטן.

בײַם ברעג טײַך, אין דער אָװנטיקער שעה, האָט שטענדיק גערױשט און געװימלט מיט יונגװאַרג, אַלץ אײגענע. און באַלד האָבן אַ סך שיפֿלעך, אָנגעפּאַקטע מיט בחורים און מײדלעך, זיך אַװעקגעלאָזן איבערן װאַסער. דער טײַך האָט זיגזאַגיק זיך געשניטן צװישן די הױכע ברעגן. אַלטע, צעצװײַגטע בױמער האָבן געװאָרפֿן פֿאַנטאַסטישע שאָטנס אױפֿן איבערפֿלאַך פֿון װאַסער. דער שטענדיקער פּונקט, װאו די שיפֿלעך זאָלן זיך אָפּשטעלן, איז געװען הינטערן שטאָט, בײַ אַ גרױסן שטײן. דאָרטן איז מען אַרױס פֿון די שיפֿלעך, זיך אָפּ־גערוט אַ װײַלע און געפֿאָרן צוריק. זאָװל האָט געװאָלט מען זאָל אַרײַנגײן אין אַ געװעט, װעלכע שיפֿל װעט צושװימען פֿריער צום שטײן. האָט זיך חבֿרה אַ נעם געטאָן צום רודערן מיט אַזאַ אימפּעט, אַז מען האָט שיעור ניט איבערגעקערט די שיפֿלעך מיט די מענטשן. מיט זײערע אױסגעשרײען און געלעכטערס האָבן זײ געשראָקן די אײַנװאױנער פֿון דעם דערבײַיאיקן ברעג.

זאָװל איז געװען אַ פֿלינקער רודערער און די װיאָסלעס בײַ אים אין די הענט זײַנען געװען װי אַ שפּילכל. זלאַטקע איז אַנטקעגן אים געזעסן. זי האָט זיך אַלײן פֿאַרבאָטן צו קוקן אין זײַן זײַט. אירע אינעװײניקסטע איבערלעבענישן האָבן געמאַכט איר אױסזען סודות־דיקער, שענער. דער ערשטער איז זאָװל צוגעשװאומען צום שטײן; נאָך אים אַנדערע מיט זײערע שיפֿלעך, און דער לעצטער איז געװען צאַלקע מיט זײַן שיפֿל.

— אַ גרױסער העלד! — האָט זאָװל פֿון אים אָפּגעלאַכט, און געװיזן זײַנע צװײ שורות װײַסן צײן.

צוריק אַהײם איז מען געפֿאָרן שפּעט אין דער נאַכט. פֿון אַלע שיפֿלעך האָבן זיך געטראָגן אין דער לופֿט געזאַנגען, פֿרײד, יוגנט־לעכע אומרו און בענקשאַפֿטן זײַנען אין די געזאַנגען געװען.

*
**

דער יום־טוב סוכות איז שוין אַריבער, געבליבן איז נאָר אַן אָר־מעט. שטיל און פאַרקלערט זעען אויס די שטעטלשע געסלעך. שטיל און פאַרזאָרגט זיינען די פּנימער פון די שטעטלשע יידן. די האַרבס־טיקע רעגנס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן. ס׳האָט זיך שוין געפילט דער אָנקומענדיקער פריזיוו. די מאַרק־טעג זיינען ענגער געוואָרן מיט פויער־שע פורן. די לייזונג איז געוואָרן גרעסער, אינאיינעם מיט דעם איז געוואַקסן דער אומרו. יונגע פויערים אָנגעטאָן אין זייערע סיערמיגעס און לאַפּטשעס האָבן זיך געהאַלטן הפקרדיק איידער מען האָט זיי אָפּ־געגעבן פאַר זעלנער. פלעגן אַ כאַפּ טאָן אין מאַרק פון די קאָשיקעס אויבס און אַנדערע עסנוואַרג און ניט וועלן באַצאָלן, און מען האָט זיי געשוויגן.

די מאַמע זלאַטקעס איז שוין פון באַגינען געווען אין גאַס, אָפּוואַרטן די פורן וואָס האָבן זיך אַריינגעלאָזן אין שטעטל פון נאָענטן טראַקט. זי האָט אַ נעם געטאָן אין האַנט אַ הון, צעבלאָזן די פעדערן, זען אויב ס׳איז פעט:

— סקילקי דאַטי? (וויפל געבן) — נאָר דער פויער האָט זיך קאַלטבלוטיק געהויבן מיט די אַקסלען און געשוויגן. די מאַמע איז געווען צעקאָכט, און רויטע פלעקן זיינען אַרויסגעטראָטן אויף אירע באַקן. זי האָט זיך געבייזערט אויפן טאַטן, וואָס האָט איר ניט געוואָלט העלפן אין מסחר: ער האָט דורכגעלאָזן אַ פור, און אַן אַנדער ווייבל, אַ שכנה, האָט אויסגעכאַפּט די מציאה.

ביינאַכט, אַז זלאַטקע האָט זיך אומגעקערט אַהיים און פאַרביי־געגאַנגען דעם שענקערס שטוב, האָט זי ניט איינמאָל געמוזט אַרי־בערטרעטן איבער אַ שלאָפנדיקן, שיכורן פויער אויף דער גאַס, ניט ווייט פון שענק. זי איז געווען פול מיט גוטע געפילן צום שלאָפנדיקן:
— „ער איז ניט שולדיק, די רעגירונג האַלט די פויערים אין פינצ־טערניש". — און אַ וויזיע האָט זי דעמאָלט געהאַט ווי די פּראָקלאַמאַציע וועט העלפן זיי עפענען די אויגן. און מיט דער צייט וועט דער שלאָפנ־דיקער ריז זיך אַ ריר טאָן און וועט אָפּטרייסלען פון זיך דעם שווערן יאָך.

קלאַנגען אומרואיקע האָבן אַלץ מער זיך דערטראָגן צום שטעטל. עס זיינען אַרומגעגאַנגען אַלערליי לעגענדעס וועגן די רעוואָלוציאָנערן, ווי זיי האָבן פאַר קיינעם קיין מורא ניט און זיינען גרייט אויפן פייער. אומעטום זיינען זיי געווען, די רעוואָלוציאָנערן. ביים היגן אַפּטייקער האָט די פּאָליציי געמאַכט אַ רעוויזיע, וואָרעם זיין זון, דעם סטודענט, האָט מען אין פּעטערבורג אַרעסטירט. און דער היגער פּריסטאַוו האָט אָנגעזאָגט נינעס טאַטן בסוד, ער זאָל האַלטן אַן אויג אויף זיין טאָכטער.

אַלץ אָפּטער איז איצט הערש־לייב דער שענקער אַריינגעקומען צו זלאַטקעס טאַטן אויף אַ שמועס. עס האָבן אים געאַרט פּראַגעס אַ סך, די אומרו פון דער צייט איז אים אַריין אין די ביינער.

— אייסעך וואָס! — האָט דער טאַטע זלאַטקעס אים באַרואיקט — זיי האָבן אַזאַ ווערדע, פּאַניע וועט זיך מיט זיי ספּראַווען איינס און צוויי.

אַן אַנדערש מאָל האָט הערש־לייב זיך באַקלאָגט, אַז ער האָט צרות מיט דעם פּריסטאַוו: ער וויל אַלץ מער אין „האַנט", אַז ניט, וועט ער אים מסרן דעם „פּאַטענט".

— אפשר צו „זיי" זיך ווענדן?

ער האָט מיט דעם געמיינט די היגע אָרגאַניזאַציע.

— לאַכט ניט, פּאָליציי האָט פּאַר זיי מורא!

— חסר־דעה! — האָט דער טאַטע אויף אים זיך אַ בייזער געטאָן — אַ ייד זאָל זיך אַזוי מאַכן צום נאַר.

אַליין האָט דער טאַטע גענומען אַרומשפּאַנען איבערן שטוב. די דיקע ברעמען שטרענג צונויפגעצויגן, און אונטערגעברומט פּאַר זיך אַ מעלאַנכאָליש ניגונדל.

— וואָס פּאַניע איז, וויס מען, — האָט ער צוגעשפּאַנט צו הירש־לייבן — אָבער „זיי" — גאָט ווייס וואָס פּאַר אַ צרה זיי קענען נאָך חלילה אָנברענגען אויף יידן.

אין ווײַלע האָבן צוויי פּאָר אויגן, טרויעריקע, יידישע אויגן, זיך אָנגעקוקט.

— יידן וועלן אַלץ איבערקומען, — האָט דער טאַטע הירש־לייבן געטרייסט. און ס'האָט זיך געהערט אין זיין קול די דורות־לאַנגע עקשנות, די גרייטקייט צו ליידן, אויב ס'איז דער ווילן פון גאָט, די יידן אויסצופּרואוון.

זלאַטקע האָט זיך אַרומגעדרייט איבערן שטוב; און ווי צווישן חלום און וואָר האָט זי געהערט די גערעדערייען אַרום זיך. אַז זי האָט זיך איצט באַגעגנט מיטן טאַטנס אויגן, איז זיין בליק געוואָרן שטרענג און ווי מאָנענדיק פון איר אַ חשבון. פון קינדוויַיז אָן האָט זלאַטקע געפילט אַ שווייגנדיקע ליבשאַפט פון טאַטן צו איר, און ניט איינמאָל האָט זי איצט איבערגעטראַכט: ווי וועט זיין אַז זי וועט אַוועקפאָרן אין אַ גרויסער שטאָט, און מען וועט איר דאָרט אַרעסטירן. און ס'האָט איר דאָס האַרץ וויי געטאָן פאַר איר טאַטן.

ס'איז געווען אין די טעג ווען דער מענטש פון קאָמיטעט האָט שוין באַדאַרפט קומען. אין אָרגאַניזאַציע האָט מען שוין אויף אים מיט שפּאַנונג געוואַרט. צאַלקע ווייסענבערג האָט אָנגעזאָגט, אַז דער מענטש וועט קענען איינשטיין ביי זיי אין שטוב. ער האָט געהייסן דער מאַמען זיינער זאָגן יעדערן, אַז ער איז זייערער אַ קרוב. אין

איינעם אַ בייטאָג, אַז זלאַטקע איז אַרויס אין דרויסן הענגען וועש, האָט זי דערזען צאַלקען דורכשלייכן פאַרביי איר שטוב. ער האָט געגעבן אַ וואונק צו איר מיטן אויג. ס׳האָט געהייסן: „ער איז שוין דאָ, דער מענטש.“

אין יענעם פאַרנאַכט האָט זלאַטקע אַפילו ניט געוואַרט אויף וועטשערע. זי האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ שטיק ברויט מיט אוגערקע, אויף גיך איינגעשלונגען דעם עסן און זיך אַרויסגעיאָגט פון שטוב...

רפאל איז געווען דער נאָמען פון דעם שליח פון קאָמיטעט. ער איז געקומען אינאיינעם מיט צאַלקען צו זאַוולען אין אויבערשטיבל. צאַלקע האָט אויסגעקוקט זייער געהויבן צוליב זיין אויפטו. רפאל אַליין איז געווען מונטער און געהאַלטן זיך זייער פשוט, ווי ער וואָלט געבוירן געוואָרן צום אַרומפאָרן פון איין שטעטל אין אַנדערן, שלאָפן אין די באַנען, אָרגאַניזירן, האַלטן רעדעס און פאַרענטפערן פראַגעס, און ניט זיין געשטערט פון קיין היים אָדער פאַמיליע, אָן אַ ריכטיקן פּאַספּאָרט אַפילו. רפאל האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין זייגערל:

— נאָר איין טאָג קאָן איך מיט אייך זיין... — האָט ער אַזוי ווי באַדויערט.

— מיר קענען אָנהויבן, — האָט בעריש זיך אָפּגערופן, און אַלע האָבן זיך אַרומגעזעצט אַרום קליין טישל. בעריש האָט אָפּגעגעבן דעם באַריכט וועגן די אויפגעטועגע אַרבעטן — וויפל קרייזלעך, וויפל מאַסאָווקעס, אויך וועגן סטרייק אין שוועבל־פאַבריק, און צום סוף די פּראָקלאַמאַציע. ער האָט דערציילט די גאַנצע געשיכטע, ווי ס׳איז מיט דער פּראָקלאַמאַציע צוגעגאַנגען.

רפאל האָט די גאַנצע צייט אויפמערקזאַם געהערט. מיטאַמאָל איז זיין פּנים געוואָרן זייער ערנסט און ער האָט נערוועז גענומען אויסקלאַפּן מיט די פינגער איבערן טישל. עפּעס איז דאָ ניט גוט געטאָן געוואָרן. יע, עפּעס איז דאָ ניט גוט. נאָר וואָס? אַלע האָבן שוין געוואַרט, רפאל זאָל אָנהויבן ריידן.

— די פּראָקלאַמאַציע פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן. איר האָט דאָ געמאַכט אַ טאַקטישן פעלער, — האָט רפאל אַרויסגערעדט מיט האַרטקייט אין זיין קול.

— וואָס הייסט? — האָט נאָך קיינער ניט געקענט פאַרשטיין.

— איר האָט פאַרגעסן, אַז דער „בונד“ איז אַרויסגעטראָטן פון דער רוסישער פאַרטיי, — האָט רפאל ביטער אַ שמייכל געטאָן, — אין דער איצטיקער מינוט זיינען זיי אונזערע קעגנער.

אַלע זיינען פּשוט פאַרציטערט געוואָרן פון דעם וואָרט „קעגנער“. ווי קומט דאָס, און ווי שיקט זיך דאָס?

רפאל האָט געזאָגט:

— די רוסישע פּאַרטיי קעמפט קעגן אונז. וואָס מיינט דאָס?

דאָס מיינט אַז אַלץ, וואָס מיר נעמען פון זיי, פאַרשטאַרקט זייער פּרעסטיזש, און דאָס ווילן מיר ניט טאָן!

אין די אויגן פון רפאלן האָט אַ לייכט געטאָן אַ הייס, פאַנאַטיש פייערל.

מינוטן האָבן זיך געצויגן אין אַנגעשטרענגטן שווייגן. בעריש איז געזעסן מיט די הענט אין די קעשענעס. די לאַנגע פיס אויסגעצויגן פאָראויס, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן בידעריק. ער האָט זיך געשעמט, וואָס אויך ער זאָל ניט האָבן געכאַפּט פריער דעם טעות. זאָוול האָט מיט זיינע גליענדיקע אויגן זיך איינגעגעסן אין רפאלס פּנים, דער פּאַפּיראָס ביי אים אין האַנט האָט געברענט, און ער האָט פאַרגעסן אָפּטרייסלען דעם אַש. זלאַטקעס פּנים האָט איצטער אויסגעדריקט ווייטיק און שטוינונג. זי האָט זיך אומגעקוקט צו בינען, וועלכע איז געזעסן אויף דער סאָפּקעלע איינגענורעט אין איר שאַל, פון קעלט. צאַלקע האָט געשפּאַנט הין און צוריק איבערן צימער. זיין פלינקער קאָפּ האָט גיך אויפגעכאַפּט די ערנסטקייט פון דער לאַגע. ער האָט אָבער קיין מאָל קיין געדולד ניט געהאַט טיף אַריינצוטראַכטן זיך אין אַ זאַך. רפאל האָט אַרויסגענומען זיין זייגערל:

— ס'איז שוין שפּעט היינט. כ'וועל דאַרפן זיך אָפּשטעלן דאָ אויף נאָך אַ טאָג. מען מוז די פראַגע גוט קלאָר מאַכן.

און אויף מאָרגן, גלייך ווי ס'איז געוואָרן נאַכט, זיינען שוין אַלע ווידער געווען אין זאָוולס אויבער־שטיבל. קיינער האָט די נאַכט ניט גוט געשלאָפן און אין טיפער ערנסטקייט האָבן איצט אַלע גע־הערט רפאלן רעדן:

— וואָס איז דען דער „בונד„? די זעלבע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע, באַשאַפן כדי בעסער צו דערגרייכן די יידישע אַרבעטער. אַזאַ איינפאַכע זאַך: רעדן צו די ברייטע יידישע מאַסן אויף זייער אייגענעם לשון און אין זיבעץ האָבן זייערע באַזונדערע בויטן...

און ער האָט גערעדט וועגן דעם, ווי דער „בונד" איז די לעבע־דיקסטע אָרגאַניזאַציע אין דער פּאַרטיי, דער אַוואַנגאַרד, וואָס מיט זיין הויכן רעוואָלוציאָנערן גייסט העלפט ער וועקן צום קאַמף אויך די אַנ־דערע טיילן פון דער פּאַרטיי; און אָט די אָרגאַניזאַציע ווילן זיי דאָס פאַנאַנדערלאָזן!

— די „איסקראַ" (די צייטונג פון דער רוסישער סאָציאַל־דע־מאָקראַטיע) שרייבט, אַז מיר זיינען נאַציאָנאַליסטיש, שיעור ניט רעאַק־ציאָנער . . .

ער האָט אַרויסגערעדט די ווערטער סאַרקאַסטיש און פון צעוויי־טיקטן האַרצן אַרויס, און עס האָט זיך געפילט אין זיין טאָן, ווי דער וועג פון די יידישע קעמפער איז אַ פילפאַך שווערערער. און אַלע האָבן דאָס פאַרשטאַנען אָן באַזונדערע ערקלערונגען.

נינע האָט געפרעגט:

— ווי קומט דאָס, וואָס די מענטשן אין דער רוסישער פּאַרטיי זאָלן דאָס אַלץ אַליין ניט פאַרשטיין?

— מיר וועלן אַזוי לאַנג קעמפן, ביז זיי וועלן דאָס פאַרשטיין! — האָט רפאל געענטפערט מיט דער זעלבער עקשנות און ביטערקייט אין זיין קול.

מער ריידן פון דעם איז ניט געווען נויטיק. רפאל האָט געגעבן צו וויסן, אַז דער בונדישער ראַיאָנער קאָמיטעט האָט אַליין צוגעגרייט אַ פּראָקלאַמאַציע צו די רעקרוטן און וועט עס צושיקן אַהער מיט אַ ספּעציעלן שליח. און מיט דעם האָט זיך די זיצונג געענדיקט.

— און איצט — האָט רפאל געזאָגט — איז שוין צייט צו קלייבן זיך אין וועג אַריין.

— עס הויבט זיך גאָרניט אָן! — האָט זאַוול זיך געגעבן אַ שטעל אויף; איצט ערשט, אַז דער גאַנצער ענין „בונד" איז פאַר אים אַזוי קלאָר, איז ער געוואָרן זייער באַלעבט. — מיר לאָזן אייך ניט פאָרן — האָט ער גוטמוטיק צו רפאלן געשמייכלט.

בעריש איז אויך צוגעשטאַנען צו רפאלן:

— אַז זאַוול זאָגט, מוז מען אים פאָלגן. איר וועט נאָך ביי אונז בלייבן כאָטש נאָך אויף דער נאַכט.

רפאל האָט געשמייכלט, מיט דעם שמייכל פון איינעם, וואָס געפינט זיך אין אַ פאַרלעגנהייט. קענטיק, אַז אים אויך האָט זיך גע־גלוסט נאָך צו פאַרבלייבן. ער האָט אַרויסגענומען זיין נאָטיץ־ביכל, עפּעס דאָרטן אויסגעמעקט, עפּעס פאַרשריבן, כדי איבערצושטעלן זיין מאַרשרוט איבער דעם פאַרצווייגטן ראַיאָן פון די קליינע שטעטלעך פון „בונד".

זאַוול און צאַלקע זיינען דערווייל ערגעץ פאַרשוואונדן. צוריק זיינען זיי געקומען מיט אַ סך עסנוואַרג, ברויט, וואורשט, קעז און ביר. זיי האָבן אויך מיטגעבראַכט מיט זיך נאָך אַ סך חברים, נעענטערע פון דער אָרגאַניזאַציע. צווישן זיי איז געווען אסתר, דעם שוחטס טאָכטער. אסתרס טאַטע איז געווען אַ כעסן אַ ייד און ער האָט איר אָפט געשלאָגן מיט אַ שטריק פאַר קומען שפּעט אַהיים. דאָך איז אסתר דאָ איצט געווען און זי האָט געקוקט אויף אַלעמען מיט שעמעוודיקע, און אין דער זעלבער צייט שעלמישע אויגן. די שטיבל איז געוואָרן פול מיט מענטשן און מען האָט זיך אויסגעזעצט אויף די שטולן, אויפן סאָפקעלע און אויך אויף דער ערד. און אַז רפאל האָט דאָס דערזען, האָט ער אַ פריילעכער אויסגערופן:

— איך זע, עס גרייט זיך דאָ די אמתע ליאַמע!

קיין סימן איז שוין ניט געווען אויף אים פון זיין פריערדיקער ערנסטקייט. בליקן אָפענע, פאַרטרוילעכע און נייגעריקע האָבן אַרויפ־

געקוקט צו אים. מען האָט אים געשטעלט טויזנטער פראַגעס. יע־
דערער האָט געוואָלט וויסן וואָס עס קומט פאָר אין די גרויסע שטעט,
אויפן פעלד פון אמתן קאַמף. רפאלס פּנים האָט זיך געביטן — מיט
אַ האַלבער שעה צוריק האָט ער אויסגעזען מיד און פאַרעלטערט,
און איצט האָט ער געשטראַלט, ווי ער וואָלט אָנגעזאַפּט געוואָרן מיט
פרישע כוחות. און עס האָט זיך אים גרינג גערעדט. נייסן פריידיקע,
און אויך טרויעריקע האָט ער געהאַט צו דערציילן, וועגן דעם פיבער
פון רעוואָלט, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט די גרויסע מאַסן אַרבעטער. די
גרויסע סטרייקס און אַפילו אויפשטאַנדן, און ווי דאָ און דאָרטן האָט
זיך אַ זעלבסטשוץ אָרגאַניזירט צו פאַרהיטן פון אַ פּאָגראָם. און אין
אַט־די קורצע מינוטן האָט רפאלן זיך געוואָלט וועגן אַלץ זיי דערציילן,
דערקלערן . . .

זלאַטקע האָט דערווייל געהאָלפן צוגרייטן דעם עסן. אַ שיינענדיקע
האָט זי געטראָגן די פולע טעלער ברויט און וואורשט, צעשניטענע
אין גרויסע שטיקער. זי האָט דאָ אין אויבערשטיבל דערפילט זיך
היימישער, ווי ביי איר אין דער היים, און אויך אויף איר איז שוין ניט
געווען קענטיק די אַנגסט, וואָס זי האָט געהאַט פון דער פּראָקלאַמאַ־
ציע. בעריש, אַ צעוואָרעמטער פונם ביר, איז געשטאַנען און פריילעך
פאַרבראַכט מיט אסתרן. ער האָט איר דערלאַנגט אַ שטיק ברויט און
וואורשט:

— אסתר, איר האָט דאָך היינט גאָרניט געגעסן, — איז ער צו
איר צוגעשטאַנען.

עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס אסתר האָט פאַרזוכט די
גוישע קאָלבאַסע. זי האָט געפילט ניט גוט, נאָר זי האָט זיך געשעמט
דאָס אויסצוזאָגן.

די וועטשערע וואָלט ניט געווען פאָלקאָם, ווען מען פאַרענדיקט
עס ניט מיט געזאַנג. עטלעכע שטימעס האָבן אין איין צייט שטיל אָנ־
געהויבן דאָס באַליבטע ליד:

„ברידער און שוועסטער
פון אַרבעט און נויט"...

צאַלקע האָט זיך אָוועקגעשטעלט אַנטקעגן די זינגער און מיט
די הענט רעגולירט דאָס געזאַנג ווי אַ קאַפּעלמייסטער. זלאַטקע האָט
געהאַט אַ געוואונהייט אַרויפצולייגן די האַנט אויפן האַרצן ווען זי
האָט געזונגען די שבועה. זאַווול האָט איר אַ ווײַלע אָנגעקוקט. ער האָט
אויף דער גיך דערטרונקען די האַלבע גלאָז ביר, וואָס ער האָט גע־
האַלטן אין האַנט, און צוגעאייניקט זיין באַסאָווע שטימע צום כאָר. ס'איז
געווען אַ מינוט אַזאַ ווען אַלעמענס חושים זיינען געווען אַריינגעטאָן
אין געזאַנג, אַז מען האָט אַפילו אָן קאָנספּיראַציע פאַרגעסן.

דורך די שפּאַרונעס פון די פאַרהאַנגענע פענצטער אין שטיבל האָט
זיך דורכגעשפּאַרט אַ בלויער פאַרטאָג.

# דריטער קאַפּיטל

ווי אַ פרומער ייד איז אָפּגעגעבן נאָר צו דינען גאָט און אַלץ וואָס ער טוט איז נאָר אין גאָטס נאָמען, אַזוי איז איצט זלאַטקע געווען אָפּגעגעבן צו איר אידעאַל און זי איז גרייט געווען צו דינען דער באַ־וועגונג מיט אַלע אירע כוחות. צום אַלעם ערשטן האָט זי געוואָלט זיך אויסלערנען אַ פאַך, ווערן אַ שניידערקע. ווי אַ זאַך מאַכט זיך, זאָל זי ווערן אַ זעלבשטענדיקער מענטש און אין דער היים ביי איר זאָל מען ניט קענען זאָגן איר קיין דעות.

זלאַטקע האָט שוין וועגן דעם זיך דורכגערעדט מיט זאַוול דעם שטעפּער. די לעצטע צייט איז זאַוול איר נאָענטסטער מענטש געווען, מיט וועלכן זי האָט געקענט רעדן פון אירע פּערזענלעכע ענינים. זיין נאָענטקייט האָט איר שוין ניט אַזוי געשראָקן ווי אין אָנהויב. זי האָט געוואוסט, אַז מען קען זיך אויף אים פאַרלאָזן, ווי אויף אַן איי־זערנער וואַנט.

זיי האָבן קיין מאָל פון ליבע ניט גערעדט. זלאַטקע האָט אים פאַרבאָטן צו ברענגען אַזאַ וואָרט אויף די ליפּן. זי האָט אויך פאַר־לאַנגט, אַז מען זאָל זיי וואָס וויניקער זען צוזאַמען. אַז מענטשן זאָלן ניט רעדן. דאָך איז איר אָן אַ שיעור ליב געווען דער מילדער טאָן, מיט וועלכן ער פלעגט צו איר רעדן. זיין הייסער בליק האָט איר יעדעס מאָל צעמישט און זי האָט געמוזט צוכאַפּן די אויגן. און זי האָט גע־זאָגט צו זיך: „אַ רעוואָלוציאָנער דאַרף פאַרהאַרטעווען זיין האַרץ און ניט לאָזן די געפילן הערשן איבער דעם געדאַנק."

ניט אָפּגערעדטערהייט פלעגן זיי איצט אָפט פאַרבלייבן צוזאַמען נאָך דעם ווי די אַרבעט אין סכאָדקע איז געווען געענדיקט. זאַוול האָט, ווי אַלע מאָל, איר אָפּגעפירט אַהיים. זלאַטקע האָט אים דער־ציילט פון איר פּלאַן צו אויסלערנען זיך פאַר אַ שניידערקע.

— וואָס זאָגסטו, זאַוול? — האָט זי געוואָלט וויסן זיין מיינונג.

— וואָס איך זאָג? — האָט זאַוול זיך געגעבן אַ שטעל אָפּ אין מיטן וועג. ער האָט אַ זשמורע געטאָן מיט די אויגן. און זיין גאַנצער ברייט־בייניקער, ענערגישער פּנים האָט זיך צעשטראַלט. אַ גרויסע פרייד האָט זי אים אָנגעזאָגט מיט איר באַשלוס: איצט וועט זי ווערן פון די אמתע פּראָלעטאַריער, אַזוי ווי ער. און דער אונטערשייד, די

ווייטקייט צווישן זיי וועט פאַרשווינדן. זלאַטקע האָט אים אָנגעקוקט אַ ווײַלע. ער האָט געטראָגן זיין רעקל אויף די אַקסלען. די רוסישע בלוזקע, מיטן קוטאָס אַרומגעבונדן, האָט אָפּגעצייכנט זיין קרעפּטיקן גוף. ער איז איר איצט נעענטער געווען ווי ווען עס איז.

די נאַכט איז געווען אַ מילדע, אַ הארבסטיקע. אין בלייכן לבנה־שיין האָבן די פאַרשלאָפענע הייזלעך פון געסל אויסגעזען פאַנטאַסטיש. דעם וועג צו זלאַטקעס הויז זיינען זיי איצט געגאַנגען כמעט שווייגנדיק. זיי האָבן זיך פאַרשטאַנען אָן באַזונדערע רייד . . .

שווער איז געווען זלאַטקען צו ריידן מיט טאַטע־מאַמע וועגן איר באַשלוס. די מאַמע וועט זיך געוויס שטעלן אַנטקעגן. אין זייער פאַמיליע זיינען ביז איצט קיין בעל־מלאכות ניט געווען. ווי אָרעם זיי האָבן געלעבט, האָט די מאַמע, זלאַטקעס, ליב געהאַט האַלטן שטאַט. די אָרעמקייט צו פאַרשטעלן, אַז קיינער זאָל עס ניט זען, דער טאַטע, זלאַטקעס, האָט אין שטעטל געהאַט אַ נאָמען פאַר אַ פיינעם יידן און אַ בעל־תורה. און די מאַמע האָט ניט איין מאָל פאַר אַ שכנה זיך באַרימט מיט איר מאַן, ווי געלערנט ער איז און אַז ער האָט סמיכות אויף רבנות.

זלאַטקע האָט אויסגעקליבן ריידן מיט איר מאַמען אין אַ שבת פאַרנאַכט. זי איז צוליב דעם פאַר פרי געקומען אַהיים. אין שטוב איז שוין געווען טונקל. די מאַמע האָט מיט אַ פינגער אַ וויש געטאָן די שויב און מיט אַ ניגון האָט זי אָנגעהויבן זאָגן: „גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב." דערנאָך איז זי געבליבן זיצן ביים פענצטער אַ שטילע, אַ פאַרבענקטע. דער שבת איז שוין אַוועק. אָט איז שוין דער טאַטע געקומען פון שול. זלאַטקע האָט אָנגעצונדן דאָס נאַפט־לעמפל, און ער האָט געמאַכט הבדלה איבער אַ גראָבער, געדרייטער ליכט.

— גוט־וואָך! — זאָל זיין אַ פולע וואָך, אַ מזלדיקע וואָך! — האָט אויסגערופן דער טאַטע. ער האָט נאָך געטראָגן אויף זיך דעם שבתדיקן קאַפּטן, און די באָרד איז געווען שיין צעקאַמט. נאָר אויף זיין מאַט־איידל פּנים האָבן זיך שוין גענומען אויסלייגן די וואָכעדיקע זאָרגן. זלאַטקע האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און איז צוגעגאַנגען צו דער מאַמען:

— איך האָב געוואָלט דיר עפּעס זאָגן, מאַמע, — האָט זי אָנגעהויבן אין איין אָטעם — איך וויל זיך אויסלערנען נייען. כ'וויל אָנקומען צו אַ שניידערקע אויף דער לערע.

אַן אויפגעוועקטע פון אירע רעיונות האָט די מאַמע אויף זלאַטקען אַ ביסטרען קוק געגעבן. דער קוק האָט דערציילט, אַז זי ווייס גוט פון זלאַטקעס דרכים די לעצטע צייט און אַז פון איר קען מען איצט אַלע

ווילדע זאַכן דערוואַרטן. און זי האָט זיך אַ ווענד געטאָן ניט צו זלאַט־קען, נאָר צו איר מאַן:

— דוסט געהערט, אייזיק, דיין טאָכטערס רייד?

דער טאַטע האָט שוין געהאַט אַרומגעשפּרייזט איבערן שטוב, מיט די הענט פאַרלעגט אויף אַ הינטער, ווי זיין שטייגער איז געווען. מיט אַ קול אי טרויעריק, אי טרייסטנדיק האָט ער אונטערגעזונגען שטיל: „המבדיל בין קודש לחול...״—אַ פאַרוואונדערטער האָט ער זיך געגעבן אַ שטעל אָפּ אין מיטן שטוב און אָנגעקוקט זלאַטקען. אַ גרויס ליבשאַפט איז געווען צווישן אים און זיין עלטסטער טאָכטער, כאָטש זיי האָבן זעלטן גערעדט צווישן זיך מער ווי געציילטע ווערטער. ער האָט שווייגנ־דיק איר באַטראַכט אַ ווײַלע. ווי שיין זי איז אויסגעוואַקסן. דאָס פּנים יונג און פריש, אַ קרעפטיקע, אַ מאָנענדיקע, און ער איז מיטאַמאָל גע־וואָרן גוט אויפגעלייגט:

— ווי אַלט איז זי שוין, אונזער זלאַטקע? — האָט ער אַרויס־גערעדט האַלב ערנסט און האַלב אין שפּאַס — צייט אַ טראַכט צו טאָן וועגן עפּעס אַ ליידישן שידוך פאַר איר.

זלאַטקע איז געשטאַנען ביים פענצטער, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן; זי האָט זיך געפילט שולדיק אין עפּעס. זי האָט געוואוסט, אַז צווישן איר און איר טאַטן איז עפּעס געבליבן ניט דערקלערט, און עס וועט אפשר קיינמאָל ניט דערקלערט ווערן. און דאָס האָט איר אַזוי באַנג־געטאָן.

די מאַמע האָט נאָר אַ הויב געטאָן מיט די אַקסלען, געשוויגן שטיל. זי איז איצט אין כעס געווען אויף איר מאַן, וואָס וויל זיך ניט מישן אין די שטוביקע ענינים און ער לאָזט אַלץ איבער פאַר איר זיך צו זאָרגן. נאָך יענעם פאַרנאַכט איז די מאַמע אַלץ אַרומגעגאַנגען אַ ברוגזדיקע און אַ כעסדיקע. זי האָט ניט געוואָלט מאַכן איר טאָכטער פאַר אַ שניידערקע. און נאָך מער האָט עס איר אויפגערייצט, וואָס זלאַטקע האָט ביי איר גאָרניט געפרעגט. „שוין, מען דאַרף שוין ניט דער מאַמעס עצות, „סאַם כאָזאַאין״ (אַליין אַ באַלעבאָס), — האָט זי געהאַלטן אין איין איבעררעדן.

זלאַטקעס מאַמע האָט געהאַט אַ נאָמען פאַר אַ קלוגן קאָפּ. און מענטשן פלעגן קומען צו איר פרעגן עצות. און איצט איז איר שווער געווען צו פאַרשטיין איר אייגן קינד. ווי לאַנג איז דאָס געווען, אַז זלאַטקע האָט איר אין אַלץ געפאָלגט. זי האָט שוין אין איינעם מיט איר מאַמען געטראָגן דעם יאָך פון שטוב, געהאָלפן אין דעם מסחר מיט די הינער און אייער, געהאָלפן האָדעווען די יינגערע קינדער. נאָך פיר קינדער זיינען אין שטוב געווען. שיינדל, די יינגערע, וואָס אונטער זלאַטקען, משהקע און דודל, דער צווילינג, און די יינגסטע, ריווטשע, נאָך כמעט אַ קינד.

דעם אמת געזאָגט, האָט די מאַמע געהאַלטן, אַז איר עלטסטע טאָכטער איז ניט צופיל איבערגעשפּיצט. זי פלעגט מאַכן אָפּט טעותן ווען מען האָט איר געשיקט אַ גאַנג. שטענדיק אַ פאַרחושטע פון לייענען אירע ביכלעך.

— זלאַטקע, וואָס חלומסטו? — האָט די מאַמע כסדר איר גע־וואָלט אויסמענטשלען. און איצט, זי דערקענט ניט איר אייגן קינד.

נאָר ביסלעכווייז האָט די מאַמע גענומען איינזען, אַז זי וועט שוין ביי זלאַטקען גאָרניט אויספירן. פאַרפאַלן. די מאַמע האָט זיך געהאַט איר כלל: „אַז מען קען ניט אַריבער, מוז מען אַרונטער." זי האָט שוין אַפילו געפּרואווט איבעררײדן מיט איר מאַן: — אַז מען וויל ריידן צוריק, אייזיק, איז דאָס ניט קיין קרומע זאַך. טאַקע וואָס וועט זי דאָ אויסזיצן אין שטוב? זאָל זי אָנהויבן עפּעס פאַרדינען. ס'וועט איר צוניץ קומען.

די לעצטע צייט איז זלאַטקע אין די אָוונטן מערער אין שטוב, כדי ניט אויפצורייצן די מאַמען. און אפשר איז איר גאָר מיטאַמאָל טייערער געוואָרן די היים. אויב יאָ, וואָלט זי דאָס אויך פאַר קיינעם ניט מודה געווען. אין שטוב האָט זלאַטקע שטענדיק געזען איר מאַמען מיט אַן אַרבעט אין האַנט. אירע זאָרגן פאַר די קינדער האָבן זיך קיינמאָל ניט אויסגענומען. ווען מען אַ שוך איבערקוקן אויב ס'איז גאַנץ; וועמען פאַרריכטן אַ וואָרעמען מלבוש, איצט, אַז עס גייט צו ווינטער. דער מאַמעס טראָט איז פלינק און רירעווודיק. אירע קלוגע, קאַרע אויגן קוקן שאַרף און אירע האָר, אונטערן ווייסן קאָפּ־טיכל, האָבן ווייניק זילבערנע פעדים. אָט זיצט זי ביים קאַכעלנעם אויוון. צירעוועט אַ קינדערשן זאָק מיט אירע פלינקע פינגער. איין אויג האַלט זי צום זידנדיקן טעפּל, וואָס איז אויפגעשטעלט אויף אַ דרייפוס.

— ווער איז די שניידערקע, וואָס דו האָסט זיך אויסגעקליבן? איך וועל אַליין מיט איר ריידן, — פרעגט זי ביי איר טאָכטער, און אַז זלאַטקע רופט איר אָן דעם נאָמען, געפעלט עס ניט דער מאַמען:

— זי איז אַ פאַרטאַטשקע, דיין שניידערקע, — זי וועט איר אויפ־זוכן אַ שניידער. דעם בעסטן פון שטעטל. — „אַז שוין עפּעס אויספירן, איז גיין צום קאָפּ..."

שיינדל, דאָס ייִנגערע מיידל, איז אַ געוויקסיקע, אַ דאַרע, און אַ גרויסע שטיפערקע. זי שפּילט זיך מיט ייִנגלעך און קריכט איבער פלויטן און צוימען, און אַז זי פליט אַריין אין שטוב אַ צעשפּילטע, שטראָפט איר די מאַמע:

— אַזאַ גרויסע מויד, צייט פאַר דיר ווערן אַ מענטש.

אירע רייד איז ווי אַן אָנצוהערעניש פאַר שיינדלען, אַז פון איצט־אָן וועט זי דאַרפן פאַרנעמען זלאַטקעס פּלאַץ אין שטוב... די מאַמע ווייזט אַרויס אַ סך ליבשאַפט צו די קינדער נאָר ווען זיי זיינען קליין.

אַז זיי וואַקסן־אויס, גייט איר ליבשאַפט אַריבער צום יינגסטן קינד, און אַזוי כסדר. זלאַטקע דערמאָנט זיך ווען זי איז נאָך אַ קינד געווען — די מאַמע האָט איר געקעמט די האָר, אַריינגעפלאָכטן אַ סטעינגע, געשפיגלט זיך אין אירע לאַנגע, העל־ברוינע צעפּ.

אָט זיינען שוין די צוויי יינגלעך געקומען פון חדר, משהקע און דודל; זיי נעמען זיך באַלד צום שפּילן, קריגן זיך פאַר אַ הילצערנעם מעסערל, וואָס איינער פון זיי האָט אַליין אויסגעמייסטרעוועט. אַז דער טאַטע קומט אַריין, ווערט שטיל.

— אַ גוטן אָוונט! — זאָגט דער טאַטע מיט אַ פרידלעכן קול. און ער שטעלט זיך באַלד אַוועק דאַוונען מנחה.

דערנאָך צעזעצן זיך אַלע אַרום טיש. די מאַמע טיילט אויס דעם עסן. אויף איר פּנים איז אויסגעדריקט אי געטריישאַפט, אי אַחריות, ניט צו פאַרטיילן עמעצן זיין חלק. דאָס עסן פאַרשמעקט די שטוב. דוכט זיך גאָר נישטאָ אין דער מאַמעס עסן — אַ וואָכעדיקער קרופּניק פון גרויפּן מיט קאַרטאָפל, און אַ ציבעלע פאַרברוינט, און עס האָט טויזנט טעמען. אַרום טיש ווייעט מיט משפּחהדיקער וואַרעמ־קייט און פרידלעכקייט, און זלאַטקען גיט עס אַ נאָג ביים האַרצן, ווי זי וואָלט דערפילט אַז ניט אויף לאַנג וועט זי אַזוינס האָבן...

און שפּעט ביינאַכט, אַז זי ליגט שוין אין בעט, צווישן אירע צוויי שוועסטערלעך, שיינדל פון איין זייט און ריווטשע פון דער צוויי־טער זייט, דוכט זיך איר, ווי זיי טוליען זיך צו צו איר היינט שטאַרקער ווי אַלע מאָל, ווי זיי וואָלטן מורא האָבן, אַז זי זאָל פון זיי אין ערגעץ נישט אַוועק.

*
**

די ערשטע טעג איז מאַסטערסקאַיע (וואַרשטאַט), זיינען געווען שווערע פאַר זלאַטקען. זי האָט זיך פאַרלאָרן אין אַ פרעמדן טומל און רעש, און דער טשאַד פון די פּרעס־אייזנס, פון וואָס עס טוט ווי דער קאָפּ גאַנצע טעג. איר האָט זיך געדוכט, אַז זי זעט דאָ אַלע מענטשן ווי דורך אַ זיפּ. אָט כאַפּט זי זיך, דער טאָג איז שוין אַוועק; עס ברענען העל די בליץ־לאָמפּן, מען זיצט אַלע אַרום גרויסן אַרבעטס־טיש, בחורים און מיידלעך; שניידער־געזעלן לאָזן פאַלן אַ צווייי־דייטיקן וויץ, זי הערט געלעכטערס. באַלד ווערט אַ זינגעריי איבער דער גאַנצער מאַסטערסקאַיע, ווי זיי אַרבעטן דאָס! די הענט מיטן נאָדל־פאָדעם פליען אַרויף און אַראָפּ, אין טאַקט מיטן געזאַנג.

אַ ייד, אַ נידעריקער, מיט אַ ברייטן, סוחרישן שטעל, מיט אַ קורץ געשוירן בערדל און אויגן, וואָס זעען אַלץ און ווייסן אַלץ, — דאָס איז דער באַלעבאָס, דער מייסטער. אַלע ווילע וואַקסט ער אויס דאָ און דאָרטן איבער דער מאַסטערסקאַיע, ער גיט אַכטונג אויף זיינע

מענטשן. זיין ווייב, די מייסטערקע, און אַמאָל זייערס אַ קינד, העלפֿן אים אין זיין אַרבעט. זלאַטקען דוכט זיך, זייערע אויגן לויערן אויף איר, קוקן נאָך איר יעדן קער ביים געניי, און זי פילט זיך ווי געפּענטעט.

אַז זי קומט אַהיים, איז זי שטאַרק מיד. אַלע גלידער טוען איר וויי. אַ שווייגנדיקע עסט זי אָפּ וועטשערע. און אַז מען פרעגט ביי איר עפּעס, מיידט זי אויס צו רעדן, און זי דערוואַרט זיך קוים מען זאָל שוין קענען גיין זיך לייגן שלאָפֿן. נאָר זלאַטקע איז ניט דער מענטש, וואָס זאָל זיך גרינג אונטערגעבן. אויב זי האָט עפּעס פאַרטראַכט און אויסגעפּלאַנט, מוז זי דאָס דורכפירן. עס גייט ניט אַוועק קיין סך צייט און זי ווערט אַריינגעטאָן אין געניי מיט אַלע אירע חושים. זי האָט אַ ציל, זי מוז וואָס גיכער זיך אויסלערנען די אַרבעט, ווערן אַ זעלבשטענדיקער מענטש, ווערן אַן אמתע פּראָלעטאַריערין.

די מאַמע זלאַטקעס האָט אויסגעפּירט ביים שניידער, מען זאָל איר טאָכטער ניט אַרומשיקן קיין גאַנגען, ווי מען טוט דאָס מיט אַנדערע לערן־מיידלעך. און זלאַטקע האָט פּראָגרעסירט, מען האָט שוין געקאָנט איר אָנטרויען מאַכן אַ פּאָר אַרבל, צו אָפּזוימען אַ ברעג פון אַ קלייד מיט דראָבנינקע שטעכעלעך. געווען דאָ אין דער מאַסטערסקאַיע גוטע באַלמעלאָכעס, גרויסע קינסטלער, וואָס האָבן געקאָנט אויפנייען אַ מאַנטל, צי אַ קלייד פון שווערסטן פאַסאָן. די אַרבעט האָט ביי זיי אין די הענט געשפּילט און געזונגען, און זלאַטקע האָט אַ פאַרגאַפטע געקוקט זיי אויף די הענט. מיט איר פאַרטרוילעכן שמייכל האָט זי געוואונען חן ביי זיי אין די אויגן, און זיי האָבן גערן איר געוויזן די מלאכה.

— נאָר ניט געאיילט זיך, נאָר זיך ניט געיאָגט...—האָבן זיי איר געלערנט.

פונקט אַכט דעם זייגער אין אָוונט האָבן די אַרבעטער שוין גענומען ווינקען איינע צו די אַנדערע. צייט צו וואַרפן די אַרבעט, גיין אַהיים. דאָס איז געווען אַ שווערע מינוט. עמעצער פון דער מייסטער־משפּחה איז פונקט דעמאָלט געשטאַנען דערביי, ווי צו וועלן דערגיין ווער פון די אַרבעטער וועט זיך פריער אויפהויבן פון טיש.

עלטערע אַרבעטער האָבן דערציילט געשיכטעס בסוד־סודות: „געווען אַמאָל צייטן, ווען מען האָט געאַרבעט ביז 12, ביז 1 דעם זייגער ביינאַכט. און דאָנערשטיק, צי פאַר יום־טוב, איז מען אַ גאַנצע נאַכט געזעסן און געאַרבעט. וואָס עס האָט זיך דעמאָלט געטאָן! יונגע שניידער־געזעלן, די מער־געוואַגטע, האָבן ניט געשוויגן. ניט איין מאָל איז אַ שטיין געפלויגן דורכן פענצטער אין דער מאַסטערסקאַיע אין מיטן פון ביינאַכטיקער געניי. מען האָט געכאַפּט אַ באַלעבאָס, אָפּגעגאָסן אים

דאָס פּנים מיט אָליום. מען האָט די רעבעלן געכאַפּט, פאַרשיקט זיי אין סיביר, און מען ווייסט נישט וואו זייער געביין איז אַהינגעקומען...״

זלאַטקע האָט געהערט די געשיכטעס מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. יענע אומבאַקאַנטע העלדן זיינען איר אייגן געוואָרן. געוויס, זייער וועג פון טעראָר איז ניט איר וועג. ביי איר אין דער אָרגאַניזאַציע איז טעראָר פאַרווערט. נאָר יענע ערשטע האָבן אויסגעטראָטן אַ וועג. פאַראַן איצט ווער עס זאָל ווייטער ציען דעם פאָדים.

*******

זלאַטקע האָט שוין אין געדאַנק אָנגעצייכנט וועמען פון די אַרבע־טער דאָ אין מאַסטערסקאַיע זאָל זי אָנהויבן אַגיטירן און אַריינציען אין דער באַוועגונג. די ערשטע אויפן צעטל איז געווען אַ מיידל, וואָס איזביים טיש געזעסן פונקט אַנטקעגן איר, פריידל דעם וואַסערטרעגערס טאָכטער; אַ ביסל העכער פון מיטעלן וואוקס, אַ דאַרע און אַ שוואַרץ־חנוודיקע, מיט אַ קוטשמע געקרייזלטע האָר, וואָס האָבן זיך שווער געגעבן אונטערן קאַם.

אָט די פריידל איז געווען אַ כעסנטע אַ גרויסע; פלעגט זיך קריגן מיט די מיידלעך צוליב יעדער קלייניקייט; אַן אָפּלאַכעריקע און אַ שטעכיקע. זי האָט אַפילו פאַרן מייסטער אַליין קיין מורא ניט גע־האַט. זי איז געווען ווידערשפּעניק און פלעגט אים ענטפערן אַנטקעגן. און דער מייסטער האָט איר אַלץ פאַרשוויגן, ווייל זי איז געווען ביי אים איינע פון די בעסטע נייטערקעס, מיט „גאָלדענע הענט״... צוויי זאַכן האָט פריידל גוט געקענט — נייען און זינגען. מער צום האַרצן זיינען איר געווען די לידער וועגן ליבע, וואָס זי פלעגט זינגען מיט אַ סך געפיל, אין מיטן פון איר געניי:

„איינער בעט אויף קליידער,
דער אַנדערער בעט אויף געלט;
דער דריטער פאַרלאַנגט חתונה צו האָבן
און אויספירן אַ וועלט.״

עטלעכע באַלמעלאָכעס פלעגן באַלד אונטערכאַפּן:

„איך דאַרף ניט קיין קליידער,
איך דאַרף ניט קיינע געלט,
איך וויל נאָר מיט דיר חתונה האָבן
און אויספירן אַ וועלט.״

באַלעבאַטישע בחורים, אַז זיי פלעגן פאַרבייגיין און הערן פריידלס זינגען, פלעגן זיי זיך אָפּשטעלן אונטערן פענצטער פון דער מאַסטערס־קאַיע. ניט איינער פון זיי האָט געהאַט אַ פאַרלאַנג איר אָפּוואַרטן,

פאַרפירן מיט איר באַקאַנטשאַפט; נאָר זיי האָבן דאָס ניט געטאָן: מענטשן זאָלן ניט רעדן...

„פון אָט דער פריידלען וועט נאָך אַמאָל אַרויסקומען אַ גוטע רעוואָלוציאָנערקע", — האָט זלאַטקע ביי זיך געטראַכט. און זי האָט געזוכט אַ מינוט, ווען זי זאָל קענען זיך דערנענטערן צו איר. איין מאָל אין אַן אָוונט, אַז אַלע זיינען שוין אַרויס פון מאַסטערסקאַיע אין גאַס, איז זלאַטקע צוגעגאַנגען צו פריידלען און איר געזאָגט:

— איך גיי מיט אייער וועג. איך קען אייך צופירן צום שטוב, אַז איר ווילט.

— איך קען טרעפן אַליין, — האָט פריידל איר אַ זאָג געטאָן צוריק, אַ טראָציקע.

— ניט איז ניט.

זלאַטקע האָט זיך ניט פאַרלאָרן. זי האָט זיך נאָר דערוואַרט אויף אַ צייט, ווען פריידל איז געווען גוט אויפגעלייגט. זי האָט געהאַלטן אין איין זינגען ביים נייען, לידער פון בר־כוכבא פון שולמית און „דאָרט וואו די צעדער". רופט זיך אָפּ צו איר זלאַטקע שטילערהייט:

— איר ווייסט, פריידל, עס זיינען פאַראַן היינט נייע לידער, איר האָט שוין געוויס פון זיי געהערט.

— אַזוי! — האָט פריידל זיך אַ כאַפּ־געטאָן. זי האָט אַוועקגעלייגט די אַרבעט אויפן שויס און אָנגעקוקט זלאַטקען מיט אַ שפּאָטישן בליק:

— וועלכע לידער זיינען זיי דאָס, לאָמיר הערן?

זלאַטקע האָט זיך אַ ביסל פאַרלאָרן, נאָר זי האָט שוין געמוזט גיין ווייטער, און זי האָט אָנגערופן אַ פּאָר לידער: — „מיר ווערן געהאַסט און געטריבן", און „די אַרבעטער־פּרויען". — פריידל האָט אַ וואָרף געטאָן מיט די אַקסלען און בייז אַרויסגערעדט:

— כ'האָב פיינט אייערע לידער!

— פאַרוואָס? זיי זיינען שיינע לידער, — איז שוין זלאַטקע געווען איינגעשפּאַרט.

— פאַר דאָס! — האָט פריידל נאָר אַ לאַך־געטאָן, טראָציק און הפקרדיק און ווידער זיך גענומען צום נייען. עטלעכע אַרבעטער, וואָס האָבן צוגעזען די סצענע, האָבן געשוויגן. זיי האָבן גוט געקענט פריידלען, אַז מיט איר איז גלייכער זיך ניט אָנצוהויבן.

פון יענעם טאָג־אָן האָט זלאַטקע שוין מער ניט געהאַט קיין רו. פריידל האָט געהאַלטן אין איין טשעפּען זיך צו איר, דערגיין איר די יאָרן. זי פלעגט אָפּלאַכן פון זלאַטקעס אַרבעט און טאָן איר צו־להכעיס. אַז זלאַטקע איז צוגעגאַנגען צום פּרעס־אייזן, האָט פונקט דעמאָלט פריידל באַדאַרפט עפּעס אויספּרעסן, און זלאַטקע האָט איר

געמוזט אָפּטרעטן דאָס אָרט. זלאַטקען האָט דאָס געקרענקט ביז גאָר, נאָר זי האָט געשוויגן, געוואָלט זען וואָס דאָ וועט זיין.

דערווייל האָט זאַוול, אַז ער האָט איר באַגעגנט, געהאַלטן אין איין פרעגן ביי איר:

— נו, וואָס הערט זיך, זלאַטקע, ווי גייט דאָס דיר מיט דיין אַרבעט?

— אָ, אַזוי זיך, ניט שלעכט, — האָט זי אויסגעמיטן פון דעם צו ריידן.

זי האָט זיך געשעמט צו דערציילן אים וועגן פריידלען, אַז מיט איר זאָל גאָר אַזוינס פּאַסירן. זי ווייסט וואָס זאַוול וואָלט אויף דעם געזאָגט: „מען דאַרף איר גוט אָנסטראַשען". זאַוול ווייס נאָר איין זאַך — צו באַנוצן געוואַלט, דאָס הייסט, אָנברעכן די ביינער, אַז עס גייט ניט מיט גוטן.

איינמאָל ביי דער אַרבעט האָט פריידל באַזונדערס זיך גענומען טשעפּען צו זלאַטקען, אָפּלאַכן פון איר. זי האָט אַפילו אַריינגעוואָרפן אַ ווערטל: „די ברידער און שוועסטער".

זלאַטקע איז געווען פאַרצווייפלט. אַזאַ איינע קען נאָך מסרן דעם באַלעבאָס, אַריינברענגען איר אין אַ צרה. וואָס טוט מען?

איז געווען אין מאַסטערסקאַיע נאָך אַ מיידל, וואָס זלאַטקע האָט שוין געאַרבעט אויף איר צו מאַכן איר באַוואוסטזיניק. שרהקע די שוואַרצע האָט מען זי גערופן; אַ דיקלעכע און אַ גוטמוטיקע. האָט זלאַטקע איינמאָל זיך פאַר איר באַקלאָגט:

— וואָס טוט מען, שרהקע, זי דערגייט דאָך מיר אַזוי די יאָרן, פריידל.

— אָ, ניט כדאַי זיך אָפּעסן דאָס האַרץ, זי וועט זיך איבערקאָכן, איר וועט זען, — האָט שרהקע זי געוואָלט באַרואיקן.

— אָבער, וואָס אַזוינס האָב איך איר געטאָן?

שרהקע האָט זיך אומגעקוקט איבער דער גאַס, צי קיינער הערט ניט, און סודותדיק אָנגעהויבן:

— ס'איז פאַראַן אַ מעשה דערביי. פריידל איז אין כעס אויף אַלע „ברידער און שוועסטער". זי האָט זיך אַמאָל געליבט אין איינעם פון זייערע בחורים. איצט האָט ער איר אַוועקגעוואָרפן.

— אָ! — האָט זלאַטקע עפּעס אָנגעהויבן פאַרשטיין. זי האָט געמיינט, אַז זי ווייס שוין אַלץ. ערשט אין גיכן האָט עפּעס אַזוינס פּאַסירט, וואָס האָט איר נאָך מער צעטומלט.

ס'איז געווען אַזוי: אין איינעם אַן אָוונט, נאָך דער אַרבעט, אַז זלאַטקע האָט אינאיינעם מיט די אַנדערע מענטשן זיך אַרויסגעלאָזט אין גאַס, האָט זי פונדערווייטנס דערזען זאַוולען שטייענדיק דאָרט. ער האָט זיך ניט געקענט דערוואַרטן ביז דעם אָוונט פון סכאָדקע,

ווען זיי וועלן זיך זען, און ער איז געקומען אַהער איר אָפּצופירן אַהיים.

צווישן די מיידלעך ביים מאַסטערסקאַיע איז אויך געווען פריידל. זי האָט אים באַלד דערזען און זי איז די ערשטע צו אים צוגעגאַנגען.

— זע נאָר, ס׳איז דאָך זאַוול, — האָט זי צו אים אַ לאַך געטאָן, — וואָס טוסטו דאָ?

זי האָט גערעדט צו אים מיט אַזאַ היימישקייט ווי זיי וואָלטן זיך ערשט נעכטן געזען. ס׳איז געווען קלאָר, אַז זיי קענען זיך גוט. נאָר זאַוול האָט פריידלען אַזוי גוט ווי ניט געענטפערט. ער האָט זיך געגעבן אַ קער אַוועק פון איר און איז צוגעגאַנגען גלייך צו זלאַטקען און איר גערופן:

— קום, איך וואַרט דאָ אויף דיר. כ׳וועל דיך אָפּפירן אַהיים.

זלאַטקע איז געווען אַזוי איבערראַשט, אַז די ערשטע מינוט האָט זי ניט געקענט אַרויסריידן קיין וואָרט. זי איז געשטאַנען אַ ווײַלע און נאָכגעקוקט פריידלען ווי זי דערווייטערט זיך פון דאַנען מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ און איילנדיקן גאַנג.

די גאַנצע זאַך איז זלאַטקען געווען פאַרדעכטיק. זיי קענען זיך גוט, זעט אויס. און אויב יע, טאָ וואָס איז דאָס פאַר אַ גאַנג זיך אַוועקדרייען פון איר און ניט ענטפערן אויף אירע רייד? אַ לאַנגע ווײַלע זיינען זיי געגאַנגען שווייגנדיק, נאָר זלאַטקע האָט דאָס שוין מער ניט געקענט פאַרטראָגן. זי האָט געמאַכט איר שטימע אַזוי רואיק, ווי עס קען געבן און זי האָט אים געפרעגט:

— דו קענסט איר, יענער מיידל, ניט אַזוי?

— יע, — זאָגט זאַוול, — דאָס איז דאָך פריידל דעם וואַסערטרעגערס. זי אַרבעט מיט דיר צוזאַמען, זע איך.

אין גאַס איז געווען פינצטערלעך, און זלאַטקע האָט ניט גוט געקענט זען זיין פּנים. זי האָט זיך נאָר געוואונדערט, ווי געלאַסן און רואיק ער רעדט זיך, ווי דאָס וואָלט גאָר געווען אַ געוויינלעכע זאַך. באַלד האָט ער ווידער אָנגעהויבן:

— נאָך פון אַמאָל קען איך איר. פון די צייטן, ווען מען פלעגט זיך אויפקלייבן אין די שייערן טאַנצן אין אַ שבת בייטאָג. איצט קומט מען שוין אַהין ווייניק. אַ סך פון יענע בחורים און מיידלעך זיינען אַריבער צו אונז, אין דער באַוועגונג.

זלאַטקע האָט ווייניק זיך צוגעהערט צו זיינע רייד. דאָס געשפּרעך צווישן זיי האָט זיך היינט עפּעס ווייניק געקלעפּט. זאַוול האָט עטלעכע מאָל אָנגעהויבן איר עפּעס זאָגן און ער האָט באַלד זיינע רייד געמוזט איבעררייסן, ניט האָבנדיק פון איר קיין ענטפער. שוין שטייענדיק לעבן איר שטוב האָט זלאַטקע צו אים אַ זאָג געטאָן.

— דו האָסט מיר קיינמאָל ניט דערציילט אַז דו קענסט זיך מיט איר, מיט פריידלען.

איר קול איז געווען אַ ביסל הייזעריק, ווי ס׳וואָלט איר טרוקן געווען אין האַלדז.

— וואָס איז דאָ געווען צו דערציילן? — האָט זיך זאַוול גע־וואונדערט.

זלאַטקע האָט ניט געוואָלט זיך אויפרעגן. נאָר עפּעס קעגן איר ווילן איז דער פאַרדרוס אין איר געשטיגן וואָס ווייטער אַלץ מערער.

— מיר וועלן זיך זען פּרייטיק ביי דער סכאָדקע — האָט זלאַט־קע אָפּגעהאַקט אין מיטן. אַ זאָג געטאָן „אַ גוטע נאַכט״, און אַוועקגע־איילט צו זיך אין שטוב און געלאָזן אים שטיין אַ פאַרוואונדערטן און אַ צעטומלטן.

נאָר אין שטוב ביי איר איז זלאַטקען ניט גרינגער געוואָרן איר געמיט.

„קען דאָס זיין, אַז ער איז דאָס דער בחור, פון וועלכן שרהקע די שוואַרצע האָט גערעדט?״ — האָט זי זיך אַלץ געמאַטערט מיט דער פראַגע. זי איז איצט געווען אַ פולע מיט פאַרדאַכטן, מיט צווייפ־לונגען. און אַז אַלע אין שטוב זיינען שוין געשלאָפן, איז זי איינע געלעגן מיט אָפענע אויגן, און אַלץ איבערגעטראַכט:

„זיי האָבן זיך געליבט, זאַוול מיט פריידלען. זיי ליבן זיך נאָך אפשר איצט אויך״.

זי האָט זיך דערמאָנט ווי מען האָט אויף זאַוולען גערעדט שלעכטס איידער ער איז אַריין אין דער באַוועגונג. באַלד האָט זי אים געפּרואווט פאַרענטפערן: „ער האָט דאָך אינגאַנצן אָפּגעשניטן מיט זיין פאַר־גאַנגענהייט. וואָס געווען איז געווען. איצט איז ער אַ נייער מענטש.״

שפּעטער האָט זי זיך אַליין פאַרגעוואָרפן: „וואָס דאַרף דאָס איר אַרן אינגאַנצן, זי איז דאָך ניט זיין כלה. און זאַוול איז ניט איר חתן. זי האָט קיין רעכט ניט צו איינזאָגן אים ווי אַזוי ער זאָל זיך פירן״.

זי האָט זיך איבערגעדעקט מיטן וואַרעמען צודעק און געמיט זיך איינשלאָפן. אָבער ס׳האָט זיך איר פאַרט געטראַכט. אין די אויערן האָט איר אַ רויש געטאָן פריידלס פרעכע שטימע ווי זי האָט אַזוי היימיש זיך אַ ווענד געטאָן צו אים:

„זע נאָר, ס׳איז דאָך זאַוול! וואָס טוסטו דאָ?״

יע, איצט איז קלאָר פאַרוואָס פריידל איז אַזוי אויפגעבראַכט אויף איר, זי האָט זיך מסתמא דערוואוסט אַז זאַוול גייט איצט שוין אַרום מיט איר, מיט זלאַטקען. עס שיקט זיך, אַז פריידל זאָל אין האַרצן טראָגן אַ האַס אויף איר.

אויף מאָרגן איז זלאַטקע געקומען אין מאַסטערסקאַיע אַ בלייכע און אַ פאַרטראָגענע. פריידל איז געזעסן אַנטקעגן איר, איבערן שמאָלן אַרבעטס־טיש. זי האָט ניט אַראָפּגענומען די אויגן פון זלאַט־קען, דורכגעשטאָכן איר מיטן בליק. זלאַטקע איז איר ניט געבליבן

שולדיק; געענטפערט איר מיט דאָס זעלבע, נאָר אויפן האַרצן איז איר געווען זייער ביטער, זלאַטקען.

אַזוי איז אַוועק אַ טאָג נאָך אַ טאָג און זי האָט אַלץ קיין רו ניט געהאַט. זי מוז וויסן דעם אמת. וואָס קער זיך פריידל אָן צו אים... אפשר פרעגן אים אַליין, זאָוולען? ניין, בשום אופן ניט. עס פאַרדריסט איר פשוט אויף זיך אַליין, מיט וואָס פאַר אַ גדאַנקען איר קאָפּ איז דאָס פאַרנומען די לעצטע צייט. זי איז שוין באַלד ווי יעדע איינפאַכע פּוסטע מיידל, וואָס נאָר אַזעלכע זאַכן ליגן איר אין זינען.

איינמאָל אין אַן אָוונט גייענדיק פון סכאָדקע, ווען זאָוול האָט ווי אַלע מאָל איר צוגעפירט אַהיים, האָט זי מיטאַמאָל באַשלאָסן, איצט איז די צייט צו מאַכן אַ רייד מיט אים וועגן דעם וואָס עס מאַטערט איר אַזוי שטאַרק.

— איך האָב געוואָלט ביי דיר עפּעס בעטן, זאָוול.

ס׳איז זלאַטקען אָנגעקומען זייער שווער ביז זי האָט אַרויסגערעדט וואָס זי האָט געוואָלט.

— ס׳איז אַזוי, אַז דו דאַרפסט מיך עפּעס האָבן, קענסטו מיך זען ביי אַ זיצונג, אָדער גייענדיק אַהיים. איך וויל ניט דו זאָלסט מיך אָפּוואַרטן ביים מאַסטערסקאַיע.

זאָוול האָט אַ פאַרוואונדערטער זיך געגעבן אַ שטעל אָפּ אַנטקעגן איר און אַרייַנגעקוקט איר אין פּנים:

— פאַרוואָס, זלאַטקע, פאַרוואָס ווילסטו ניט איך זאָל דיך אָפּ־וואַרטן ביי דער מאַסטערסקאַיע?

דאָס איז געווען אַרויסגעזאָגט מיט אַזוי פיל וואַרעמקייט, אַז זי האָט געפילט אַ ציטער אין האַרצן. זי האָט זיך איצט געשעמט פאַר אים. אַ ווײַלע איז זי געשטאַנען פאַר אים דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן, און פאַרלעגן געצופּט אַ טיכעלע, וואָס זי האָט געהאַלטן אין האַנט. און ווי איבער געוואָלד האָט זי אַרויסגערעדט:

— און פריידל, איך וויל ניט דו זאָלסט זיך דאָרט מיט איר באַ־געגענען.

איצט ערשט האָט זיך זאָוול געכאַפּט. פאַרשטאַנען דעם מיין פון איר זיין צעטראָגן.

— פריידל?.. — האָט ער מיט היץ געגעבן אַ רייד אַרויס, — ווער האָט איר אין זינען, ווער האָט מיט איר געשעפטן?

זלאַטקע האָט אויפגעהויבן אויף אים אירע טויאיקע אויגן און מיט זיי אים געפּאָרשט אַ ווײַלע. ניין, זאָוול וועט איר ניט אָפּנאַרן. זיין וואָרט איז געווען גענוג פאַר איר. אַז זיי האָבן זיך צעזעגנט, איז שוין איר פּנים געווען אויסגעלייטערט און זאָוול איז אַ באַרו־איקטער אַוועק אַהיים.

יע, זלאַטקע האָט שוין איצט געקענט זיין אינגאַנצן צופרידן.

איצט, אַז אירע אויגן זיינען שוין ניט געווען אַזוי פאַרבלענדט מיט אייפערזוכט, האָט זי זיך אַליין געוואונדערט, ווי אַזוי זי האָט גאָר געקענט וועגן זאַוולען טראַכטן בייז. זי קען דאָך אים אַזוי גוט. אין די זעלטענע מינוטן, אַז זי איז געבליבן מיט אים אַליין ביי אים אין דירה, אין אויבערשטיבל, נאָך אַ זיצונג, ווען אַלע חברים זיינען זיך צעגאַנגען אַהיים, זיינען זיי נאָך געזעסן און אינטים געשמועסט, און זלאַטקע אַן אויפגעלייגטע, אַ פריילעכע, האָט פאָרגעשלאָגן צו מאַכן טיי; און זאַוול האָט אַריינגעבראַכט טרוקענע האָלץ, מען האָט אויפגעשטעלט אַ טשאַיניק וואַסער אויף דער קליין אויוועלע. זלאַטקע האָט צוגע־טראָגן די צוויי הייסע גלעזער טיי צום טישל; אין אירע הענט איז געווען ווייבלעכקייט און צערטלעכקייט איז געווען אין איר קול, און זי האָט ביי אים געפרעגט:

— דו האָסט דאָך ליב שטאַרקן טיי, זאַוול, ניט אַזוי?

זאַוול איז געווען איבערוועלטיקט. ער האָט פון אַזוי ווייניק צערטלעכקייט געוואוסט אין זיין יונג לעבן. אין אַזאַ מינוט האָט ער איר געגומען דערציילן פון זיינע קינדערשע יאָרן. יונג איז אים זיין מאַמע געשטאָרבן. דער טאַטע איז נאָכדעם אַוועק וואַנדערן איבער דער וועלט. זאַוול האָט יינגלווייז זיך געהאָדעוועט מערסטנס אין גאַס. פרעמדע מענטשן האָבן אויף אים אַכטונג געגעבן. און אַז דער הונגער האָט אים געמאַטערט, איז ער געקראָכן אין פרעמדע סעדער, געריסן עפּל און אַנדערע פּרוכטן פון די בוימער. ניט איינמאָל האָט ער זיך געדאַרפט שלאָגן מיט די שקאָצים פון דער גוישער געסל, און די יינגלעך אין זיינע יאָרן האָבן פאַר אים געציטערט.

און זאַוול האָט איר דערציילט, ווי צו דרייצן יאָר איז ער שוין אָנגעקומען צו אַ שטעפער לערנען זיך די מלאכה פון שטעפן שיך. ער איז אויסגעוואַקסן שטאַרק און פאַרהאַרטעוועט. און ער האָט נאָר געוואוסט איין זאַך — ניט צו לאָזן זיך פון קיינעם באַעוולהן. זינט ער איז אַריין אין דער באַוועגונג, האָט ער דערפילט אין זיך די מענטשלעכע ווערדע. ער איז אויפגעהויבן געוואָרן פון זיין עלנד. און אַז ער האָט איר, זלאַטקען, דערקענט, איז ער אינגאַנצן אַן אַנדערער געוואָרן, אויסגעאיידלטער און געזעצטער. זי איז פאַר אים געווען מער ווי אַ געליבטע. דורך איר האָט ער געקראָגן מער אָנהאַלט אין לעבן.

# פערטער קאַפּיטל

די צייט איז דערווייל געגאַנגען. עס האָט זיך שוין איינגע־שטעלט דער ווינטער מיט זיינע גרויסע קעלטן און זאַווערוכעס מיט שנייאיקע פעלדער און שנייאיקע וועגן. דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך ווי איינגעגנורעט אונטער דעם טיפן פלאַסט פון שניי. די טאָפּלטע פענצטער זיינען אַריינגעשטעלט, און מיט פּאַפּיר פאַרקלעפּט אַלע שפּאַרונעס, אַז קיין ווינטעלע זאָל ניט צוקומען.

די גאַנצע אַרבעט אין דער אָרגאַניזאַציע איז אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין די קאָנספּיראַטיווע קוואַרטירן. ווינטער איז די צייט פון לערנען דעם סאָציאַליזם. אַלע מיטגלידער זיינען איינגעטיילט אין קרייזלעך. זלאַטקע האָט שטאַרק ליב דאָס לערנען. זי געהערט צום העכסטן קרייזל פון געקליבענע מענטשן, און בעריש דער ישיבה־בחור איז דער לעקטאָר. בחורים און מיידלעך, יונגע און מוטיקע, פּאַקן אָן דאָס צימערל פון דער קאָנספּיראַטיווער קוואַרטיר. שמואל דער זייגערמאַכער באַלאַנגט אויך אַהער. ער איז דער וואָס שטעלט כסדר פראַגעס, וואָס האָט ליב צו גריבלען זיך אין דער טיף און דער־גיין פון אַלץ דעם גרונט. איז פאַראַן דאָ אין קרייזל נאָך אַ שמואל, אַ סופר; ער איז אַ היץ־קאָפּ און איז קיינמאָל מיט קיינעם נישט איינ־שטימיק. זאָגט אימיצער אַזוי, מוז ער זאָגן פאַרקערט.

שיין איז צו זען, ווען דיביידע שמואלס ווערן פאַרוויקלט אין אַ דיספּוט. אַז זלאַטקע גייט מיט די טרעפּ אַרויף צו דער קאָנספּיראַ־טיווער קוואַרטיר, דערקענט זי שוין זייערע שטימעס. און אַז זי קומט אַריין, זעט זי ווי שמואל דער סופר, אַ צעקאָכטער, שטייט אין מיטן שטוב, דער דאַשעק פון היטל איז אים פאַרפאַרן אָן אַ זייט; דער אַנדער שמואל האַלט אים פעסט ביים אַרבל; זיי שפּאַרן זיך וועגן דעם, „ווי וועט אויסזען די וועלט נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און ווער וועט דעמאָלט טאָן די פּראָסטע אַרבעט". די קולות פון ביידע איז דעמאָלט זייער גרויס. נאָר אָט איז שוין בעריש געקומען. ער האָט אַרויסגענומען פון בוזעם־קעשענע אַ דיק ביכל מיט שוואַרצע צע־ראַטענע טאָוולען און עס ווערט שטיל.

בעריש איז ערנסט. זיין לענגלעך בלייך פּנים, אַרומגעזוימט מיטן שוואַרצן בערדל, מאַכט אים אויסזען ווי אַ רב. זיינע צוהערער

זיינען די תלמידים. און די תורה, וואָס מען לערנט דאָ, איז פון מאַרקסן און ענגעלסן. מען לערנט געשמאַק, עס שאַרפן זיך די מוחות. ביים טריבן שיין פון נאַפט־לעמפּל בליצן־אויף אויגן פון אַ טיפן געדאַנק, פון אַ נייעם באַגריף.

זאַוול באַלאַנגט צו אַ נידעריקערן קרייזל, אָנגעפירט פון צאַלקען, דער שילער פון רעאַל־גימנאַזיע. ביי זאַוולען שאַרפט זיך אויך דער מוח. ער האָרעוועט איבער די האַרבע אויסדרוקן און שווערע ווערטער. די טעאָריע פון „מערוווערט״, ווי אַזוי עס זאַמלט זיך אָן קאַפּיטאַל, איז אים שוין ניט אַזוי שווער צו באַגרייפן. די גאַנצע פּראָדוקציע דאַרף באַלאַנגען צו די, וואָס שאַפן. דאָס איז אַזוי קלאָר, ווי דער טאָג.

זלאַטקע קומט אַמאָל אויך צוגיין צו זאַוולס קרייזל. דאָס איז כלומרשט צופעליק. אין דער אמתן וויל זי זען אויף ווי ווייט ער פּראָגרעסירט. אַלע דענקען שוין וועגן זייביידן, אַז זיי זיינען אַ פּאַר־קנסטע פּאָר, נאָר מען קוקט אויף זיי ניט אַזוי קרום ווי אויף אַנדערע פּאָר־לעך, וואָס נאָך דער חתונה גייען זיי פאַרלאָרן פאַר דער באַוועגונג. מען ווייס, אַז זיי זיינען ניט פון דעם סאָרט, ניט זלאַטקע און ניט זאַוול וועלן קיינמאָל דעם שלאַכטפעלד ניט פאַרלאָזן. זאַוול איז פאַר דער צייט הויך געשטיגן אין דער אָרגאַניזאַציע. ער איז דאָרטן געוואָרן אַ וויכטיקער מענטש ביים אָרגאַניזירן אַ פאַרזאַמלונג, ביים דורכפירן אַ סטרייק. אין „סכאָדקע״ הערט מען זיך צו צו זיין וואָרט, מיט זיין גראַדן שכל האָט ער שוין ניט איינמאָל פאַרהיט פון מאַכן אַ פאַלשן טראָט.

אַז מען גייט אַהיים פון קרייזל, טיילן זיי זיך אָפּ פון די אַנדערע, ער און זלאַטקע. זיי שפּאַצירן נאָך לאַנג אין גאַס.

— דו ווייסט, זאַוול, דו האַלטסט שוין גאַנץ ווייט אין פּאָליטישער עקאָנאָמיע, — זאָגט צו אים זלאַטקע. זי וויל אים דערמוטיקן, אַז ער זאָל זיך נאָך מער איבערגעבן צום לערנען.

די נאַכט איז אַ פּראָסטיקע, דער פאַרהאַרטעוועטער שניי סקריי־פּעט אונטער די פיס און בלישטשעט ווי טויזנטער ברילִיאַנטן. זיי זיינען ביידע וואַרעם אָנגעפּעלצט. זלאַטקע טראָגט אַ וואַרעם טיכל איבערן קאָפּ, און נאָר דער נאָז און די אויגן זעען זיך אַרויס. פון צייט צו צייט טראָגט זיך דורך אַ שליטן, אָנגעפּאַקט מיט מענטשן און באַגלייט מיטן לוסטיקן קלאַנג פון גלעקל.

— איצט וואָלט גוט געווען זיך דורכשליטלען, דו ווילסט, זלאַט־קע ? — רופט ער זיך אָפּ, און נעמט זיך צום קעשענע, ווי צו ווייזן, אַז ער האָט ביי זיך גענוג געלט.

— אָן אַנדערש מאָל, — ענטפערט זלאַטקע. איר איז גוט אַזוי אויך. אויסער דעם האָט זי געוואָלט היינט אים עפּעס דערציילן :

— דו ווייסט, איך טראַכט פון פריידלען. איך וויל איר אָנהויבן אַגיטירן. צוציען איר צו דער באַוועגונג. — איר איז געווען טשעקאַווע, זלאַטקען, ווי וועט ער עס אויפנעמען די בייס.

— פריידלען אַגיטירן, אַט די פּוסטע קאָפּ, ווי קומט זי צו ערנסטע זאַכן! — האָט זאַוול אויסגערופן. ער איז שוין געווען צו שטאָלץ ביי זיך און ער האָט געקוקט פון אויבן אַראָפּ אויף די אַלע וואָס האָבן צו דער באַוועגונג ניט באַלאַנגט.

— פון איר וועט שוין קיין לייט ניט זיין, — האָט ער אַרויסגערעדט מיט אויטאָריטעט.

זלאַטקען האָט זיך געוואָלט ביי אים פרעגן: „דו קענסט איר אַזוי גוט? פון וואַנען ווייסטו וואָס פאַר אַ מענטש זי איז?" — נאָר זי האָט צוגעשוויגן. אַז זי וועט פרעגן וועט זי נאָך ערגער מאַכן, אפשר. זי האָט אַליין געוואָלט פאַרגעסן, ווען נאָר דער פאַרדאַכט האָט זיך גענומען אין איר וועקן.

— דו וועסט זען. פון איר וועט נאָך אַרויסקומען אַ גוטע קעמפערקע, — האָט זי זיך מיט אים אַ רייץ געטאָן.

— אַז דו ווילסט, — האָט ער אַ הויב געטאָן מיט די אַקסלען, ווי דער גאַנצער ענין גייט אים ווייניק אָן. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי זלאַטקעס שטוב. ס'איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט. איר פּנים, אונטערן וואַרעמען טיכל האָט געגליט מיט פרישקייט. און ווי זיי זיינען אַזוי געשטאַנען, האָט ער זיך דערלויבט איר אַרומצונעמען און ער האָט זי באַלוינט מיט אַ סך קושן, פון וואָס עס האָט איר פאַרכאַפּט דער אָטעם, און זי האָט זיך ניט געקענט ווערן אַנטקעגן אים.

וועגן זלאַטקען האָט מען געקענט זאָגן, אַז זי האָט נאָר ליב געהאַט זאַכן וואָס האָט זיך איר שווער געגעבן. אַזוי איז איצט געווען מיט איר פאַרלאַנג צו באַקערן פריידלען צום סאָציאַליזם. אין מאַסטערסקאַיע איז פריידל איצט איינגעהאַלטענער געוואָרן, רואיקער. — „שוין איבערגעקאָכט זיך" — האָט זלאַטקע זיך דערמאָנט אָן שרהקע דער שוואַרצערס רייד. געוויס, מיט פריידלען האָט מען קיינמאָל ניט געוואוסט וואו מען האַלט. דאָך איז זלאַטקעס אַמביציע געווען צו דערנענטערן איר צו דער באַוועגונג. ס'קאָן זיין צוליב דעם, צו האָבן פריידלען אָפּטער אַרום זיך און צו קענען איר מער באַאָבאַכטן. ווער ווייס. זי איז געווען זייער אַ מאָדנע, די זלאַטקע.

דעם ערשטן געשפּרעך, וואָס זי האָט מיט פריידלען געהאַט נאָך דער אַרבעט, איז געווען וועגן „עקאָנאָמישע פראַגן". פריידל האָט איר געהערט מיט חשד, ווען זי האָט צו איר גענומען איינטענהן: — אַז אַלע אַרבעטער זאָלן זיך צונויפריידן, פאָדערן העכערע שכירות, קירצערע שטונדן אַרבעטן...

— מ'עט דאָס קיינמאָל ניט אויספירן! — האָט זי זלאַטקען אָפּ־

געהאַקט אין מיטן און אַנטלאָפן צו זיך אַהיים. זלאַטקע האָט אָפּגעוואַרט אַ פּאָר טעג. דערנאָך האָט זי דערהיט, אַז קיינער זאָל ניט זען און איר דערלאַנגט אַ קליין ביכל מיט ווייכע, שוואַרצע טאָוולען, מיטן נאָמען „פון וואָס איינער לעבט". די סודותדיקייט מיט וועלכער זלאַטקע האָט דאָס געטאָן האָט געווירקט. ביי פריידלען האָבן אַ גלאַנץ געטאָן די אויגן. זי האָט אַ נעם געטאָן דאָס ביכל און אַוועקגעאיילט אַהיים, און אין דער היים ביי איר, אַז אַלע זיינען שוין געשלאָפן, האָט זי אָנגעצונדן דאָס לעמפּל און גלייענט און געלייענט. פון צען ווערטער האָט זי פאַרשטאַנען איינעם. נאָר מיטן חוש האָט זי דערפילט, אַז ס'איז גוט...

צו גיך האָט פריידל אַרויסגעוויזן, אַז די נייע לערע האָט זיך אָנגענומען צו איר. זי איז ביי דער אַרבעט געוואָרן שוין צופיל אַרויס־רופנדיק צום מייסטער. זי האָט זיך שוין אויסגעלערנט עטלעכע אַרבעטער־לידער, וואָס זי האָט געזונגען איצט הויך אויפן קול. און אַז זי האָט געהאַלטן ביי די ווערטער: „ווען דיין שטאַרקער אָרעם וויל, שטייען אַלע רעדער שטיל" — האָט איר בלייך, אָפּגעמאָגערט פּנים זיך אָנגעצונדן, און ס'האָט זיך געדוכט זי וועט באַלד איבער־קערן דעם טיש מיטן ניי־געצייג, און שפּולקעס פאָדעם און שערעלעך וועלן פליען אין דער לופטן. דער מייסטער אַליין, וואָס איז אין אַן אַנדער ווינקל געשטאַנען איבערגעבויגן איבער זיין טיש, און געצייכנט מיט קרייד איבער אַ שוואַרצן געוואַנט, האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אומרואיק געזוכט עפּעס מיט די אויגן.

און זלאַטקע האָט געזען, אַז ס'איז שלעכט. מען מוז איר איינ־שטילן, פריידלען. איז איר איינגעפאַלן מען זאָל איר פריער אַ ביסל אויסבילדן, געבן איר ביכלעך פון נאַטור־באַשרייבונגען, לערנען איר רוסיש לייענען און שרייבן, ווי מען האָט דאָס געטאָן מיט אַ סך אָנ־פאַנגער. אפשר, וועט זי זיך דערווייל אויסמענטשלען.

— ווי וואָלט איר וועלן מען זאָל אייך לערנען רוסיש, — האָט זלאַטקע איינמאָל ביי איר געפרעגט.

— אָ־האָ! — האָט פריידל אויסגערופן מיט חשק אין די אויגן. עס האָט איר אויסגעזען עפּעס צו גוט. נאָר איינגעשטימט צו לערנען האָט זי יאָ.

גוט. זלאַטקע האָט זיך דורכגערעדט מיט נינע אייזענשטאַט, דער קורסיסטקע, וועגן געבן פריידלען לעקציעס אין רוסיש. נינע האָט זיך אָן דעם אָנגעכאַפּט. די פיינפילנדיקע נינע האָט אַלע מאָל געזוכט צו דערנעענטערן זיך מיט די „פּראָלעטאַרישע שיכטן". זי האָט געפילט אַ חוב צו די, וואָס זיינען אָרעם, וואָס ליידן נויט. און ס'האָט איר כסדר געמאַטערט דער געדאַנק, וואָס זי לעבט ניט ווי זי פרעדיקט. גאַנץ אָפט האָט זי זיך באַקלאָגט פאַר זלאַטקען, אַז עס שטיקט

איר די אַטמאָספערע פון דער רייכער היים. טאַטע־מאַמע גיבן איר נאָך אין אַלץ, נאָר ניט אין איר שטאַרקסטן פאַרלאַנג: צו פאָרן צוריק אין זשענעווע, פאָרזעצן איר שטודירן.

— איך בין דיר מקנא, זלאַטקע, וואָס דו קענסט לעבן ווי דיר ווילט זיך. דו ביסט אַ שטאַרקערע פון מיר, — האָט זי איר געזאָגט. איר אַליין האָט אויסגעפעלט מוט צו שטעלן זיך אַנטקעגן איר טאַטע־מאַמע.

זלאַטקע האָט נינען צונויפגעפירט מיט פריידלען אין איינעם אַן אָוונט. פריידל האָט זיך געהאַלטן פאַרשטייפּט. „וואָס ווילן זיי פון מיר האָבן?" איז זי געווען נייגעריק צו וויסן. זי האָט געהערט, אַז די רייכע קינדער חברן זיך איצט מיט שוסטער און שניידער, דאָך איז זי געווען פול מיט חשדים.

— איך קען קומען צו אייך, אַז איר ווילט — האָט נינע ניט דרייסט פאָרגעלעגט.

— ניין, ניט צו מיר, — האָט פריידל פאַרעקשנט אַרויסגערעדט. זי האָט געהאַט זייער אַן אָרעמע היים, פריידל, און זי האָט זיך מיט דעם, ווייזט אויס, געשעמט. איז געבליבן מען זאָל איר געבן די לעקציעס ביי נינען אין צימער, ווען נאָר ס׳וועט זיין אַן אָוונט צייט.

נינע האָט ביים לערנען אַרויסגעוויזן אַזוי פיל פּשוטע פריינט־שאַפט און אָפנהאַרציקייט, אַז פריידל האָט געמוזט איינזען, אַז מען מיינט נאָר איר גוטס. איר האַרץ איז דערוואַרעמט געוואָרן דורך זייערע באַגעגענישן, און זי האָט באַקומען צוטרוי צו נינען. זי פלעגט קומען פינקטלעך צום באַשטימטן אָוונט, מיטן העפט פאַפּיר אונטערן אָרעם. און נינע האָט מיט פרייד געזען, ווי זי ווערט אַריינגעצויגן אין לערנען.

— דו וואָלסט זען ווי פריידל פּראָגרעסירט — האָט נינע איינ־מאָל דערציילט זלאַטקען. זי האָט מיט באַגייסטערונג גערעדט פון פריידלס פעאיקייטן, און ווי זי ווערט אַ בעסערער מענטש. זלאַטקע האָט שוין אויך באַמערקט אויף פריידלען אַן ענדערונג. זי פלעגט קומען צו דער אַרבעט איצט אָנגעטאָן אין אַ וויים־געפּרעסטער בלוזקע. אַזאַ ווי נינע האָט געטראָגן. און אירע קוטשמעדיקע האָר זיינען געווען נעט צוגעקעמט און געהאַלטן האָט זי זיך מיט ווירדע. זלאַטקען איז דעמאָלט איינגעפאַלן אַ מאָדנער געדאַנק, ווי וועט זיין אַז פריידל וועט אַריינגענומען ווערן אין אָרגאַניזאַציע, און זי וועט דאַרט אָפט באַגעגענען זיך מיט זאַוולען?

ס׳איז נאָך גוט, וואָס זלאַטקע האָט קיין צייט ניט געהאַט לאַנג איבערצוטראַכטן פון דעם. יעדע מינוט אירע איז געווען אויסגעפילט מיט אַרבעט. אויסער די אַרבעט אין אָרגאַניזאַציע, האָט זי אַ סך געלייענט אין די שפּעטע נעכט, ביכער, וואָס זאָלן אויסברייטערן איר סאָציאַליסטישן וויסן, אַז די צייט וועט קומען פאַר גרויסע זאַכן, זאָל זי זיין גרייט.

***

די באַוועגונג האָט אַלץ מער זיך געגומען אָנזען אין שטעטל. האָט פאַרכאַפּט אַלץ נייע ווינקלען. דאָ ניט לאַנג איז צוגעקומען צו דער אָרגאַניזאַציע אַ נייער מענטש, אַ ווּיכטיקע קראַפט. אָשר מינסקי איז געווען זיין נאָמען. ער האָט זיך באַקענט מיט דער באַוועגונג דורך דעם, וואָס איינמאָל ביינאַכט, איז ער פאַרבייגעגאַנגען אַ קאָנ־ספּיראַטיווע קוואַרטיר, וואו בעריש דער ישיבה־בחור, האָט געלערנט מיט אַ קרייזל. די לאַדנס זיינען געווען פאַרמאַכט. איז אָשר גע־שטאַנען אונטערן פענצטער און געהערט. דאָס לערנען איז אים אַזוי געפעלן, אַז ער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר. געבעטן מען זאָל אים דאָ לאָזן זיין. בעריש האָט זיך מיט אים צערעדט. געוואָלט וויסן אויף ווי ווייט ער גלויבט אין סאָציאַליזם, האָט אָשר צוגעשמייכלט:

— יעדער אמתער ייד איז אַ סאָציאַליסט — און ער האָט אָנגע־וויזן מיט פּסוקים פון די נביאים, פון ישעיה, פון עמוס און ירמיהו, וואָס האָבן די ערשטע געפּרעדיקט יושר און גערעכטיקייט צווישן מענטשן.

בעריש האָט אים געהערט מיט הנאה. ער אַליין איז דאָך אויך געווען אַ געניטער שווימער אין ים התלמוד.

אָשר מינסקי איז געווען איינער פון די באַלעבאַטישע בחורים פון שטעטל, וואָס האָט ניט געהאַט וואָס צו טאָן מיט זיין ליידיקער צייט. אַז מען האָט זיך נעענטער מיט אים באַקענט, האָט זיך אַרויסגע־וויזן, אַז ער האָט דורכגעשטודירט מאַרקסן פון טאָוול ביז טאָוול. באַר ער האָט זיין וויסן ביז איצט אויף קיין זאַך ניט אָנגעווענדט.

— מיר וועלן אייך שוין געבן אַרבעט! — האָט בעריש געזאָגט, האָבנדיק אין זינען וואָס אין דער אָרגאַניזאַציע פעלן שטענדיק אויס טעאָרעטיקער.

אָשר האָט צופרידן געשמייכלט. ער איז געווען אַ ברונעטער יונגערמאַן. מיט דין־געשניצטע שטריכן פון פּנים. מיט אַ גרויסן קאָפּ געלאָקטע האָר. און אויגן גרויסע, טונקעלע, וואָס אין זיי האָט זיך גע־טוקט אַן אומעט, וואָס מען זעט אַמאָל אין יידישע אויגן. גערעדט האָט ער מיט אַ ווייכער שטימע, די מאַניערן איינגעהאַלטענע און זאַוול האָט אין אַ שפּאַס אים באַטיטלט: — „אַ זיידענער יונגערמאַן".

אַז אָשר האָט דעם ערשטן מאָל זאַוולען באַגעגנט, האָט ער אַ באַגייסטערטער געדריקט זאַוולס גרויסע, קרעפטיקע האַנט. — דעם ערשטן מאָל, אַז ער קען זיך פערזענלעך מיט אַן אמתן פּראָלעטאַריער. — ער האָט זאַוולען דערציילט, אַז ער חלומט אויך וועגן אויסלערנען זיך אַ מלאכה, שאַפן עפּעס מיט די אייגענע הענט.

— ס׳וואָלט ניט געווען קיין קרומע זאַך, — האָט זאַוול אים געענטפערט מיט אַ סקעפּטישן שמייכל.

איין חסרון נאָר האָט אָשר מינסקי געהאַט. ער איז געווען צופיל נאַציאָנאַליסטיש געשטימט. ער האָט זיך נאָך געוואַקלט צווישן ציוניזם און סאָציאַליזם. ער האָט אַלץ גערעדט:

„די יידן ווערן פאַרפאָלגט, זיי ליידן פון רעכטלאָזיקייט. יידן זיינען אויסגעוואָרצלט פון זייער שטאַם, זיי ציען זייערע פּרנסות פון דער לופט" — און ער האָט געפּראוווט אָנווייזן אויפן ציוניזם, ווי אַ רפואה. ער האָט גערעדט מיט אַ קול אַ טרויעריקן, ווי איינער, וואָס ליידט פון אַ שטילן ווייטיק. בעריש האָט אים שאַרף אָנגעקוקט.

— אין אייך ליגט נאָך דער קליין־בירגער. — האָט ער צו אים געזאָגט.

פאַר בערישן איז דער ענין געווען קלאָר, ווי דער טאָג. דער ציוניזם איז די אידעאָלאָגיע פון די בורזשואַזע און בירגערלעכע פּאַרטייען, פון וועלכע מען מוז זיך אָפּגרענעצן:

— אין קאַמף פון פּראָלעטאַריאַט פאַר פּאָליטישער פרייהייט, פאַרן סאָציאַליזם וועט די יידישע פראַגע אויך געלייזט ווערן.

פאַר אים, פאַר בערישן, האָט דער סאָציאַליזם שטענדיק געדינט ווי אַ קאָמפּאַס, וואָס האָט ניט דערלאָזן פאַרבלאָנדזשען אויף פאַלשע וועגן.

ביי נינען אין שטוב זיינען אָט די דיסקוסיעס אָפּט פאָרגעקומען. נינעס צימער איז איצט געווען אָפן פאַר אַלע מענטשן פון דער באַוועגונג. צאַלקע ווייסנבערג פלעגט אָפּט מיטברענגען מיט זיך אַ כאָפּטע יונגוואַרג, בחורים און מיידלעך געענדיקטע פון גימנאַזיע צי פון רעאַל־שולע, וואָס ער האָט זיי געהאַלטן אין אַגיטירן. זיי זיינען אַלע געווען אומרואיקע, זוכנדיקע. געריסן זיך אין די גרויסע שטעט צו די אוניווערזיטעטן. די נייסן וועגן די סטודענטישע אומרוען אין פּעטערבורג, כאַרקאָוו און קיעוו האָט גערייצט און געוועקט זייער פאַנטאַזיע.

נינע האָט ניט אויפגעהערט רעדן וועגן צוריקפאָרן אין זשענעווע, פאַרענדיקן די מעדיצינישע קורסן, ווי זי וואָלט וועלן זיך אַליין פאַרזיכערן אַז זי וועט דאָס טאַקע טאָן.

— איך וויל זיך ביי זיי ניט אָנפרעגן! — האָט זי צולהכעיסדיק געבליקט אויפן טיר, וואו פון יענער זייט זיינען געווען איר טאַטע־מאַמע.

צאַלקע ווייסענבערג האָט נינען קריטיקירט פאַר איר זאָרגן זיך נאָר וועגן אַ קאַריערע, וועגן אַ תכלית.

— איצט, אין אַזאַ צייט! — האָט ער זיך געקאָכט. — אין גאַנצן לאַנד שטורעמט מיט רעוואָלוציע, אַ וועלט האַלט זיך אין איבערבויען...

נינע האָט זיך פאַר אים פאַרענטפערט: — גלויבט מיר, ס׳איז ניט די קאַריערע, וועגן וואָס איך זאָרג זיך, נאָר דעם, נאָר אין צירוך!..

און זי האָט געמונען דערציילן פון דער רוסישער קאָלאָניע דאָרט. זי האָט באַגעגנט דאָרט די גרעסטע פירער פון די רוסישע רעוואָלו־ציאָנערע פאַרטייען, געהערט זייערע לעקציעס, רעפעראַטן. נינעס בלויע אויגן זיינען געוואָרן פאַרבענקט, טרוימעריש, און די יונגוואַרג אַרום איר האָבן זיך צוגעהערט צו איר מיט אַ סך באַגייסטערונג.

זאַוול האָט ניט ליב געהאַט נינעס שטוב, מיט דער אָפגעפיינטער מאַמען אירער, וואָס שטעכט דורך מיט איר קוק יעדן איינעם וואָס קומט אַהער. ווען ניט צוליב זלאַטקען וואָלט ער אַהער אין גאַנצן ניט געקומען. ער איז דאָ געזעסן מיט די הענט אין די קעשענעס און אויף זיין ברוין־הויטיק, ענערגיש פנים האָט געשפּילט אַ קוים באַמערקבאַרער איראָנישער שמייכל. „אינטעליגענטן״, האָט ער אַ טראַכט געטאָן. ער האָט געצווייפלט אין זייער מוט. זאָל נאָר קומען צו אַן אָפענע אַרויסטרעטונג, אַ דעמאָנסטראַציע, וועלן זיי זיך צעלויפן פאַר פּאָליציי.

אָשר מינסקי האָט דערוויייל ווייניק אָנטייל גענומען אין די גע־שפּרעכן. ער האָט זיך געהאַלטן עלטער פון אָט דעם יונגוואַרג. עלטער ניט אַזוי אין יאָרן נאָר אין וויסן. ער איז געזעסן אין אַ זייט אויף אַ שטול, פאַרלעגט אַ פוס אויף אַ פוס און געקוויכערט. און זיין דין געטאָקטער פּראָפיל האָט זיך שאַרף אויסגעשניטן פון רויך.

און בעריש דער ישיבה־בחור האָט זיי אַלעמען איבערגעלאָזן און האָט זיך צוגעכאַפּט צום עטאַזשערקע מיט די ביכער. ער האָט גע־דאַרפט צוגרייטן אַ רעפעראַט צו דער פראַגע: „וועגן דער ראָלע פון איינציקע גרויסע פערזענלעכקייטן אין דער געשיכטע״. ער האָט מיט זיינע קורצזיכטיקע אויגן דורכגעבלעטערט יעדן בוך, און אַז ער האָט געפונען וואָס ער האָט באַדאַרפט, האָט ער איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין די שורות און ניט געהערט מער וואָס עס טוט זיך אַרום אים.

געווען איז דאָס די צייט פון „איבערשאַצן אַלע ווערטן״, פון זוכן ענטפערס אויף אַלע פראַגן. זיי אַלע דאָ האָבן געלייענט בע־לינסקין, פּיסאַרעוון, דאָבראָליובאָוון. האָבן זיך פאַרטיפט אין דעם באַזונדערן מיין אין יענע ווערק, און געפירט אָפּט וועגן דעם אַ היציקן געשפרעך, דאָ ביי נינען אין צימער.

זלאַטקע פלעגט זיך אַוועקזעצן ביי נינען אויפן בעטל. מיט דער האַנט דעם קאָפּ אונטערגעשפּאַרט און הערן, שטענדיק הונגעריק פאַר גייסטיקע ענינים. זי האָט אַלץ אין זיך אַריינגעזאַפּט, אַלץ דורכגענו־מען מיט איר אייגן וועזן. ס׳איז געווען איינמאָל אין אַזאַ אָוונט, ווען ביי איר איז רייף געוואָרן דער געדאַנק אַוועקצופאָרן פון דאַנען אין

אַ גרויסער שטאָט. אַ געפיל, אַז דאָ איז צו ענג פאַר איר. רעדן נאָר פון רעוואָלוציע האָט איר מער ניט צופרידנגעשטעלט. זי האָט געוואָלט אַליין זיין דאָרט, וואו עס טוען זיך אָפּ זאַכן. אַליין אָנטיילנעמען מיטהעלפן.

זאַוול האָט יענעם אָוונט זיך אויף איר געוואונדערט. איר מאַט בלייכער פּנים איז געווען היינט פאַרפלאַמט. עפּעס אַזאַ ווייטע, אַ געהויבענע. אַזאַ האָט ער איר נאָך קיינמאָל ניט געזען. ער האָט ניט געקענט געבוג אָנזעטיקן די אויגן מיט איר. ער האָט זיך קוים דערוואַרט ביז דער עולם האָט זיך גענומען קלייבן אַהיים, איז ער צוגעגאַנגען צו איר: — מירן גיין אַהיים, זלאַטקע. דו ווילסט?

זי האָט אויפגעהויבן צו אים אירע ברוינע, בולטע אויגן און וואַרעם אַ שמייכל געטאָן: — יע, זאַוול, מיר וועלן גיין אַהיים.

## פינפטער קאַפּיטל

ס׳איז געווען אין מאָנאַט דעצעמבער און אין דער אָרגאַניזאַציע האָט מען זיך געריכט צו פּראַווען דעם יום־טוב פון די „דעקאַבריסטן״. דעם אָנדענק פון יענע העלדן און מאַרטירער, וואָס זיינען די ערשטע אַרויס אַנטקעגן דער רוסישער, זעלבסטהערשנדיקער מאַכט. מען האָט צו דעם יום־טוב לאַנג זיך געגרייט. זאַוול און צאַלקע ווייסענבערג זיינען אַ גאַנצע וואָך אַרומגעלאָפן איבערן שטעטל זוכן אַ שטילע הויז פאַר דעם צוועק. זיי האָבן אויסגעפונען אַ גויישע הייזל, ווייט אונטערן שטאָט. די באַלעבאַטים פון שטיבל האָט מען געזאָגט, מען דאַרף פּראַווען אַ פאַרבאָטענע חתונה. און פאַר אַ פּאָר רובל האָבן זיי עס פאַרדונגען פאַרן אָוונט.

אַלע נעענטערע מיטגלידער האָבן זיך צום אָוונט געגרייט, ווער מיט אַ דעקלאַמאַציע, ווער מיט אַ רעדע. שמואל דער סופר האָט זיך באַרימט, ער וועט אויפשרייבן אַ רעפעראַט ווי אַזוי ס׳איז אַנטשטאַנען די מענטשהייט. און ער וועט אָנהויבן אַזש פון „אייז־פּעריאָד״ ביז אונזער צייט. זלאַטקע האָט אין מאַסטערסקאַיע אָנגעזאָגט פריידלען אַז זי זאָל זיך גרייטן זינגען אין כאָר, כאָטש פריידל איז דערווייל נאָר געווען אַ מאַסאָווע, און צו באַלאַנגען אין אָרגאַניזאַציע איז זי נאָך געווען ווייט. נאָר צוליב איר גוטן זינגען איז זי אַריינגענומען געוואָרן אין כאָר.

מיט אַ פּאָר טעג פריער איז צוליבן אָוונט געקומען צופאָרן רפאל, דער שליח פון „בונד״, דער וואָס האָט געפירט די פאַרבינדונגען צווישן די קליינע שטעטלעך אין בונדישן ראַיאָן. דאָס איז געווען דער זעלבער רפאל, וואָס איז צוליב זיינע פליכטן שטענדיק געווען אונטער־וועגנס. געשלאָפן אין די באַנען און געגעסן פון די קעשענעס, און זיין איינציקע היים איז געווען דער „בונד״.

מען האָט באַלד צונויפגערופן אַ סכאָדקע. ווי אַלע מאָל איז די זיצונג געווען אין זאַוולס דירה, אין אויבערשטיבל. רפאל האָט זיך איינ־געאָרדנט ביים וואַרעמען אויוון און מיט הנאה זיך אַרומגעקוקט אויף די באַקאַנטע פּנימער אין סכאָדקע. בעריש, זאַוול, צאַלקע, בינע, זלאַטקע. די זעלבע מענטשן, וואָס מיט אַ האַלב יאָר צוריק, ווען ער איז דאָ געווען.

— איר ווייסט גאָר ניט וואָס פאַר אַ גן־עדן ביי אייך איז! —
האָט ער געזאָגט, האָבנדיק אין זינען די גרינגע, פּאָליציייאישע באַדינ־
גונגען דאָ אין שטעטל, און וואָס קיינער איז ניט אַרעסטירט. עס האָט
אַ ווייע געטאָן אין דער לופטן דער הויך פון די גרויסע שטעט, וואו אַלע
טאָג ווערן אַרויסגעריסן קעמפער פון די רעוואָלוציאָנערע רייען, און
טורמעס און פאַרשיקונגען זיינען אַ געוויינלעכע זאַך. רפאל אַליין
איז געווען אַ געניטער, אויסגעפּרוואוטער סאָלדאַט און ער איז גע־
קומען ברענגען אַ גרוס פון שלאַכט־פעלד. זיין דין, אַסקעטיש פּנים האָט
געאָטעמט מיט לעבן, און אין די אויגן — יונגער פייער.

— ווי איז איצט די לאַגע פון „בונד“? — האָבן דאָ אַלע גע־
וואָלט וויסן. ס׳איז געווען די צייט ווען דער „בונד“ איז נאָך אַלץ
געווען אויסער דער רוסלענדישער פאַרטיי. אַן אָנגעווייטיקטע פראַגע,
וואָס עס האָט זיך געגלוסט וואָס וויי־יקער רעדן וועגן דעם. נאָר
רפאלס באַריכט איז היינט געווען אָפּטימיסטיש:

— ניט נאָר איז דער „בונד“ ניט אָפּגעשוואַכט געוואָרן זינט
ער איז אַרויס פון דער פאַרטיי, נאָר ער איז זיך נאָך ברייטער צעוואַקסן,
פאַרנומען נייע טעריטאָריעס אַפילו אויסערן תחום. דער „בונד“ מיט
זיין רעוואָלוציאָנערער אַרבעט העלפט וועקן אויך די רוסישע מאַסן אין
יענע שטעט...

און רפאל האָט אָנגעוויזן ווי דער „בונד“ איז געוואָרן אַ גרויסער
לעבנס־כוח אין דער גאַנצער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין לאַנד
מיט זיינע מוטיקע אַרויסטרעטונגען און ווי די רוסישע חברים וועלן
מוזן אָנהויבן דאָס צו פאַרשטיין...

ס׳איז שוין געוואָרן שפּעט אין אָוונט און אַלע קומענדיקע אַר־
בעטן אין אָרגאַניזאַציע זיינען שוין אָרומגערעדט געוואָרן. נאָר קיינער
האָט נאָך ניט געטראַכט פון גיין אַהיים. ס׳האָט זיך געפילט די באַ־
זונדערע געהויבענע שטימונג, ווי יעדער מאָל ווען רפאל קומט צופאָרן.
די הויכע גייסטיקייט אין זיין נאַטור האָט יעדערן געשטאַרקט. אַזוי
ווי ער האָט געקענט זיין ערנסט און שטרענג ביים דורכפירן אַן אַר־
בעט, אַזוי האָט ער אויך געקענט ווערן געמיטלעך און לוסטיק, אַז
ס׳איז נאָר געווען אַ מינוט פאַר דעם. ער איז געווען אַ מבין אויף אַ
גוטן וויץ און ער האָט אַליין ליב געהאַט דערציילן קאָמישע געשיכטעס
פון זיינע רייזעס איבער די שטעטלעך.

אין איין קורצער ווײַלע איז ער שוין געווען דאָ מיט אַלעמען
אויסגעבונדן. ער האָט אַ פּרוּוו געטאָן זאַוולס האַנט מיט די שטאַרקע
מוסקולן און ער האָט אַ צופרידענער געזאָגט: איר וועט אונז גוט צו־
ניץ קומען, זאַוול, איצט אַז מיר גרינדן אומעטום „באַיעוואָיע אָטריאַדן“
— און זאַוולס פּנים האָט זיך ברייט צעשמייכלט.

צאַלקע וויסענבערג האָט זיך געכאַפּט דערציילן רפאלן פון זיין

פלאַן צו מאַכן „בלאַט" מיטן סטאַראָסטע פון אופּראַווע, צו קריגן ביי אים פּאַספּאָרטן פאַר אומלעגאַלע רעוואָלוציאָנערן.

— מיט אַזאַ פּאַספּאָרט קענט איר אויספאָרן גאַנץ רוסלאַנד! — האָט ער זיך באַרימט.

רפאל האָט צוגעשמייכלט פון זיין ייִנגלשן ברען. ער האָט ווייניק געגלויבט אין צאַלקעס פאַנטאַסטישע פּלענער און זיין בליק האָט נאָר געהייסן: „מיר דאַרפן אַזעלכע אויך האָבן".

מען האָט זיך אויפגעלייגט מיט געלט און איינגעקויפט עסנוואַרג. זלאַטקע, וואָס האָט זיך געפילט אַזוי היימיש ביי זאַוולען אין דירה, האָט געבאַלעבאַטעוועט ביים צוגרייטן די וועטשערע. זי איז אַרומ־געגאַנגען אַ פאַרטראַכטע, ווי זי איז דאָס אָפּט געווען די לעצטע צייט. רפאל האָט דורכן אָוונט אַ פּאָר מאָל אָפּגעשטעלט זיין בליק אויף איר. ער האָט גוט געוואוסט פון איר אַרבעט אין אָרגאַניזאַציע. איר געפיל פון אַחריות, איר שטרענג זיין צו זיך און צו אַנדערע. און ווי אין באַהאַנדלען אַ פּראַגע איז איר אויג ווייכטזיכטיק און טיף.

„דאָס זיינען אַלץ אייגנשאַפטן פון אַ גוטן טוער", האָט ער אַ טראַכט געטאָן און ער איז צוגעגאַנגען צו איר און געזאָגט:

— עפּעס הערט מען פון אייך ווייניק היינט?

זלאַטקע האָט צו אים אַ שמייכל געטאָן, אָנשטאָט אַן ענטפער. זי האָט געפילט איר האַרץ פלאַטערן. אפשר זאָל זי אים דערציילן פון איר פּלאַן צו פאָרן אין דער גרויסער שטאָט. פרעגן ביי אים זיין מיינונג? געפילן קעגנגעזעצלעכע האָבן זיך אין איר געמישט. איר שטאַרקער פאַרלאַנג צו פאָרן און איר ליבע צו זאַוולען. ווי וועט זי דאָס קענען אים איבערלאָזן דאָ? און די היים, די היים אירע! באַלד האָט זי געהאַט צווייפלען אין זיך אַליין. צי איז זי גענוג צוגעגרייט פאַר אַ באַוועגונג אין אַ גרויסער שטאָט, ווי וועט זי זיך אויסטויגן?

ביים טיש האָט מען שוין געשמאַק צוגעביסן. אין צווישן האָט מען רפאלן דערציילט מעשיות וואָס זיינען פאַרלאָפן דאָ אין שטעטל. אַ מעשה מיט אַן עלטערן יידן, וואָס האָט מקדש געווען אַ יונג מיידל און זי ניט געוואָלט אָפּגטן. און דער רב האָט זיך געווענדט צו דער היגער אָרגאַניזאַציע, מען זאָל דעם יידן אָנסטראַשען. אַ מעשה וועגן איינעם פון די שמואלס, וואָס האָט איינמאָל ביינאַכט זיך פאַרלייענט. דאָס לעמפּל האָט אָנגעהויבן קאָפּטשען, האָט ער אַרויסגעדרייט דעם קנויט און ווידער געלייענט. אַזוי עטלעכע מאָל. ביז דאָס צימערל איז פינצטער געוואָרן מיט סאַזשע. און אויף מאָרגן האָט מען אים געפונען אויף זיין בעטל אַ פאַרחלשטן.

רפאל און אַלע איבעריקע האָבן האַרציק געלאַכט, און זלאַטקע איז אויך צוגעגאַנגען צום טיש און מיטגעלאַכט.

דערנאָך איז געקומען דער אָוונט פון יום־טוב. ס'איז געווען אַ

קאַלטע נאַכט. מען איז געגאַנגען דורך פאַרשנייטע פעלדער און וועגן. דער ווינט האָט געריסן די זאַכן פון די גייענדיקע, די „פיקעטס״ אָנ־געפּעלצטע זיינען וואו ניט וואו געשטאַנען צו ווייזן יעדערן דעם וועג. די גוישע שטיבל איז שוין געווען געפּאַקט מיט מענטשן. אַלץ מיטגלי־דער פון אָרגאַניזאַציע. אַלע יום־טובדיק אָנגעטאָן, מיט רויטע שלייפ־לעך אויפן האַרצן. די פּנימער אויפגעלעבטע, פריילעכע. דער באַלקן פון שטיבל איז געווען נידעריק, מיט קליינע פענצטערלעך. מען האָט די ווענט באַצירט מיט רויטע פאָנען; מיט דעם בילד פון קאַרל מאַרקס, וואָס זיין רבנישער פּנים מיט דער באָרד האָט אַרויסגעשיינט צווישן די גוישע יעזוס־בילדער. די באַלעבאַטים פון שטוב, דער מאַן, זיין ווייב און זיינע קינדער, זיינען דאָ געשטאַנען אַ ווײַלע, געקוקט ווי אויף בייז וואונדער און זיינען באַלד אַוועק שלאָפן אין דער הויך אויפן אָנ־געהייצטן אויוון.

רפאל האָט זיך געשטעלט הויך אויף אַ בענקל אַז אַלע זאָלן אים זען, און ער האָט אָנגעהויבן זיין רעדע וועגן די דעקאַבריסטן, די קליינע גרופּע העלדן, וואָס האָבן די ערשטע אָנגעהויבן דעם רעוואָלט אַנטקעגן דער רוסישער זעלבסטהערשנדיקער רעגירונג. געוויזן ווי נאָך זיי זיינען געקומען אַנדערע רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן ווייטער געצויגן דעם פאָדעם. פאַר אַלעמענס אויגן האָט איצט אַ שוועב געטאָן דער גייסט פון יענע ליכטיקע, נאָבעלע געשטאַלטן, וואָס האָבן איבערגעלאָזן זייערע רייכע היימען און זיך מקריב געווען פאַר זייער אידעאַל.

רפאל האָט זיין רעדע דערצויגן ביז דער איצטיקער צייט פון דער רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, וואָס זעצט־פאָר די רע־וואָלוציאָנערע אַרבעט. און ער האָט פאַרענדיקט מיטן „בונד״, דער „בונד״, וואָס האָט אַריינגעבראַכט ליכט אין די אָרעמע יידישע היימען. די יידישע אַרבעטער, די אונטערדריקטסטע צווישן אונטערדריקטע, זיי וועלן זיך באַהעפטן מיטן גאַנצן קעמפנדיקן רוסישן פּראָלעטאַריאַט...

די שטימונג איז געווען אַ פייערלעכע. אַלעמענס הערצער האָבן געקלאַפּט אין איין טאַקט. און אויגן האָבן געלויכטן מיט יונגן עקסטאַז. בעריש, דער ישיבה־בחור, וואָס איז געשטאַנען נאָענט צו אָשר מינסקין, האָט אים אַ שטורכע געטאָן אין זייט: — „נו, וואָס זאָגט איר? — און אָשר האָט אים געענטפערט נאָר מיט זיינע אויגן, וואָס האָבן איצט געהאַט אין זיך באַגייסטערונג: — „ס'איז גוט. ס'איז וואונדערלעך״...

באַלד האָבן זיך אָנגעהויבן די דעקלאַמאַציעס און די טאָסטן. שמואל דער סופר, האָט זיין רעפעראַט ניט געהאַלטן. אין דער לעצ־טער מינוט האָט אים אויסגעפעלט קוראַזש. ער האָט ביים צובייסן אויפגעהויבן זיין גלאָז ביר און געזאָגט אַ טאָסט:

— איך טרינק פאַר דער צייט, ווען מיר וועלן פון דער זעלבסט־הערשונג ווערן באַפרייט.

און דער אַנדער שמואל, דער זייגערמאַכער, האָט אויפגעהויבן זיין גלאָז ביר און ער האָט אויסגערופן:

— איך טרינק פאַר דער צייט, ווען פון אַלע סאָלדאַטן וועלן ווערן סאָציאַל־דעמאָקראַטן!

זלאַטקע איז מיט איר גלאָז ביר צוגעגאַנגען צו איר געליבטן, צו זאַוולען:

— נו, זאַוול, לאָמיר ביידע טרינקען לחיים.

אירע אויגן זיינען געווען פאַרלאָפן מיט טוי ווען זי האָט גע־קוקט אויף אים. זי האָט אין האַרצן שוין מיט אים זיך געזעגנט.

— וואָס איז, זלאַטקעלע? — האָט ער פאַרוואונדערט געפרעגט.

— אָ, גאָרניט, — האָט זי אַ לאַך געטאָן. ניט איצט איז די צייט אים דאָס צו זאָגן.

איצט איז מען צוגעטראָטן צום זינגען. צאַלקע האָט צונויפגע־רופן דעם כאָר. ער האָט זיך געהאַלטן פאַר דעם קאַפּעלמייסטער און יעדע נייע ליד האָט ער זיך אונטערגענומען איינזינגען מיטן כאָר. אַז ער האָט איבערגעקוקט אַלע זינגער, האָט ער זיך געכאַפּט אַז עס פעלט פריידל. איין קלייניקייט. עס פעלט די בעסטע זינגערין אין כאָר. וואו איז פריידל? מיט איר האָט אַ מעשה פּאַסירט.

אָט ווי ס'איז געווען: פריידלס טאַטע, דער וואַסער־פירער, האָט שוין לאַנג באַמערקט, אַז מיט זיין טאָכטער איז עפּעס ניט גלאַט. ער איז געווען אַ כעסן אַ ייד, און פאַר אַ ליאַדע זאַך פלעגט ער זיך כאַפּן שלאָגן. נאָר מיט פריידלען האָט דאָס ווייניק געהאָלפן. אַז ס'איז געקומען דער אָוונט פון יום־טוב, און ער האָט געזען אַז פריידל קלייבט זיך ערגעץ גיין, האָט ער זיך איינגעשפּאַרט, ער וועט איר ניט לאָזן. ער האָט געהייסן פריידלס מאַמען פאַרבאַהאַלטן אירע גוטע שיך, דעם וואַרעמען מאַנטל. נאָר פריידל וועט דאָך ניט דורכלאָזן אַזאַ אָוונט, מעג אַפילו די וועלט אונטערגיין. האָט זי אָנגעטאָן אויף די פיס אַ פּאָר אַלטע שקראַבעס. אויפגעזוכט דעם טאַטנס אַן אַלטן מאַנטל און זיך אַרויסגעגנבעט פון שטוב, און אַזוי אַרום האָט זי דורך שניי און ביטערן פראָסט געלאָזן זיך אין וועג. אַריינגעפאַלן אין שטיבל איז זי אינגאַנצן אַ צוקאָלעיעטע, אַן איבערגעפראָרענע, נאָר אירע שעלמישע אויגן האָבן נצחונדיק געשמייכלט.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי שוין געהאַלטן אין ביידע הענט צוויי שטיקער ברויט מיט „טשיינע" וואורשט און געקייט געשמאַק. באַלד האָט דער כאָר אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער ליד „דער פאַל פון באַסטיליע". דערנאָך — „שטייט אויף איר אַלע ווער ווי שקלאַפּן!" און נאָך אַנדערע לידער. און פריידלס שטימע האָט געקלונגען העכער און שענער ווי אַלע מאָל. רפאלן איז שטאַרק געפעלן איר זינגען און ער איז באַלד לעבן איר אויסגעוואַקסן:

— פריידל איז אייער נאָמען? קומט, כ׳וועל אייך אויסלערנען אַ נייע ליד, אַ חסידישע.

— גוט, — האָט געזאָגט פריידל. זי האָט דאָס ליד גיך אײַנבערגענומען און אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי עס שוין געזונגען מיט רפאלן:

אַז דער רבי פאָרט אויפן ים,
פאָרן זײַנע חסידים אויך מיט;
זעען זיי דאָרט מן־הסתם
וואָס קיין מענטש זעט דאָס ניט.

דאָס ליד פון רבין האָט פאַרכאַפּט דעם עולם און באַלד האָט מען עס אין אַלע ווינקעלעך פון שטיבל געקענט הערן. ביז צאַלקע האָט געגעבן אַ צייכן: שוין צײַט איצט צו זינגען „די שבועה". אַלע האָבן זיך צוגערוקט נענטער צום כאָר און מען האָט געזונגען די „שבועה" פון „בונד" מיט אַזוי פיל עקסטאַז, ווי קיינמאָל ניט ביז איצט. און אַזוי האָט מען פאַרענדיקט דעם וואונדערלעכן אָוונט פון די דעקאַבריסטן.

*
**

זלאַטקע האָט אויסגעקליבן די שטאָט ביאַליסטאָק, וואוהין זי האָט געפּלאַנט צו פאָרן. זי האָט אויסגערעכנט קומען אַהין אַ שטיק פאַר פסח, אין אָנהויב פון שניידערישן סעזאָן, ווען עס וועט איר גרינג זײַן צו קריגן אַרבעט, איידער רפאל איז אַוועקגעפאָרן, האָט זי בסוד אים דערציילט וועגן דעם. זי האָט דערוויל ניט געוואָלט עמעצער זאָל עס וויסן. רפאל האָט איר געגעבן אַ בריוו, אַ רעקאָמענדאַציע צו די חברים אין יענער אָרגאַניזאַציע. זי איז געווען פול מיט דערוואַרטונג. בײַנאַכט, שוין ליגנדיק אין בעט, האָט זי געפּרואווט זיך פאָרשטעלן ווי וועט אויסזען איר לעבן דאָרט. ביאַליסטאָק איז אַ ראַשיקע שטאָט, געדיכט מיט מענטשן, מיט פאַרבויטע הײַזער, און דאָ, אַרום איר, איז אַזוי שטיל. די פענצטער פון זייער שטוב גייען אַרויס צום אָפענעם דרויסן, און זומער זעען זיך פון דאַנען גרינסן אַ סך, און בוימער. זי דאַרף דאָס איצט ניט האָבן. זי איז שוין ניט קיין קינד...

ווי וועט זאַוול אויפנעמען די נײַס וועגן איר פאָרן? זאַוול, ער וועט אויך שפּעטער קומען אַהין. זלאַטקע האָט אין געדאַנק זיך אויסגעמאָלן ווי זיי וועלן ביידע דאָרט לעבן. זיי וועלן האָבן איין צימער. נאָר זיי וועלן זיך ווייניק זען. ביידע וועלן אין די אָוונטן זײַן פאַרנומען מיט דער אַרבעט אין אָרגאַניזאַציע, צי אויף דער אַרבעטערבירזשע. ס׳וועט זײַן אַ לעבן פול מיט קאַמף, מיט געפאַרן. און אַז מ׳וועט עמעצן פון זיי אַרעסטירן, וועלן זיי זיך אַריבערשיקן בריוועלעך דורך די וועכטער. זי האָט געהערט דערציילן, אַז עס זײַנען פאַראַן אויך גוטע טורמע־וועכטער.

אין איינעם אַן אָוונט, נאָך אַ זיצונג פון דער סכאָדקע, האָט זי מיט זאַוולען זיך אָפּגעשטעלט לענגער אין זיין קאַמערל, געקליבן זיך היינט ריידן מיט אים וועגן איר פאָרן. זאַוול איז געווען אין אַ זייער גוטער שטימונג. אַ באַקאַנטער בחור אין דער אָרגאַניזאַציע האָט אי־בערגעלאָזן ביי אים זיין מאַנדאָלין אויף עטלעכע טעג. זאַוול האָט שוין געפּרואווט אָנהויבן שפּילן. איין מאָל און נאָך אַמאָל. ס'איז געגאַנגען גוט. אַפּריער מיט די פינגער איבער די סטרונעס, דערנאָך מיטן ביינדעלע.

— ווילסט הערן? — האָט ער אַ פריילעכער אַ געם געטאָן די מאַנדאָלין און האַלטנדיק דאָס ביינדעלע אין זיין האַמעטנער האַנט, האָט ער אויסגעשפּילט פאַר איר אַ ניגון. זלאַטקע איז געווען אַנטציקט. זי האָט דעם ניגון אונטערגעזונגען און אַזוי האָבן זיי פאַרבראַכט אַ לאַנגע צייט. זאַוול האָט זיך שוין געוואונדערט אַפילו, אַלעמאָל אין דער צייט איילט זי זיך שוין גיין אַהיים. און איצט...

— ווי וואָלט געווען ווען איך פאָר אַוועק פון דאַנען? — האָט זיך אים אַזוי זיך אַ פרעג געטאָן.

— אַוועקפאָרן! וואוהין? — איז זאַוול געבליבן דערשטוינט.

— איך מיין דאָס ערנסט. אין ביאַליסטאָק וויל איך פאָרן. אַר־בעטן דאָרט. איך טראַכט שוין וועגן דעם אַ לאַנגע צייט.

זאַוול איז אַנטשוויגן געוואָרן. זי האָט נאָר געזען ווי דאָס פּנים ביי אים פאַרציט זיך מיט אַ בלייכקייט. און ווי פאַרלאָרן ער קוקט אויס.

— דו ווילסט ניט איך זאָל פאָרן? זאַוול, זאָג מיר דעם אמת.

— איך קען דיר דען זאָגן דעות וואָס צו טאָן? — האָט ער אַרויס־גערעדט אָפּהענטיק.

ער האָט אַלע מאָל געהאַלטן, אַז זי וייס וועגן זאַכן בעסער פון אים, זי איז דאָך אַזוי געלערנט. ער איז געבליבן זיצן אויפן בענקל, געהאַלטן דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן. געשוויגן. זלאַטקע האָט אַרויפ־געלייגט איר האַנט אויף זיין פּלייצע.

— דו וועסט אויך קומען אַהין שפּעטער. ביסט דאָך אַ גוטער בעל־מלאכה. דו וועסט דאָרט גרינג קריגן אַרבעט.

און זי האָט גענומען פאַר אים אויסמאָלן ווי זיי וועלן דאָרט לעבן. אַלץ איז שוין ביי איר געווען אָפּגעמאַכט, קלאָר. זי האָט לאַנג גערעדט. איינגערעדט אים מיט וואַרעמקייט אין איר שטימע. נאָר ביי זאַוולען זיינען איצט געווען פינצטערע געדאַנקען. וואָס וועט פון אים ווערן, אַז זי וועט דאָ ניט זיין? זי וועט דאָרט אין דער גרויסער שטאָט זיך באַגעגענען מיט איינעם פון די אינטעליגענטן. אַזאַ, וואָס קען שיין ריידן. זי וועט זיך פאַרליבן אין אים. און פאַר אים, זאַוולען, וועט איר שוין ניט אַרן...

זאָוול אַליין האָט שוין ניט איין מאָל געקלערט וועגן זייער צוקונפט. אַז ער האָט זיך וועגן דעם פֿאַרטראַכט, האָט ער געזען ווי ער און זלאַטקע זיצן ביי איין טיש, עסן אינאיינעם וועטשערע, וואָס זי האָט אָפּגעקאָכט. זלאַטקע, אַ פריילעכע, אַ לוסטיקע איז אָנגעטאָן אין אַ ווייסן פֿאַרטוך, פירט זייער באַלעבאָטישקייט. שפּעטער וועט זיך זייער פֿאַמיליע פֿאַרגרעסערן. עס וועלן צוקומען קינדערלעך. אין דער זעלביקער צייט וועלן זיי פֿאַרבלייבן גוטע קעמפער אין דער באַוועגונג. איינס צום אַנדערן האָט דאָס ניט.

זאָוול האָט זיך אויפגעהויבן פון בענקל. און פּלוצלונג אַ פרעג געטאָן:

— דו האָסט שוין אַמאָל גערעדט מיט דיין מאַמען וועגן אונז?

— ניין. נאָך ניט גערעדט. וואָס גייט מיר אָן וואָס די מאַמע וועט זאָגן. איך פרעג זיך דען ביי איר? אַז מיר האָבן זיך ביידע ליב...

זי האָט מיט פרייד געזען ווי זיין פנים נעמט זיך ביסלעכווייז אויסלויטערן. ער האָט אַזוי ווי געגומען באַגרייפן די נויטיקייט פֿאַר איר פֿאָרן. די ליבע האָט פֿאַרשאַרפט זיינע חושים און ער האָט שטיל אָנגעהויבן:

— דו האַלטסט מיך געוויס פֿאַר זייער אומוויסנד...

— רייד ניט קיין נאַרישקייטן, — האָט זי זיך צו אים אַ טוליע געטאָן.

שפּעט ביינאַכט זיינען זיי אַראָפּ אין גאַס. אַרום זיי איז געווען אַ געדיכטע פינצטערניש. די שטעטל איז געלעגן פֿאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף. ערגעץ־וואו נאָר האָט דורך אַ פענצטער פון אַ שטיבל געצאַנקט דאָס ליכט פון אַ נאַכט־לעמפּל. דאָס איז געוויס אַ ייד, אַ לערנער, שוין אויפגעשטאַנען און זיצט איבער אַ בלאַט גמרא, אָדער אַ בחור, וואָס די באַוועגונג האָט אים שוין אָנגערירט, זיצט איבער אַ פֿאַרבאָטן ביכל און גרונטעוועט זיך אין דער נייער תורה פון סאָ־ציאַליזם.

גאָר אומגעריכט האָט זלאַטקע געהאַט אַ לאַנגן געשפּרעך מיט איר מאַמען. אין שטעטל האָט מען שוין גערעדט, אַז זי פירט אַ ליבע מיט זאָוול דעם שטעפּער. דער קלאַנג איז דערגאַנגען צו איר מאַ־מען, וועלכע האָט דאָס ניט געוואָלט גלויבן. זי האָט געוואוסט, אַז זלאַטקע חברט זיך איצט מיט די רייכסטע קינדער פון שטעטל. אין אירע אויגן איז איר טאָכטער דורך דעם אַ סך אויסגעוואַקסן, און איצט גאָר אַזאַ קלאַנג.

— ס׳איז אמת, טאָכטער, וואָס מען רעדט וועגן דיר מיט זאָוולען, דעם שטעפּער? — האָט זי איינמאָל פֿאַרפירט אַ געשפּרעך ווען קיינער איז אין שטוב ניט געווען.

— ס׳איז אמת, מאַמע!

זלאַטקע איז געווען צופרידן דורכצוריידן זיך מיט איר וועגן דעם און אַ סוף. זאָל זי וויסן. די מאַמע האָט זאַוולען ווייניק געקענט. זי האָט עפּעס יע געהערט וועגן אים דערציילן, ווי איין מאָל אין אַ מאַרק־טאָג, אַז אַ גוי האָט זיך אָנגעשיכורט און ער האָט געכאַפּט זיך מיט נאָך גויים שלאָגן יידן, איז באַלד דאָרט זאַוול אויסגעוואַקסן. ער האָט געשלאָגן אויף רעכטס און אויף לינקס, ביז ער האָט פאַרטריבן די גויים פון מאַרק.

— איך האָב געמיינט, אַז דו וועסט זיך אויסקלייבן אַ חתן אַ לייטישן בחור, אַ געלערנטן, אַן איידעלן — האָט די מאַמע גערעדט מיט אַ ווייכער שטימע.

— וואָס רעדסטו, מאַמע!? — האָט זיך זלאַטקעס פּנים אָנגעצונדן. — זאַוול איז די איידלקייט אַליין! דו קענסט אים ניט, און דו דאַרפסט אַזוי ניט ריידן.

אין דער מינוט האָט זי באַשלאָסן: „נו, איצט וועט זי איר שוין פאַר איין וועג דערציילן וועגן איר פאָרן. צוגרייטן איר צו דעם געדאַנק".

— איך וויל דו זאָלסט וויסן, מאַמע, איך וועל אפשר אַוועקפאָרן פון דאַנען גאָר אין גיכן.

די מאַמע האָט דעמאָלט געהאַלטן אין שניידן ברויט פאַר וועטשערע. זי האָט פּאַמעלעך אַוועקגעלייגט דעם מעסער און שאַרף אַ קוק געטאָן אויף זלאַטקען. מינוטן זיינען אַוועק אין אָנגעשטרענגטן שווייגן. וואָס האָט זי איר געקענט זאָגן? שוין אַוועק די צייטן ווען זי האָט געקענט מיט זלאַטקען זיין שטרענג, אַז זי האָט געטאָן עפּעס וואָס איז איר ניט געפעלן. איצט העלפט שוין ניט קיין זאַך. ניט מיט גוטן און ניט מיט בייזן.

— באַדענק זיך, זלאַטקע, וואָס דו טוסט! — האָט זיך ביי איר אַרויסגעריסן. עס איז געווען אין איר קול די גאַנצע אַנגסט פון אַ מאַמען פאַר איר קינד. אָט וויל זי זיך גאָר איצט אַוועקלאָזן אין דער פרעמד איינע אַליין, און גאָט ווייס וואָס עס קען פון דעם אַרויסקומען.

אויף מאָרגן פאַרנאַכט, אַז זלאַטקע איז פון דער אַרבעט געקומען אַהיים, האָט זי געטראָפן איר טאַטן שפּאַנענדיק איבערן שטוב מיט אומרואיקע טריט.

— „ער ווייס שוין אַלץ" — האָט זלאַטקע אַ קלער געטאָן. עס האָט איר אַ נאָג געטאָן אין האַרצן. דעם טאַטנס פּנים איז היינט בלייכער געווען ווי אַלע מאָל, און אַז זי האָט זיך באַגעגנט מיט זיין בליק, האָט זי נאָר געזען טיפן צער. זי האָט אין זיין בליק געקענט לייענען אַ שווערע טענה צו איר: „אויף וואָס פאַר אַ וועג האָסטו זיך דאָס אַוועקגעלאָזן, טאָכטער?"

ער האָט דורכן אָונט געפּרואווט אַריינקוקן אין רעכן־בוך פון די לאָטעריי־צעטלעך, וואָס ער האָט מיט זיי געהאַנדלט, נאָר דער קאָפּ איז אים ניט געווען דערביי. ער איז דערנאָך צוגעגאַנגען צום אַלמער, וואו זיינע ספרים זיינען געלעגן. אַ ווײַלע געמישט די פאַרגעלטע בלעטער פון אַ ספר, און באַלד האָט ער שוין ווידער געשפּאַנט הין און צוריק, ווי די שטוב וואָלט אים צו ענג געווען.

אין יענע טעג האָט מען אין שטעטל אַ סך גערעדט וועגן אַ גע־וויסער באַן, וואָס איז דאָ פאַרבייגעפאָרן די באַן־סטאַנציע. מען האָט דערציילט, אַז איין וואַגאָן האָט געהאַט פאַרגראַטעוועטע פענצטער, און דאָרט זיינען געזעסן אַרעסטירטע מענטשן, אַזעלכע, וואָס ווילן ניט דעם קיסר. הערש־לייב דער שענקער, וואָס איז פונקט דעמאָלט געווען ביים וואָקזאַל, האָט דעם וואַגאָן אַליין געזען, און ער האָט דערנאָך דערציילט דאָס דעם טאַטן זלאַטקעס.

— פאַרפאַלענע מענטשן! — האָט הערש־לייב געזאָגט וועגן יענע אַרעסטירטע אין דעם וואַגאָן. און זיין קול איז געווען סודותדיק און צעשראָקן.

מיט סודות זיינען איצט פול געווען די הייזער פון שטעטל. שבת אין שול האָט מען פון דעם געשמועסט. דער טאַטע זלאַטקעס איז צו די רעדלעך יידן ניט צוגעגאַנגען. נאָר אין דער היים האָט ער זיך איצט אָפּגעגעבן מער מיט זיינע צוויי יינגלעך, משהקע און דודל. זיי האָבן ביידע שוין געלערנט אין חדר, און דער טאַטע האָט דאָ איינעם, דאָ דעם אַנדערן פאַרהערט אין לערנען, ווי ער וואָלט זיי וואָס בעסער וועלן צוגרייטן, אַז זיי זאָלן אויסוואַקסן גוטע און גאָטספאָרכטיקע יידן.

זלאַטקע האָט געקויפט אַ קערבל, אַן אויסגעפלאָכטענע פון שטרוי, אויף איינצופּאַקן אירע זאַכן. אין דער היים ביי איר איז זייער שטיל געווען יענעם לעצטן אָונט פאַר איר אָוועקפאָרן. די קינדער האָבן געקוקט מיט צעשראָקענע אויגן דאָ אויף זלאַטקען, דאָ אויף דער מאַמען. די מאַמע האָט אויף זיי אָנגעשריען פאַרוואָס זיי גייען ניט שלאָפן, האָבן זיי איצט מורא געהאַט אַ פּיפּס צו טאָן. שווייגנדיק האָט די מאַמע צוגעגרייט פאַר זלאַטקען אַ פּעקל מיט עסנוואַרג אין וועג, און נאָך געהאָלפן איר איינפּאַקן די זאַכן. אין איר שווייגן איז געלעגן דער פּראָטעסט אַנטקעגן זלאַטקעס פאַר איר פאָרן. דערנאָך האָבן זיך אַלע געלעגט שלאָפן, און זלאַטקע האָט געוואוסט, אַז ניט די מאַמע און ניט דער טאַטע האָבן יענע נאַכט ניט צוגעמאַכט מיט קיין אויג.

זלאַטקע האָט געהאַט איר לעצטע זיצונג מיט די חברים פון דער סכאָדקע. וועגן דער אַרבעט אין דער אָרגאַניזאַציע האָט זיך דעמאָלט ווייניק גערעדט. אַלע זיינען געווען צעטומלט פון זלאַטקעס אָוועקפאָרן. ס׳איז געווען אַ שאָד. די בעסטע און ענערגישסטע טוערין וועט זיי

אויספּעלן. מען האָט געוואָלט פאַר איר פּראַווען אַ גרויסע ליאַמע מיט אַ זיי־געזונט, נאָר זלאַטקע האָט דאָס בשום אופן ניט געוואָלט:

— ניט איצט, אפשר אין אַ צייט אַרום, אַז איך וועל קומען צוריק — האָט זי ביי זיי זיך קוים אָפּגעבעטן.

דערנאָך איז זי מיט זאַוולען געבליבן אַליין אין אויבערשטיבל ביי אים. זיי האָבן יענעם אָוונט וועניג צווישן זיך גערעדט. ווי אין אַ פייערלעכער שטילקייט זיינען זיי געזעסן ביידע ביים טישל און געטרונקען טיי וואָס זלאַטקע האָט צוגעגרייט דעם לעצטן מאָל. זלאַטקע נאָך מער ווי זאַוול איז געווען צענומען. אירע אויגן האָבן געגלאַנצט מיט טוי. איר מאַט־ווייסער פּנים בלייכער ווי אַלע מאָל, און אירע פולע ליפּן זיינען געווען רויט, ווי צייטיקע מאַלינעס.

ביים געזעגענען זיך האָט זי זיך אַ צי געטאָן צו אים און אַרומגעכאַפּט זיין קרעפּטיקן האַלדז: — איך האָב דיך אַזוי ליב, זאַוול! — האָט זיך ביי איר אַרויסגעריסן, און איר קול איז געווען אַ ציטערנדיקער. זאַוול האָט געגלעט אירע האָר, וואָס זיינען אין זיינע הענט געווען ווייך ווי סאַמעט. ער האָט געפילט איר צאַפּלדיקן קערפּער אין זיינע אָרעמס. אין דער מינוט האָט ער פאַרגעסן אַז מאָרגן וועט זי שוין דאָ ניט זיין, און אים האָט זיך געדוכט, אַז קיינער איז אויף דער וועלט ניטאָ אויסער זיי ביידן.

אין יענער נאַכט האָבן זיי זיך געשוואָרן אייביקע ליבע.

## זעקסטער קאַפּיטל

זלאַטקע איז געזעסן ביים פענצטער פון לויפנדיקן באַן. זי איז געווען אויסגעפּוצט אין אַ ניי ציצענעם קלייד מיט דעם קאָלנער אַרום האַלדז הויך פאַרשפּיליעט. זי האָט געטראָגן אַ קורצן זשאַקעטל און אויפן קאָפּ אַ גרויסן הוט מיט בלומען, ווי עס איז דעמאָלט געגאַנגען די מאָדע. אירע אויגן זיינען געווען פאַרלאָפן. ס'איז געווען איר ערשטע רייזע אין דער גרויסער, ברייטער וועלט.

איר צו באַגלייטן איז נאָר איין זאַוול געקומען צום וואָקזאַל. ער האָט שוין דאָרט אויף איר געוואַרט פון פאַרטאָג־אָן, און אַז זי איז צוגעפאָרן מיט דער דראָזשקע האָט ער אַ כאַפּ געטאָן איר קערבל־זאַכן, אַריינגעטראָגן עס אין וואַגאָן און דאָרט אויסגעזוכט פאַר איר אַ באַקוועמען אָרט ביים פענצטער. זאַוול האָט געוויס די גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן. זיין ענערגיש, ברוין־הויטיק פּנים האָט געהאַט אַ גרינגלעכן קאָליר. די הויכע קוטשמע ניט צוגעקעמט און די אויגן פאַרוואָלקנט. זלאַטקעס אַוועקפאָרן האָט אים צערודערט. ער האָט איצט אַזוי ווי פאַרלאָרן אַן אָנהאַלט. דורך איר איז ער דערהויבן געוואָרן צו זיין אַ וויכטיקער טוער אין אָרגאַניזאַציע און איצט האָט ער נאָר מורא געהאַט עס זאָל אים ניט אָנהויבן ציען צוריק צו זיין אַמאָליקן סאָרט לעבן, וואָס איז געווען פּוסט און הפקרדיק.

ער איז אַריין מיט איר אין וואַגאָן, געשטאַנען אַנטקעגן איר אַ כמורנער, האַלטנדיק איר האַנט אין זיינער. ווי זיך אַליין צו דער־מוטיקן, וואָס ער זאָגט:

— דו וועסט זען, זלאַטקע, איך וועל פון איצט־אָן נאָך מער זיך אָפּגעבן מיט אונזער באַוועגונג. איך געדענק אַלץ וואָס מיר האָבן גערעדט...

— יע, זאַוול, גוט, אַזוי איז גוט, — האָט זי אים אַריינגעקוקט אין די אויגן.

ווען דער לעצטער קלונג פון וואָקזאַל־גלעקל האָט זיך געהערט, איז זיי נאָך שווער געווען זיך אָפּצורייסן איינער פון אַנדערן. זאַוול איז אַראָפּגעשפּרונגען פון די וואַגאָן־טרעפּלעך ווען דער באַן האָט זיך שוין געלאָזן אין וועג.

ווי וועט איצט אויסזען איר לעבן אָן אים ?.. איר האַרץ האָט

אַ קלעם־געטאָן מיט אַ בענקשאַפט. זיי זיינען די לעצטע צייט געווען ווי איינס — די זעלביקע געדאַנקען, די זעלביקע געפילן. יעדן מאָל נאָך דער זיצונג פון דער סכאָדקע האָבן זיי געמוזט נאָך פאַרבלייבן אַליין, שפּאַצירן איבער די שטילע שטעטלדיקע גאַסן און רעדן און רעדן. זאָוול האָט ניט געקענט לאַנג זיין ערנסט, און זיינע ראַשיקע קושן האָבן איר יעדער מאָל צעטומלט און צעמישט די חושים.

אין וואַגאָן, אין אָט דער פריער שעה, זיינען וויניק מענטשן געפאָרן; אַלע זיינען זיי געווען נאָך האַלב־פאַרשלאָפענע, שוויַיגנדיקע יידן מיט אומעט און זאָרג אין די אויגן. זלאַטקע האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער. דער באַן איז געלאָפן דורך וואַלדיקן געגנט; דורך די שיטערע סאָסנאָווע בוימער האָט אַרויסגעקוקט אַ פייכטע ערד, וואו־ניט־וואו צוגעדעקט מיט פּלאַסטן שניי. אין גיכן וועט אַ וואַרעמטאָן די פרילינגדיקע זון. דער שניי וועט צעגיין און בוימער און ערד וועלן אויפלעבן. זלאַטקען זיינען די וועלדער אַזוי אייגן געווען. דאָרטן איז זי געוואַקסן, זיך אויסגעהאָדעוועט. און יעדער שליאַך, יעדע וועגעלע איז איר געווען באַענט. דאָרטן אין די זומערדיקע פאַרטאָגן איז זי מיט אַ גאַנצער כאַליאַסטרע מיידלעך געגאַנגען קלייבן יאַגדעס אין וואַלד און שוואָמען; דאָרטן, אין די סודותדיקע טאָלן, ביי די געהיימע פאַרזאַמלונגען האָט זי צום ערשטן מאָל פאַרנומען די בשורה פון אַ נייער תורה — פון סאָציאַליזם.

איצט דערווייטערט זי זיך פון איר אייגן ווינקל. אָט ענדיקט זיך שוין דער וואַלד. „שוין!" — עפּעס האָט איר באַנג־געטאָן. נישט געדאַרפט נאָך אפשר אַזוי גיך אַוועקפאָרן פון דער היים. דאָרטן אין דער גרויסער שטאָט וואַרט אויף איר אַ שווערער לעבן מיט געפאַרן אַלערליי. צי איז זי שטאַרק גענוג פאַר דעם? זי האָט זיך אָבער באַלד אַליין אויסגעשטראָפט: „דו מעגסט זיך שעמען, זלאַטקע, ניט אַזוי דאַרף טראַכטן אַן אמתע רעוואָלוציאָנערקע".

זי האָט פאַנאַנדערגענומען איר פּעקל עסנוואַרג, וואָס די מאַמע האָט איר מיטגעגעבן. אַ ריזיק־גרויסן קוכן מיט מאָן פון אויבן, האַרטע געקאָכטע אייער און אַ ציבלקע צום פאַרבייסן. אָפּגעגעסן, האָט זי זיך גענומען צו דער קעשענע, וואָס טיף אין די פאַלדן פון איר קלייד. דאָרטן איז געלעגן אַ קאָנספּיראַטיווער בריוו צו דער ביאַליסטאָקער אָרגאַניזאַציע וועגן איר. רפאל, דער מענטש פון קאָמיטעט, האָט פאַר איר דעם בריוו געשריבן. ווי וועלן די חברים דאָרטן איר אויפנעמען? ווי וועט זי זיך אויסטויגן אין אַ גרויס־שטאָטישער באַוועגונג? זי — אַ ניט־געניטע טוערין.

דער טאָג האָט זיך געשטעלט אַ גרויער, מיט שווערע, פאַרוואָלקנטע הימלען. דער באַן האָט איצט געצויגן דורך פלאַכע, אָפּגעדעקטע פעלדער; אַ ווייסער, בערי‍אָזעווער וועלדל האָט פאַרבייגע־

שוועבט. עס זיינען אָנגעלאָפן נידעריקע פּויערשע כאַטקעס מיט שטרוי־
באַדעקטע דעכער, אַ פּלעיט אַן איינגעפאַלענער, אַ פאַרלאָזענער, און
באַלד ווידער די אומענדלעכע פּלאַכע פעלדער, די אָרעמע ליטווישע
ערד. זלאַטקען האָט זיך געדוכט, אַז דער באַן שלעפּט זיך צו פּאַמעלעך.
ווען וועט מען שוין אָנקומען אין שטאָט?

אויף יעדער סטאַנציע זיינען נייע מענטשן אַריין. אין וואַגאָן איז געוואָרן ענגער, רוישיקער. יידן איילנדיקע, האַווענדיקע, זייערע פּנימער געקאַרבט מיט דאגות, מיט אומרו. אָט איז אַריין דער קאָנ־דוקטאָר, אַ געלאַסענער, מאַסיווער און מיט אַ וואַזשנער שטימע אויסגערופן:

— סטאַנציאַ ביאַלאָסטאָק!

ס'איז געוואָרן אַ טומל, אַ שטופּעניש. יעדערער האָט זיך גע־לאָזט צו זיין געפּעק. פון אונטער די בענק זיינען אַרויסגעקראָכן „זאַיצעס“, (פּאַסאַזשירן אָן בילעטן), די זאַכן אויף זיי זיינען געווען צעקנייטשט, די אויגן איבערגעשראָקענע און צעטומלטע.

זלאַטקע מיט איר קערבל אין האַנט האָט זיך געשטופּט צום אַרויסגאַנג צוגלייך מיט אַלעמען. זי איז געבליבן שטיין אויף דער פּלאַטפאָרמע אַ ביסל אַ פאַרלאָרענע. אַ ייד, אַ טרעגער, אַ הויכער, אַ מגושמדיקער, האָט מיט דער האַנט אָנגערירט איר קערבל.

— פריילין, וואו ווילט איר איך זאָל עס אייך צוטראָגן?

זלאַטקע האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן ווי פון שלאָף:

— ניין, אַ שיינעם דאַנק.

זי איז אויף גיך צוגעגאַנגען צו אַ דראָזשקע, געהייסן דעם פורמאַן פאָרן צום אָנגעוויזענעם אַדרעס. איר האַרץ האָט געקלאַפּט מיט דער־וואַרטונג בעת זי איז געפאָרן איבער די באַלעבטע שטאָטישע גאַסן. אָט דאָס איז עס, די גרויסע, פּראָלעטאַרישע שטאָט, וואָס זי האָט אַזוי געגאַרט דאָ צו זיין. ניט איין מאָל האָט זי אין געדאַנק זיך פאָרגע־שטעלט ווי אַזוי די שטאָט דאַרף אויסזען: אומעטום אין די גאַסן רעוואָלוציאָנערע שטימונג; גרויסע מאַסן אַרבעטער; דעמאָנסטראַציעס ציען זיך פאַרביי; קאַמפן מיט פּאָליציי; קאָזאַקן אויף יעדן טראָט. זי איז דערפאַר אַ ביסל אַנטוישט געוואָרן, זעענדיק די פרידלעכע פאַרבייגייער; וואָכעדיקע פּנימער, קראָמען האַנדלען און וואַנדלען ווי אין אַ געוויינלעכן וואָכעדיקן טאָג.

דער געגנט, וואו די דראָזשקע האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז געווען אַן אָרעמער. געסלעך שמאָלע זיינען געלאָפן קרום, אין אומאָרדענונג; אַלטע הילצערנע הייזער, די ווענט זייערע גראָ און אָפּגעשיילט. זלאַט־קע איז געגאַנגען איבער סקריפּעדיקע טרעפּלעך מיט איר קערבל אין דער האַנט. זי איז אַריין אין אַ טונקעלן פירהויז צום אָנגעוויזענעם אַדרעס פון אַ וועבער־משפחה. זי האָט געעפנט אַ טיר, און אַ פרוי אַ מיטליעריקע איז איר געקומען אַנטקעגן.

— דאָ וואוינט מאַטעס ? — האָט זלאַטקע געפרעגט מיט אַ ניט־זיכערן קול.

— אויף וואָס דאַרפט איר מאַטעסן ? — האָט די פרוי שאַרף איר געגעבן אַ קוק אָן.

— איך האָב אַ בריוו צו אים. איך קום פון דער פּראָווינץ.

די פרוי איז באַלד צוגעלאָזענער געוואָרן :

— מאַטעס איז ביי דער אַרבעט. ער וועט באַלד קומען. זיצט.

אַ קליינער צימער, אַ נידעריקער באַלקן, אַלטע, צעפּאָרענע מעבל — דאָס איז געווען די שטוב, וואו זלאַטקע האָט זיך איצט געפונען. ציכטיקייט און אָרדנונג, די אַרבעט פון אַ טיכטיקער האַנט, האָט זיך דאָ שטאַרק אָנגעזען. אויפן אויוון האָט געזאָטן אַ טעפּל מיט וועטשערע. די פרוי מאַטעסעס אַ געזויקסיקע, אַ שוואַרץ־חנ׳עוודיקע, מיט באַוועגונגען פלינק און געשיקט, האָט באַלד זיך גענומען צו איר איבערגעריסענער אַרבעט, צו וויקלען באַוול אויף גרויסע שפּולן. גיך־גיך האָט זיך דאָס רעדל געדרייט אונטער איר געאיבטער האַנט. די שפּולן באַוול זיינען געוואַקסן, געוואָרן פול...

— דאָס גייט פאַר דער וועב־פאַבריק, — האָט די פרוי מאַטעסעס אַ קער געטאָן דעם קאָפּ צו זלאַטקען. — ס׳איז אַן אַרבעט. וואָס מען קען אַרויסנעמען איז דער היים.

באַלד איז מאַטעס געקומען צוגיין. ער האָט אויסגעקוקט עלטער פון זיין ווייב. אַ לאַנגע באָרד האָט אַרומגענומען זיין דיק, ביינערדיק פּנים ; זיינע אויגן בלויע, שמאָלע, האָבן געהאַט אַ יוגנטלעכן שימער ; די אויגן האָבן פריילעך, נייגעריק אַ קוק־געגעבן אויף זלאַטקען, ווען ער האָט געלייענט איר בריוו.

— איר וועט זיין ביי אונז אַן אָנגעלעגטער גאַסט. — האָט ער פעסט איר געדריקט די האַנט, מיט דעם באַזונדערן האַנט־דרוק פון אַן אייגענעם מענטשן. און צו זיין ווייב האָט ער זיך אָפּגערופן :

— כאַשקע, דאָס איז אַן אונזעריקע, אַ חברטע. זי קומט פון פּראָווינץ.

מאַטעס איז געווען אָנגעטאָן אין אַ לאַנגן קאַפּטן, וואָס איז אויף די עלנבויגנס געווען געשיקט פאַרלאַטעט. די באָרד און דער קאַפּטן האָבן אים געגעבן דעם אויסזען פון אַ פרומען, אַלט־מאָדישן אידן. נאָר אַלע האָבן געוואוסט, אַז ער איז אַ גוטער סאָציאַליסט, אַ וויכטיקער טוער אין דער באַוועגונג.

— איר זענט דאָך געוויס הונגעריק. מיר וועלן עסן וועטשערע. — האָט מאַטעסעס ווייב געערדט צו זלאַטקען, ווי צו אַן אייגענער, אַזוי פשוט, היימיש, אַז אַ וואַרעמקייט האָט זלאַטקען אַרומגענומען אינגאַנצן.

„אָט דאָס איז עס, די געטריישאַפט פון די בונדיסטן איינע צו אַנדערע.

מענטשן וואָס האָבן געכטן נאָך איינע פון די אַנדערע נישט געוואוסט, קענען היינט זיין ווי ברידער באַענטע״, — האָט זלאַטקע געטראַכט. און דאָס אָרעמע שטוב מאַטעסעס איז איצטער אין אירע אויגן געוואָרן ליכטיקער, גרעסער.

די טיר האָט זיך געעפנט און צוויי מיידלעך זיינען אַריינגעקומען. דאָס זיינען געווען די קינדער מאַטעסעס. זיי האָבן אויך באַלאַנגט צום וועבער־פאַך. שיינע־רחל, די עלטערע, איז אַ נופּערקע געווען, און עלקע, די ייִנגערע — אַ שפּולאַרקע און איצט האָבן זיך אַלע געזעצט אַרום טיש עסן וועטשערע.

די קאַרטאָפליעס אין פּעלצלעך, דער שמאַלץ־הערינג, צוגעפּראַוועט מיט אַ ציבעלע, און מיט דעם זיסן טיי פּאַרטרונקען האָט ביי זלאַטקען צו יעדער צייט געהאַט אַ גוטן טעם. נאָר קיינמאָל איז עס נישט געווען פאַר איר אַזוי געשמאַק, ווי איצט. באַשקע, די ווייב מאַטעסעס, האָט איר צוגעזען מיט אַ גוט שטיקל הערינג, מיט נאָך אַ הייסער קאַרטאָפליע. און זלאַטקען האָט זיך אויף אַ ווײַלע געדאַכט, ווי זי איז נאָך אין דער היים ביי איר. עס איז נישט באַשקע נאָר די מאַמע אירע, וואָס טיילט איצט אויס דאָס עסן מיט געטרייע, פאַרהאָרעוועטע הענט. אירע אויגן זיינען געווען טרוימעריש ; און מאַטעס, ווי ער וואָלט פאַרשטאַנען פון וואָס זי טראַכט, האָט גענומען זיך פונאַנדערפרעגן ביי איר וועגן איר היים, ווי גרויס איז דאָרטן די באַוועגונג און וועלכע פאַכן זיינען דאָרטן פאַראַן. זלאַטקע האָט אַלץ דערציילט ; אַ צוואַרעמטע האָט זיך איר איצט גרינג גערעדט ; מיט איר אָפן פּנים און אירע צוטרויילעכע בליקן האָט זי דאָ געקראָגן חן ביי אַלעמען אין די אויגן.

מאַטעס איז אַריין אין אַ געהויבענער שטימונג, ווי אַלעמאָל, ווען ער זעט אַ נייעם, צוגעקומענעם בונדיסט. און ער האָט זיך אַליין צוגערעדט, און האָט גענומען דערציילן פון די ערשטע גרויסע סטרייקס אין וועבער־פאַך. מען האָט דעמאָלט געאַרבעט פופצן, אַכצן שעה אַ טאָג, און שבת־צו־נאַכט אויך. אַרבעטער האָבן אין פאַבריק גענעכטיקט. פרומע וועבער האָבן דאָרט געדאַווענט : זייער עסן האָט מען זיי געבראַכט אין דער פאַבריק. און דער גאַנצער פאַרדינסט איז געווען אַ קלאָגנדיקער.

שווער איז געווען אין יענער צייט צו קומען צו אַן אַרבעטער און רעדן מיט אים וועגן דער באַוועגונג. מאַטעס, דער פּיאָנער, איז געווען איינער פון די ערשטע, וואָס האָט מיט זיי איינגעטענהט, זיי זאָלן עפענען די אויגן. ער האָט איצט גערעדט פון זיין אויפטו מיט גרויס הנאה.

כאַשקע, די ווייב זיינע, האָט מיט אַ מין דרך־ארץ אַרויפגעקוקט

צו איר מאַן די גאַנצע צייט וואָס ער האָט גערעדט. און מאַטעס האָט זיך מיט איר אַ רייך־געטאָן:

— און אַנטקעגן דער אייגענער ווייב האָט מען אויך געדאַרפט קעמפן.

כאַשקע האָט זיך פאַרשעמט. זי איז נאָך נישט געווען געבוג „באַ־וואוסטזיניק". פון דער יוגנט איז אין איר פאַרבליבן אַ חסרון: זי איז נאָך אין האַרצן געווען אַ ביסל פרום, און ס'איז איר שווער געווען זיך פון דעם צו באַפרייען. געווען צייטן ווען מאַטעס האָט צוליב זיין ווייב געמוזט מיטנעמען אַ טלית אונטערן אָרעם אין אַ שבת אין דער פרי, כלומרשט צו גיין אין שול. געגאַנגען איז ער גאָר צו אַן אומלעגאַלער פאַרזאַמלונג ערגעץ אונטערן שטאָט. כאַשקע האָט געזען איר חסרון ניט אַרויסווייזן, אַז זי זאָל קענען זיין איינס מיט איר אויפגעקלערטן מאַן.

שיינע־רחל, די עלטערע טאָכטער זייערע איז געווען איינס מיטן טאַטן. זי האָט באַלאַנגט צום בונד. און זי איז שוין געווען אַן אָנגעזעע־נע טוערקע אין אָרגאַניזאַציע. נאָר די יונגערע טאָכטער זיינע, עלקע, איז נישט געווען מיט אים. זי איז גאָר אַ פּ.פּ.סניצע געוואָרן. ביים טיש איז זי געזעסן אָפּגעזונדערט, ווי אַ פרעמדע. ווי דער גאַנצער שמועס דאָ גייט איר נישט אָן. זי האָט עסנדיק אַריינגעקוקט אין אַ בוך, וואָס איז געלעגן צעעפנט לעבן איר.

כאַשקע, זעענדיק דאָס, האָט זיך שטאַרק געערגערט:

— אַז נישט ווייסט זי וואָס זי עסט...

און מאַטעסן האָט דאָס געקרענקט ביז גאָר. זיין קינד, זיין אייגן פלייש און בלוט, און נישט מיט אים, איז גאָר זיין קעגנער. אַן אַנדערש מאָל וואָלט שוין אויפגעפלאַקערט אַ דיסקוסיע צווישן טאַטן און טאָכ־טער און מאַטעס וואָלט איר געקענט דערווייזן ווי זי איז פאַרפירט. נאָר איצט האָט ער געשוויגן שטיל און נאָר ביטערקייט און ווייטיק האָט באַצייכנט זיין דיך, ביינערדיק פנים. און עלקע האָט זיך אַ הויב געטאָן פון טיש, אָנגעטאָן איר זשאַקעטל און מיטן בוך אונטערן אָרעם איז זי אַרויס פון שטוב.

— דער וורעד! — האָט שיינע רחל נאָכגעקוקט איר שוועסטער און אירע געדיכטע ברעמען זיינען געווען שטרענג צונויפגעצויגן.

זלאַטקען איז געוואָרן זייער נישט באַקוועם און זי האָט פרעגנדיק געקוקט דאָ צו איינעם, דאָ צום אַנדערן, נאָר אין שטוב האָט זיך שוין מער וועגן עלקען נישט גערעדט. ס'איז געווען צייט צו באַזאָרגן זלאַט־קען מיט אַ דירה. כאַשקע און שיינה רחל האָבן געהאַט אַ קורצע באַראַ־טונג און ס'איז געבליבן זי זאָל דערווייל וואוינען דאָ אין שטוב מיט דער משפחה, אַזוי לאַנג ווי זי וועט וועלן.

— קיין באַזונדערן צימער האָבן מיר נישט — האָט כאַשקע ווי זיך פאַרענטפערט — נאָר אין שיינע רחלס צימער שטייען צוויי בעט־לעך. שיינע רחל וועט שלאָפן מיט עלקען, און איר אין דעם אַנדערן בעטל, אויב אירווילט.

זלאַטקע האָט געפּרואווט דערווידערן :

— איך וויל אייך נישט מאַכן ענג.

— וועגן דעם דאַרפט איר זיך נישט זאָרגן, מיר פאַרדינגען גאַנץ אָפט די אַנדערע בעטל, — איז געווען כאַשקעס ענטפער.

זלאַטקע איז געווען איבערוועלטיקט. אַלץ האָט זיך אויסגעלאָזן גוט, בעסער ווי זי האָט זיך געוואונטשן. דער צימער, וואו זלאַטקע האָט פון איצט אָן געדאַרפט וואוינען, איז געווען קליין און שמאָל, נאָר ס׳האָט זיך דאָ אויך געפילט כאַשקעס טיכטיקע האַנט. די צוויי בעטלעך זיינען געווען איבערגעדעקט מיט ווייסע צודעקן, ווייסע געפּרעסטע פאָרהענג־לעך אויפן פענצטער. צווישן די בעטלעך אַ טישל מיט אַ נאָפט־לעמפּל. הויך איבערן קאַמאָד זיינען געדרוקטע קאַרטלעך געווען צוגעשפּילעט צום וואַנט. די בילדער פון רוסישע שרייבער, צווישן זיי מאַקסים גאָרקי און נעקראַסאָוו. אינמיטן איז געווען אַ קאַרטל ווי בעטהאָווען שפּילט אויף אַ פּיאַנאָ און אַ גרופּע מענטשן זיצן איינגענורעט און הערן זיך איין. זלאַטקע איז לאַנג געשטאַנען לעבן קאַמאָד, געקוקט אויף די קאַרט־לעך און זי איז געווען אַנטציקט.

שיינע רחל און מאַטעס האָבן נאָך געדאַרפט היינט גיין צו אַן אומלעגאַלער פאַרזאַמלונג. און כאַשקע האָט זיך געזעצט צום רעדל וויקלען אירע שפּולן. זלאַטקע איז איצט געווען אַליין אין איר צימער. זי האָט אויסגעפּאַקט אירע זאַכן. אויפן קליין טישל האָט זי אַוועקגע־לייגט צוויי ביכער, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט פון דערהיים : באָגדאַ־נאָווס „פּאָליטישע עקאָנאָמיע" און באָקלס ,,די געשיכטע פון ציוויליזאַ־ציע אין ענגלאַנד", אויך אַן אַלבאָם אַ קליינעם פּאָר בילדער, אַ מתנה פון זאַוולען. זי האָט געטראַכט, וואָס פאַר אַ וואונדערלעכע מענטשן די מאַטעס משפּחה, און אַלע זיינען זיי בונדיסטן, אויסער דער יינגערער, עלקע, וואָס איז ווי אַ שאַטנעז, אַ טונקעלער פלעק אין דער משפּחה.

זי איז צוגעגאַנגען צום אָפענעם פענצטער. די נאַכט איז פול געווען מיט פרעמדע, נישט־צוגעוואוינטע קלאַנגען. עפּעס סודותדיקס איז געלעגן אין דעם אומרואיקן געמורמל פון דער גרויסער שטאָט. די נאַכט האָט געאָטעמט מיט דער שאַרפקייט פון פרילינג. אַ קיל ווינטל האָט אָנגעיאָגט פון ערגעץ, געצערטלט איר צעהיצטן פּנים. דער ווינטל האָט געבראַכט צוטראָגן אַ דערמאָנונג פון דער היים. נעכטן אין דער צייט איז זי נאָך דאָרט געווען. וואָס טוען זיי דאָרט איצט ? צי טראַכטן זיי פון איר אַלע ליבע און נאָענטע ?

זי האָט זיך אָפּגעריסן פון פענצטער. אויף גיך גענומען זיך אויס־טאָן, פאַרלאָשן דעם לעמפּל און זיך געלייגט אין בעט. פון אַנדערן צימער האָט זיך נאָך לאַנג געהערט דאָס זשומען פון רעדל. דאָס האָט כאַשקע געוויקלט די שפּולן באַוול פאַרן פאַבריק.

# קאַפּטל זיבן

ביאַליסטאָק, די פּראָלעטאַרישע שטאָט. די שטאָט פון אַרבעט און מי. אָהער האָבן זיך געצויגן מחנות גאַנצע יונגע בחורים און מיידלעך פריש פון דער פּראָווינץ, פון די פּיצלעך שטעטלעך אַרום; דאָרט וואו דאָס לעבן פליסט פּאַמעלעך. איינגעוויקלט אין דער שטילקייט פון סאָס־נאָווע וועלדער און ברייטע פעלדער און לאָנקעס. עס זיינען געקומען אָהער געזונטע, רויט באַקיקע מיידלעך מיט געדיכטע, שוואַרצע צעפּ און קאָכיקע אויגן. עס זיינען געקומען בלייכע בחורים מיט דינע, לער־נערשע הענט, פריש פון בית־מדרש, וואו פאַר יאָרן האָבן זיי זיך גע־גרונטעוועט אין חכמת התלמוד. די פאַבריקן און וואַרשטאַטן האָבן ברייט פאַר זיי געעפנט די טירן. זיי אַלע האָבן איצט צונויפגעשטעלט מיט זיך אַ גרויסע מאַסע פון אמתע פּראָלעטאַריער. קומענדיקע קעמפער פאַר דער רעוואָלוציע. זייערע בליקן האָבן זיך אויסגעלייטערט פון דער שטעטלדיקער פאַרקלערטקייט. זייער טראָט איז געוואָרן פלינקער, די באַוועגונג האַסטיקער . . .

און זלאַטקע האָט גיך דערפילט דעם שנעלן פולס פון דער גרויסער שטאָט. און ס׳איז איר דאָס שטאַרק געפעלן. און איר אַליין האָט זיך איצט געוואָלט באַוועגן זיך שנעלער, האַסטיקער. זי האָט שוין געאַרבעט אין אַ מאַסטערסקאַיע. זי איז געקומען אָהער שוין אַ פאַרטיקער בעל־מלאכה, מיט אַ גרויס געפיל פאַר געניי, און וואָס מער ס׳איז געוועזן פאַרוויקלט דער פאַסאָן פון אַ קלייד, אַלץ מיט מער חשק האָט זי עס גענייט. — „די פּראָווינצער קענען אויפמאַכן אַ גוטע שטיקל אַרבעט, זיי פושערן נישט" . . . — האָט מען וועגן איר געניי דאָ גערעדט.

אויך דאָ, אין מאַסטערסקאַיע ביי איר, האָט זיך געפילט די אויפ־געלעבטע, רעוואָלוציאָנערע שטימונג. מען האָט דאָ נישט לאַנג צוריק אויסגעפירט אַ סטרייק אין שניידערשן פאַך און מען האָט איצט געאַר־בעט נאָר 9 שעה אַ טאָג. און אַז מען איז געגאַנגען אַהיים, איז נאָך געווען גוט ליכטיק. די באַלעבאָסטע פון דער מאַסטערסקאַיע, אַן עלעגאַנטע און נערוועזע דאַמע, איז געוואָרן נאָך מער נערוועז זעענדיק ווי אירע מיידלעך גיבן זיך אַ הויב־אויף פון דער אַרבעט פונקט צו דער מינוט. און טאָמער האָט זי געדאַרפט נויטיק פאַרענדיקן אַ שטיקל אַרבעט, האָט זי עס ביי די מיידלעך בשום אופן נישט געקענט אויספירן.

— נאָר די טאַשמע צווייען, און דאָס קלייד וועט זיין פאַרענדיקט, — האָט זי זיך געבעטן ביי אַ מיידל מיט אַ טראַגישן קול.

— מאָרגן איז אויך אַ טאָג, —איז געווען דעם מיידעלס ענטפער.

ס׳איז שוין אַוועק די צייט פון נאָכגעבן אַ באַלעבאָס. און רוישיקע און האָפּעדיקע האָבן זיך אַלע געגעבן אַ לאָז אַרויס אין גאַס. און זלאַטקע איז אויך געווען צווישן זיי. זלאַטקע האָט פאַר די מיידלעך, חלילה, זיך נישט אַרויסגעגעבן ווער זי איז און אַז זי באַלאַנגט צום בונד. און זיי האָבן געקוקט אויף איר אַ ביסל פון אויבן אַראָפּ, ווי מען קוקט אויף אַ פּראָווינציאַלקע. און אַ מיידל, וואָס מ׳האָט איר גערופן באַשקע די קליינע, האָט אפילו שוין געפּראוואוטאיר אַגיטירן. זלאַטקע האָט מיט אַ שמייכל צו זיך אַליין געטראַכט: „וואַרט, וואַרט, מיידלעך, איר וועט נאָך זען וואָס זלאַטקע איז״...

זי איז דערנאָך געגאַנגען אַהיים דורך די שמאָלע, געדרייטע געס־לעך פון די „פּיאַסקעס״, וואו די אַרבעטערשאַפט האָט געוואוינט. און אַז זי האָט געקוקט אויף די אַלטע הילצערנע הייזער מיט די גרויע, אָפּגעשיילטע ווענט און די גאַנצע אָרעמקייט פון געגנט, האָט געליטן אין איר דער פּראָלעטאַרישער שטאָלץ. און זי האָט זיך געטרייסט מיט דעם, וואָס נישט לאַנג וועלן די אַרבעטער דאַרפן אַזוי ליידן און אַז די רעוואָלוציע וועט אַלץ איבערמאַכן.

אין דער זעלבער וואָך איז זלאַטקע שוין געגאַנגען אויף סוראַזער גאַס, דאָרט וואו די בונדישע אַרבעטער בירזשע איז געווען. שיינע רחל, מאַטעסעס טאָכטער, האָט איר געדאַרפט אַהין פירן. זיי האָבן יענעם פאַרנאַכט, קומענדיק פון דער אַרבעט, אויף גיך אָפּגעפּטרט דאָס עסן. זלאַטקע האָט שיינע רחלען אונטערגעאיילט:

**— קומט, קומט, ס׳מוז שוין אודאי זיין שפּעט!**

**און דאָרט אויף דער בונדישער בירזשע, אין יענער פאַרנאַכטיקער שעה ,** איז שוין די גאַס געווען פאַרפלייצט מיט אַרבעטער און ס׳האָט דאָ געקאָכט און גערוישט מיט לעבן, מיט באַוועגונג. ס׳איז געקומען אַהער דער גרויסער פאַך וועבער, וואָס מען האָט זיי דערקאָנט לויט די דאַרע, אויסגעצויגענע פּנימער. זייערע קינדער — אויך וועבער. די טעכטער — שפּולאַרקעס און נופּערקעס. אין שטאַמען גאַנצע זיינען זיי אַהערגעקומען. און עס זיינען דאָ געווען די העלדישע יונגען. די גאַרבער, און די איידעלע, אויסגעבלייכטע מיידלעך פון טאַבאַק־פאַב־ריק און די אָפּגעפּיינטע פּריקאַשטשיקעס מיט די פּראַנטישע שניפּסן און געפּוצטע קאַמאַשן; און שניידערס און שוסטערס, און סטאָליאַרעס און בלעכערס — אַלע זיינען זיי דאָ געווען.

אַרבעטער האָבן געבראַכט אַהער זייערע קריוודעס, זיי האָבן גע־זוכט גערעכטיקייט ביים בונד. ביי וועמען דער באַלעבאָס האָט צעדרייט אַ וואָך שכירות, נישט אָפּגעהיט די אויסגעקעמפטע באַדינגונגען;

און ווער ס'האָט אָפּגעזאָגט אַן אַרבעטער אָן אַ פּאַרוואָס; און וואו דער באַלעבאָס רעדט גראָבע רייד צו זיינע מיידלעך. די בונדישע פאָרשטייער זיינען געווען שטרענג צו די באַלעבאַטים און די געמשפּטע באַשטראָפט. מען האָט אַרויסגערופן אַ סטרייק וואו עס איז נויטיק געווען, און ווי מען האָט דאָ אויף דער בירזשע באַשלאָסן, אַזוי האָט עס געמוזט בלייבן.

זיי זיינען אומעטום געווען, די בונדישע פאָרשטייער. געטראָגן זיך דורכן עולם ווי אויף פליגלען. זיי האָבן דערקלערט פאַרוויקלטע ענינים, פאַרענטפערט פראַגן. די קעשענעס זיינען ביי זיי פול געווען מיט אומלעגאַלע ליטעראַטור, וואָס זיי האָבן געטיילט צו זייערע מענטשן געהיים און פאַרטרויליך.

אָט איז אַ רעדנער אויסגעוואַקסן פון דער געדיכטעניש פון עולם, פראַנק און פריי, און מיט ווערטער פלאַמיקע האָט ער גערעדט וועגן דער שענערער וועלט, וואָס דאַרף קומען, און אַז אָט די צוקונפטיקע וועלט וועט באַלאַנגען צו די, וואָס שאַפן אַלץ מיט זייערע אייגענע הענט. און אַרבעטער האָבן געקוקט אויף דעם יונגן רעדנער, וואָס זיין דיך־ביינערדיק פּנים איז געווען אַרומגענומען מיט אַ טונקל בערדל און זיינע אויגן האָבן געשיינט, און אין האַרצן ביי יעדערן פון זיי איז געוואַקסן דער שטאָלץ און דער גלויבן.

און אָט האָט דאָ און דאָרט אַ פּראָקלאַמאַציע אַ פלאַטער געטאָן אין דער לופט, און איז סודותדיק איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט, און דער זיבעץ פון דער פּראָקלאַמאַציע איז געווען:

„די צייט איז נאָענט, זייט גרייט!".

און זלאַטקע און שיינע רחל זיינען שוין געווען אין מיטן פון גאַנצן געווירבל. זלאַטקע האָט געהאַלטן איר חברטע פעסט אונטערן אָרעם און זי האָט געקוקט אַרום זיך מיט פאַרנעפּלטע אויגן, מיט אַ פרומקייט, ווי נאָר אַמאָל, נאָך קליינערהייט, ווען זי איז אין אַ שבת מיט איר מאַמען געגאַנגען אין שול און געזען די דאַוונער...

שיינע רחל איז באַלד געוואָרן זייער פאַרנומען. זי איז אויך געווען איינע פון די אַגיטאַטאָרן, איינע פון די פאָרשטייערינס אין איר פאַך. זי האָט באַלד אויפגעזוכט אירע מענטשן. געטיילט זיי ליטעראַטור און פאַרענטפערט פראַגן. שיינע רחל האָט אַליין דאָ אויפן בירזשע איר דערציאונג באַקומען. זי איז דורכגעגאַנגען אַ רעוואָלוציאָנערע שולע, און איצט האָט זי דעם וויסן אירן איבערגעגעבן צו די מענטשן וואָס אונטער איר.

קיין פּאָליציי האָט זיך אין ערגעץ נישט געזען, און טאָמער האָט עמעצער אַ פרעמדער, אַ פאַרדעכטיקטער פאַרשוין זיך דאָ אַ ווייז געטאָן, האָט מען שוין געוואוסט, אַז דאָס איז אַ שפּיאָן, און באַלד האָט אַן אַרבעטער, איינער פון די קרעפטיקע יונגען, יענעם געגאַנגען אַנט־

קעגן מיט אַ גרינגן גאַנג און מיט אַ פאַרשטייפּטע פויסט, און דער פרעמדער האָט זיך אַ לאָז געטאָן אויף צוריק. נישט געוואָרן. און די אַרבעט אויף דער בירזשע איז ווידער אַוועק אומגעשטערט.

די איינוואוינער פון סוראַזער גאַס, בעל־עגלות, טרעגער, הענד־לער מיט אַלטע זאַכן, צי גאָר אייגנטימער פון געוועלבלעך, זיינען נישט געווען קיין ריכטיקע פּראָלעטאַריער, און זיי האָבן מיט דער גאַס זיך ווייניק אָנגעקערט. אַמאָל נאָר האָט עמעצער אַ טרעגער צי אַ הענד־לער פאַרבייגייענדיק זיך דאָ אָפּגעשטעלט, מיט מורא און מיט האָפנונג אין האַרצן. אַז אפשר וועט פאַר אים אויך אַרויסקומען פון דאַנען אַ ישועה.

און ווייטער אַביסל,ביים סאַמע ראָג פון דער לאַנגער און שמאָ־לער גאַס, האָט זיך שוין געזען די הויכע געביידע, די „ראַטושע", מיטן שטאָט־זייגער אויפן שפּיץ טורעם. אַרום „ראַטושע" איז געווען אויס־געלעגט דער גרויסער מאַרק מיט אָן אַ שיעור קראָמען. דאָרט איז דאָס לעבן געגאַנגען מיט זיין געוועגלעכן גאַנג. סוחרים, קרעמער, האָבן געוואויגן און געמאָסטן זייער סחורה, געהאַוועט, זיך געקריגט צווישן זיך, און אויסגעכאַפּט איינער ביי דעם אַנדערן אַ קונה. אַז אַ שעה אויפן מאַרק איז געווען אַ שטילע, האָבן קרעמער געקוקט אַהין צו יענער גאַס, וואָס איז געווען שוואַרץ פון מענטשן, און זיי האָבן שטי־לערהייט זיך וועגן דעם דורכגעשמועסט, און פאַרדאגהט געשאָקלט מיט די קעפּ. עפּעס האָט זיך דאָרט געגרייט אין יענער גאַס, קיין גוטס נישט, און אַלטע, יידישע אויגן זיינען נאָך אומעטיקער געוואָרן.

די אַרבעטער טוער פון בירזשע האָבן געקוקט אויף די קרעמער פון אויבן אַראָפּ. זיי זיינען געווען קליין־בורזשואַזנע עלעמענטן, וואָס זיינען נישט פעאיק צום קאַמף און וואָס לויט דער סאָציאַליסטישער לערע זיינע זיי פאַרמשפּט אונטערצוגיין...

אַז די נאַכט איז צוגעפאַלן און אין טונקעלען הימל האָבן זיך צו־פינקלט די שטערן, איז אויפן בירזשע שיטערער געוואָרן. איינציקע גרופּקעס אַרבעטער זיינען נאָך דאָ און דאָרט געשטאַנען אויף די ראָגן. זיי האָבן נאָך געמוזט פאַרענדיקן אַ וויכטיקן שמועס, אָדער אַן אָנגע־הויבענע דיסקוסיע, און זייערע שטימעס האָבן אָפּגעהילכט ווייט אין דעם פאַרשטילטן אַרום.

שפּעט ביינאַכט איז זלאַטקע מיט שיינע רחלען געגאַנגען אַהיים. זלאַטקע איז געווען באַרוישט און אָפּגעפרישט, ווי איינער, וואָס האָט זיך אָפּגעטונקט אין אַ שטאַרקע ים־כוואַליע, אין אַ הייסן, זומערדיקן טאָג. פון גרויס געפיל האָט זי איצט נישט געוואָלט ריידן מיט איר חברטע. ביי זיי אין צימער, פאַרן שלאָפן גיין, האָט שיינע רחל צו איר געזאָגט:

— איר ווייסט, איך האָב שוין איבערגעגעבן וועגן אייך. אין גיכן וועט איר אַריינגענומען ווערן אין אָרגאַניזאַציע.

— אָה! — האָט זלאַטקע זיך אַ כאַפּ געטאָן. זי האָט שוין אַזוי אויסגעקוקט אויף דער מינוט, און איצט האָט זי מיט אַמאָל גענומען צווייפלען אין זיך. צי זי איז שוין גענוג צוגעגרייט אַז מען זאָל איר קענען פאַרטרויען אַ פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט. נאָר צו שיינע רחלען האָט זי גאָרנישט געזאָגט.

*
**

אויף מאָרגן פאַרנאַכט, ווי נאָר זלאַטקע איז געקומען אַהיים און האָט אָפּגעגעסן וועטשערע, איז זי אַריין צו זיך אין צימער. זי האָט אַרויסגענומען שרייב־געצייג און זיך געזעצט שרייבן אַ בריוו צו איר געליבטן, צו זאַוולען:

„צו מיין פיל געליבטן און געטרייען חבר זאַוול", — האָט זי אָנגעהויבן. — אַז איך וואָלט קענען דיר אַלץ דערציילען וואָס ביי מיר אויפן האַרצן, וואָלט נישט געסטאַיעט קיין טינט און נישט קיין פּאַפּיר".

און זי האָט אים געשריבן וואָס זי האָט אַלץ געזען אויף דער אַר־בעטער בירזשע. די גרויסע מאַסן אַרבעטער, אמתע פּראָלעטאַריער, וואָס אין דערהיים האָבן זיי נאָר פון דעם געחלומט, שפּאַצירנדיק צו־זאַמען אין די לבנה־נעכט. און זי האָט אים געשריבן ווי גליקלעך זי איז וואָס זי איז אַהער געקומען, און וועגן אירע נייע חברים, די מאַטע־סעס משפּחה, וואָס זיי זיינען טייערע מענטשן.

זלאַטקע האָט געפּלאַנט אים שרייבן אַ גרויסן בריוו, נאָר צוליב קאָנספּיראַציע האָט זי נישט געוואוסט וואָס זי זאָל יאָ שרייבן און וואָס נישט. זי האָט געשריבן און געמעקט און ס'איז אַרויסגעקומען נישט דאָס וואָס זי האָט געוואָלט. און די בענקשאַפט נאָך זאַוולען איז ביי איר אין יענער מינוט געווען גרויס. צום סוף האָט זי צוגעשריבן אַז זי וואַרט שוין אויף זיין קומען, אַזוי ווי זיי האָבן צווישן זיך אָפּגערעדט, אוןביידע וועלן זיי קעמפן פאַרן אידעאַל.

— קום שנעלער, און איך וועל קענען מינדלעך דיר אַלץ דער־ציילן. — אַזוי האָט זי פאַרענדיקט איר בריוו. אונטערגעשריבן:
„פון מיר, דיין הייס־געליבטע זלאַטקע".

זי האָט אַריינגעלייגט דעם בריוו אין אַ קאָנווערט און געבליבן זיצן אַ פאַרקלערטע.

עס איז אַריינגעקומען שיינע רחל. זי האָט עפּעס באַדאַרפט אין צימער און זי איז אַרומגעגאַנגען אויף די שפּיץ פינגער.

— אַנטשולדיקט, איך שטער אייך געוויס. — האָט זי געזאָגט.

— ניין איך האָב שוין געענדיקט דעם בריוו. — האָט זלאַטקע זיך אָפּגערופן. שיינע רחל איז געווען אַ גוטע חברטע, זי איז געווען אין איין עלטער מיט זלאַטקען, נאָר געהאַלטן האָט זי זיך ערנסטער און געזעצטער, און אַז זי האָט וועגן עפּעס גערעדט איז געלעגן זיכערקייט אין איר קול, ווי אַ מענטש אַן אַנטשלאָסענער, וואָס צווייפלט קיינמאָל נישט אין זיך. שיינע רחל האָט ווייניק ביכער געלייענט, נאָר זי האָט געקענט אויפכאַפּן אַ פראַגע מיטן חוש און דערנאָך שוין פון דעם מיט זיכערקייט ריידן. זי האָט געהאַט אַ שמאָל, לענגלעך פּנים און גרויסע שוואַרצע אויגן און די האָר, גלאַט־שוואַרצע, האָט זי פאַר־קעמט מיט אַ שרונט אין מיטן. שטענדיק איז זי געווען אָנגעטאָן אין אַ ווייסע בלוזקעלע מיט אַ לאַנגן ווייסן שניפּס. וועגן שיינע רחלען האָט מען געזאָגט, אַז זי האָט אַן אינטעליגענטישן אויסזען. די בלוז־קעלע האָט אָפּגעצייכנט איר פלאַכע ברוסט, און זלאַטקע האָט די פלאַכ־קייט אירע מקנא געווען.

זלאַטקע האָט איר אייגענעם אויסזען נישט ליב געהאַט. איר מאַט־ווייסער פּנים איז נאָך אַלץ געווען צופיל אויסגערונדיקט. די ליפּן פולע האָבן איר אויסגעקוקט צו רויט, און אירע האָר, די שאַטענע, האָבן זיך צופיל געקרויזט און האָבן נישט געוואָלט איינליגן גלאַט. אַז קיינער איז אין צימער נישט געווען פלעגט זי זיך שטעלן אַנטקעגן שפּיגל און זיך קריטיש באַטראַכטן. זי איז אין כעס געווען אויף אירע פולע, אויסגערונדיקטע גלידער.

— אַזוי ווי אַ קירבעס, קיילעכדיק ! — האָט זי זיך געקרימט אויף זיך אַליין, און געמאַכט גרימאַסעס אין שפּיגל. זי האָט זיך געסטאַרעט צו גיין אַביסל איינגעבויגן, אַז די פולע, הויכע ברוסטן אירע זאָלן זיך נישט אַזוי וואַרפן אין די אויגן.

אויף זלאַטקען איז אַזוי ווי געלעגן נאָך דער שטעמפּל פון נישט־רייפקייט, פון האַלטן אין ווערן. טיף אין זיך האָט זי געחלומט פון שטייגן הויך, פון אָננעמען זיך מיט אַ סך וויסן און ווערן אפשר איינע פון די פירער אין באַוועגונג. נאָר אָפט האָט זי געהאַט ספקות וועגן זיך אַליין און ניט געגלויבט געגוג אין אירע אייגענע כוחות. אינעווייניק אין איר האָבן געלעבט שטימונגען אַלערליי. פון אומרו, פון עפּעס אַ צוזאָגענדיקער פרייד און פון בענקשאַפטן.

אַמאָל שפּעט אין אָוונט, אַז שיינע רחל האָט שוין אין ערגעץ ניט באַדאַרפט גיין, האָט זלאַטקען זיך געוואָלט אַ שמועס טאָן אינטים מיט איר חברטע. עלקע, די אַנדערע טאָכטער מאַטעסעס, די פּע־פּע־עס־ניצע, איז גראָד אין צימער נישט געווען. זי פלעגט קומען אַהיים ווען אַלע זייגען שוין געשלאָפן, און זלאַטקע האָט זיך צוגעזעצט צו שיינע רחלען אויפן בעטל אין איין העמד און מיט פאַנאַנדערגעלאָזענע האָר. איר האָט זיך דעמאָלט געוואָלט עפּענען פאַר איר חברטע דאָס האַרץ,

פאַרטרויען איר אַז זי האָט אַ געליבטן, און אפשר פרעגן ביי איר אויב זי אויך האָט עמעצן, אַ בחור. נאָר שיינע רחל איז געווען קאַרג אויף רייד ווען ס׳איז געקומען צו פּערזענלעכע אינטערעסן, האָט שוין זלאַטקע צוגעשוויגן און זי האָט פאַרקערעוועט דעם שמועס אויף ערנסטערע ענינים און זי האָט גערעדט וועגן דער באַוועגונג און וועגן די ביכער, וואָס זי האָט געלייענט, און שיינע רחל האָט זיך געוואונדערט אויף איר וויסן:

— איר ווייסט, איר אָריענטירט זיך גאַנץ גוט אין אַ פראַגע — האָט זי איר געזאָגט.

כאַשקע, די ווייב מאַטעסעס, האָט געהאַט אַ באַזונדערן, וואַרעמען געפיל פאַר זלאַטקען.

— מען זעט באַלד, אַז זי קומט פון אַ יידישער שטוב. — האָט זיך ביי איר אַרויסגעכאַפּט איינמאָל ביים טיש. נאָר מאַטעס האָט באַלד אויף איר קריטיש אַ קוקגעטאָן, ווי ער וואָלט זאָגן: „וואָס איז דער אונטערשיד, אַ יידישע צי נישט, אַבי אַ מענטש״...

אַ חוץ אירע איבערגעבליבענע פרומקייטן, איז כאַשקע געווען אַ גוטע ווייב און אַ גרויסע באַלעבאָסטע, מיט אַ פּאָר גוטע שטאַרקע הענט. כאַשקע איז געבוירן געוואָרן צו פירן אַ רואיקן, באַלעבאַטישן לעבן, האָט זי גאָר געקראָגן אַ מאַן אַ רעוואָלוציאָנער, און זעלטן ווען זי האָט געהאַט אַ רואיקן טאָג. זי האָט זיך אויף איר דאָליע נישט באַקלאָגט. און אַז מאַטעס איז אַרעסטירט געווען, האָט זי אים געטראָגן טעפּעלעך עסן אין טורמע. און אַז אַ פרעמדער איז געקומען צו זיי אין שטוב אָן אַ רעקאָמענדאַציע, האָט זי געוואוסט, אַז זי דאַרף זיך נישט אַרויסכאַפּן מיט קיין איבעריקן וואָרט. קיין ליכט, פרייטיק־צו־נאַכטס, האָט כאַשקע נישט געבענטשט. נאָר זי האָט עפּעס געטאָן צו איר שטוב און עס האָט יענעם אָוונט דאָרטן אויסגעזען ליכטיקער, אַנדערש ווי אינדערוואָכן. דאָך איז שבת נישט געווען איר טאָג. זלאַטקע האָט דאָס גוט פאַרשטאַנען, און כאַשקע האָט געזען, אַז זי פאַרשטייט. דערפאַר האָט זי דער פרעמדער מיידל שטאַרק ליב באַקומען.
אָט אַזוי איז מיט זלאַטקען געווען אַלץ גוט. נאָר אַמאָל ביינאַכט, אַז זי איז געלעגן וואַך, מיט דעם קאָפּ איינגעגנורעט אין קישן, האָט זי מיט אַ ציטערדיקן האַרץ איבערגעטראַכט פון איר היים. וואָס מאַכן זיי אַלע דאָרטן? וואָס טוט זאַוול? צי בענקט ער נאָך איר, ווי זי בענקט נאָך אים? ווען ס׳איז דאָ אַזאַ שפּאַקטיוו, וואָס מען זאָל קענען זען ווייט, כאָטש אַ קוק טאָן דורכן פענצטער אויף אַלע אירע ליבע און נאָענטע...

# קאַפּיטל אַכט

צו מאַטעסן אין שטוב זיינען אַרייַנגעקומען חברים־בונדיסטן. וויכטיקע רעוואָלוציאָנערע טוער, אַזעלכע וואָס מען האָט נאָר וואָס באַפרייט פון טורמע, וואָס זיינען אָקאָרשט אַנטלאָפן פון סיביר. מאַטעסעס שטוב איז געווען פאַר זיי אָפן. און ביז שפּעט אין דער נאַכט איז מען געזעסן און געשמועסט און דעבאַטירט פראַגעס פון רעוואָלוציע. און זלאַטקע איז געזעסן דערביי און זי האָט די שמועסן געהערט און איר פּנים איז געווען פאַרפלאַמט און די אויגן אירע זיינען געווען ליכטיק. אין יענער צייט איז איינער אַ בחור אָפּט אַרייַנגעקומען צו מאַטעסן אין שטוב. ער איז געווען אַ גאַרבערביים פאַך, אַ וואַלקער, און ער איז געקומען פון דער שטאָט וואַרשע. גערופן האָט מען אים בעניאַמקע.

בעניאַמקע איז נאָך געווען זייער יונג, אינגאַנצן אַ צוויי־דריי און צוואַנציק יאָר. און ער האָט שוין פאַרנומען אַ וויכטיקן אָרט אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע. ער איז געווען איינער פון די טוער אין גרויסן „גאַרבער־בונד". ער האָט אָנגעפירט מיט פּראָפּאַגאַנדע־קרייזלעך און איז געווען פון די וויכטיקע רעדנער אויף געהיימע פאַרזאַמלונגען. עטלעכע מאָל איז שוין בעניאַמקע אין טורמע געזעסן. דאָרטן, אין וואַרשע, האָט די פּאָליציי שוין אים גוט געקענט, און שפּיאָנען האָבן געהיט זיינע טריט. און בעניאַמקע האָט קונציק געקענט זיך אַרויסדרייען פון זייערע הענט, באַהאַלטנדיק זיך אין די גרויסע וואַרשעווער הויפן מיט די צוויי אַרויסגאַנגען. אָבער מער צו באַהאַלטן זיך האָט ער שוין נישט געקענט. איז ער געקומען אַהער אין שטאָט.

ביי מאַטעסן אין שטוב איז ער גיך געוואָרן ווי אַן אייגענער אין דער משפּחה. אַז ער האָט נאָר געעפנט די טיר, האָט שוין כאַשקע זיך געכאַפּט פאַרשפּרייטן אַ טישטוך אויף אַ האַלבן טיש, אַוועקגעשטעלט אַ טעלער מיט צעשניטענע הערינג און ברויט און אַ גלאָז זיסן טיי. און אַזוי פּשוט און היימיש האָט זי צו אים געזאָגט:

— גייט צום טיש, בעניאַמקע, בייסט עפּעס איבער.

ביי בעניאַמקען זיינען די קעשענעס פול געווען מיט ליטעראַטור, אומלעגאַלע בראָשורן און ביכלעך אַלערליי. און אַז ער האָט געקראָגן אַ נייעם נומער פון בונדישן זשורנאַל „דער יידישער אַרבעטער", איז ביי אים דעמאָלט געווען אַ געהויבענע שטימונג. די וויכטיקסטע אַרטיק־

לען פון זשורנאַל האָט ער ליב געהאַט צו לייענען אויפן קול פאַר אַלעמען אין שטוב:

— איר ווילט הערן? — האָט ער זיך געגעבן אַ זעץ־אַוועק ביי שיינע־רחלען אויפן בעטל.

— נאָר נישט אויפן בעטל. איך ערלויב נישט! — האָט שיינע־רחל אויף אים אָנגעשריען

זלאַטקע האָט געהאַט אַן אָנונג, אַז צווישן איר און בעניאָמקען וועבט זיך אַ ליבע. שיינע־רחל, די געזעצטע, די רואיקע, האָט אינגאַנצן זיך געביטן ווען בעניאָמקע איז געקומען. די האַרטלעכע שטריכן פון איר פּנים זיינען מילדער געוואָרן, און אירע שוואַרצע אויגן האָבן אויפגעשיינט מיט אַ וואַרעמען שיין.

מיט דער היימישקייט, וואָס בונדיסטן האָבן איינע צו די אַנדערע געפילט, איז זלאַטקע מיט בעניאָמקען גיך געוואָרן גוטע פריינט. זי האָט אַרויסגעשלעפּט פון זיין קעשענע אַ ביכל, אַ בראָשור, און איז אַוועק צו זיך אויפן בעטל עס לייענען.

— איך גיב עס איך באַלד אָפּ צוריק, — האָט זי געזאָגט. בעניאָמקע האָט געקוקט צו איר מיט זיינע שאַרפע, שמאָלע אויגן. עס האָט אים הנאה געטאָן צו זען ווי זי שלינגט מיט די אויגן די שורות.

— ליטוועצקע! — האָט ער צו איר גערופן.

בעניאָמקע אַליין האָט אויך ליב געהאַט אַ סך צו לייענען. אויסער די סאָציאַליסטישע ביכער האָט ער געלייענט אַ סך פון דער שיינער ליטעראַטור. פון אַלע שרייבער האָט ער פּרצן אַוועקגעשטעלט זייער הויך — פּרץ, וואָס האָט מיט זיין שרייבן דערהויבן דעם פאַריאָכטן, געוועקט דאָס שיינע און שטאָלצע אין מענטשן. בעניאָמקע, דעם סאָציאַליסט, איז אייגן געווען פּרצעס בונטאַרישקייט אַנטקעגן אַלץ, וואָס איז איינגעפונדעוועט און אָפּגעלעבט. יעדן מאָל האָט ער געבראַכט אַ נייע שריפט צו מאַטעסן אין שטוב און ער איז צוגעשטאַנען צו די מיידלעך, שיינע־רחלען און זלאַטקען, אַז זיי זאָלן עס לייענען.

און די מיידלעך האָבן געלייענט. אונטער די נישט־דערזאָגטע ווערטער זיינען טיפע כוונות געלעגן באַהאַלטן, און בעניאָמקע האָט זיך געגרונטעוועט און פאַרטייטשט די שווערע ערטער, ווי אַ פרומער ייד גרונטעוועט זיך אין אַ שווערער גמרא.

— די פינטעלעך, די פינטעלעך פּרצעס... — האָט זלאַטקע געקנייטשט דעם שטערן.

— טאַקע וואָס באַדייטן די פינטעלעך? — האָט אויך שיינע־רחל געוואָלט וויסן.

— הערסטאָך, אין דעם ליגט דער גאַנצער סוד! — האָט בעניאָמקע זיי געענטפערט מיט אַ וואַזשנער מינע. און ער האָט גענומען דעם בוך אין זיינע הענט.

די טיר פון מיידלשן צימער איז שטענדיק געווען אָפן. און מאַ־טעס, אַז ער האָט נאָר געהאַט צייט, איז ער אויך אַריינגעקומען אַהער אויף אַ שמועס מיט בעניאָמקען. און כאַשקע האָט אַריינגעבראַכט מיט זיך שטול און אויך זיך צוגעזעצט אַ ביסל זיך אָפּרוען. דעמאָלט האָט בעניאָמקע אַרויסגענומען פון קעשענע אַן אויפגעלייגטן שטיקל פּאַ־פּיר, האָט עס פאַרזיכטיק צענומען. עס איז געווען אַ ליד, פּרצעס. און ווי ער וואָלט עס ספּעציעל אָנגעגרייט פאַר מאַטעסן און כאַשקען, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— איר ווילט עפּעס הערן?

און ער האָט זי אַ זעץ־געטאָן ביי שיינע־רחלען אויפן בעטל; שיינע־רחל האָט נאָר אַ הויב געטאָן מיט די אַקסלען און זי האָט אים פאַרשוויגן, וואָס ער זיצט אויפן בעטל. בעניאָמקע האָט געלייענט:

„עס שלייכט צו אַ שטאָט ביינאַכט אַ שווערד.
נאָר אויפן טורעם דער וועכטער וואַכט. ער הערט.
און בלאָזט טראָמפּייט און שמעטערט מיט מאַכט.
עס ציטערט די נאַכט; דאָס פאָלק דערוואַכט,
דער שונא גייט; דער שונא גייט;
עס פלאַקערט אויף די שלאַכט“.

בעניאָמקע האָט שטרענג אַ קוק געגעבן אויף זיין עולם צוהערער און ער האָט ווייטער געלייענט:

נאָר ווי דעם וועכטער, שפּאָט און שאַנד,
וואָס האָט ביינאַכט זיין אויג פאַרמאַכט.
און האָט דערוואַכט ערשט אין בראַנד.“

דאָ האָט בעניאָמקע צוריק אויפגעלייגט פאַרזיכטיק דאָס פאַר־שריבענע פּאַפּירל און באַהאַלטן עס אין קעשענע; זיינע אויגן האָבן זיך געלויכטן ליכטיק.

און כאַשקע איז דעמאָלט געזעסן דערביי, מיט אירע הענט צונויפ־געלייגט אויפן שויס, און הערנדיק בעניאָמקען לייענען, האָט זי זיך געהאַט אירע אייגענע געדאַנקען. כאַשקע איז נאָר געווען אַן אַלט־מאָ־דישע מאַמע און זי האָט אין האַרצן געוואונטשן, גאָט זאָל געבן און עס זאָל ווערן אַ שידוך צווישן בעניאָמקען און איר עלטסטער טאָכטער, שיינע־רחל, וואָס איר איז שוין געגאַנגען דאָס צוואַנציקסטע יאָר; נאָר קיינמאָל וואָלט זי עס ניט געבראַכט פאַר אירע ליפּן, ניט פאַר מאַטעסן און ניט פאַר שיינע־רחלען אַליין.

מאַטעס און בעניאָמקע זיינען געווען גרויסע פריינט צווישן זיך. זיי האָבן ביידע געווידמעט זייער לעבן צו איין אידעאַל. ביידע זיינען געווען באַהאַוונט אין דעם גאַנג פון געשעענישן אין דער וועלט. מאַטעס

האָט זיין וויסן באַקומען ניט אַזוי פון ביכער, ווי פון האַרטן לעבן. ער האָט זיינע מיינונגען אַרויסגעלייגט געלאַסן און טיפּזיניק. אַ פּאָר בלויע, יונגע אויגן האָבן אַרויסגעקוקט צווישן די סך פיינע קנייטשעלעך פון זיין פּנים; אַ דעמב אַן אַלטער, וואָס האָט שוין איבערגעלעבט אַ סך שטורעמס.

זייער שמועס האָט זיך אָפט געפירט וועגן דער פּאָליטישער לאַגע אין לאַנד. רוסלאַנד איז דעמאָלט געווען פאַרוויקלט אין דער מלחמה מיט יאַפּאַן. עס איז געווען גרינג פאָראויסצוזען, אַז מען וועט די מלחמה פאַרשפּילן. דאָס לאַנד איז אָפּגעשטאַנען, דאָס פּאָלק איז נישט צופרידן, און די זעלבסטהערשנדיקע רעגירונג גייט אויף איר אַלטן רעאַקציאָנערן וועג.

באַלד האָט זייער אינטערעס זיך פאַרקירעוועט צו מערב־אייראָפּע. בעניאָמקע האָט פון קעשענע אַרויסגענומען אַ נומער פון דעם זשורנאַל „יידישער אַרבעטער״.

— איר האָט געלייענט דעם אַרטיקל פון די דייטשע וואַלן? — האָט ער געפרעגט. — נאָך פינף סאָציאַל־דעמאָקראַטישע דעפּוטאַטן זיינען צוגעקומען אין פּאַרלאַמענט.

און לאַנג האָבן זיי גערעדט וועגן דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, וואָס איז אַ מוסטער פאַר אַלע לענדער. מען האָט זיך געפרייט מיט יעדן נייעם צוגעקומענעם דעפּוטאַט אין פּאַרלאַמענט, ווי אַ טראָט נעענטער צו דער רעוואָלוציע, צום סאָציאַליזם.

און זלאַטקע איז געזעסן ביי זיך אויפן בעטל מיט איין פוס אונטער זיך און זיך איינגעהערט צו זייערע רייד. און ס׳איז איר געווען גוט, ווי אַלעמאָל, ווען מען רעדט פון העכערע ענינים. אַלע טאָג האָט זי זיך וועגן נייע זאַכן דערוואוסט. אירע חושים זיינען געוואָרן פאַר־שאַרפט און איר קוק אויף זאַכן — מער פאַרטיפט.

*
* *

ס׳איז געווען אַן אָוונט, ווען קיינער איז אין צימער ניט געווען, אויסער זלאַטקען. שיינע־רחל איז אַוועק צו אַ געהיימער פאַרזאַמלונג. און זלאַטקע האָט זיך צוגעזעצט צום קליין טישעלע, אַרויסגעדרייט ליכטיקער דעם קנייט פון דעם נאַפט־לעמפּל און האָט צעעפנט אַ בוך, „סאָקראַטעס און זיין צייט״, וואָס זי האָט געקראָגן פון דער אומלע־לאַגער ביבליאָטעק. נאָר עפּעס האָט זיך איר היינט ניט געלייענט מיט אַזאַ חשק, ווי אַלעמאָל. אַ שווערע פראַגע האָט געעגבערט איר מוח שוין פון אַ לענגערער צייט, און איצט איז עס איר ווידער געקומען אויפן זינען:

„ווי אַזוי דאַרף זיך פירן אַ רעוואָלוציאָנער אין זיין פערזענלעכן לעבן?״

זי האָט פון אַלע מאָל געוואוסט, אַז אַ רעוואָלוציאָנער דאַרף קענען פאַרבויגן זיינע פערזענלעכע פאַרלאַנגען. ער דאַרף זיך אַליין פאַרהאַרטעווען, אַז קיין שום סענטימענטן זאָלן צו אים ניט צושטיין. און אָט איז בעניאָמקע... בעניאָמקע זאָגט, אַז אַ רעוואָלוציאָנער דאַרף קענען נעמען אַלע שיינקייטן פון לעבן און אַז ער דאַרף פון דעם געניסן שוין, איצט. ער האָט ליב געהאַט הערן גוטע מוזיק און גיין אין טעאַטער. און ניט איינמאָל האָט ער גערופן די מיידלעך, שיינע־רחלען און זלאַטקען, אויך צו גיין אַהין. „אַזאַ אָוונט טאָר מען ניט דורכלאָזן", האָט ער מיט היץ גערעדט. און ביי זלאַטקען איז רעכט געווען צוליב אַ וויכטיקן בוך אַזאַ אָוונט צו פאַרבויגן, און זי האָט גע־זאָגט האַלב־ערנסט און האַלב אין שפּאַס: „נאָך דער רעוואָלוציע וועט זיין אַ צייט צו פאַרברענגען פריילעך".

— ליטוויצקע! — האָט בעניאָמקע זיך מיט איר אַ רייץ־געטאָן — אָפּלייגן אויף שפּעטער? פאַרוואָס עפּעס אָפּלייגן?

בעניאָמקע איז אין זיין פאַך געווען אַ מיוחס. ער איז ניט געווען פון די „נאָסע" גאַרבערס, וואָס דער ריח פון רויע לעדער גייט מיט זיי מיט, וויפל זיי זאָלן זיך ניט וואַשן און סקראָבען. בעניאָמקע איז געווען אַ וואַלקער, וואָס דאָס האָט געהייסן אַ העכערער ראַנג. און געווען איז ער אַ גוטער באַלמעלאָכע אויך, און וועגן קריגן אַ שטעלע האָט ער זיך נישט באַדאַרפט זאָרגן. האָט מיט אים פּאַסירט, אַז שטייענדיק אַזוי ביי דער אַרבעט האָט ער אין מיטן דערינען דערפילט, אַז די ווענט פון דער פאַבריק זיינען אים ענג געוואָרן און עס האָט אים אַ צי געטאָן אין דרויסן. האָט ער אַלץ איבערגעלאָזן, געגעבן אַ טו־אָן דעם רעקל און איז אַרויס אין גאַס. געווען איז ער יענעם טאָג אין שטאָט־גאָרטן, זיך אָנגעשעפּט מיט פרישע לופט, געווען אין ביבליאָטעק, זיך אָנ־געלייענט דאָרטן מיט ביכער. און אַז ער איז פאַרנאַכט געקומען צו מאַטעסן אין שטוב, איז ער געווען אַן אַנדער בעניאָמקע — אַ פריי־לעכער, אויסגעפּוצט מיט אַ שיינעם, העלן שניפּס, מיט אַן אָפענעם ווייסן קאָלנער איבערן רעקל און מיט געפּוצטע קאַמאַשן. שיינע־רחל האָט פאַר דער האַנט אים צוגעפירט נעענטער צום ליכט:

— לאָז נאָר דיך אָנקוקן. דו זעסט דאָך אויס ווי אַ בורזשוי!

יענעם גאַנצן אָוונט איז בעניאָמקע געווען אין אַ געהויבענער שטימונג, און ער האָט גענומען אויסמאָלן פאַר די מיידלעך, ווי אַזוי די צוקונפטיקע אָרדענונג וועט אויסזען. מען וועט דעמאָלט אַרבעטן ניט מער ווי פיר שעה אַ טאָג; און ס'וועט זיין גענוג צייט אויף אַנט־וויקלען זיך, אויף רוען און פאַרברענגען. זיינע אויגן זיינען געוואָרן טרוימעריש און פאַרבענקט, און ער האָט ווי געזען זאַכן ווייט אַריבער די ווענט.

שיינע־רחל האָט געקוקט אויף אים מיט אַנטציקטע און שיינענ־

דיקע אויגן. אַלעמאָל, ווען בעניאָמקע האָט וועגן עפּעס גערעדט, האָט זי אַזוי אויסגעקוקט, אַ פֿאַרליבטע און אַ שיינענדיקע.

צי האָט בעניאָמקע שיינע־רחלען ליב געהאַט? ווער ווייס? אַמאָל האָט זיך געדוכט, אַז ער איז טאַקע אין איר פֿאַרליבט. אַז ער האָט דער־פֿילט אויף זיך איר הייסן בליק, איז ער געוואָרן מילד און נאָכגיביק. אַמאָל, ווידער, האָט ער גאָר איר גענומען קריטיקירן דערפֿאַר, וואָס זי רעדט אַמאָל מיט זיכערקייט וועגן זאַכן, וואָס זי ווייס ניט גענוג. ער האָט איר דעמאָלט אויסגערעדט, אַז זי לייענט ווייניק. שיינע־רחל האָט זיך ניט געלאָזן אַראָפּוואַרפֿן פֿון אים, און זי האָט באַלד אים אַ זאָג געטאָן:

— און דו ווייסט שוין אַלץ? — און זי איז שוין געווען מיט אים קווית.

אַמאָל האָט בעניאָמקע זיך פֿאַרקוקט גאָר אויף זלאַטקען. ער האָט אַזוי ווי איר געפֿאָרשט מיט זיינע שמאָלע, שאַרפֿע אויגן. די זלאַטקע, וועלכע איז קיינמאָל ניט געווען צופֿרידן מיט זיך. זי האָט געשטרעבט צו לערנען און וויסן. און וואָס מער זי האָט געלייענט, האָט זי אַלץ מער געזען, אַז עס איז ניט גענוג. און דערפֿאַר איר ניט־גלויבן אין זיך. די לעצטע צייט זיינען איר צוגעקומען נאָך אַנדערע געדאַנקען. זי האָט געטראַכט פֿון שיינע־רחלען: „עס מוז זיין גוט צו האָבן אַזאַ גע־ליבטן, ווי בעניאָמקע, אַז מען זאָל קענען אַרויפֿקוקן צו אים"...

זלאַטקע האָט נאָך זאַוועלן שטאַרק געבענקט. פֿונדעסטוועגן האָט זי שוין ניט איין מאָל אין געדאַנק געמאַכט אַ פֿאַרגלייך צווישן אים און בעניאָמקען. — „ס'איז נאָך ווייט צו דעם, אַז זאַוול זאָל דערגרייכן צו אַזאַ הויכן שטאַפּל", — האָט זי ביי זיך געטראַכט, — „ס'איז ווייט, ווי טאָג צו נאַכט"...

בעניאָמקע האָט אַמאָל דערציילט פֿון זיינע שווערע קינדערשע יאָרן. זיין היים איז געווען די אָרעמסטע פֿון די אָרעמע. מיט קינ־דערלעך אַ סך. דער טאַטע איז געווען מער אין חסידים־שטיבל, ווי אין דער היים. און ער, בעניאָמקע, האָט געהאָלפֿן דער מאַמען טראָגן דעם יאָך פֿון שטוב. ער האָט פֿון זיך אַליין אויסגעלערנט זיך יידיש לייענען, און פֿון דעמאָלט־אָן האָט ער געשלונגען ביכער, וואָס זיינען אים נאָר אַריינגעפֿאַלן אין האַנט, אָן אַ שום סדר. שפּעטער האָט דאָס געלייענטע ביי אים אין קאָפּ ווי פֿון זיך אַליין אויסגעלייגט זיך אין גוטער אָרדענונג. און בעניאָמקע האָט געהאַט אַ געפֿיל פֿאַר אַלץ, וואָס איז שיין און דערהויבן. ער האָט אַפֿילו די אויסשפּראַך זיינע, די טיף־פּוילישע, איבערגעמאַכט, אַז ס'זאָל קלינגען שענער. און טאָ־מער האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַן „ענקער" און „אינען", האָט ער דאָס באַלד אַליין אויסגעבעסערט.

— ער איז עפּעס פֿון אַן אַנדער מאַטעריאַל, דער בעניאָמקע —

ער איז אי אַרבעטער, אי אינטעליגענט; אַזאַ סאָרט מענטשן האָט זלאַטקע נאָך קיין מאָל ניט געזען. און זאַוול? אים קען מען צו קיי־נעם ניט פאַרגלייכן. זאַוול איז אַנדערש — ער איז איר געליבטער; ער איז אַזוי ווי אַ טייל פון איר יוזן.

# קאַפּיטל ניין

טעג, פול מיט פאַרכאַפּנדיקן אינטערעס האָבן זיך אָנגעהויבן פאַר זלאַטקען. זי איז שוין אַריינגענומען געוואָרן אין דער אָרגאַניזאַציע און זי איז באַלד צוגעצויגן געוואָרן צו דער אַרבעט פון „צענטער", וואָס איז צונויפגעשטעלט געווען פון פאָרשטייער פון עטלעכע פאַכן צוזאַמען. די זיצונג פון „צענטער" איז געווען אין איינער פון די שמאָלע געסלעך אין כאַנאַיקעס, אויף אַ בוידעם־שטיבל. איינציקווייז, אייג־ציקווייז איז מען געגאַנגען אַהער; פריער זיך אומקוקנדיק גוט, אויב קיין שפּיאָנען גייען ניט נאָך. אַ יידענע אַן אַלטע, אין אַן אַלטן, געלן שייטל, האָט איר קאַמער פאַרדונגען פאַר דעם אָוונט. און אַז אַלע זיינען זיך צונויפגעקומען, איז זי אַוועק אונטערן גרויסן ציגלנעם אויוון און זיך דאָרטן געפּאָרעט מיט אירער אַן אַרבעט.

געווען זיינען דאָ אַלץ יונגע בחורים און מיידלעך, אומדערשראָ־קענע און אויסגעפּרואווטע קעמפער, און זלאַטקען איז געווען גוט צו זיין צווישן אַזאַ געהויבענער קאָמפּאַניע. ביים טריבן שיין פון נאָפט־לעמפּל, אַרום אַ הינקעדיקן טישל, זיינען גרויסע זאַכן באַשלאָסן גע־וואָרן. און דאָ האָט זלאַטקע צום ערשטן מאָל נאָענט געזען דעם פאָר־שטייער פון קאָמיטעט. פאַר איר האָט דאָס וואָרט „קאָמיטעט" גע־קלונגען גרויס און מעכטיק. ערגעץ־וואו, אונטערערדיש זיצן זיי, די פירער פון קאָמיטעט, און זיי האָבן צו זאָגן איבער דער גאַנצער שטאָט.

חיים, דער פאָרשטייער פון קאָמיטעט, האָט גאָר אויסגעזען ווי עפּעס אַ באַלעבאַטישער ייִד. אַ ברייטלעכער און ניט קיין הויכער, מיט אַ פעסטער, עקשנותדיקער קין, און זיינע אויגן, קליינע און דורכ־דרינגענדיקע, האָבן קלוג געקוקט פון הינטער אַ ברייטן שטערן. ער האָט געטראָגן אַ הארטן קאַפּעליוש אויפן קאָפּ, זיין מאַנטל איז געווען אויסגעריבן. מען האָט אים אַפילו געקענט אָננעמען פאַר עפּעס אַ סוחר, וואָס האַוועט שטענדיק וועגן פּרנסה. און זלאַטקע האָט שוין אַ טראַכט געטאָן, אַז דאָס האָט ער זיך אַזוי פאַרשטעלט צוליב קאָנספּיראַציע...

אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע איז חיים געווען באַוואוסט פאַר אַ גרויסן פּראַקטיקער. איז ערגעץ אין שטאָט די אַרבעט געגאַנגען ניט גלאַט, צי מען האָט אַרעסטירט די בעסטע טוער, און די פאַרבינדונגען

מיט אַנדערע שטעט זיינען איבערגעריסן געוואָרן, האָט מען באַלד חיימען געשיקט אַהין. ער האָט פאַרקניפּט די איבערגעריסענע פעדים און ווי אַ גוטער מעכאַניק האָט ער צוריק איינגעשטעלט דעם אַפּאַראַט און די אַרבעט איז ווידער אַוועק גוט. חיימס געדאַנק איז געווען, אַז אַ רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע מוז האָבן דיסציפּלין. אַזוי אין דער אַרבעט, אַזוי אין געדאַנק. און טאַמער האָט עמעצער וועגן אַ פראַגע זיך צופיל פאַררעדט, פאַרגאַנגען אָן אַ זייט, האָט באַלד חיים אים אָפּגעשטעלט:

— נאָר צום פּונקט, חבר. קאָנקרעט, וואָס איז אייער מיינונג?

און חיים האָט געהאַט אַ טבע, אַז ווען אַלע האָבן וועגן עפּעס דיס־קוטירט און זיך געקאָכט, האָט ער אַליין ווייניק גערעדט, און די פּאָר ווערטער, וואָס ער האָט יאָ אַריינגעוואָרפן, האָבן געטראָגן מיט זיך וואָג. אַזוי איז ער איצט געווען דאָ, ביי דער זיצונג. לויט דעם באַריכט פון די טוער, איז געווען צו זען, אַז די אַרבעט גייט גוט. עס וואַקסט די רעוואָלוציאָנערע שטימונג אין שטאָט, אָן אַ שיעור בונדישע קרייז־לעך און „סכאָדקעס" זיינען אויסגעשפּרייט איבער דער שטאָט, ווי אַ נעץ. עס זיינען שוין באַלד נישטאָ קיין פאַכן ניט קיין אָרגאַניזירטע.

איין פראַגע נאָר, אַ שווערע און אַן אָנגעווייטיקטע, איז געבליבן הענגען אין דער לופטן: וואָס הערט זיך וועגן די קריסטלעכע אַר־בעטער?

די קריסטלעכע אַרבעטער פון די גרויסע פאַבריקן, גראָד זיי זיי־נען ניט רעוואָלוציאָנער, זיי איילן זיך ניט צום קאַמף. עס קומט אָן מיט גרויסע צרות ביז מען נעמט זיי אַראָפּ אויף אַ סטרייק.

עס האָט גערעדט בענצל דער סטאָליער. אַ יונג אַ היציקער, מיט אַ קאָפּ געלע, געקרייזלטע האָר. ער האָט געהאַט אַ פּלאַן ווי צוצו־קומען צו אַ געוויסער פאַבריק מיט קריסטלעכע אַרבעטער — פּשוט אַריינרייסן זיך אַהין מיט געוואַלט, פאַרמאַכן אַלע טירן פון דער פאַבריק, אָפּשטעלן די אַרבעט און ריידן צו זיי.

— איך אַליין נעם זיך אונטער רעדן צו זיי! — האָט בענצל זיך אָפּגערופן. און ס'איז געווען ווי ער וואָלט מיט זיין אייגענעם גוף וועלן דורכברעכן די גלייכגילטיקייט פון יענע אַרבעטער.

און חיים האָט געקוקט אויף אים מיט אויגן וואַך און קלוג, און ער האָט געזאָגט:

— דו ביזט אַ וואוילער יאַט, בענצל. נאָר באַטראַכט זיך פריער גוט, אויב מיט דעם וועג וועלן מיר די אַרבעטער געווינען אויף אונזער זייט. כ'האָב מורא, אַז ניט.

זיין קול האָט דעמאָלט געקלונגען פאָטערלעך, געטריי.

די זיצונג איז שוין געווען צום סוף, און די יידענע אונטערן אויוון האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ אין געלן שייטל, צו זען אויב זי מעג

שוין אַרויס פון איר באַהעלטעניש. נאָר קיינעם האָט זיך נישט געגלוסט צו גיין אַהיים. עס האָט זיך יעדן איינעם געוואָלט נאָך אַ שמועס טאָן מיט חיימען, אויפכאַפּן זיינעם אַ בליציקן איינפאַל, אַ שאַרפן ווערטל. און ווער איז נאָך געווען אַזאַ מבין אויף אַ גוטן וויץ, ווי ער. זיין קלוג אויג האָט דעמאָלט לוסטיק זיך צעשפּילט. חברה האָט ליב געהאַט אַ שטיף צו טאָן מיט אים:

— אייער מאַנטל, חיים, דער פּאַלטאָ. איר ווייסט, עס גייט שוין צו זומער.

— טאַקע, אַן אמת. — האָט חיים אַ נעם געטאָן אין האַנט זיין מאַנטל. — איך פּיל טאַקע ס'איז מיר עפּעס צו שווער אויפן פּלייצע.

וועגן חיימען האָט מען דערציילט, אַז ער האָט געלערנט אין דער וואָלאָזשינער ישיבה, און זיין טאַטע־מאַמע האָבן געהאָפּט, אַז פון אים וועט אַרויסקומען אַ רב, געלעבט האָט ער איצט נאָר צווישן די אַרבעטער. ער איז געווען אויסגעבונדן מיט די איינוואוינער פון כאַנאַיקעס און די פּיאַסקעס, און ניט איין מאָל האָט ער אין אַזאַ שטוב איבערגענעכטיקט אויף אַ קאַנאַפּע, ווייל זיין אייגענע דירה האָבן שפּיאָנען שוין געהיט. חיים איז אַזוי ווי אויסגעפורעמט געווען נאָר צו דינען דער באַוועגונג. אַ שטיק גויישע וואורשט מיט ברויט איז געווען זיין עסן. אין יעדער שטאָט, וואו ער איז געקומען, האָט ער געהאַט אַן אַנדער נאָמען. אין וואַרשע האָט ער געהייסן סאַמואיל, אין ווילנע — מאַקס, און אין מינסק — נחמן. און קיינמאָל האָט ער נישט גענעכטיקט מער ווי איין נאַכט אין אַ שטוב. כדי צו פאַרפירן די פּאָליציי און זשאַנדאַרן.

צי האָט חיים געהאַט אַ פאַמיליע? עמעצן אַ נאָענטן מענטשן? עס קען זיין, אַז אין רעש פון זיין שטורעמדיקן און פאַנטאַסטישן לעבן האָט ער די זאַך פאַרזען...

אַלע אָוונט איז איצט זלאַטקע געווען פאַרנומען. זי איז געגאַנגען אויף דער „בירזשע", זיך באַגעגנט דאָרטן מיט אירע מענטשן, פון וועלכע זי איז די פאַרשטייערין געווען. זי האָט זיי געטיילט ליטעראַ־טור און אַרויסגערופן ביי זיי פראַגן, אַז זי זאָל זיי קענען דערנאָך פאַר־ענטפערן. איינמאָל אין וואָך האָט זי באַדאַרפט לערנען מיט איר קרייזל. זי האָט זיך צו איר לעקציע געגרייט ערנסט, מיט אַ גרונט, ווי זי האָט עס ליב געהאַט צו טאָן. און מער ווי אַלע מאָל, האָט זי איצט געלערנט פון די ביכער; אויסער פּאָליטישע עקאָנאָמיע האָט מען געדאַרפט דורכגיין: „דער עיקר פון קאָנסטיטוציע", פון לאַסאַלן. מען האָט געדאַרפט וויסן די אַלע פאָרמעס פון פּאַרלאַמענט אין די פרייע לענדער. די פּראָגראַם „מאַקסימום" און מינימום". אַלץ האָט מען געמוזט דורכשטודירן.

אַז בעניאָמקע איז אין אַן אָוונט געקומען, האָט ער איר געטראָפן

זיצנדיק איבערגעבויגן איבער אַ בוך. די שווערע שטעלן אין בוך האָט זי פאַרצייכנט אויף אַ שטיקל פּאַפּיר. בעניאָמקע האָט אויף איר גע־קוקט מיט מילדע אויגן; און אַז שיינע־רחל האָט ביי אים עפּעס גע־פרעגט, האָט ער אָנגעוויזן אויף זלאַטקען:

— פרעג ביי איר, ביי דער ליטוויצקע, זי ווייס...

און זלאַטקע איז געקומען צום קרייזל. וואָסערע צען מענטשן זיינען דאָרטן געווען אין דעם ענגן צימער פון דער קאָנספּיראַטיווער קוואַרטיר. זי איז געקומען פול אָנגעפּאַקט מיט וויסן. אַלץ, וואָס זי האָט געלערנט, האָט זי געוואָלט אין אירע לעקציעס אַריינגעבן. אַזוי שעמעוודיק און צוריקגעהאַלטן, האָט זי אָבער דאָ ביים קרייזל באַ־קומען לשון.

און זלאַטקע האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ ווײַלע אין מיטן רעדן און געכאַפּט אַ קוק אויף אירע מענטשן. זיי האָבן אַלע אַרויפגעקוקט צו איר מיט דרך־ארץ, ווי צו זייער לערערין, און איר איז אַזש געוואָרן ניט באַקוועם. זי האָט געזען פאַר זיך פּנימער אָנגעשטרענגטע, וואָס אין זיי האָט אַ געדאַנק שווער זיך דורכגעשלאָגן, ווי אין אַ פאַרוואַק־סענעם וואַלד די שיין פון דער זון. אויגן, וואָס האָבן זיך געראַנגלט מיט זייער מידקייט, און אויגן שוין געלייטערטע מיט דעם אידעאַל, אַז די וועלט פון מאָרגן באַלאַנגט צום פּראָלעטאַריאַט.

יעדע מינוט האָט געקענט אָנקומען פּאָליצײַ און אַלעמען דאָ אַרעסטירן. נאָר דאָס האָט ניט אָפּגעהאַלטן קיינעם פון קומען. דער פאַרלאַנג צו וויסן, צו באַקומען וואָס מער „לערע", איז געווען גרויס. און טאָמער האָט עמעצן גענויגט צום דרעמל און ער האָט צוגעמאַכט די אויגן, האָט באַלד אַן אַנדערער יענעם אַ שטורך־געטאָן אין זייט: „וואָס פאַר אַ שלאָפן דיר איצט דאָ, אין מיטן דערינען".

און זלאַטקע איז דערנאָך געקומען אַהיים זייער אַ געהויבענע. זי האָט אין שטוב מיט קיינעם ניט גערעדט און באַלד זיך געלייגט שלאָפן. זי האָט צוגעמאַכט די אויגן און געטראַכט ווי וואונדערלעך איר לעבן האָט זיך צונויפגעלייגט. און דעמאָלט איז געקומען צו איר אַ פאַנטאַזיע, ווי זי איז שוין געשטיגן אין דער אָרגאַניזאַציע; זי איז אַריינגענומען געוואָרן אין קאָמיטעט און געוואָרן דאָרטן איינע פון די פירער.

באַלד האָט זי זיך פאָרגעשטעלט, אַז עס איז שוין די צייט פון דער רעוואָלוציע. זי האָט געזען באַריקאַדן אויפגעשטעלט אין די גאַסן; זי האָט געהערט שיסערייען; עס פאַלן מענטשן פון ביידע לאַגערן; זי, זלאַטקע, שטייט הויך אויף אַ באַריקאַדע, די רויטע פאָן אין האַנט און זי האַלט אַ פייערדיקע רעדע צו די חברים־קעמפער...

*
**

פון זאַוולען איז איר אָנגעקומען אַ בריוו.

„צו מיין פיל געליבטער און געטרייסטער זלאַטקען״, — האָט ער געשריבן. — „איך קען דיר מיטטיילן, אַז איך בין פאָלקאָם געזונט. די נאַטור זאָל געבן דאָס זעלביקע פון דיר צו הערן״.

ער האָט אויך געשריבן וועגן זיין גרויסער בענקשאַפט צו איר, און ווי ער גייט איינער אַליין איבער די אַלע געסלעך און וועגעלעך, וואו זיי האָבן ביידע צוזאַמען שפּאַצירט. און נישטאָ לעבן אים זיין זלאַטקע, אַז ער זאָל זיך קענען איינקוקן אין איר שיינעם פּנים. דער־נאָך האָט ער געשריבן וועגן דער אַרבעט אין דער אָרגאַניזאַציע דאָרטן, און אַז זיי פּראָגרעסירן פון טאָג צו טאָג און אַז אַלע חברים בענקען שטאַרק נאָך איר. און אפשר איז טאַקע אַ פּלאַן, אַז זי זאָל זיך גוט באַדענקען און קומען צופאָרן צוריק אַהיים.

דער בריוו זאַוולס האָט זלאַטקען שטאַרק צערודערט. ער שרייבט, אַז ער וועט אפשר זיין קומען אַהער אָפּלייגן דערוויל. דאָס האַרץ האָט איר געזאָגט, אַז ער וועט איינגאַנצן ניט קומען אַהער. ער האָט געזאָגט אַ תּירוץ, אַז דער באַלעבאָס זיינער לאָזט אים ניט פאָרן. זאַוול איז ניט דער מענטש, ער זאָל זיך רעכענען מיט אַ באַלעבאָס. דער אמת איז, אַז ער וויל גאָר, זי זאָל קומען צוריק אַהיים, און ביידע זאָלן זיי פאַרבלייבן וואוינען אין קליינעם שטעטל. עס איז מאָדנע, ווי זאַוול, דער מוטיקער, דער געוואַגטער, האָט עפּעס אַ ווידערווילן צו דער גרויסער שטאָט. ער האָט נאָך אַמאָל אין דער היים געגעבן איר אָנצוהערעניש אויף דעם.

עס איז געווען פאַרנאַכט ווען זלאַטקע האָט געקראָגן דעם בריוו. זי האָט אָפּגעגעסן וועטשערע און איז אַריין צו זיך אין צימער, און זיצנדיק אויפן בעטל האָט זי זיין בריוו איבערגעלייענט נאָך אַמאָל. זי האָט באַמערקט, אַז אין דער שורה, וואו עס האָט באַדאַרפט שטיין „גאָט זאָל געבן״, איז דאָס וואָרט „גאָט״ אויסגעמעקט געווען. אָנשטאָט דעם איז געווען אָנגעשריבן „נאַטור״, די נאַטור זאָל געבן״.

זלאַטקע איז פון דעם געווען זייער צופרידן: ער פּראָגרעסירט, זאַוול. זי אַליין האָט אַ לאַנגע צייט נאָך געדאַרפט ראַנגלען זיך מיט איר איינגעבוירענער פרומקייט. זי האָט זיך דערמאָנט פון דער ערשטער פאַרזאַמלונג אין וואַלד. דער רעדנער האָט דאָרטן גערעדט שלעכטס וועגן גאָט, און ווי זי האָט פון דעם געליטן. און אַפילו שפּעטער, ווען זי איז שוין אַריינגענומען געוואָרן אין דער אָרגאַניזאַציע, איז זי נאָך אַ לאַנגע צייט ניט געווען אין גאַנצן פריי. פרייטיק־צו־נאַכטס, אַז זי האָט מיט די חברים שפּאַצירט הינטערן שטאָט און זי האָט

געזעסן ווי אַ בחור האַלט אַן אָנגעצונדענעם פּאַפּיראָס אין אַרבל, האָט זי דאָס ניט געקענט פאַרליידן, און זי האָט אָפּגעדרייט דעם קאָפּ.

זלאַטקע האָט אַ לאַך געטאָן צו זיך אַליין פון אירע שוואַכקייטן. זי איז אַראָפּ פון בעטל. זי האָט באַשלאָסן, זי וועט שרייבן זאַוולען, אַז וועגן איר פאָרן צוריק אין שטעטל איז נישטאָ וואָס צו רעדן. זי וועט אים איבעררעדן, און ער וועט מוזן קומען אַהער. ער האָט איר דאָ אויסגעפעלט, זאַוול. איר האָט געפעלט זיין נאָענטקייט און די שטאַרקע ליבע זיינע.

***

אין דעם רעסטאָראַן פון „הימישע מאָלצייטן״, ניט ווייט פון סוראַזשער גאַס, איז מיטאָג־צייט דאָרטן געווען זייער לעבעדיק און רוישיק. בונדישע טוער און טוער פון אַנדערע פּאַרטייען האָבן דאָרטן געגעסן זייער מיטאָג. אַלע טישלעך פון ליכטיקן, געראַמען צימער זיינען אין יענער שעה געווען באַזעצט מיט מענטשן. זלאַטקע איז דאָ אויך געווען. זי איז געזעסן ביי איין טישל מיט שיינע־רחלען און בענ־יאָמקען. זלאַטקע האָט זיך געפילט מער גרויס־שטאָטיש צו עסן דאָ איר מיטאָג. ניט ווי ביז איצט, ווען זי האָט געבעטן כאַשקען מיט־געבן איר אַ פּעקעלע צו עסן ביי דער אַרבעט אין מאַסטערסקאַיע.

אַ יונג ווייבל, אַ בלאָנדע, מיט אַ פאַרריסן נעזל און אַ פולן, גוט־מוטיקן פנים האָט באַדינט די געסט, צוטראָגנדיק יעדן אייגעם דאָס עסן מיט אַ ברייטן שמייכל. אַנקע האָט זי געהייסן. זי האָט זיך גערעכנט פאַר אַן אייגענעם מענטשן, און פאַרטייאישע טוער האָבן זיך פאַר איר נישט געהיט. האָט ווער־עס־איז געדאַרפט זיך מיט עמעצן טרעפן וועגן אַ וויכטיקן ענין, האָט מען צווישן זיך אָפּגערעדט :

„מירן זיך טרעפן ביי אַנקען״.

חיים, דער פאַרשטעער פון קאָמיטעט, איז אויך אַמאָל אַרייגגע־פאַלן אַהער אויף אַ ווײַלע, אַז ער האָט באַדאַרפט עמעצן נויטיק זען. עלקע, די „פּע־פּע־עסניצע״, שיינע־רחלס שוועסטער, האָט דאָ אויך געגעסן איר מיטאָג. שיינע־רחל האָט זיך מיט איר שוועסטער דאָ באַגעגנט ווי צוויי פרעמדע. אין שטוב ביי מאַטעסן האָט עלקע אויך ווי אַ פרעמדע זיך געהאַלטן. גערעדט מיט איר טאַטע־מאַמע נאָר נויטיקע געציילטע ווערטער. אפילו די דיסקוסיעס האָבן אויפגעהערט, ווען זי איז ביים טיש געזעסן.

עלקע האָט געקעמפט פאַר אַן אומאָפּהענגיקער פוילן. זי איז גע־ווען פאַר איינפירן דעם סאָציאַליזם נאָכדעם ווי מען וועט די רוסן פאַרטרייבן פון דער פוילישער ערד. דאָס איז געווען אַ נאַציאָנאַליס־טישע פּראָגראַם, און קיין איין בונדיסט האָט נישט געקענט זיין מיט

דעם איינשטימיק. אין שטוב האָט מען וועגן עלקען גערעדט, אַז זי איז אַוועק צו די „פּע־פּע־עס" צוליב די סך „לערע", וואָס מען האָט דאָרטן ביי זיי געגעבן צו די מיטגלידער. עלקע האָט שוין געקענט גוט פּויליש, לייענען און שרייבן. געווען פֿאַראינטערעסירט אין קולטור־וויסנ־שאַפֿטן און אַסטראָנאָמיע, שטענדיק האָט מען איר געקענט זען מיט אַ גראָבן בוך אונטערן אָרעם, אַ קורץ־געוויקסיקע, מיט דיקלעכע פּיס, אַ קאָפּ שוואַרצע, געדיכטע לאָקען און אויגן גרויסע, שוואַרצע, ערנסטע.

אַהער אין רעסטאָראַן איז זי אָפּט געקומען מיט אַ יונגענמאַן, אַ הויכן, אַ דאַרן, מיט אַ העל־ברוין־בערדל און פּענסנע אויף זיין בערגל־דיקן נאָז. זיי האָבן ביידע ווייניק זיך געמישט מיט דעם איבעריקן עולם, האָבן אפילו געקוקט אויף אַלעמען אַ ביסל פֿון אויבן־אַראָפּ, זלאַטקע האָט אַמאָל אָנגעוויזן שיינע־רחלען:

— „אָט דאָרטן זיצט עלקע, דיין שוועסטער".

אָבער שיינע־רחל האָט נישט געוואָלט אפילו אַ קוק־טאָן אין יענעם ווינקל. זי האָט געהאַט פֿאַר איר שוועסטער נאָר איין וואָרט: „דער וורעד!".

ביי אַ טישל, נישט ווייט וואו זלאַטקע מיט אירע פֿריינט האָבן זיך געפֿונען, האָט געגעסן זיין מיטאָק איינער אַ בחור מיט אַן אויסזען נישט יונג און נישט אַלט, מיט אַ גרויסן, געקרייזלטן קאָפּ, וואָס איז געווען גאָרנישט אין פּראָפּאָרציע מיט זיין קליינעם און דאַרן גוף. זיינע אויגן גרויסע, טרויעריקע, האָבן אַזוי־ווי עפּעס ביי עמעצן גע־מאָנט, געהאַט טענות. דאָס איז געווען דודל, דער פּועלי־ציוניסט, אַן אומרואיקער און אַ נערוועזער, האָט ער שטענדיק געזוכט מיט וועמען צו פֿאַרפֿירן אַ שמועס, זיך געריסן צו אַ דעבאַטע. ער און בעניאָמקע האָבן זיך גוט געקענט, און זייער געשפּרעך האָט זיך אַלעמאָל אָנגעהויבן געמיטלעך.

— וואָס מאַכט עפּעס אַ ייד? — האָט דער ערשטער דודל אָנגע־הויבן.

— אָ, אַ ייד לעבט, מאַטערט זיך. — איז בעניאָמקע נישט געווען ערנסט.

— און איך זאָג, אַז אַ ייד דאַרף קעמפֿן. אָן קאַמף, ברודער, וועסטן גאָרנישט דערגרייכן. — האָט דודל אויך גערעדט אין אַ שפּיי־לעוודיקן טאָן.

— דאָס איז גוט געזאָגט. דודל. דו רעדסט שוין באַלד ווי אַ סאָציאַליסט.

כ׳בין נישט קיין קלענערער סאָציאַליסט, ווי דו. — איז שוין דודל געווען באַליידיקט. — נאָר אונזער קאַמף פֿאַר סאָציאַליזם וועט זיך אָנהויבן דאָרטן, אויף אונזער אייגענעם באָדן.

ער האָט שוין גערעדט פאַרביסן, און אַ הייס פּייערל האָט אַ לייכט־געטאָן אין זיינע גרויסע, שוואַרצע אויגן.

— וואַרט אַ ווײַלע! — האָט בעניאַמקע אים אָפּגעשטעלט. — עס שטייט געשריבן, אַז קעמפן דאַרף מען דאָרטן, וואו מען איז גע־בוירן, וואו מען אַרבעט. צו־וואָס אַנטלויפן ווייט?

— דאָ וויל מען אונז נישט האָבן. אויסראָטן וויל מען אונז. דאָ מאַכט מען אויף אונז פּאָגראָמען.

— איר זעט נאָר פּאָגראָמען. — איז שוין בעניאַמקע געווען ערנסט. — אָבער מיר זעען אויך קאַמף, אָרגאַניזירטן זעלבסטשוץ. האַנט־אין־האַנט מיט די קריסטלעכע אַרבעטער.

אָבער דודל האָט שוין נישט געהערט יענעמס רייד. ער האָט אליין געהאַלטן אין איין ריידן:

— אַלע, אַלע האָבן זיי אונז פּיינט. שטענדיק וועלן זיי אונז פּיינט האָבן, אפילו שפּעטער, נאָך דער רעוואָלוציע...

אין דעם ניגון פון זיין קול איז געלעגן דער טרויער פון אַן איי־ביקן וואָגלער. בעניאַמקע האָט שוין נישט געקענט פאַרטראָגן. ער האָט זיך געגעבן אַ שטעל־אויף:

— אַ סאָציאַליסט רעדט נישט אַזוי! דו מעגסט זיך שעמען, דודל!

איצט האָבן זיי בײדע שוין געשריען, געזאָגט זיך איינע די אַנ־דערע ביטערע ווערטער. ס׳איז געוואָרן אַרום זיי אַ רעדל מענטשן. ביז שיינע־רחל האָט זיי בײדן צענומען:

— קום, בעניאַמקע, ס׳איז אַ שאָד די רייד, זיי וועט מען שוין נישט איבערמאַכן...

זלאַטקע איז נאָך אַזעלכע דיסקוסיעס אַוועק פון דאָרטן אַ צו־ערגערטע. עס איז איר נאָך אַלץ שווער געווען צו פאַנאַנדערקלייבן זיך אין די דינקייטן און ליניעס, וואָס עס טיילן־אָפּ דעם „בונד“ פון די אַנדערע פּאַרטייען, די „פּע־פּע־עס“, די פּועלי־ציון, סאָציאַליסטן־ רע־וואָלוציאָנערן. צי אַנאַרכיסטן. דעם אמת גערעדט, האָט זי אין געדאַנק נישט געקענט דערלאָזן, אַז אַן אַנדער פּאַרטיי, אויסער דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער, אויסער דעם „בונד“, זאָל זיין אמתדיק און גערעכט. אַ יידישער סאָציאַליסט איז קיין סאָציאַליסט נישט, אויב ער באַלאַנגט נישט צום „בונד“, אַזוי האָט זי פעסט געגלויבט. און זי האָט זיך מיט איר פּאַרטיי געגרויסט, און שטאָלץ האָבן איר געקלונגען די ווערטער: „דער יידישער אַרבעטער בונד — דער איינציקער פאָרשטייער פון יידישן פּראָלעטאַריאַט“...

יעדער אָפּנויג פון די בונדישע אמתן איז געווען אין אירע אויגן אַ פאַרשווועכונג אַנטקעגן סאָציאַליסטישן אידעאַל. און זי האָט אָפּט באַדויערט יענע מענטשן פון די אַנדערע פּאַרטייען, וואָס זיינען אַוועק אויף קרומע וועגן. ווען זיי אַמאָל עפענען די אויגן, דערזען דעם אמת ? . . .

## קאַפּיטל צען.

עס איז געווען אין איינעם אַ בייטאָג. זלאַטקע איז געזעסן אין רעסטאָראַן, געגעסן איר מיטאָג; האָט זי דאָרטן געזען, ווי צוויי מענטשן שטייען פון דער ווייטן, ריידן צווישן זיך און ווייזן־אָן אויף איר. איינער איז געווען חיים, דער פאַרשטייער פון קאָמיטעט, דעם אַנדערן האָט זי נישט געקענט. ער איז געווען אַ הויכער בחור, מיט העל־ברוינע האָר, אָנגעטאָן איז ער געווען אין אַ רוסישער רובאַשקע און אי־בער די אַקסלען אַ סטודענטישן רעקל.ביידע זיינען דערנאָך צוגעגאַנגען צו זלאַטקען, און חיים האָט איר געזאָגט:

— דאָס איז ליאָוואַ. ער דאַרף מיט אייך וועגן עפּעס ריידן.

חיים איז באַלד אַוועק פון זיי, און זלאַטקע איז געבליבן שטיין אַנטקעגן דעם פרעמדן בחור אַ ביסל אַ צעטומלטע.

— איר הייסט זלאַטקע. חיים האָט מיר געזאָגט — האָט ליאָוואַ צו איר געשמייכלט, ווי ער וואָלט שוין איר געקענט פון לאַנג.

— וועגן וואָס ווילט איר מיט מיר ריידן? — האָט זלאַטקע אויך שוין נישט־ווילנדיק געשמייכלט.

ליאָוואַ האָט געמאַכט נידעריקער זיין קול:

— נישט דאָ קענען מיר ריידן. אויב איר וועט צייט האָבן, היינט פאַרנאַכט.

אויב עס איז נויטיק, וועט שוין זיין צייט.

— יע, ס׳איז נויטיק ס׳איז וועגן אַן אַרבעט, וואָס איר דאַרפט טאָן פאַרן קאָמיטעט. — האָט ליאָוואַ אַרויסגערעדט זייער שטיל.

זלאַטקע האָט נישט געפרעגט קיין פראַגעס. אַז דער קאָמיטעט האָט געהייסן, איז נישטאָ וואָס צו ריידן. זיי האָבן זיך באַשטעלט וואו צו טרעפן, טאַקע ביי אים, ביי ליאָוואַן, אין שטוב. און ער האָט איר פאַנאַנדערגעזאָגט ווי אַזוי צו קומען אַהין, און זיי האָבן זיך צעזעגנט.

יענעם גאַנצן טאָג איז זלאַטקע געווען צורודערט. דער קאָמיטעט האָט איר אויסדערוויילט צו טאָן אַ וויכטיקע אַרבעט. זי האָט זיך דער־פילט געהויבן. פאַר אירע אויגן האָט זיך נאָך אַלץ געמינעט די גע־שטאַלט פון דעם בחור ליאָוואַ. הויך־געוואַקסן און מיט אַ בויגעוודיקן גאַנג, און זיינע אויגן, געדענקט זי, זיינען פון אַ ליכטיקן בלוי און שמייכלענדיקע.

פאַרנאַכט, נאָך דער אַרבעט, איז זי שוין געשטאַנען לעבן זיין שטוב, פונקט צו דער מינוט, ווי זיי האָבן אָפּגערעדט. עס איז געווען אַ גרויסע גבירישע הויז, ליאָוואַס היים, אין איינער פון די שענסטע גאַסן. אַ דינסט־מיידל אין אַ ווייסן פאַרטוך האָט פאַר איר געעפנט די טיר. ליאָוואַ איז באַלד אַרויסגעקומען צו איר. ער האָט פאַר דער האַנט איר אַריינגעפירט צו זיך אין צימער, געזעצט זיך מיט איר אויף אַ סאָפּ־קעלע.

דאָ וועט אונז קיינער נישט שטערן. — האָט ליאָוואַ געזאָגט.

באַלד האָבן זיי שוין גערעדט וועגן דער אַרבעט, וואָס זלאַטקע וועט דאַרפן טאָן. ער וועט איר יעדן מאָל געבן אַ פּעקל פּראָקלאַמאַציעס און אַנדערע אומלעגאַלע שריפטן, און זי, זלאַטקע, וועט עס דאַרפן צעפירן אין געוויסע שטעט פאַר די בונדישע אָרגאַניזאַציעס.

— איר וועט דאַרפן יעדעס מאָל פאָרן אין אַן אַנדער שטאָט. — האָט ער איר ערקלערט. — יענע פערזאָן, וואָס האָט אָט די אַרבעט געטאָן, איז אַרעסטירט געוואָרן.

— ווען וועלן מיר אָנהויבן? — האָט זלאַטקע אַ פרעג־געטאָן, שוין גרייט אויסצופירן די שליחות.

ליאָוואַ האָט אַ שמייכל געטאָן:

— איך וועל פריער אייך געבן אינסטרוקציעס ווי מען דאַרף זיך פירן ביי אַזאַ אַרבעט. די גלייכסטע זאַך איז צו פירן די פּראָקלאַמאַ־ציעס אַרומגעוויקלט אַרום זיך, אונטער די קליידער. צום וואָקזאַל איז גוט צו קומען שפּעטלעך, נאָר איבערלאָזן צייט צו קויפן אַ בילעט. דאָרטן אין דער געוויסער שטאָט, אַז איר וועט קומען, וועט אייך שוין אָפּוואַרטן אונזערער אַ מענטש. און ער וועט אייך אַוועקפירן אויף אַ קאָנספּיראַטיווער קוואַרטיר.

זלאַטקע איז געווען איינגאַנצן געהער. און ליאָוואַ האָט ווייטער גערעדט:

— און טאָמער וועט מען אייך אַרעסטירן ביים אויספירן די אַר בעט, איז די גלייכסטע זאַך נישט ענטפערן גאָרנישט אויף די פּאָלי־צייאישע פראַגן.

דאָ האָט שוין זלאַטקע זיך באַליידיקט און זי האָט שטרענג אַ קוק־געגעבן אויף אים:

— אַזעלכע זאַכן דאַרף מען מיר נישט זאָגן. איך ווייס ווי צו האַלטן זיך אַנטקעגן פּאָליציי.

— נו, גוט. — האָט ליאָוואַ חבריש אַזוי אַ גלעט־געטאָן איר איבערן אַקסל.

אַ לאַנגע ווײַלע זײַנען זיי נאָך יענעם פאַרנאַכט געזעסן און גע־רעדט. ליאָוואַ האָט איר דערציילט ווי אַזוי די אומלעגאַלע ליטעראַטור ווערט אַריבערגעשמוגלט אַהער פון אויסלאַנד. די חברים פון „בונד“

מאַכן "בלאַט" מיט די קאָנטבאַנדיסטן, וואָס ביי דער גרענעץ. דער גרענעץ ווערט שטאַרק באַוואַכט פון סאָלדאַטן און זשאַנדאַרן, און מען מוז זיי אונטערקויפן. און אַמאָל טרעפט טאַקע, אַז אַ טראַנספּאָרט ליטעראַטור פאַלט־דורך און חברים ווערן דאָרטן אַרעסטירט.

ליאָוואַ האָט וועגן דעם אַלץ געדעדט אַזוי פּשוט און גרינג, ווי אָט די אַרבעט ביים גרענעץ וואָלט גאָר אַ שפּיל פאַר אים געווען, אַן אַוואַנטורע. ער האָט, רעדנדיק, אַ פאַרשאַר־געטאָן די העלע פאַסמעס האָר, וואָס זיינען אים געפאַלן אויפן שטערן, און ער האָט געשמייכלט צו איר מיט די אויגן פון טיפן בלוי.

און זלאַטקען איז געווען גוט צו זיצן מיט אים אַזוי־אָ און ריידן. און עס איז נישט געווען צווישן זיי די פרעמדקייט פון מענטשן, וואָס האָבן זיך אָט ערשט באַקענט.

אין דער זעלבער וואָך האָט שוין זלאַטקע געדאַרפט דורכמאַכן איר ערשטע רייזע. זי איז געזעסן ביי ליאָוואַן אין צימער און געוואַרט. ליאָוואַ האָט פון אַ באַהעלטניש אַרויסגעשלעפּט אַ קעסטל אָנגעפּילט מיט אַלערליי פּאַפּירן. ער האָט פון דאָרטן אַרויסגענומען אַ פּעקל פּראָקלאַמאַציעס, אַ ווײַלע עס אַ בלעטער־געטאָן מיט זיינע לאַנגע, דינע פינגער, און ער האָט איבערגעגעבן זלאַטקען:

— דאָס איז פאַר דער היינטיקער רייזע. — האָט ער צו איר געזאָגט.

ער איז אַרויס פון צימער. זלאַטקע האָט פאַנאַנדערגענומען די דינע פּאַפּירן, וואָס זיינען געדרוקט געוואָרן אין די אונטערערדישע דרוק־קערייען. זי האָט אַ טראַכט־געטאָן וועגן די מענטשן, וואָס טוען אָט־די אַרבעט געטריי, מיט ליבשאַפט, נישט אָנזעענדיק די ליכטיקע וועלט פאַר חדשים גאַנצע. זי האָט באַלד די פּראָקלאַמאַציעס אַרומגעלייגט אַרום איר טאַליע, אויפן הוילן לייב, פאַרשטעלט פון אויבן מיט איר קלייד, האָט זיך דאָס ווייניק אָנגעזען. זי איז געווען אַ ביסל אָנגע־פּעלצט, גראָב און קיילעכדיק, ווי אַ קליינשטעטלדיקע קרעמערקע...

ליאָוואַ איז צוריק אַריינגעקומען. ער איז געווען צופרידן מיט איר, ווי זי האָט איצט אויסגעזען.

— גוט, אַזוי איז גוט. — האָט ער געזאָגט, און איר באַקוקט פון אַלע זייטן.

ער האָט איר אַרויסבאַגלייט צום טיר און זיי האָבן זיך געדריקט די הענט, אָן באַזונדערע רייד, נאָר ערנסט און חבריש.

אין אַ שעה אַרום איז שוין זלאַטקע געזעסן אין וואַגאָן איינאיי־נעם מיט נאָך אַ פּאָר פּאַסאַזשירן. לאַנגזאַם און שלעפעריק האָט זיך דער באַן געצויגן אין דער פינצטערער נאַכט. שלעפעריק איז אויך געווען דער קאָנדוקטאָר מיט זיין אָנגעצונדענער לאָמטערנע אין האַנט, פרעגנדיק ביי יעדן:

„וואָס בילעט ?“.

זלאַטקע האָט געפילט שפּאַנונג, אינאיינעם מיט שרעק. איר האָט זיך געדוכט, ווי פון אַלע ווינקלען אין וואַגאָן לויערן אויף איר פּאַר־טאַיעטע בליקען. דאָס פּאַפּיר אויפן הוילן לייב האָט געשטאָכן, עס איז איר געווען הייס צו אָטעמען. זי האָט געטראַכט פון דער מאַסע־אַרבעטער, וואָס וואַרטן אויף אָט־די שריפטן, ווי דורשטיקע נאָך אַ געטראַנק, און זי האָט געקראָגן מער מוט. די מענטשן אַרום איר אין וואַגאָן האָבן געשמועסט. אַ גראָבע ליכט, צוגעקוועטשמעלצט אויבן אויף אַ פּאָליצע, האָט טונקל געצאַנקט. עס האָט זיך געעפנט די טיר און אַ הויכער, מאַסיווער זשאַנדאַר האָט דורכגעשפּאַצירט דעם וואַגאָן. זי האָט געזען זיין בלויען מונדיר, די שטרענגע, געלע וואָנצעס. זי האָט זיך באַגעגנט מיט דעם קאַלטן בליי פון זיין בליק. דער פאַרהאַסטער צאַרישער פאָרשטייער — באַלד וועט ער צוגיין צו איר; ער איז געקומען נאָך איר — פאַרפאַלן, זי איז גרייט . . .

די האָט צוגעמאַכט די אויגן, געמאַכט זיך שלעפעריק. אַז זי האָט אירע אויגן צוריק געעפנט, איז שוין דער זשאַנדאַר געהאַט פאַר־בייגעגאַנגען. זי האָט נאָר געקענט איצט זען זיין מאַסיוון קאַרק. ער איז שוין געווען ביי דער אַנדערער זייט טיר, אַרויסצוגיין. די שרעק איז געווען אַן אומזיסטע. זי האָט אָפּגעאָטעמט גרינג און האָט גע־שמייכלט צו זיך אַליין: „ס׳וועט זיין וואָס צו דערציילן ליאָוואַן“ . . .

ענדלעך האָט זיך דער באַן אָפּגעשטעלט ביי דער שטאָט, וואו זי האָט באַדאַרפט. עס איז שוין געווען נאָך האַלבער נאַכט. זי איז אַרויס אויף דער פּלאַטפאָרמע. פון די ווייניקע מענטשן דאָרטן האָט זיך אויס־געטיילט אַ מאַן אַ מיטל־יאָריקער. ער איז צוגעגאַנגען צו זלאַטקען:

— ראָזע, וואָס מאַכסטו ?

— לוקסענבורג, — האָט זלאַטקע שטיל געענטפערט.

ער האָט געדונגען אַ דראָזשקע און זיי זיינען ביידע געפאָרן דורך האַלב פינסטערע גאַסן פון שטאָט.

אין אַ ווילע אַרום האָבן זיי זיך שוין געפונען אין אַ שטוב, וואו אַלע זיינען שוין געשלאָפן. זיי זיינען אַריין אין אַ זייטיקן צימער. דער מאַן האָט אָנגעצינדן אַ לאָמפּ און געלאָזן זלאַטקען אַליין. אַז ער איז אַריין צוריק, האָט זי שוין געהאַט אַראָפּגענומען פון זיך די פּראָקלאַ־מאַציעס, וואָס דער מאַן האָט פון איר באַלד צוגענומען.

— איר קענט דאָ איבערנעכטיקן. — האָט ער אָנגעוויזן אויף אַ ווייכער קאַנאַפּע.

ער האָט זיך מיט איר געזעגנט און איז אַרויס פון צימער. זלאַט־קע האָט זיך געלייגט שלאָפן אין די זאַכן. זי האָט אויסגעפלאַנט פאַר־טאָג פאָרן צוריק אַהיים, כדי זי זאָל נאָך קענען אָנקומען פונקט אין מאַסטערסקאַיע צו דער אַרבעט.

אויף מאָרגן פאַרנאַכט איז זלאַטקע געלאָפן אָנזאָגן ליאָוואַן, אַז אַלץ איז דורכגעגאַנגען ווי עס באַדאַרף צו זיין. זי האָט האַסטיק אַן עפן־געטאָן די טיר פון זיין שטוב, שיער נישט אָנגעזאָגט די שמחה צו דער דינסטמיידל, וועלכע האָט אויף איר קרום אַ קוק־געטאָן. אַז זי און ליאָוואַ זיינען שוין געווען אַליין אין צימער, האָט זי אַ געשריי געטאָן:

— ס׳איז אַדורך!

איר פּנים האָט געשטראַלט פון פרייד. ער האָט איר אָנגענומען פאַר ביידע הענט און איר צוגעפירט צום סאָפקעלע:

— נו, דערציילט, דערציילט!

און ביידע האָבן אַ לאַנגע צייט דערפון גערעדט און זיך געפרייט.

פון איצט אָן האָבן זיך אָנגעהויבן נייע צייטן פאַר זלאַטקען. די פריערדיקע אַרבעט פון גיין אויף דער „בירזשע״, אַגיטירן און לער־נען מיט אַ קרייזל האָט זי איצטער געדאַרפט אָפּשטעלן. עס איז נוי־טיק געווען, אַז זי זאָל וואָס ווייניקער זיך זען מיט מענטשן, כדי עס זאָל אויף איר נישט פאַלן קיין חשד. און מיט די נאָענטסטע אירע האָט זי זיך אויך געדאַרפט היטן מיט אַן איבעריקן וואָרט, כדי זיי זאָלן זיך נישט דערוויסן וואָס פאַר אַן אַרבעט זי טוט איצט. אַלץ האָט געמוזט צוגיין שטרענג־קאָנספּיראַטיוו.

אויף אירע רייזעס מיט ליטעראַטור האָט זלאַטקע זיך איבערגע־טאָן, אַמאָל ווי אַ הענדלערקע, מיט אַ קאָשיק סחורה אונטערן אָרעם, און אַמאָל ווי אַ רייכע דאַמע אין אַ שיינער קלייד און מיט אַ שטרויס־פעדער אין הוט. יונגעלייט, וועלכע זיינען געפאָרן מיט איר אין וואַגאָן, האָבן געוואָלט שליסן מיט איר באַקאַנטשאַפט, געבעטן איר אַדרעס, כדי זיי זאָלן זיך אויך ווייטער קענען טרעפן. און זלאַטקען איז אָנגעקומען שווער, ביז זי האָט זיך פון זיי אַרויסגעדרייט.

נישט נאָר ליטעראַטור האָט לאַטקע מיט זיך געפירט, נאָר אויך שווערן דרוק־שריפט. דעמאָלט האָט זי איר „וואַרע״ געהאַלטן אין אַ טשעמאָדאַן. און איינמאָל, ביים אַרויסשטייגן פון וואַגאָן, האָט אַ מאַן, אַ מיטל־יאָריקער, מיט אַן אויסזען פון אַ פּוילישן שליאַכטיץ, זיך אונטערגענומען איר צו העלפן. און ער האָט העפלעך אַרויסגענומען דעם טשעמאָדאַן פון אירע הענט: — „אַז איר וועט מיר דערלויבן — האָט ער געזאָגט אויף פּויליש. זלאַטקע איז אים נאָכגעגאַנגען ווי אַ פאַרמשפּטע. זי איז שוין געווען זיכער, אַז עס איז אַ שפּיאָן. שפּע־טער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז געווען אַ טעות.

אָפטמאָל זיינען די נעכט אין וואַגאָן אומרואיקע געווען. עס זיינען געמאַכט געוואָרן אָבלאַוועס אויף פאַרדעכטיקע פּאַרשוינען, אָדער ווען אַ קאָמפּאַניע קאָטערינשטשיקעס און קאָמעדיאַנטן זיינען געפאָרן. זיי האָבן צווישן זיך געשפּילט אין קאָרטן, געליאַרעמט און זיך גע־קריגט. און אַמאָל האָט אָט־די חברה נייגעריק אַ וואָרף־געטאָן אַן

אויג אויף איר זייט. זלאַטקע איז דעמאָלט געזעסן איינגענורעט אין זיך און געמאַכט זיך שלאָפנדיק. זי האָט דאָס אַלץ אָנגענומען פאַר ליב. זי האָט געוואוסט, אַז דאָס לעבן פון אַ רעוואָלוציאָנער איז אַ האַרטער און אַ שווערער.

קיינמאָל האָט זי ניט געפילט אויסגעשעפּט פון די כוחות. זי האָט געקענט אַ גאַנצע נאַכט אַרומפאָרן און אויף מאָרגן אין דער פרי קומען אין מאַסטערסקאַיע, ווי גאָרנישט האָט פּאַסירט. אַמאָל האָט זי געדאַרפט דורכלאָזן אַ האַלבן טאָג און גאָרניט קומען. די באַלע־באָסטע איז געווען אין כעס — זי דאַרף ניט האָבן קיין פּריצטעס, נאָר מיידלעך, וואָס קומען צו דער אַרבעט אין צייט. זי האָט זלאַטקען גע־סטראַשעט, אַז זי וועט איר אָפּזאָגן פון דער אַרבעט. און זלאַטקע האָט ביי זיך געטראַכט מיט אַ גרינגן האַרצן:

„האָב איך אַ זאָרג. איך וועל קריגן אַן אַנדער מאַסטערסקאַיע".

און אין אָוונט איז זי שוין געזעסן ביי ליאָוואַן אין צימער און זי האָט אים אַלץ דערציילט; און זיי האָבן ביידע זיך געפרייט, וואָס אירע רייזעס גייען דורך גוט.

זיי זיינען איצט געוואָרן גרויסע פריינט, זלאַטקע און ליאָוואַ. זיי האָבן געאַרבעט האַרמאָניש, ביידע געטריי צום אידעאַל, וועלכן זיי האָבן געדינט. אין די ווינציקע, געכאַפּטע מינוטן ביי ליאָוואַן אין צימער זיינען זיי געזעסן און אינטים געשמועסט. זלאַטקע האָט שוין געוואוסט, אַז ער האָט שטודירט פאַר אינזשיניער אין אַ גרויסער רוסישער שטאָט. ער איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פון פּאָליטעכניקום צוליב אַ סטודענטישער דעמאָנסטראַציע, וואו ער איז געווען איינער פון די אָנפירער. דער טאַטע ליאָוואַס, אַ רייכער טוך־פאַבריקאַנט, האָט איינגעלעגט וועלטן, ער זאָל קענען ווידער אָנקומען לערנען. אָבער עס האָט ניט געהאָלפן — ליאָוואַ האָט דאָס לערנען געמוזט איבעררייסן.

— עס פאַרדריסט מיר ניט אויף דעם. — האָט ליאָוואַ געזאָגט, ריידנדיק פון זיין קאַריערע.

ער טראַכט נאָר פון די אַרבעטער, וואָס ער האָט געזען ביי די וועב־שטולן אין זיין טאַטנס פאַבריק, פאַריאָכטע און פאַרמאַטערטע. און אים דוכט זיך, ווי אַ טייל פון דער שולד פאַר דעם פאַלט אויף אים, און זיין אייגענער לערנען־זיך צוליב קאַריערע האָט אָנגעוואָרן פאַר אים דעם זינען.

זלאַטקע האָט זיך געוואונדערט, הערנדיק אים אַזוי רעדן. זי האָט אין אָנהויב אים געהאַלטן ניט פאַר קיין ערנסטן מענטשן, און אַז ער אַרבעט אין דער באַוועגונג צוליב ליבשאַפט צו אַוואַנטורעס. כאָטש ליאָוואַ האָט געוואוינט אין דער היים, האָט ער פונדעסטוועגן ווייניק שייכות געהאַט מיט זיינע עלטערן. ער האָט איצט מער געלעבט מיט די

אַרבעטער. ער האָט ליב געהאַט צו קומען אין זייערע היימען און דאָרטן פאַרברענגען אַן אָוונט.

— זיי לעבן פּשוטער, נאַטירלעכער. — האָט ליאָוואַ געזאָגט. — זיי זיינען גאַנצע מענטשן.

זלאַטקע האָט ניט ווילנדיק זיך צעלאַכט פון דעם וואָרט „גאַנצע מענטשן".

ליאָוואַ האָט ערשט ניט לאַנג צוריק זיך אויסגעלערנט יידיש רעדן, און ער האָט גיך דערפילט דעם געשמאַקן טעם פון אַ יידישן גלייכווערטל, פון אַ וויץ. ביי אים אין דער היים האָט מען קיין יידיש ניט גערעדט.

אין מינוטן, ווען זלאַטקע איז געווען אַליין מיט זיך, האָט זי אַמאָל זיך פאַרטראַכט וועגן איר אייגענעם לעבן. זי האָט געפּרואווט וואַרפן אַ בליק אויף צוריק, פון דער צייט, וואָס זי איז אַריין אין דער באַוועגונג ביז איצט. זי איז דורכגעגאַנגען אַ לאַנגן וועג. זי קוקט איצט אַנדערש אויף זאַכן, ווי אַמאָל. זי טוט איצט וויכטיקע אַרבעט פאַר דער אָרגאַניזאַציע. יע, זי פּראָגרעסירט. דאָך, אין איין פּונקט איז זי ניט געווען צופרידן — וואָס איר איז ווייניק צייט געבליבן צו לייענען, צו לערנען. געוויס, די אַרבעט, וואָס זי טוט איצט, איז אויסערסט־וויכטיק. זי האָט אָבער מורא געהאַט, זי זאָל נישט פאַרבלייבן הינטער־שטעליק אין וויסן. אַלע טאָג קומען אויף נייע פראַגן אין גאַנג פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעט, מען מוז אַ סך לערנען, שטודירן, כדי אַלץ צו פאַרשטיין. און דאָ איז זי אַזוי פאַרבונדן מיט אַרבעט. זי פילט, אַז זי קען ניט שטייגן העכער. און דאָס איז ערגער פון אַלץ.

זלאַטקע האָט שוין איינמאָל פּרובירט רעדן מיט ליאָוואַן וועגן דעם. אָבער ליאָוואַ האָט קיין גרויס געוויכט ניט געלייגט אויף איינעמס געלערנטקייט.

— אַ מענטש קען זיך זיין ווער־וויים ווי געלערנט, אָבער דער כאַראַקטער וועט פון דעם ביי אים זיך ניט בייטן; פאַרקערט, עס קען גאָר טרעפן, אַז איינער זאָל קוים קענען לייענען און שרייבן, און ער זאָל אין זיין נאַטור פאַרמאָגן פיינקייט און אינטעליגענץ.

זלאַטקען האָט דער ענטפער ניט צופרידנגעשטעלט. אים, ליאָ־וואַן, איז גוט צו רעדן. ער אַליין איז אַזוי הויך־אַנטוויקלט, אַז יעדע פראַגע, וואָס מען באַרירט, ווייסט ער קלאָר און אַלץ איז ביי אים דורכגעטראַכט. ליאָוואַ ווייסט אַלץ. און דערפאַר איז איר אַזוי ליב געווען זיצן ביי אים אין צימער און רעדן מיט אים. און איר פּנים האָט דעמאָלט געהאַט אַ וואַרעמע מאַטקייט. און ליאָוואַ האָט איר געזען אַזוי ווי זי איז — אַ טיף־גלויבנדיקע, איר אויסדויער און איר עקשנות. און ער האָט זיינע אויגן געלאָזן לענגער אויף איר פּנים. אין זלאַטקען האָט פון אָט דעם קוק זיינעם אַ בלענד־געטאָן.

איינמאָל אין אַ פֿאַרנאַכט, אַז זלאַטקע איז געקומען צו ליאָוואַן, גרייט פֿאַר אַ נייער רייזע, האָט ער איר דערציילט, אַז ער האָט ניט גע־קראָגן קיין „וואַרע" און אַז מען קען היינט ניט פֿאָרן. זלאַטקע האָט שוין געוואָלט פֿאַרקירעווען זיך און גיין אַהיים. נאָר ליאָוואַ האָט צו אים געזאָגט:

— וואַרט אויף זלאַטקע, איך גיי אויך.

ער האָט אָנגעטאָן זיין רעקל און זיי זיינען אַרויס אין גאַס. ניט אָפּגערעדטערהייט האָבן זיי אַוועקגעשפּאַצירט אויפֿן וועג צום שטאָט־גאָרטן. די טעג זיינען שוין געווען וואַרעמע, אמת־זומערדיקע. פֿון גאָרטן האָט אויף זיי אַ ווײ געטאָן מיט דער פֿרישקייט פֿון צע־בליטעביימער און זאַפֿטיקע גראָזן.

— אָ, ווי גוט! — האָט זלאַטקע טיף אין זיך איינגעאָטעמט די שאַרפֿע קילע לופֿט.

ליאָוואַ איז געגאַנגען ביי איר זייט. ער איז געווען אַ סך העכער פֿון איר, און זלאַטקע האָט געדאַרפֿט פֿאַרדרייסן דעם קאָפּ צו רעדן צו אים. ער האָט געטראָגן זיין רעקל אויף די אַקסלען און פֿון אונטער דער סטודענטישער היטל זיינען פּאַסמעס האָר געפֿאַלן אים אויפֿן שטערן. ליאָוואַ איז געווען מאָדנע איינגעהאַלטן היינט און געשוויגן שטיל. ער האָט נאָר אונטערגעפּייפֿט פֿאַר זיך אַ ניגונדל.

אומעטום אין גאָרטן, איבער די טונקעלע אַלייען, האָט יונגוואַרג שפּאַצירט מיט פֿריילעכן גערויש. זלאַטקע איז איצט געווען אין אַ בענקענדיקער שטימונג.

— ביי אונדז אין דער היים, אין דער צייט, זיינען שוין די גערטנער צעבליט לעבן יעדער הויז. — האָט זי גערעדט ווי פֿאַר־חלומט. — וואו מען גיט זיך אַ קער, זיינען דאָ גרינע לאָנקעס. און אין די פֿעלדער צייטיקט שוין דער קאָרן.

— איר בענקט שטאַרק אַהיים, זלאַטקע? — האָט ליאָוואַ אַ פֿרעג געטאָן. זיין קול איז געווען מאָדנע אינטים.

זיי האָבן זיך געזעצט אויף אַ באַנק. אויפֿגעלעבט פֿון די אָנלויפֿנ־דיקע דערינערונגען, האָט זלאַטקע ווידער אָנגעהויבן:

— ביי אונדז אין דער היים, אין אַ שבת־פֿאַרנאַכט, גייען די שטעטלשע פֿריילנס שפּאַצירן אויפֿן שאָסיי; זיי זיינען אויסגעפּוצט אין קליידער מיט אַ סך קרויזן און מיט אָט־אַזעלכע אויפֿגעבלאָזענע אַרבל, — האָט זי אַ ווייז געטאָן מיט די הענט. — אונזער חברה קומט אָן דעמאָלט פֿון וואַלד, פֿון אַן אומלעגאַלער פֿאַרזאַמלונג. איר האָט געדאַרפֿט זען ווי די פֿריילנס ווערן צעשראָקן, זיי טרעטן־אָפּ אָן אַ זייט און לאָזן אונדז דעם וועג.

ליאָוואַ האָט שטאַרק הנאה געהאַט פֿון איר דערציילן, און זיי האָבן ביידע האַרציק געלאַכט. זיי האָבן געשוויגן אַ ווײַלע מיט דעם

סאָרט שווייגן, וואָס דערנענטערט. ליאָוואַ האָט אַ קוק געגעבן צום טונקעלן הימל: מיליאָנען שטערן האָבן זילבערדיק געפינקלט און ליכטיק געמאַכט דעם אַרום.

— זעט, וואָס פאַר אַ נאַכט! — האָט ער אַרויסגערעדט.

זלאַטקע האָט אויפגעהויבן די אויגן: זי האָט זיך באַגעגנט מיט זיין בליק. אַ געפיל, אַ ציטערדיקער, שאַרף ביז ווייטיק, האָט איר דורכגענומען אינגאַנצן. זי האָט ניט ווילנדיק זיך פאַרשטעלט דאָס פּנים מיט ביידע הענט. ליאָוואַ האָט זיך אָנגעבויגן צו איר:

— פאַרוואָס פאַרשטעלט איר אייער פּנים, זלאַטקע?

ער האָט אָנגענומען איר האַנט. ער איז איצט געווען אַזוי נאָענט צו איר, אַז זי האָט געקענט פילן זיין הייסן אָטעם. זי האָט האַסטיק זיך געגעבן אַ שטעל אויף.

— איך דאַרף שוין גיין אַהיים.

אָבער זי איז ניט געגאַנגען. זי האָט געהאַלטן אירע אויגן אַראָפּגעלאָזן. אירע וויעס האָבן געצייכנט טונקעלע שאָטנס איבער אירע מאַט־ווייסע באַקן. ליאָוואַ האָט זיך אויך אויפגעהויבן.

איך האָב געוואָלט ביי אייך עפּעס בעטן, ליאָוואַ. — האָט זלאַטקע זיך אָפּגערופן.

עס איז איר געווען שווער צו רעדן. זי איז געווען ווי אַ שיף אַ בלאָנדזשענדיקע אין פרעמדע וואַסערן. זי לאָזט זיך דאָ אויף גע־פערלעכע וועגן. זי מוז ליאָוואַן דערציילן, אים וואָרענען...

— ס'איז אַזוי. — האָט זי פאַרגעזעצט. — אויב עס וועט זיך מאַכן, מען וועט מיך אַרעסטירן, האָב איך אַן אַדרעס צו מיינעם אַ חבר. איך וואָלט וועלן, איר זאָלט דעמאָלט שרייבן צו אים, געבן אים צו וויסן...

אויף אַזאַ אופן האָט זלאַטקע געוואָלט געבן ליאָוואַן צו פאַר־שטיין, אַז זי האָט אַ געליבטן, און זאָל ער ניט האָבן קיין פאַלשע גע־דאַנקען וועגן איר.

— איר האָט אַ חבר? — זיין קול איז געווען מאָדנע ערנסט. ער האָט אַ ווײַלע געשוויגן.

— זיכער וועל איך צו אים שרייבן, אַז איר ווילט. — האָט ער דערנאָך געזאָגט.

— נו, אַ גוטע נאַכט. — האָט זי זיך געגעבן אַ ריס אָפּ פון אָרט און זי איז אַליין אַוועק אַהיים.

ביי מאַטעסן אין שטוב זיינען שוין אַלע געשלאָפן. זלאַטקע איז שטילערהייט אַריין אין איר צימער, זיך אויסגעטאָן און זיך געלייגט אין בעט.

איר ערשטער געדאַנק איז געווען, אַז זי וועט מאָרגן שרייבן זאַוולען אַ בריוו. ער מוז קומען צופאָרן. אויב ניט צו וואוינען דאָ,

איז כאָטש אויף איין טאָג זאָל ער קומען זיך זען מיט איר. זי האָט זיך באַלד דערמאָנט, אַז זי האָט נאָך זאַוולען ניט געענטפערט אויף זיין בריוו, און זי איז געוואָרן אין כעס אויף זיך, פאַרוואָס זי האָט דאָס שרייבן אַלץ אָפּגעלייגט. זי האָט זיך געפילט שולדיק אַרום און אַרום. באַלד איז זי געוואָרן אין כעס אויף זאַוולען אַליין, פאַרוואָס ער וויל ניט קומען. וואָס קלערט ער זיך — ס׳איז עפּעס אַ שפּילכל צו לאָזן איר דאָ איינע אַליין?.. איר יונגער געמיט איז געווען צו־פיל אויפגערודערט, און זי האָט דורכגעלעבט די נאַכט אָן רו און אָן שלאָף.

# קאַפּיטל עלף

די זעלבע וואָך האָט זי באַקומען אַן ענטפער פון זאַוולען, אַז ער קומט.

אין אַ באַשטימטן אָוונט איז זי אַוועק צום וואָקזאַל, געשטאַנען אויף דער פּלאַטפאָרמע און געוואַרט מיט אַ קלאַפּנדיקן האַרצן. ווען דער צוג איז אָנגעקומען, האָט זי געזוכט אין אַלע פענצטערלעך פון די וואַגאָנען. באַלד האָט זי דערזען זאַוולען. ער איז אַראָפּגעשפּרונגען פון די וואַגאָן־טרעפּלעך נאָך איידער דער באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט. ער איז געגאַנגען צו איר מיט האַסטיקע טריט. זלאַטקע איז אים געלאָפן אַנטקעגן. זיין טונקל־הויטיק פּנים איז געווען פריידיק אויפגערעגט:

— זלאַטקע! — ער האָט מיט אימפּעט איר אַרומגעכאַפּט, געקושט איר אין די ליפּן.

זלאַטקע האָט זיך איינגענורעט אין זיינע קרעפטיקע אָרעמס און אַלץ גערעדט:

— ווי גוט, ווי גוט, וואָס דו ביזט געקומען, זאַוול!

ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ נייעם קאָסטיום, די שוואַרצע קוטשמע האָר צוגעפּרעסט, דער צו־הויכער ווייסער קאָלנער איז ניט באַקוועם געזעסן אויף זיין פעסטן האַלדז. ער האָט געהאַט דעם אויס־זען פון אַ ישובניק, וואָס קומט אין שטאָט אַריין. פון דער פריידי־קייט, וואָס איז געווען צעגאָסן אויף זיין פּנים, האָט זלאַטקע דער־פילט ווי ליב זי איז אים. אין איר אַליין האָט אַ רואיקייט און זיכער־קייט זיך אויסגעשפּרייט, נאָך די אַנגסטן פון די לעצטע טעג...

זיצנדיק מיט אים אין דראָזשקע, האָט זאַוול פעסט געהאַלטן איר האַנט אין זיינער, אַריינגעקוקט איר אין די אויגן, ווי עס וואָלט זיך אים נאָך אַלץ ניט געגלויבט, אַז ער זעט איר איצט ווידער.

— דו ווייסט גאָרניט, זלאַטקע, ווי איך האָב געבענקט. — האָט ער גערעדט צו איר.

— איך ווייס, איך ווייס . . . — האָט זלאַטקע גערעדט אָפּגעהאַקט.

דיין בריוו איז געווען אַזוי קורץ געשריבן. כ׳האָב שוין געמיינט ווער ווייס וואָס...

— ס׳האָט גאָרניט פּאַסירט. איך דאַרף מיט דיר זייער אַ סך רעדן.

— דער באַלעבאָס האָט מיך ניט געלאָזן פאָרן. ס׳איז איצט פאַראַן אַ סך אַרבעט.

— דו וועסט אַזוי גיך ניט פאָרן צוריק, יע, זאַוול?

— ערט אָנגעזאָגט: נאָר אויף איין טאָג. אָבער כ׳וועל זיך ביי אים ניט פרעגן.

— מיר וועלן שוין זען וועגן דעם. אָט איז שוין אונזער שטוב.

אין שטוב האָט די משפחה מאַטעסעס ערשט געהאַט אָפּגעגעסן וועטשערע. אַלע האָבן זאַוולען זייער גוט אויפגענומען. כאַשקע, מאַטעסעס ווייב, האָט צו זלאַטקען געזאָגט:

— אייער חבר איז געוויס הונגעריק. זאָל ער זיך זעצן צום טיש. איך וועל אים געבן עפּעס צום איבערבייסן.

מאַטעס האָט זיך מיט זאַוולען צערעדט, געפרעגט אים ביי וואָס ער אַרבעט.

— זאַגאָטאָווטשיקעס (קאָמאַשן־שטעפּער) זיינען דאָ ביי אונז אַ וויכטיקער פאַך. זיי זיינען גוט אָרגאַניזירט. — האָט מאַטעס געזאָגט.

— אָ, ביי אונז גייט דאָס שוין אויך אויף אַ גאַנג. — האָט זאַוול געענטפערט.

זלאַטקע איז אין האַרצן ניט געווען רואיק צוליב זייער געשפּרעך. זי האָט געוואוסט, אַז זאַוול איז ניט שטאַרק געניט, אַז עס קומט צו העכערע ענינים. אָבער זי האָט געזען, אַז ס׳איז דורכגעגאַנגען גוט.

ס׳איז שוין געוואָרן שפּעט אין אָוונט. כאַשקע האָט געהאַט אַ פּלאַן:

— אייער חבר וועט דאָ נעכטיקן ביי אונז. כ׳וועל אים מאַכן אַ געלעגער.

מאַטעסעס שטוב האָט געהאַט נאָר צוויי צימערן. אין איינעם זיינען געשלאָפן די מיידלעך, און אין גרעסערן צימער, וואָס האָט געדינט פאַר אַ סך צוועקן, זיינען געשלאָפן מאַטעס און זיין ווייב. דאָרטן איז אויך געשטאַנען אַ שאַפע פאַר קליידער. אַז מען האָט די שאַפע צוגערוקט צום גרויסן קאַכעלנעם אויוון, האָט זיך דאָרטן, אונטערן אויוון, באַקומען אַ באַזונדערער „צימער". זאַוול איז באַלד געוואָרן היימיש. ער האָט אויסגעטאָן דעם אויבערשטן רעקל און געהאָלפן כאַשקען טראָגן אַהין די שטולן און אַ ברעט, צוצוגרייטן פאַר אים דאָס געלעגער.

זלאַטקע איז יענע נאַכט גוט געשלאָפן. אַז זי האָט אין דער פרי געעפנט די אויגן, האָט זי געהאַט דעם זעלבן רואיקן געפיל, וואָס נעכטן, ביי זאַוולס קומען — אַ געפיל פון פרידלעכקייט און דערלייכטערונג, נאָך די שווערע, אומרואיקע טעג, די לעצטע. אַז זי איז אַריינגעקומען אין דעם אַנדערן צימער, איז שוין די פאַמיליע געווען אויף־

געשטאַנען. זאַוול אויך. כאַשקע האָט אַלעמען געגעבן אָנבייסן עסן, און יעדערער באַזונדער האָט אַוועקגעאײַלט צו דער אַרבעט.

פאַר זאַוולען און זלאַטקען האָט כאַשקע געגרייט דעם עסן באַ־זונדער. זי האָט פאַרשפּרייט פאַר זיי אַ טישטעך אויף אַ האַלבן טיש, און געזאָגט:

— גייט עסן, קינדער.

פאַר זאַוולען האָט כאַשקע גרויס סימפּאַטיע געקראָגן פון דער ערשטער מינוט אָן, וואָס ער איז געקומען.

— איך וועל היינט גאָרניט גיין צו דער אַרבעט. וועל מאַכן יום־טוב. — האָט זלאַטקע געזאָגט אַ פריילעכע. — מירן האָבן דעם גאַנצן טאָג פאַר זיך.

שפּעטער, אַליין אין צימער מיט זלאַטקען, האָט זאַוול פריילעך אַ זשמורע געטאָן די אויגן אויף איר, ווי זיין געוואוינהייט איז געווען נאָך אין דער היים. ער איז איצט געגאַנגען אָנגעטאָן אין זיין רו־סישער רובאַשקע, וואָס האָט אָפּגעצייכנט זיינע קרעפּטיקע מוסקולן.

— דער זעלבער זאַוול. — האָט זלאַטקע געזאָגט אַ גליקלעכע. און זי האָט זיך אַ טוליע געטאָן צו אים.

זאַוול האָט מיט דער האַנט געגלעט אירע קרויזלדיקע, ברוינע האָר:

— דו ביזט, דוכט זיך, אַראָפּ פון פּנים, זלאַטקע. — האָט ער צערטלעך צו איר גערעדט. —און מאָגערער אויך געוואָרן.

איצט זיינען זיי געשטאַנען ביים הויכן קאָמאָד, אַרומגענומען. זיי האָבן באַטראַכט די בילדער פון די שרייבער אויף די קאַרטלעך, צוגעשפּילעט צו דער וואַנט. זלאַטקע האָט אים דערציילט, אַז די בילדער זיינען שיינע־רחלס, מאַטעסעס טאָכטער, און אַז זי און שיינע־רחל לעבן זייער גוט צווישן זיך.

— דו האָסט אַריינגעטראָפן אין אַ טייערער שטוב מיט טייערע מענטשן. — האָט זאַוול איר געזאָגט.

— דו האָסט אפשר געזען עמעצן פון אונזער שטוב? דער מאַמען אפשר באַגעגנט?

— דער מאַמען ניט, נאָר שיינדלען, דיין שוועסטער, האָב איך געזען.

און זאַוול האָט איר דערציילט, ווי אַזוי ער האָט איינמאָל אין גאַס באַגעגנט שיינדלען. זי האָט אים אָפּגערופן אָן אַ זייט און דערציילט אים, אַז ס׳איז אָנגעקומען פון זלאַטקען אַ בריוו. ס׳איז געווען צו זען, אַז שיינדל ווייס פון זייער ליבע.

— דוסט געדאַרפט זען ווי זי האָט גערעדט צו מיר, ווי זי וואָלט געווען אַן אונזעריקע.

— שיינדל וועט זיין אַ רעלאָלוציאָנערקע, ווען זי וועט אויסוואַקסן. מען זעט דאָס אָן איר.

זלאַטקע האָט זיך דערמאָנט, ווי ווייניק זי האָט געשריבן צו איר טאַטע־מאַמע, און ס'האָט איר שטאַרק באַנג געטאָן.

— די מאַמע האָט אין איר לעצטן בריוו געשריבן, אַז דער טאַטע פילט ניט אַזוי גוט. ווער ווייס וואָס ער מאַכט?

— דיין טאַטע איז געוויס געזונט. ווען ניט, וואָלט איך פון דעם געוואוסט. — האָט זאַוול זי באַרואיקט. — שיינדל וואָלט מיר דער־ציילט. דיינע בריוו זיינען געווען אַזוי קורץ. — האָט זיך זאַוול ווידער דערמאָנט. — כ'האָב שוין איבערגעטראַכט, ווער־ווייס־וואָס...

— וואָס איז דאָ געווען איבערצוטראַכטן. — האָט זי פעסטער זיך געטוליעט צו אים. — ס'איז אַ גרויסע שטאָט, זאַוול. דאָ איז אַלץ אַזוי אַנדערש, ווי ביי אונז אין דער היים.

— דוסט מיר ניט געשריבן גאָרניט וועגן דער באַוועגונג דאָ, וועגן דיין אַרבעט אין דער היגער אָרגאַניזאַציע. איך האָב געמיינט, דו וועסט מיר אַלץ אויסשרייבן.

— און קאָנספּיראַציע? — האָט זי גוטמוטיק אים אויסגערעדט.

— דו האָסט פאַרגעסן? מיין בריוו האָט דאָך געקענט אַריינפאַלן אין די הענט פון פּאָליציי.

— טאַקע, אָן אמת, — האָט זיך זאַוול פאַרשעמט פאַר זיין ניט וויסן.

— ליאָוואַ זאָגט וועגן קאָנספּיראַציע, אַז וויסן דאַרף נאָר יענער, וואָס מוז דאָס וויסן. — האָט זיך זלאַטקע דערמאָנט.

— ליאָוואַ? ווער איז דאָס דער ליאָוואַ? — האָט זאַוול זיך געוואונדערט.

— אָ, איינער פון די טוער דאָ. — האָט זלאַטקע געפילט ווי אַ רויטקייט פאַרציט זיך איבער איר פּנים. צוליב וואָס האָט זי גאָר באַדאַרפט איצט דערמאָנען זיין נאָמען...

זאַוול האָט באַלד אָן זייער געשפּרעך פאַרגעסן, צערטלענדיק און קושנדיק זיין איינציקע מיידל, זיין געליבטע.

— נו, איצט זאָג מיר וועגן וואָס האָסטו געוואָלט מיט מיר רעדן.

— איך האָב נאָר געוואָלט דיך בעטן איין זאַך, זאַוול. שוין צייט, דו זאָלסט באַשליסן און קומען אַהער אויף אַלע מאָל. דו וועסט זען, ס'וועט אונז דאָ זיין זייער גוט צוזאַמען.

זאַוול האָט געשוויגן. זלאַטקע האָט געוואוסט וואָס עס מיינט זיין שווייגן. אים האָט געאַרט דאָס, וואָס ער איז ניט אַזוי גוט געלערנט ער נעמט שווער אויף זאַכן. זאַוול, דער שטאָלצער, דער געוואַגטער,

האָט מורא געהאַט, אַז דאָ אין דער גרויסער שטאָט, צווישן די געלערנטע טוער, וועט זיין קיינער אויף אים ניט אומקוקן.

— נו, גוט. מיר וועלן נאָך רעדן וועגן דעם, דער טאָג איז נאָך גרויס. — האָט זלאַטקע ניט געוואָלט איצט צושטיין צו אים, ניט געוואָלט איבערפירן די גוטע שטימונג, וואָס האָט זיך ביי איר איינגעשטעלט זינט זיין קומען אַהער.

ס'איז שוין געווען נאָענט צו האַלבן טאָג, און זלאַטקע האָט באַשלאָסן, זי וועט גיין מיט אים צו אַנקען אין רעסטאָראַן עסן מיטאָג.

— דו וועסט דאָרטן טרעפן אַ סך אונזעריקע, — האָט זי אים געזאָגט.

זיי זיינען אַרויס אין גאַס. זאַוול האָט באַקוקט דעם געגנט, וואו זלאַטקע האָט געוואוינט, און ער איז ניט נתפּעל געוואָרן:

— ניט זייער וואַזשנע, — האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט גרינגשעצונג.

— איך האָב אויך אַזוי געפילט באַלד ווי איך בין אַהער געקומען, — האָט זלאַטקע געזאָגט. — ס'איז ניט דער געגנט; די מענטשן, וואָס וואוינען דאָ, זיינען וויכטיק. זיי זיינען אַלע באַוואוסטזיניקע.

און זלאַטקע האָט אים דערציילט פון דער בונדישער אַרבעטער־בירזשע, וואו אַלע פאַרנאַכט קומען זיך דאָרטן צונויף די אַרבעטער אין גרויסע מאַסן.

— דו האָסט געדאַרפט זען די אַגיטאַציע, וואָס דאָרטן ווערט געפירט, און אַלץ אונטערן פרייען הימל.

ביי זאַוולען האָבן זיך אָנגעצונדן די אויגן:

— מיר וועלן היינט גיין אַהין!

— אַז ס'וועט בלייבן צייט, — האָט זלאַטקע געזאָגט.

אָבער ביי זיך האָט זי געטראַכט, אַז פאַר איר וואָלט ניט געווען ראַטזאַם צו גיין אַהין צוליב קאָנספּיראַציע. זינט זי האָט איבערגענומען די ריזיקאַלישע אַרבעט אונטער ליאָוואַס אָנפירונג, האָט זי זיך זייער ווייניק געוויזן אויף דער אַרבעטער־בירזשע.

ס'איז נאָך געווען פרי, ווען זיי זיינען געקומען צו אַנקען אין רעסטאָראַן. אין גראַמען צימער זיינען נאָך ווייניק מענטשן געזעסן ביי די טישלעך. דער ריח פון אַ געשמאַק־צוגעגרייטן עסן האָט זיך שוין דאָ געפילט. אַנקע, פריש־פאַרקאַמט און אין אַ ווייסן פאַרטעכל, האָט באַגעגנט זלאַטקען ווי אַן אַלטע באַקאַנטע.

— איך האָב היינט אַ מעכל, וואָס איר האָט ליב, — האָט זי איר געזאָגט.

זלאַטקע איז געזעסן מיט זאַוולען ביים טיש און געקוקט ווי ער גיט אַ צעברעך אַ פּענעץ־ברויט מיטביידע הענט, און ווי היפּשע שטי־

קער פון דעם ווערן גיך פֿאַרשוואונדן ביי אים אין מויל. זי האָט זיך געוואונדערט, וואָס זי האָט קיינמאָל ביז איצטער ניט באַמערקט אָט־די מאַניער זיינע.

„דאָס זיינען קליייניקייטן", — האָט זי אַ טראַכט געטאָן.

די פֿיין־אָפּגעשאָרענע נעגל פון זאוולס פינגער האָט איר אָן עפּעס דערמאָנט. אַ סטודענט פון רעאַל־שולע האָט אַמאָל ביי זאַוולען אין אויבער־שטיבל איבערגעלאָזן זיין מאַנדאָלין, האָט זאַוול זיך אָנגעהויבן לערנען שפּילן אויף דעם. פון דעמאָלט־אָן האָט ער אַכטונג־געגעבן, אַז זיינע נעגל זאָלן זיין גוט אָפּגעשאָרן, אַז דאָס זאָל אים ניט שטערן צום שפּילן.

— וואָס איז מיט דער מאַנדאָלין, זאַוול? שפּילסט נאָך ווי פריער, געדענקסט?

— יע, דער סטודענט האָט זי מיר איבערגעלאָזן שוין אויף אַלעמאָל, — האָט זאַוול געענטפערט.

ער האָט איר ניט געוואָלט זאָגן, אַז זינט זי איז אַוועקגעפאָרן, האָט ער זיך צו דער מאַנדאָלין ניט צוגערירט. זי הענגט אויף דער וואַנט, איבערגעדעקט מיט אַ טוך, כדי דער שטויב זאָל צו איר ניט צוקומען.

באַלד האָבן אָנגעהויבן אַריינקומען נאָך מענטשן עסן זייער מי־טאָג. אַלע טישלעך זיינען באַזעצט געוואָרן, און אין צימער האָט זיך איינגעשטעלט דער געוויינלעכער פריילעכער טומל. זאַוול האָט זיך דערפילט זייער געהויבן. ער זיצט דאָ אויך מיט זיין מיידל אין אַזאַ פיינער געזעלשאַפט. ער האָט געזען ווי זלאַטקע קען זיך דאָ מיט אַ סך מענטשן און ער האָט שטילערהייט אַ פרעג געטאָן:

— זיינען דאָס אַלץ אונזעריקע?

— צום באַדויערן, ניט, — האָט אים זלאַטקע אויך שטיל געענט־פערט, — דאָ זיינען פאַראַן, אויסער דעם „בונד", נאָך אַנדערע פאַר־טייען. שפּעטער וועל איך דיר דערציילן וועגן דעם.

שיינע־רחל און בעניאָמקע זיינען צוגעגאַנגען צו זייער טיש. בעניאַמקע האָט זיך מיט זאַוולען באַקאַנט, אויסגערעדט מיט אים אַ פּאָר ווערטער, און באַלד האָט ער מיט שיינע־רחלען זיך געזעצט ביי אַן אַנדער טישל, זלאַטקען ניט צו שטערן.

זאַוול האָט געוואָרפן אויגן אויף אַלע זייטן, בייגעריק צו זען אַלץ. ער האָט באַמערקט חיימען אַריינקומען אַהער. ס'האָט אים געוואונדערט חיימס אויסזען, וואָס איז געווען גאָר ניט קיין פּראָלע־טאַרישער.

— וואָס טוט ער דאָ? — האָט ער געפרעגט זלאַטקען.

— איך ווייס ניט, — איז געווען זלאַטקעס ענטפער.

ווען נאָך מענטשן זיינען אַריינגעקומען, האָט שוין זאַוול מער

גאָר נישט געפּרעגט. ער האָט זיך מיטאַמאָל דערפילט פרעמדלעך דאָ
ער האָט שוין געוואָלט אַוועקגיין פון דאַנען.

— קום, זלאַטקע, מירן שוין גיין אין שטוב.

געקומען אין שטוב, האָט ער באַלד אויסגעטאָן דעם רעקל,
אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם הויכן קאָלנער מיט דעם שניפּס.

— ס'איז אַ מחיה אָן דעם, — האָט ער אָפּגעאָטעמט פריי.

ער האָט זיך אויסגעצויגן ביי זלאַטקען אויפן בעטל. זי האָט זיך
צוגעזעצט צו אים. זלאַטקע האָט זיך אָפּגערופן:

— דו האָסט מיר נאָך גאָרניט דערציילט פון דער אָרגאַניזאַציע
דאָרטן אין דער היים. וואָס מאַכן זיי אַלע, די טוער פון דער
סכאָדקע ?

— זיי האָבן דיר געשיקט גרוסן. זיי ווילן אַלע וויסן פון דיר,
איבערהויפּט נינע. פאַרוואָס האָסטו צו איר גאָרניט געשריבן ?

זלאַטקע האָט זיך געפילט עפּעס שולדיק אַנטקעגן זיי אַלעמען.
זי האָט זיך אויסגעפרעגט אויף יעדערן באַזונדער — אויף נינען, אויף
בערישן, אויף צאַלקען און סאָוויצקין ; געוואָלט וויסן מיט וואָס פאַר
אַן אַרבעט מען איז דאָרטן פאַרנומען איצטער אין דער אָרגאַניזאַציע.
איצט איז געקומען זיין געלעגנהייט, זאָוולס, ער זאָל איר דערציילן
וועגן זיין אייגענעם אויפטו.

— אין דער קאָכל־פאַבריק האָבן מיר געהאַט אַ סטרייק, —
האָט ער זיך אָפּגערופן.

און ער האָט איר דערציילט, מיט איינגעהאַלטענעם שטאָלץ, ווי
ער איז געווען דער הויפּט־אויפטוער דאָרטן. ער איז דאָרטן אַרויס־
געטראָטן, גערעדט פאַר די אַרבעטער. צאַלקע האָט זיך איבערגעטאָן
און גערעדט צו די עטלעכע קריסטלעכע אַרבעטער דאָרטן.

— און דעם באַלעבאָס האָט מען געמוזט אָנברעכן די ביינער,
אַז ניט, וואָלט זיך דער סטרייק פאַרצויגן צו לאַנג, — האָט ער פאַר־
געזעצט.

זלאַטקע האָט געמאַכט אַן אומצופרידענע מינע. זאָוול האָט באַלד
פאַרשטאַנען.

— שוין, אַ באַלעבאָס טאָר מען שוין אויך ניט שלאָגן ? —
האָט ער אַ לאַך געטאָן.

— זאָוול, איך וואָלט וועלן, דו זאָלסט פאַרשטיין, — האָט זלאַט־
קע גערעדט צו אים באַלערנדיק, ווי זי פלעגט דאָס טאָן נאָך אין דער
היים. — מיר זיינען קעגן טעראָר־אַקטן. מיר זיינען אַ מאַסן־באַוועגונג.
מיר . . .

— גוט, איך פאַרשטיי . . . — האָט איר זאָוול באַרואיקט.

באַלד האָט ער זיך דערמאָנט :

— מיר רעדן אַלץ פון דער היים. דו האָסט מיר נאָך ניט גע־

זאָגט גאָרניט ווי גייט דיר אין דיין אַרבעט דאָ, אין דער היגער אָרגאַ־ניזאַציע?

זלאַטקע האָט געשוויגן. ווי אַזוי האָט זי אים געקענט וועגן דעם דערציילן, אַז קיינער האָט דאָס ניט געטאָרט וויסן. אַפילו די נאָענט־סטע אירע.

— דו לערנסט דאָ געוויס אויך מיט אַ קרייזל אַרבעטער, ווי ביי אונז. ניט אַזוי?

— אָ, יע, — האָט זי זיך אַ כאַפּ געטאָן. — ס'איז אַזוי ווי אין דער היים, נאָר אַ סך אַנדערש. דאָ איז די אַרבעט איינגעטיילט לויט די פאַכן. יעדער פאַך האָט זיך זיין סכאָדקע.

— אַזוי? — האָט זאַוול זיך אָפּגערופן.

זייער געשפּרעך האָט זיך עפּעס ניט געקלעפּט. זאַוול האָט איר גוט אָנגעקוקט: ס'איז עפּעס געוועזן ניט די זעלביקע זלאַטקע; פול איז זי מיט סודות. ער איז אומרואיק געוואָרן. פון שטענדיק־אָן איז ער געוואוינט צו הערן פון איר קלאָרע, אָפנהאַרציקע רייד. דאָס איז געוועזן איינע פון אירע מעלות, וואָס ער האָט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט אין איר. זי פלעגט מער לאַכן און זיין שטענדיק גוט אויפגעלייגט. איצט שווייגט זי, אַז מען פרעגט ביי איר עפּעס. זי איז אינגאַנצן פאַר־וויקלט אין קאָנספּיראַציעס.

דאָס שווייגן איז פאַרביידן שווער געוועזן. זלאַטקע האָט זיך אָפּגע־רופן:

— כ'האָב דיר צוגעזאָגט צו דערציילן וועגן די פאַרשיידענע פּאַר־טייען, וואָס זיינען פאַראַן דאָ אין שטאָט. ווילסט הערן, זאַוול?

ניט גרינג איז זלאַטקען געוועזן צו רעדן וועגן דעם. זי האָט די פראַגע פון די פּאַרטייען ניט ליב געהאַט, און ניט געפילט זיך זיכער גענוג צו רעדן וועגן דעם פּריי.

די פּועלי־ציוניסטן האָט זי אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט. זיי זיינען נאַציאָנאַליסטיש און זיי גייען האַנט־אין־האַנט מיט די בורזשואַזנע עלעמענטן. נאָר ערגער פון אַלעמען זיינען אין אירע אויגן געוועזן די אַנאַרכיסטן.

— אין דער ליטעראַטור רופט מען זיי לומפּן־פּראָלעטאַריאַט. — האָט זלאַטקע אים דערקלערט. — זיי זיינען מענטשן אָן שום אַחריות. זיי קומען אויף אונזערע פאַרזאַמלונגען און שטערן נאָר די אַרבעט.

— נו, און מען שווייגט זיי דאָס? — האָט זיך זאַוול געוואונ־דערט.

— דו מיינסט טאַקע זיי האָבן אַ גרויסע ווערדע די אַלע פּאַרטייען? דער „בונד" איז שטאַרקער פון זיי אַלעמען.

זאַוול איז געווען צופרידן. אים האָבן די אַנדערע פּאַרטייען ווייניק אינטערעסירט. דער „בונד" איז געווען גענוג גוט פאַר אים.

און ער האָט ניט געדאַרפט זוכן בעסערס. אין אַ ווײַלע אַרום האָט זאַוול זיך אָפּגערופן:

— איך זע, אַז דו ווייסט שוין זייער אַ סך. דו מוזט אַוודאי כסדר לייענען און לערנען.

— ניין, דאָס גאָרד ניט. — האָט זלאַטקע געענטפערט מיט באַ־דויערן. — ניטאָ גענוג צייט אויף דעם. אָבער ס'איז ניט אַזוי וויכטיק. ליאָווא זאָגט, אַז דאָס לערנען בייט ניט אום אַ מענטשנס כאַראַק־טער, אַז...

„ווידער ליאָווא"'!

דאָס בעטל, וואו זאַוול איז געלעגן אויסגעצויגן, האָט אַ סקריי־פּע געטאָן אונטער זיין ענערגישן קער. ער האָט אין געדאַנק צונויפ־געלייגט דאָס, וואָס זי האָט אין דער פרי דערמאָנט די זעלבע פּערזאָן, און איצט ווידער. און ס'האָט זיך באַקומען אַ גאַנצע זאַך. ער איז איצט געווען זיכער, אַז דער „ליאָוואָ" זעט זיך מיט איר אָפּט. ער זיצט מיט איר אין די אָוונטן און זיי פאַרברענגען צוזאַמען.

— ער קומט אַהער אין שטוב? — האָט זאַוול אַ פרעג געטאָן.

— ווער? — האָט זלאַטקע אַ פאַרטראַגענע ביי אים געפרעגט.

— דער ליאָווא. ער מוז אַוודאי זיין אַן אינטעליגענט.

זאַוול האָט גענומען אַרומשפּאַנען איבערן צימער מיט האַסטיקע טריט. ער האָט צו דעם מין אינטעליגענטן קיין צוטרוי ניט געהאַט. זיין כעס אויף זיי האָט זיך נאָך געצויגן פון אַמאָל, נאָך איידער ער איז אַריין אין דער באַוועגונג. ער האָט דעמאָלט געמאַכט באַקאַנטשאַפט מיט אַ מיידל, וואָס איז אים זייער געפעלן, אַ רייכער „בענאַקל", אַ שילער פון גימנאַזיע, האָט ביי אים די מיידל אַוועקגענומען. און נאָך איצט רופט ביי אים אַרויס אַ ווידערווילן דאָס וואָרט „אינטעליגענט".

זלאַטקע האָט געוואוסט זיין מיינונג וועגן דעם. זי האָט קיינמאָל ניט פאַרשטאַנען פון וואַנען עס נעמט זיך ביי אים זיין כעס אויף זיי.

— איך בין ניט איינשטימיק מיט דיין מיינונג, וואָס דו האָסט וועגן די אינטעליגענטן. זיי טוען וויכטיקע אַרבעט אין דער באַוועגונג. — האָט זי געזאָגט.

זאַוול איז ניט געבליבן הינטערשטעליק מיט אַן ענטפער. ליבע האָט געמאַכט פון אים אַן אַנדער מענטש, האָט פאַרשאַרפט זיינע חושים און ער האָט גרינג איר געקענט אָפּענטפערן:

— זיי טוען אַרבעט אין דער באַוועגונג נאָר פאַר וואוילטאָג. זיי מיינען דאָס ניט ערנסט.

— גיי, מען טאָר אַזוי ניט רעדן. — האָט זלאַטקע זיך געערגערט.

זאַוול האָט געשוויגן אַ ווײַלע, און זלאַטקע האָט אַרגומענטירט, גענומען אים באַווייזן, ווי ער איז אומגערעכט:

— שאַ, וואָס דאַרפסטו ווייט זוכן. נעם נינען, נעם אָשר מינ־סקין.

— נינע און אָשר זיינען איינציקע, זיי זיינען אַן אויסנאַם.

זלאַטקע האָט נאָך לאַנג גערעדט וועגן דער ראָלע פון דער אינ־טעליגענץ. ווען די מאַסע איז נאָך געווען פינצטער, זיינען זיי, די אינטעליגענציע, די ערשטע געקומען וועקן די מאַסן צום קאַמף. זיי האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן. אָבער זאַוול האָט שלעכט געהערט; ער האָט נאָר געוואוסט איין זאַך: זלאַטקע דערווייטערט זיך פון אים, איר ציט צו די „הויכע פענצטער". עפּעס אַ כוח שלעפּט איר אַוועק פון אים.

דער טאָג האָט געהאַלטן ביים פאַרגיין. זיי האָבן ביידע ניט באַ־מערקט ווי עס איז טונקל געוואָרן אין צימער. אין דעם אַנדערן צי־מער האָט זיך שוין געטומלט: מאַטעס און זיינע צוויי מיידלעך, עלקע און שיינע־רחל, זיינען געקומען פון דער אַרבעט און מען האָט זיך גע־קליבן עסן וועטשערע. כאַשקע איז געווען זייער באַזאָרגט: קיין פינגער אין מויל האָט מען איר ניט געדאַרפט אַריינלייגן. זי האָט גע־פילט, אַז עפּעס איז ניט אַוועק גוט צווישן זלאַטקען און איר חבר. זי איז צוגעגאַנגען צום פאַרמאַכטן צימער און האָט פּאַמעלעך געעפנט די טיר.

— קינדער, גייט צום טיש עסן. — האָט זי זיי געבעטן מיט אַ ווייכער שטימע.

ביים טיש איז זאַוול געזעסן און געשוויגן. ער האָט אויך ווייניק געגעסן. ער איז געווען אַן אָפּענע קאָרט, זאַוול: ער האָט זיך ניט געקענט פאַרשטעלן. כאַשקען איז ער שוין געווען איינגעבאַקן אין האַרצן פאַר דער קורצער צייט.

איר וועט דאָ היינט אויך קענען נעכטיקן ביי אונז, אַז איר ווילט. — האָט זי אים געזאָגט.

— איך פאָר שוין היינט אַוועק. — האָט זאַוול אויסגעפּלאַצט עקשנותדיק.

זלאַטקע האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן נידעריק.

„אַ שוואַרצע קאַץ איז צווישן זיי דורכגעלאָפן", האָט כאַשקע מיט האַרצווייטיק געגעבן אַ טראַכט.

עלקע איז באַלד נאָך וועטשערע אַוועק פון שטוב, ווי זי פלעגט דאָס אַלעמאָל טאָן. שיינע־רחל האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר זלאַטקען און זאַוולען. זי האָט אויך היינט נויטיק געדאַרפט ערגעץ־וואו גיין. מאַטעס האָט זיך צוגעלעגט אויף דער קאַנאַפּע כאַפּן אַ דרעמל. און כאַשקע האָט זיך גענומען צו איר רעדל וויקלען די שפּולן באַוול.

אַריינקומענדיק צוריק אין זלאַטקעס צימער, האָט זאַוול זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן בעטל און געבליבן ליגן שטיל. זיין גאַנצער אויס־

זען האָט אויסגעדריקט פאַרצווייפלונג. זלאַטקע איז געזעסן מיט די עלנבויגנס אָנגעשפּאַרט אָן טישל, דעם קאָפּ אונטערגעשטופּט מיט אירע הענט. זי האָט ניט געקענט צוטראַכטן ווי אַזוי זיי זאָלן דאָ אַרויס פון דער אָנגעצויגענער שטימונג.

זי האָט געוואָרפן אַ בליק צו זאַוואַדען דאָרטן אויפן בעטל: וואָס טוט ער דאָרטן? פון וואָס טראַכט ער? קיין איין שאָרך האָט זיך ניט געהערט פון אים. ער איז איצט געלעגן שטיל, גאָרניט לויט זיין געוואוינהייט.

די שטילקייט האָט לאַנג ניט געדויערט. באַלד האָט ער האַס־טיק זיך אַ הייב־געטאָן און גענומען שפּרייזן איבערן צימער. זיינע טריט זיינען שווער געווען פאַר די הילצערנע ברעטער פון דער פּאָדלאָגע. זיין פיגור איז געווען צו־מאַסיוו פאַר דעם קליינעם צימערל, דער באַלקן — צו נידעריק. ריזיקע שאָטנס האָבן נאָכ־געטאַנצט נאָך אים אויף דער וואַנט. זיין קוטשמע־האָר האָט זיך געהויבן הויך איבערן שטערן; מיט די הענט פאַררוקט טיף אין די הויזן־קעשענעס, האָט ער אויסגעזען, ווי מען וואָלט אים דאָ איצט פאַרשפּאַרט אין אַ פּאַסטקע.

ער האָט שפּרייזנדיק זיך פאַרטשעפּעט אָן הויכן קאָמאָד, האָט ער עס געגעבן אַ זעץ מיטן שוך, אַז דער קאָמאָד האָט אַ קרעכץ־געטאָן. איין קורצע ווײַלע האָט ער זיך אָפּגעשטעלט ביים טישל, וואו זלאַטקע איז געזעסן. ער איז אָבער באַלד אַנטלאָפן צוריק, ווי דער אָרט וואָלט אים געבריט. ער איז ניט באַשאַפן געוואָרן פאַר קיין צווייפלונגען, זאַוול, פאַר פאַרדאַכטן; ער איז אַזוי ווי געבויט געוואָרן פון איין שטיק און זיך ניט געקענט בויגן.

מינוטן זיינען געלאָפן. עס איז שוין געוואָרן שפּעט אין אָוונט. זלאַטקע האָט שוין דאָס מער ניט געקענט פאַרטראָגן. זי האָט זיך אומגעקערט צו אים:

— ווען מיר וואָלטן דאָ געווען צוזאַמען... דו ביזט אַזוי איינגעשפּאַרט...

ער האָט געשוויגן שטיל. געוואָלט האָט ער זאָגן, אַז די שטאָט איז ניט פאַר אים. וואָס וועט ער דאָ טאָן מיט די אַלע פרעמדע פאַר־טייען, מיט די ליאָוואָס... נאָר זיין צעברויזטער כעס האָט זיך שוין גענומען איינלייגן אין אים, אויסוועפן. אַ ביסל אָן אויפגעהייטער־טער, האָט ער זיך אָפּגערופן:

— איך וועל זען. אפשר ביסטו גערעכט. לאָמיר פריער קומען אַהיים. יע, אין דער היים וועל איך אַלץ קענען באַטראַכטן.

זיי זיינען איצטביידע געזעסן אויפן בעטל. זלאַטקע האָט אים געגלעט די צעשטורעמטע קוטשמע־האָר, און ער האָט מיט איין האַנט

געהאַלטן איר אַרומגענומען אַרום דער טאַליע. זלאַטקע האָט זיך אָפּגערופן:

— כ'האָב אַזוי געוואַרט אויף דער מינוט, מיר זאָלן זיך קע־נען זען. און איצט פאַרשטערן מיר זיך אַליין די צייט מיט קליינ־קייטן, מיט גאָרנישט.

די וואַרעמקייט פון איר מיידלשן קערפּער, וואָס איז געפלאָסן פון איר צו אים, האָט אים אינגאַנצן צענומען. האָט פאַרזיסט די לעצטע מינוטן פון אָוונט. אַלץ איז איצט פאַרגעסן געוואָרן צווישן זיי. און אַ באַרואיקטער האָט זאַוול שוין איצט געקענט פאָרן אַהיים. אין דער לעצטער מינוט האָט ער נאָך געהאַפּט, זי וועט אים הייסן זיך אָפּשטעלן דאָ אויף נאָך אַ טאָג. „ניין, מ'דאַרף ניט", האָט ער אַ טראַכט־געטאָן אויף צוריק. ער האָט זיך מיטאַמאָל גענומען איילן.

— ווען גייט־אָפּ דער באַן? — האָט ער אַ קוק־געגעבן אויף זיין זייגער.

זלאַטקע האָט אָנגעטאָן איר זשאַקעטל און זי איז אַרויס מיט אים פון שטוב, באַגלייטן אים צום באַן.

# קאַפּיטל צוועלף

אין יענע נאַכט איז זלאַטקע לאַנג געלעגן וואַך אין איר בעט און דער שלאָף איז ניט געקומען. זי האָט אַלץ איבערגעטראַכט: וואָס איז געשען צווישן איר און זאַוולען? זיי האָבן זיך דאָך אַזוי ליב, און דאָ, די געציילטע פּאָר שעה, וואָס זיי האָבן זיך געזען, זיינען גאָר אַוועק אין איבעריידענישן און אין האַרצווייטאָק, ניט אַנדערש, זיי מוזן זיך זען נאָכאַמאָל. זי וועט האָבן מיט אים אַ לאַנגן געשפּרעך, און ער וועט איינזען, אַז ס'איז גאָרנישט... און אומזיסט זיינען די פּאַרדאַכטן זיינע. זאַוול וועט איר גלויבן, ער וועט פאַרשטיין...

עס זיינען אַוועק אַ פּאָר טעג און זלאַטקע האָט זיך שוין גע־דאַרפט גרייטן אויף איינער פון אירע רייזעס אַריבערצופירן ליטע־ראַטור. זי האָט וועגן דעם געדאַרפט זיך זען מיט ליאָוואַן. און אין איינעם אַ פאַרנאַכט, באַלד נאָך דער אַרבעט, איז זי צו אים אַוועק. ליאָווא האָט שוין אויף איר געוואַרט ביי זיך אין צימער. ווי אַלע מאָל, איז ער אַ פריילעכער געגאַנגען איר אַנטקעגן.

— אָ, זלאַטקע, איך האָב שוין אַזוי געוואָלט אייך זען.

ער האָט איר אָנגענומען פאַר דער האַנט, איר צוגעפירט צו אַ סאָפקעלע, און זיצנדיק דאָ מיט איר האָט ער איר דערציילט, אַז מען וועט מוזן אויף אַ קורצער צייט איבעררייסן דאָס פירן לי־טעראַטור. ביים גרענעץ, וואו עס היטן די זשאַנדאַרן און די סטראַזש־ניקעס, איז דאָ ניט לאַנג צוריק דורכגעפאַלן אַ טראַנספּאָרט אַ גאַנ־צער מיט ליטעראַטור. און איצט האָבן זיי דאָרטן פאַרשטאַרקט די וואַך.

— דער קאָמיטעט האָט געלאָזט וויסן, מען זאָל דערווייל אָפּ־וואַרטן, ביז עס וועלן זיך איינשטעלן נייע באַציאונגען ביים גרענעץ.

— אַ שאָד. — האָט זלאַטקע זיך אָפּגערופן — און איך בין שוין געווען גרייט אויף אַ נייער רייזע.

זי האָט אומעטיק אַ שמייכל געטאָן און אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ.

ליאָווא איז געווען צו טיף־פילנדיק, אַז ער זאָל ניט דערזען ווי זלאַטקע איז אַ פאַרענדערטע היינט, ווי אַ צענויפגעצויגענע אין זיך, די גרינגקייט און פּשוטקייט אין איר האַלטן־זיך איז איצט ניט

געוועזן; און אירע אויגן, וואָס האָבן געקוקט קלאָר און צוטרוי־לעך, האָט זי איצט געהאַלטן אַראָפּגעלאָזן. זי איז אים אָן אַ שיעור טייער געוועזן. ער האָט ליב געהאַט דעם פרומען אויסדרוק פון איר פּנים, מיט דעם מאַט־ווייסן קאָליר, און די פולע, רויטע ליפּן, די פיינע ליניע צווישן שטערן און די קרויזנדיקע האָר, פון קאַשטאַן־קאָליר.

זלאַטקע האָט געפילט זיין בליק אויף איר. ס'איז געווען ווי ער וואָלט איר געפרעגט: "וואָס איז געשען מיט אייך, זלאַטקע?" — "גאָרניט איז געשען", — וואָלט זי אים געקענט ענטפערן, — "נאָר דאָס לעבן איז עפּעס געוואָרן אַזוי פאַרוויקלט און פאַרפּלאָנטערט".

זיי האָבן נאָך געשמועסט אַ ווײַלע, אָבער ביי ביידן איז די רייד אַרויס ניט פריי און אָפּגעהאַקט. זלאַטקע האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט.

— נו, איך וועל שוין גיין אַהיים.

זי האָט געהאַלטן אין איין שפּיליען און פאַרשפּיליען די זו־מערדיקע פעלערינקע, וואָס זי האָט געטראָגן אויף זיך, און זי איז נאָך ניט אַוועק. זי איז צוגעגאַנגען צום אָפענעם פענצטער און אַרויסגעקוקט צום הויף. דאָרטן האָבן זיך געזען צעבליטע בוימער און גראָז, אַ גערטנדל איז געווען פאַרפּלאַנצט מיט פיין־אויסגע־לייגטע בייטן און אַלערליי בלומען. זלאַטקע האָט ניט־ווילנדיק זיך דערמאָנט אָן איר צימער ביי מאַטעסן, וואו דורכן פענצטער האָט מען נאָר געקענט זען פאַרבויטע הייזער מיט גרויע, אָפּגעשיילטע ווענט.

— ס'איז דאָ זייער שיין, — האָט זי געזאָגט — ווער גיט אַכטונג אויף דעם גערטל מיט די בלומען?

— ס'איז מיין שוועסטער זשעניא. זי איז אַ וואויל מיידל. כ'וועל אַמאָל אייך באַקענען מיט איר.

— גוט. — האָט זלאַטקע געזאָגט אַ פאַרטראָגענע.

ליאָוואַ האָט מיט דער האַנט געקעמט זיך די האָר.

— כ'וועל אפשר קומען צו אייך, אַז איר ווילט... — האָט ער פלוצלונג אַ זאָג־געטאָן.

— צו מיר? ווי אַזוי? איר ווייסט דען וואו איך וואוין?

— איך ווייס. איר וואוינט ביי מאַטעסן. בעניאָמקע האָט מיר געזאָגט.

זי האָט אויפגעהויבן צו אים אירע אויגן און ס'איז געווען אין זיי ווי אַ פאַרבאָט אַ שטרענגער, אַז ניין, ער דאַרף ניט קומען. זי האָט ווי מיט געוואַלט זיך אָפּגעריסן פון אָרט, זיך מיט אים צוגע־זעגנט און זי איז אַוועק.

עס זיינען אַוועק טעג, און זלאַטקע האָט זיך געזען מיט חיימען, דעם פאָרשטייער פון קאָמיטעט. זי וואָלט ניט געקענט לעבן אָן

דער אַרבעט אין דער אָרגאַניזאַציע, דער קוואַל פון וועלכן זי האָט אַלעמאָל געשעפּט כּוחות. און זיי האָבן אָפּגערעדט, אַז ביז וואָס־ווען, זאָל זי צוריקקומען צו די זיצונגען פון סכאָדקע. און דאָרטן אין סכאָדקע, צווישן די אַלע העלדישע און איבערגעגעבענע טוער, האָט זי זיך ווידער דערפילט געשטאַרקט אין גייסט.

עס איז דעמאָלט געווען זייער אַן ערנסטע צייט. די געשעענישן אין לאַנד זיינען אַנגעלאָפן אַלץ האַסטיקער און שטורעמדיקער. אין די גרויסע שטעט, אין וואַרשע, אין לאָדזש, אין ריגע, זיינען מאַסן־אַרבעטער אַרויס אין סטרייקס מיט פּאָליטישע פאָדערונגען צו דער רעגירונג. רעוואָלוציאָנערן האָבן אפילו זיך געשטעלט אַנט־קעגן דער רעגירונג מיט געווער אין די הענט. פון וייטן רוסלאַנד זיינען טאָג־טעגלעך אָנגעקומען ידיעות וועגן סטודענטישע סטרייקס מיט אָפענע דעמאָנסטראַציעס אין די גאַסן. אין די דערפער די פּויערים האָבן אונטערגעצונדן מאַיאָנטקעס, דאָס גאַנצע לאַנד איז אויפגעטרייסלט געוואָרן ביזן גרונט.

די מלחמה מיט יאַפּאַן, וואָס האָט זיך דעמאָלסט געפירט, איז געגאַנגען פאַר רוסלאַנד אַלץ צום ערגערן. אומצופרידנקייט מיט דער רעגירונג האָט זיך פאַרשפּרייט ווי אַ וואַלד־פייער. די זעלבסטהערשנ־דיקע צאַרישע רעגירונג איז געווען צערייצט, זיך געיאָגט נאָך די רעוואָלוציאָנערן, אַרעסטירט די וויכטיקסטע טוער און זיי באַשטראָפט מיט טורמעס, מיט פאַרשיקונג קיין סיביר. נאָר באַלד זיינען נייע טוער אויפגעקומען, יונגע און באַגייסטערטע, און גרייט אויף מסירת־נפש, האָבן זיי איבערגענומען די אַרבעט.

עס איז געווען, ווי ליכט אין פינצטערניש וואָלטן זיך אויסגעמישט, ווי פאַר אַ נייעם באַשאַף.

אין אָט־דער הייסער צייט איז דער „בונד" נאָך אַלץ געווען אויסער דער רוסלענדישער פּאַרטיי. די רוסישע טוער און די יידישע האָבן צווישן זיך געקעמפט. דער „בונד" האָט ניט געקענט אייניקן זיך אויף דעם צענטראַליסטישן געבוי פון דער פּאַרטיי, וואו אַ געקליי־בענע גרופּע־טוער האָבן געדאַרפט פירן מיט דער גאַנצער רעוואָלו־ציאָנערער אַרבעט אין לאַנד. דער „בונד" איז באַשטאַנען אויף דעם אַז נאָר אידישע טוער ווייסן גוט די נויטן פון די יידישע מאַסן, און געוואָלט באַלאַנגען צו דער רוסלענדישער פּאַרטיי ווי אַ באַזונדערע אָרגאַניזאַציע פון יידישע אַרבעטער.

מיט אַ שווערן האַרצן האָבן די בונדישע טוער געלייענט די בייזע אָנפאַלן פון דער „איסקראַ": „דער „בונד" איז נאַציאָנאַליסטיש און סעפּאַראַטיסטיש"... מען האָט פאַרשטיקט דעם ביטערן געפיל אין האַרצן ביי זיך און ניט אויפגעהערט צו טאָן רעוואָלוציאָנערע אַרבעט באַזונדער פון דער רוסלענדישער פּאַרטיי.

אין דער צייט איז דער „בונד" שטאַרק אויסגעוואַקסן. אין די באַריכטן אויף די זיצונגען האָט זלאַטקע ניט איינמאָל געהערט, ווי דער „בונד" האָט פאַרנומען אַלץ נייע שטעט אין אוקראַינע און אין ווייס־רוסלאַנד, און מיט זיין רעוואָלוציאָנערער אַרבעט איז ער אַ מוסטער פאַר אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. און זלאַטקע, אינאיינעם מיט די אַנדערע טוער, האָט געטראָגן אין זיך אַ באַזונדערן שטאָלץ פאַר געהערן צום „בונד".

איצט, מער ווי אַלעמאָל, האָט זלאַטקע געגאַרט זיך אָפּצוגעבן פאַר דער אַרבעט אין דער אָרגאַניזאַציע, און אין סכאָדקע האָט זי גענומען אויף זיך אַרבעט, מער ווי איין מענטש קען אויפטאָן. זי איז געגאַנגען אויף דער „בירזשע", געטיילט פּראָקלאַמאַציעס, אַגיטירט די אַרבעטער, און אין אָוונט האָט זי געלערנט מיט אַ קרייזל. און אַז עס האָט אין סכאָדקע אויסגעפעלט אַ מענטש צו גיין אין אַ געוויסער פאַבריק און ריידן דאָרטן מיט די אַרבעטער, האָט זלאַטקע באַלד זיך אָפּגערופן:

— איך קען דאָס טאָן!

און חיים, דער פאָרשטייער פון קאָמיטעט, וואָס האָט אַליין געקענט אויפטאָן אַרבעט פאַר צען מענטשן, האָט געקוקט אויף איר מיט זיינע טיפע, קלוגע אויגן און הנאה געהאַט, ווי עס פרייט זיך אַ טאַטע מיט זיין געראָטן קינד. און ער האָט וועגן זלאַטקען געטראַכט, אַז זי איז איינע פון די שטילע טוער, וואָס פון זיי בויט זיך אַ באַוועגונג.

און אַז זלאַטקע איז געקומען צו אַ באַלעבאָס פאַרהאַנדלען וועגן אַ סטרייק, צי אַזוי וועגן אַ סכסוך, האָט מען געוואוסט, אַז זי קומט פון „בונד". און דער דאָזיקער נאָמען, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט אַזוי פיל אויפטואונגען און העלדישקייטן, האָט ביי די באַלעבאַטים אַרויסגערופן גרויס דרך־ארץ. און זלאַטקע איז געווען שטרענג מיט די באַלעבאַטים־עקספּלואַטאַטאָרן, שטרענג און אָן קאָמפּראָמיסן. און מיט די אַרבעטער, וואָס האָבן זי אָפּגעוואַרט ביי דער פאַבריק, האָט זי גערעדט וואַרעם און זיי אַגיטירט און זיי אויפגעוויזן, אַז עס וועט קומען אַ צייט און די אַרבעטער וועלן איבערנעמען די גאַנצע פּראָדוקציע אין זייערע הענט. דאָס זיינען געווען שוין באַקאַנטע רייד, נאָר עפּעס איז געווען אין איר קול, און די אַרבעטער זיינען אויך דורכגענומען געוואָרן מיט איר טיפן גלויבן אין דער זאַך.

*
**

די רעוואָלוציאָנערן האָבן געהאַלטן די אויגן וואַך. אומרו און דערוואַרטונג זיינען געווען אין דער לופט. גאָר אינגיכן וועט עפּעס געשען. און געשען איז אַן אויסטערלישע זאַך. דער מעכטיקער פאָן־פּלעווע, דער

אינערן־מיניסטער, איז געטויט געוואָרן דורך די הענט פון אַ סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער. אין איינעם אַ טאָג פון חודש אויגוסט האָט די בייעס דורכגעבליצט אין דער לופט. פאָן־פּלעווע, וואָס זיין נאָמען איז געווען פאַרבונדן מיט אַל־דאָס־בייז, וואָס די זעלבסטהערשנדיקע צאַרישע רעגירונג האָט פאַרמאָגט, איז געפאַלן טויט.

אין די גאַסן, אין יענעם טאָג, איז געווען אַ גרויסע אויפרעגונג. מען האָט געכאַפּט די צייטונגען, געשטעלט זיך אין רעדלעך. אַ באַ־האַלטענע פרייד האָט אַרויסגעשיינט פון די פּנימער פון אַלע מענטשן און סודותדיק האָבן אַפילו פרעמדע מענטשן איינע צו די אַנדערע גע־שמייכלט. אַז זלאַטקע איז יענעם בייטאָג געקומען צו אַנקען אין רעס־טאָראַן מיטאָג עסן, איז דאָרטן דער יום־טובדיקער טומל געווען גרויס. בעניאָמקע און שיינע־רחל זיינען דאָ אויך געווען. די פּאַרשטייער פון אַלערליי פּאַרטייען האָבן היינט ניט דיסקוטירט צווישן זיך און ניט געקריגט זיך, נאָר מען איז געשטאַנען אין גרופּעס און אינאיינעם געהיצט זיך און זיך געפרייט מיט דער נייעס, איבערלאָזנדיק די טישלעך מיט דעם עסן.

ביי די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, די בונדיסטן, איז די פרייד געווען אַן איינגעהאַלטענע. דעם „אַקט" האָט דורכגעפירט אַ סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער. און די בונדיסטן זיינען דאָך געווען קעגן יעדן סאָרט טעראָר. אָבער ווי אַזוי האָט מען געקענט ניט פרייען זיך? בעניאָמקע און שיינע־רחל און זלאַטקע האָבן דאָ אויפן אָרט אָפּגערעדט, אַז מען זאָל דעם יום־טוב פּראַווען מיט גיין דעם אָוונט אין טעאַטער.

עס איז געווען אַן אָוונט פאַר זלאַטקען צו געדענקען. די גאַ־ליאָרקע פון טעאַטער איז געווען מיט אַ נידעריקן באַלקן און טונקל־באַלויכטן. אַז זלאַטקע מיט אירע פריינט זיינען אַהין געקומען, איז שוין דאָרטן געווען איבערגעפּאַקט מיט דער רוישנדיקער און ברויזנ־דיקער יונגוואַרג. אַרבעטער פון די וואַרשטאַטן און פאַבריקן, סטו־דענטן מיט זייערע קאָקאַרדעס אין די היטלען, און גימנאַזיסטקעס אין זייערע ברוינע יוניפאָרמס. דאָס זיינען אַלץ געווען אייגענע מענטשן, חברים. די גאַליאָרקע איז געווען, ווי אויף סוראַזער גאַס די „בירזשע" דאָ האָבן זיך אַלע באַגעגנט; דאָ איז אָפּגעמאַכט געוואָרן אַרבעט פאַר דער אָרגאַניזאַציע; מען האָט געטיילט ליטעראַטור, אַגיטירט, באַ־שטעלט זיך וואו צו טרעפן. אַלע האָבן זיך איינע די אַנדערע געקענט און זיך דערכגעוואָרפן מיט אויסרופן און ווערטלעך פון איין עק גאַ־ליאָרקע ביזן אַנדערע.

זייער לוסטיקייט האָט געבראַכט אומרו און צערודערונג אין אונ־טערשטן זאַל, אין „פּאַרטער". מענטשן מיושבדיקע און געזעצטע האָבן זיך געהויבן פון די ערטער און פאַרריסן די קעפּ צו דער גאַליאָרקע.

דאַמען, אויסגעפּוצטע אין דעקאָלטע, האָבן אָנגעשטעלט אַהין זייערע לאָרנעטן.

אויף דער סצענע האָט זיך געשפּילט די פּיעסע „נאָראַ", פון איבסען. און דאָס יונגוואַרג פון דער גאַליאָרקע האָט אַריבערגעטראָגן די אייגענע באַגייסטערונג אויפן שפּיל און האָט אַרויסגערופן די נעמען פון די אַקטיאָרן אַ הונדערט מאָל. בעניאָמקעס קלינגענדיקע שטימע האָט זיך געהערט העכער פון אַלעמענס, און שיינע־רחל האָט גע־דאַרפט אים אַ ביסל איינהאַלטן.

די פריילעכקייט און לעבנסלוסטיקייט פון אַרום האָט אויך זלאַט־קען דערהויבן און ס'איז איר איצט געווען זייער גוט. אויב עס האָט ערגעץ אין אַ טייל פון איר נאָך געלעבט אַ שווערקייט, זינט זאַנוולס אַוועקפאָרן, האָט זי עס איצט ניט געפילט. קיין אָרט, וואו צו זיצן, איז דאָ ניט געווען. איז זי געשטאַנען מיט שיינע־רחלען ביים ראַנד פון דער גאַליאָרקע, אַרומגעמנדיק איר חברטע ביי דער טאַליע.

אין לעצטן אַנטראַקט האָט זיך ליאָווא באַוויזן דאָ אויף דער גאַ־ליאָרקע. זלאַטקע האָט אים דערזען זיך דורכשטופּנדיק צווישן עולם און זיך דערנענטערן אַהער, הויך און בויגעוודיק, מיט דער טוזשורקע אויף די אַקסלען און אָן היטל. ביי זלאַטקען האָט אַ פלאַטער־געטאָן דאָס האַרץ, און ליאָווא האָט שוין צו איר געשמייכלט און זיך מיט איר געפרייט, וואָס ער זעט זי דאָ.

— וואו ביסטו געווען, אין פּאַרטער? — האָט בעניאָמקע אים אַ פרעג געטאָן, ווי ער וואָלט אים פאַר דעם געטאַדלט.

ער און ליאָווא זיינען געווען גרויסע פריינט. זיי האָבן אַ ווײַלע געשמועסט און געלאַכט און געטיילט זיך מיט די איינדרוקן פון שפּיל און פון די אַקטיאָרן. איבער די קעפּ פון בעניאָמקען און שיינע־רחלען האָט ליאָווא אַריבערגעקוקט צו זלאַטקען. און די פרייד, וואָס האָט געשטראָמט פון זיינע אויגן, האָט זיך איר אויך איבערגעגעבן. און זי האָט געענטפערט מיט אַ קוק אָן אָפענעם און צעלויכטענעם, ווי עס וואָלט פון אירע אויגן אַראָפּגעפאַלן אַ פאָרהאַנג.

דעם לעצטן אַקט האָבן זיי געזען שטייענדיק דאָ אַלע אינאיינעם, און זלאַטקע וואָלט ניט געקענט זאָגן וואָס זי האָט אויף דער סצענע געזען. דערנאָך האָט זי געהערט, ווי ליאָווא רופט זיי אַלעמען צו זיך אַהיים, און בעניאָמקע, אין דער איצטיקער הפקרדיקער שטימונג, האָט באַלד אויף דעם איינגעשטימט. דערנאָך זיינען אַלע אַראָפּ אונטן אין גאַס. זלאַטקע האָט געהאַלטן שיינע־רחלען אונטערן אָרעם, און ליאָווא מיט בעניאָמקען האָבן געשפּאַנט פאָראויס. זיי האָבן צווישן זיך היציק געשמועסט און וועגן עפּעס זיך געשפּאַרט. און זלאַטקע האָט געפילט אין זיך אַזאַ שטילקייט, וואָס עס קומט פון אַ סך פרייד,

און זי האָט געטראַכט ביי זיך: „ווי מאָדנע, עס איז אַלץ אַזוי אַנדערש היינט"...

ביי ליאָוואַן אין שטוב איז ליכטיק געווען אין אַלע צימערן, ווי די יום־טובדיקע שטימונג וואָלט אַהער אויך דערגרייכט. ליאָוואַ האָט זיינע פריינט אַריינגעפירט צו זיך אין צימער. אָבער לאַנג האָבן זיי זיך דאָ ניט פאַרהאַלטן. די דינסטמיידל איז אַריינגעקומען און געמאָלדן, אַז די מאַמע ליאָוואַס האָט זיי אַלעמען פאַרבעטן צו זיך אין עס־שטוב.

— קומט, וואָס אַרט אייך! —

האָט ליאָוואַ צו זיי געזאָגט. עס איז ביי אים היינט אויך געווען זייער אַ גרינגע שטימונג.

אין עס־צימער איז דער טיש געווען געגרייט מיט אַ סך צובייסן און מיט אַ זידנדיקן סאַמאָוואַר אינמיטן. דער אָנגעצונדענער בליך־לאָמפּ, מיט די אַראָפּהענגנדיקע קרישטאָלענע ליכטעלעך, האָט גע־שפּרייט העלן ליכט אין אַלע ווינקעלעך פון גרויסן צימער. עס איז קענטיק געווען, אַז געסט זיינען דאָ געווען און נאָר־וואָס אַוועק. ליאָ־וואָס טאַטע־מאַמע האָבן זיך אויפגעהויבן פון טיש, צו באַגעגענען זיינע פריינט, בעניאָמקען, שיינע־רחלען און זלאַטקען. ליאָוואָס טאַטע סאָלאָמאָן ליפשיץ, האָט מיט אַ פריילעכן בליק דורכגענומען די פרעמ־דע מענטשן און געדריקט זיי די הענט:

— קומט, קומט, זעצט זיך. — האָט ער מיט אַ ברייטהאַרציקן זשעסט זיי אָנגעוויזן צום טיש.

די מאַמע ליאָוואָס האָט זיך אַ טוליע געטאָן צו איר זון. אין איר אַרויפקוקן צו אים איז געלעגן די אַנגסט צו האָבן אים וואָס מער אַרום זיך אין אַזאַ אומרואיקער צייט.

— דאָס איז מיין מאַמע. — האָט ליאָוואַ איר פאָרגעשטעלט פאַר זיינע פריינט.

זי האָט געהאַט אַ שיינעם אויסזען, אַ מילכיק־ווייסן פּנים און אַ פיין־געשניצטן נעזל. און די מאַסע טונקעלע האָר אירע זיינען געווען אויפגעטורעמט הויך און פאַרהאַלטן מיט אַ סך שפּילקעס און קעמע־לעך. זי האָט געטראָגן אַ שטייפן יאָקל, מיט קרוזשעוועס אַרום האַלז און ביי די אַרבל. און דאָס קלייד אַרום דער טאַליע איז געווען ברייט געפאַלדעוועט. די לאַנגע דימענטענע אויערינגלעך האָבן זיך גע־וויגט פון איר יעדן ריר.

די מאַמע ליאָוואָס האָט אַרויסגעוויזן אַ סך טאַקט און גוטע מאַ־ניערן אין אויפנעמען געסט. זי האָט גערעדט צו זיי יידיש, כאָטש איר אייגענע שפּראַך איז געווען פּויליש. זי האָט געשטאַמט פון אַ יידיש־פּוילישער, יחוסדיקער משפּחה.

— דאַשאַ! — האָט זי אַ רוף־געטאָן איר דינסטמיידל, געהייסן

איר אַריינברענגען נאָך צובייסן, קיכעלעך און טאָרט. איר קול איז געווען אַ געהויבענער, ווי איינע, וואָס איז געוואוינט צו באַפעלן.

און דער צימער אַליין איז אויך געווען אַ געהויבענער. פון די הויכע פענצטער זיינען אַראָפּגעהאנגען שווערע, געהאַפּטענע פאָר־האַנגען; אין אַ ווינקל איז געשטאַנען אַ געשניצטער בופעט, און דורך די גלעזערנע טירלעך זיינע האָט זיך געשליפענע גלאָזוואַרג אַרויס־געזען; קרעדענצן מיט בעכערלעך און באַזילבערטע טאַצן — אַלץ האָט דאָ אויסגעזען מאַסיוו און איינגעפונדעוועט.

בעניאָמקע, שיינע־רחל און זלאַטקע זיינען געזעסן אין הויכע, לעדערנע שטולן, אַרום דעם דעמבענעם טיש, מיט דעם ווייסן, בלענדנ־דיקן טישטוך. און אַלע זיי האָבן זיך דערפילט ניט באַקוועם. זיי האָבן געקוקט איינע אויף די אַנדערע און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. און בעניאָמקע האָט בייז אַ קוק־געגעבן אויף ליאָוואַן, ווי ער וואָלט פרעגן ביי אים: „וואוהין האָסטו אונז פאַרשלעפּט?“ און ער האָט שוין געוואָלט זיך אויפהויבן אַוועקצוגייען. און אַז ליאָוואַ האָט דאָס דערזען, האָט ער זיך שטאַרק צולאַכט. ער האָט מיטביידע הענט אַ נעם־געטאָן בעניאָמקען פאַר דער פּלייצע און צו אים געזאָגט:

— יאָלד, זיץ אַז מען הייסט דיר.

אַלע האָבן זיך ניט־ווילנדיק צעלאַכט.

די מאַמע ליאָוואַס האָט אָנגעגאָסן פאַר יעדערן טיי. זי האָט גע־שניטן גרויסע שטיקער טאָרט, און די קרוזשעוועס פון אירע אַרבל האָבן פאַרשטעלט אירע ווייסע, געצערטלטע פינגער.

— עסט, עסט, איך בעט אייך. — האָט זי גערעדט מיט אַ פריינט־לעכן קול, אַז מען האָט ניט געקענט איר אָפּזאָגן.

סאָלאָמאָן ליפשיץ, דער טאַטע ליאָוואַס, איז באַלד אַריין אין אַ שמועס וועגן דער היינטיקער געשעעניש, די נייעס וועגן פאָן־פלעווע, וואָס האָט אויפגערודערט דאָס גאַנצע לאַנד. סאָלאָמאָן ליפּ־שיץ איז גיך צוגעלאָזן געוואָרן צו מענטשן. אין זיין גאַנצן באַנעמען זיך איז געלעגן גיכקייט און אימפעט. ער האָט זיך גיך באַוועגט, גע־רעדט גיך און געטרונקען זיין טיי מיט גיכע זופּן, ווי אימיצער וואָלט אויף אים געוואַרט און ער וויל ניט פאַרזאַמען.

ער איז געווען אַ ביסל העכער פון מיטעלען וואוקס; די באָרד, א געדיכטע, אַ העל־ברוינע, איז געווען קורץ אונטערגעשאָרן, און די אויגן, אונטער די געדיכטע ברעמען, האָבן געקוקט שאַרף, ווי זיי וואָלטן אַלץ אין זיך אַריינגענומען. ער האָט געטראָגן אַ גאָלדענעם קייטעלע אין דער ברייט פון זיין וועסט, און ער האָט געהאַט דעם אויסזען ווי אַ מענטש פון ערפאָלג און אויפטו. אין שטאָט האָט סאָלאָמאָן ליפּ־שיץ געהאַט אַ גרויסן נאָמען. ער איז געווען דער אייגנטימער פון עטלעכע טוך־פאַבריקן, געהאַט דעם טיטל פון „פערווי גילדע קופּעץ“

און געהאַנדלט גרויס מיט מאָסקווע, מיט פּעטערבורג, און געשיקט אַהין זיינע מענטשן צו טאָן דאָרטן מסחר.

— איצט, אַז פּלעווע איז טויט, וועט די רעגירונג מוזן איינגיין אויף קאָמפּראָמיסן. — האָט ער געזאָגט.

ער איז געווען צופרידן מיט דעם רעוואָלוציאָנערן אַקט. עס מוז עפּעס געטאָן ווערן. דאָס לאַנד איז אָפּגעשטאַנען, נויטיקט זיך אין רעפאָרמען, אין זיין טאָן איז געווען די אויטאָריטעט פון גרויסן אונ־טערנעמער, פון אַ פאָרשטייער פון דער ניי־אויפגעקומענער אינדוס־טריע, און די זיכערקייט, אַז דאָס לאַנד נויטיקט זיך אין אַזעלכע, ווי ער.

בעניאָמקע האָט מיט אַ טשיקאַוון שמייכל אים אָנגעקוקט און ער האָט זיך אָפּגערופן:

— הייסט עס, אַז איר זייט אויך מיט די רעוואָלוציאָנערן.

סאָלאָמאָן ליפשיץ איז אַזש געווען באַליידיקט: „מען האַלט אים דאָ פאַר אַ רעאַקציאָנער, צי וואָס? ער איז פונקט אַזוי ליבעראַל, ווי אַנדערע.

— וואָס מיר דאַרפן, איז פּאָליטישע פרייהייט, אַ קאָנסטיטוציע.

— האָט ער גערעדט מיט זיין זיכערן קול. און ער האָט שוין האַסטיק געשפּאַנט איבערן שטוב.

— ווי אַזוי, דענקסטו, וועט מען די קאָנסטיטוציע קריגן? — האָט ליאָוואַ אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט. — ווער וועט דאָס פאַר אונז אויסקעמפן?

— איך ווייס, וואָס דו ווילסט זאָגן. — האָט סאָלאָמאָן ליפשיץ זיך געגעבן אַ שטעל־אָפּ אינמיטן שפּאַנען. ס'איז אָנגערירט געוואָרן אַן אָנגעווייטאָקטער פונקט. זיין זון אַ רעוואָלוציאָנער, אַן אויסגע־שלאָסענער סטודענט, און ער, סאָלאָמאָן ליפשיץ, האָט געחלומט, אַז ליאָוואַ וועט ענדיקן דעם פּאָליטעכניקום, ער וועט זיך אויסצייכענען ווי אַן אינזשעניר און וועט שפּילן אַ גרויסע ראָלע. ער, דער טאַטע, האָט פאַר אים אויסגעטראָטן דעם וועג.

ניט ליאָוואַ און ניט דער טאַטע זיינער האָבן געקענט רויק וועגן דעם ריידן. ביידע עקשנותדיק אין זייער גלויבן. און דאָ האָט זיך געפּילט דער ריס צווישן טאַטן און זון. די מאַמע ליאָוואַס האָט אָנגע־שטרענגט געקוקט אויף זיי ביידן. זי האָט מורא געהאַט פאַר אַ קריג. אָבער סאָלאָמאָן ליפשיץ האָט באַלד פאַרקירעוועט דעם שמועס אויף אַ מער־זיכערן באָדן. אַ באַרואיקטע, האָט איצט די מאַמע פּרובירט אַריינציען אין אַ שמועס די ביידע מיידלעך. זלאַטקע האָט איר אויס־געזען צופיל אַריינגעטאָן אין זיך. האָט זי אויסגעקליבן שיינע־רחלען. שיינע־רחל, מיט אירע שוואַרצע, גלאַט־פאַרקעמטע האָר, מיט דער ווייסער בלוזקעלע און דעם לאַנגען שוואַרצן שניפּס, האָט זי אויס־

געזען ווי אַן אינטעליגענטקע. און די מאַמע ליאָוואַס האָט זיך מיט איר צורעדט און פֿאַנאַנדערגעפֿרעגט איר וועגן איר היים און וואָס זי טוט. און שיינע־רחלען האָבן קיינמאָל ניט אויסגעפֿעלט קיין ווערטער צו פֿירן אַ שמועס מיט וועמען דאָס זאָל ניט זיין, און זי איז דער מאַמען ליאָוואַס זייער געפֿעלן געוואָרן.

זלאַטקע איז שוין געווען אַוועק פֿון טיש. זי איז געזעסן אָן אַ זייט, אין אַ ווייכער סאָפֿקעלע. די גוטע שטימונג, וואָס איז געקומען צו איר נאָך דאָרטן, אין טעאַטער אויף דער גאַליאָרקע, האָט אָנגעהאַלטן אין איר דעם גאַנצן אָוונט. זי האָט ביי זיך געטראַכט: „הייסט עס, אַז דאָס איז ליאָוואַס טאַטע. די זעלבע רויט־ברוינע האָר, ווי ביי ליאָוואַן. דער זעלבער אימפּעט. און די מאַמע זיינע, אַן אָפּגעפּיינטע דאַמע, און שוין אַ ביסל צופֿיל פֿאַרריסן ביי זיך״...

ס׳איז אַריינגעקומען די שוועסטער ליאָוואַס, זשעניאַ, וואָס מען האָט גערופֿן פֿאַרצויגן זשעניטשקאַ. זי איז אַריינגעקומען מיט אַ פֿריילעכן טומל, געגעבן אַ וואָרף איר הוט אויף אַ שטול.

— אָ, ס׳איז דאָ טיי? איך וויל טאַקע טרינקען. — האָט זי זיך דערפֿרייט.

זשעניטשקאַ איז געווען אַ יונגע מיידל, אַ געענדיקטע גימנאַזיסטקע, און זי האָט נאָך געטראָגן איר ברוינעם יוניפֿאָרם מיט אַ ווייסן קעלנערל אַרום האַלז. זי האָט געהאַט דער מאַמעס מילך־ווייסן פּנים און אַ שיינעם, געטאָקטן האַלז, אירע צוויי טונקעלע צעפּ האָט זי אויסגעלייגט איבערן קאָפּ ווי אַ קראַנץ. זי האָט אויך געהאַט דער מאַמעס שטאָלצן שטעל און זי איז געווען אַ צעבאַלעוועטע און אַ נאָכגעגעבענע.

לויט דעם אויסזען פֿון די געסט, האָט זשעניטשקאַ פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס זיינען ליאָוואַס פֿריינט. זי האָט הויך אַרויפֿגעקוקט צו איר ברודער, דעם רעוואָלוציאָנער, און זי איז געווען שטאַרק צופֿרידן צו קענען זיינע פֿריינט.

— איר זייט געווען אין טעאַטער היינט? — האָט זי געפֿרעגט ביי בעניאָמקען. ווי זי וואָלט אים שוין גוט געקענט.

זי איז אויך געווען היינט אין טעאַטער, און מיט אַן ערנסטער מינע האָט זי זיך צורעדט וועגן דעם שפּיל.

— די נאָראַ, ס׳איז וואונדערלעך ווי זי קעמפֿט אַנטקעגן איר ברוטאַלן מאַן. ווי זי רייסט זיך צו אַ שענערן לעבן, צו זיין פֿריי.

בעניאָמקע האָט אָנגעקוקט זשעניטשקאַן, און אַ חוזק־שמייכל האָט אַ שפּיל־געטאָן אין זיינע אויגן. זי איז אים ניט געפֿעלן. זי האָט צופֿיל קאָקעטירט. זי האָט געוואוסט, אַז זי איז שיין; אירע אויגן, פֿון אַגרעס־קאָליר, פֿאַרשאָטנט מיט טונקעלע וויעס, זיינען געווען שיין, אים האָט זיך געוואָלט אַ רייץ־טאָן מיט איר.

— וואָס ווייסט זי צו ריידן פון אַ שענערן לעבן, אַז זי אַליין לעבט אין וואוילטאָג, אַז אַלץ איז פאַר איר אָנגעגרייט פאַרטיק. נאָר די וואָס ליידן אַליין ווייסן וואָס עס מיינט לעבן.

זשעניטשקאַ איז אין כעס געוואָרן. זי איז ניט געוואוינט געווען מען זאָל איר ווידערשפּעניקן. זי האָט אַזש אַ טופּע־געטאָן מיט איר קליין פיסל.

— איר האָט קיין רעכט ניט אַזוי צו ריידן צו מיר. — האָט זי קאַפּריזנע זיך אַ שטעל־געטאָן.

— זי איז שוין ניט קיין קינד: זי האָט געלייענט די גאַנצע רו־סישע ליטעראַטור און זי ווייס. — איצט האָט זי אים, בעניאַמקען, גענומען קריטיקירן. עס געפעלן איר גאָרניט די בונדיסטן. זיי טוען סיי־ווי גאָרניט אויף, אויב באַלאַנגען צו אַ פאַרטיי, וואָלט זי בעסער אויסגעקליבן די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן. זיי זיינען די אמתע קעמפער. היינטיקער אָקט איבער פּלעווען האָט דאָס באַוויזן.

בעניאַמקע איז איר ניט שולדיק געבליבן קיין ענטפער. האַלב־ערנסט און האַלב אין שפּאַס האָט ער גערעדט צו איר. און צווישן זיי האָט זיך פאַרפירט אַ דיסקוסיע, סאָלאָמאָן ליפשיץ האָט אָנגעקוקט זיין געראָטענע טאָכטער, זיין ליבלינג, און ער האָט אָנגעקוואָלן פון איר זיכערן שטעל און וואָס זי לאָזט זיך ניט אַראָפּוואָרפן.

די מאַמע ליאָוואַס איז נאָך אַלץ געווען פאַרטיפט אין איר שמועס מיט שיינע־רחלען, און ליאָוואַ האָט זיך צוגעזעצט אויפן פאָרענטש פון דער סאָפקעלע, וואו זלאַטקע איז געזעסן. זיי האָבן דעם גאַנצן אָוונט כמעט צווישן זיך ניט גערעדט. אָבער זלאַטקע האָט געפילט, אַז ער איז מיט איר; וואָס ער האָט דעם אָוונט געטאָן און מיט וועמען ער האָט גערעדט, איז ער אַלץ געווען מיט איר...

— איך פאַרדריסט ניט, וואָס איר זענט היינט געקומען אַהער, זלאַטקע? — האָט ער ביי איר געפרעגט מיט אַ טאָן אַן אינטימען.

— אָ, ניין, איך בין זייער צופרידן. ס'איז אינטערעסאַנט, אייער היים...

— איר ווייסט, — האָט זי אים געזאָגט אין אַ ווײַלע אַרום, — מיט אַזאַ טאַטן, ווי אייערן, איז גרינג צו קעמפן.

זי האָט געהאַט אין זינען איר אייגענע היים, איר טאַטן.

— ניט אַזוי גרינג, ווי דאָס זעט אויס. — האָט ליאָוואַ געזאָגט, און אַ שאָטן פון אומעט, צי פאַרדראָס, האָט זיך אַ מינע־געטאָן איבער זיין באַלעבטן פּנים.

אַזוי זיינען זיי געזעסן נאָך אַ לאַנגע ווײַלע און שטיל צווישן זיך גערעדט. זיי זיינען נאָר געווען צוויי גוטע פריינט. און זלאַטקע האָט געוואונטשן, אַז דער אָוונט זאָל זיך נאָך לאַנג ציען, זאָל זיך קיינמאָל ניט ענדיקן...

# קאַפּיטל דרייצן

דער טאָג אין מאַסטערסקאַיאַ איז אַוועק ווי אין אַ חלום. דאָס ווירקלעכע לעבן האָט זיך פּאַר זלאַטקען אָנגעהויבן נאָר ווען זי איז געווען מיט אירע חברים פון דער אָרגאַניזאַציע. און ווי אַ באַפרייטע האָט זי פאַרנאַכט נאָך דער אַרבעט זיך אַרויסגעלאָזן אין גאַס. זי האָט זיך אָפּגעטיילט פון די מיידלעך און זיך געאיילט אַהיים. זי איז פאַרבייגעגאַנגען דעם שטאָט־גאָרטן און ס'האָט איר אַ ציי־געטאָן אַהין. די טעג זיינען געשטאַנען סוף־זומערדיקע. מיט טיפע, בלויע הימלען און אַ דורכזיכטיקער לופט. פון ערגעץ האָט דאָס שפּילן פון אַ קאַטערינקע זיך דערטראָגן אַהער: „ראַזלוקאַ טי ראַזלוקאַ!" — דער זיס־ציענדיקער ניגון האָט פאַרכאַפּט דאָס האַרץ.

זלאַטקע איז אַ פאַרקלערטע געגאַנגען איבער די אַלייען. די בוימער זיינען נאָך געשטאַנען אין זייער פּראַכט, זיך געמינעט מיט רייכע קאָלירן פון גרין, געל און רויט. נאָר אויף דער ערד האָבן זיך שוין געוואַלגערט בלעטער צעטריקנטע און צעקנייטשטע. פון דערווייטנס, אויף דער זעלביקער אַלעיע, איז אַ בחור געגאַנגען. ס'איז ליאָוואַ, דער זעלבער וויגנדיקער גאַנג, דער זעלבער גלייכער וואוקס. זלאַטקע האָט אים אָנגעיאָגט: „ניין, ס'איז ניט ער"... זי האָט געהאַט אַ מאָדנעם געפיל, אַז ערגעץ דאָ אַרום מוז ער געוויס זיין...

זי האָט זיך באַלד געכאַפּט אַז זי האָט זיך דאָ צופיל פאַרזאַמט, און זי האָט אַוועקגעאיילט אַהיים. זי האָט אָפּגעלייגט אויף היינט צו איבערלייענען אַן אַרטיקל וועגן אַ וויכטיקער פראַגע, וועגן „נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע". עס איז געווען די שווערסטע פון אַלע פּראָגעס, ווי אַזוי אַוועקצושטעלן די נאַציאָנאַלע פּראָגראַם פון „בונד", ניט אָפּטרעטנדיק פון דער מאַרקסיסטישער ליניע. אין אַלע סכאָדקעס, אויף אַלע זיצונגען האָט מען וועגן דעם איצט דיסקוטירט: וואָס איז נאַציע? און צו זיינען יידן אַ נאַציע? אינגיכן וועט אָנקומען די רעוואָלוציע, און דער „בונד" האָט געדאַרפט די פראַגע האָבן פאַרענטפערט.

אַז בעניאָמקע איז געקומען צו מאַטעסן אין שטוב, האָט ער מיטגעבראַכט מיט זיך מאַטעריאַלן צו דער פראַגע: אַרטיקלען אין בונדישע זשורנאַלן, אין יידישע און אין רוסישע. און ער, און שיינע־

רחל, און זלאַטקע האָבן זיך געגרונטעוועט און וועגן דעם דיסקוטירט. מאַטעס אַליין האָט אויך ערנסט זיך אַ נעם־געטאָן צו דער פראַגע. ער איז אָבער געווען קעגן דער גאַנצער בונדישער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם. מאַטעס, דער פּיאָנער, וואָס אין זיין אַגיטאַציע האָט ער שטענדיק געזען דורכצופירן די ליניע פון קלאַס צו קלאַס, האָט זיך געשראָקן פאַר דעם וואָרט „נאַציאָנאַל", וואָס דאָס הייסט מיטאַרבעטן מיט דער בורזשואַזיע.

— אַז די רעוואָלוציע וועט קומען, וועט ניט זיין מער קיין „טשערטאַ אָסיעדלאָסטי". — האָט ער געזאָגט. — יידן וועלן באַקומען גלייכע רעכט, זיי וועלן זיך אויסשפּרייטן איבער די שטעט און עס וועט ניט זיין דאַמאָלסט קיין נאַציאָנאַלע פראַגע.

בעניאָמקע, ווידער, האָט געזען אין דער בונדישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע אַ טריט פאָראויס צו פּראָגרעס, צו קולטור. יידן וועלן קענען לערנען און בילדן זיך אין זייער אייגענער שפּראַך, און אין די מלוכה־אינסטיטוציעס וועלן זיי אויך קענען ריידן אויף יידיש.

זלאַטקע האָט געהאַלטן מיט מאַטעסן. איר אויך האָט געשראָקן דאָס וואָרט „נאַציאָנאַל", ווייל אין האַרצן ביי איר אַליין האָט נאָך געטליעט אַ פונק פון יידישקייט־געפילן, וואָס מען האָט געמוזט אויסרייסן מיטן וואָרצל. שיינע־רחל איז איינשטימיק געווען מיט בעניאָמקען. און אַזוי האָבן זיך די דיסקוסיעס פאַרצויגן ביז שפּעט אין דער נאַכט, ביז כאַשקע האָט זיך געמוזט אַריינמישן און דערמאָנען אַלעמען, אַז מאָרגן מוז מען אויפשטיין פרי צו דער אַרבעט.

און איינמאָל אין אַ שבת־צו־נאַכט איז דאָס געווען, ווען עס איז ביי אַלעמען געווען מער צייט. אַלע זיינען געזעסן ביי די מיידלעך אין צימער און, ווי געוועגלעך, איז מאַטעס מיט בעניאָמקען געווען פאַרוויקלט אין אַ דיסקוסיע, זיצנדיק דערביי, האָט זלאַטקע געהערט, ווי אין דעם אַנדערן צימער עפנט זיך די טיר און עמעצער פרעגט ביי כאַשקען אויף איר. מען האָט דערמאָנט איר נאָמען. זי האָט געוואוסט, אַז עס איז געווען ליאָווא, אָבער זי האָט זיך ניט אַ הייב־געטאָן פון אָרט אַנטקעגן אים צו באַגעגענען; נאָר שיינע־רחל איז צו אים אַרויס און זי האָט געזאָגט צו ליאָוואַן:

— יע, זי איז דאָ, זלאַטקע, קומט אַריין.

און בעניאָמקע האָט נאָר אַ שאַרפן קוק געגעבן אין זלאַטקעס זייט, און ער האָט באַמערקט, ווי אין איר פּנים בייטן זיך די קאָלירן. האָט ער עפּעס פאַרשטאַנען: ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ווען נאָר ליאָוואַ זעט זיך מיט איר, פרעגט ער זיך נאָך אויף זלאַטקען. ער האָט זיך אָבער געמאַכט ניט וויסנדיק, בעניאָמקע. מענער האָבן ניט ליב צו ריידן פון דאָס, וואָס זיי זעען און באַמערקן.

אויף כאַשקען האָט ליאָוואַס באַווייזן זיך געמאַכט אַ גרויסן רושם. זי האָט אַזש דעם מויל צעעפנט. ער איז געווען הויך און שיין ווי אַ בוים; אָנגעטאָן אין אַ בלויער רובאַשקע, אָן דעם אויבערשטן רעקל און אָן אַ היטל, ווי ער וואָלט זיך נאָר אַרויסגעכאַפּט פון שטוב אויף אַ שפּאַציר. און ביי מאַטעסן איז ליאָוואַ געווים געווען אַן אָנ־געלייגטער גאַסט, אַז ער האָט נאָר דערזען, אַז ער איז אַן אייגענער, אַ חבר. ליאָוואַ און ער האָבן זיך געדריקט די הענט.

—איר זייט מאַטעס. — האָט ליאָוואַ געזאָגט. — איך ווייס, איך האָב געהערט פון אייך.

ליאָוואַ האָט קיין סך ניט געדאַרפט האָבן צו דערפילן זיך נאָענט מיט אַ מענטשן. אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז ער שוין געווען היימיש, אויסגעמישט מיט אַלעמען. און אַז ער האָט דערזען בעניאָמקען, איז ער איז שוין גאָר געוואָרן פריילעך. כאַשקע האָט גאָר אָנגעקוואָלן פון דעם גאַסט. זי איז געוואוינט געווען צו אַלערליי מענטשן, וואָס קומען צו איר אין שטוב. נאָר אַזוי האַלטן זיך פּראָסט, פּשוט, האָט זי נאָך קיינמאָל ניט געזען. און זיין יידישער לשון, וואָס ער האָט ערשט ניט לאַנג זיך אויסגעלערנט, האָט געהאַט פאַר איר מלא־חן. זי האָט אַריינ־געבראַכט נאָך אַ שטול צו די מיידלעך אין צימער און זיך צוגעזעצט הערן דעם שמועס.

— שאַ, מיר וועלן פרעגן ביי ליאָוואַן זיין מיינונג. — האָט מאַטעס זיך אָפּגערופן. — מיר ריידן דאָ וועגן דער פראַגע פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע.

ליאָוואַ איז ביסלעכווייז אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער דיסקו־סיע. ער איז אַרויסגעטראָטן אַנטקעגן מאַטעסן, און ס'איז געווען אימפּעט און שאַרפקייט אין דעם אופן, ווי ער האָט גערעדט: „גלייכ־באַרעכטיקונג איז ניט גענוג, יידן דאַרפן אַוועקגעשטעלט ווערן אין אַ נאָרמאַלער לאַגע, ווי אַלע פעלקער. זיי זאָלן קענען אָפּהיטן זייער באַזונדערן לעבנס־שטייגער און אַרויסברענגען די בעסטע אייגנ־שאַפטן, וואָס זיי פאַרמאָגן אין זיך. יידן מוזן האָבן דאָס רעכט אויפ־צוהיטן דאָס נאַציאָנאַלע פּנים, זייערע טראַדיציעס"...

מאַטעס איז באַשטאַנען אויף זיינס: „דער אַרבעטער איז אינ־טערנאַציאָנאַל און ניט געבונדן מיט קיין שום טראַדיציעס". און בענ־יאָמקע האָט דערוויזן, אַז ניט מאַטעס, און ניט ליאָוואַ, איז גערעכט. ער האָט אַרויסגעשטעלט זיין אייגענע מיינונג.

מאַטעס איז געווען זייער גוט אויפגעלייגט, אַ יונגער צווישן יונגע. די טיפע קאַרבן אויף זיין פּנים און די באָרד די לאַנגע האָבן צוגע־געבן וואָג און ווירדע זיינע רייד. ער האָט זיך מיט ליאָוואַן אַ רייק־געטאָן און ער האָט געזאָגט:

— ווי קומט דאָס צו אייך אַזעלכע ווערטער: „טראַדיציע",

„נאַציאָנאַלער פּנים״? סיידן איר האָט עס געירשנט פון אייערן אַן עלטער־זיידן, אַ רב.

און ליאָוואַ האָט אים געענטפערט, אַז ער איז געקומען צו אָט־די געדאַנקען דורך דעם סאָציאַליזם, אַ מין אויפגעוואַכטער שטאָלץ מיט זיין אייגענעם פאָלק...

זלאַטקע האָט די גאַנצע צייט געשוויגן שטיל. זי האָט נאָך קיינמאָל ניט געזען ליאָוואַן אַזוי גוט אויפגעלייגט ווי היינט, ווי ער וואָלט זיך איצט ערשט געפונען אויפן ריכטיקן אָרט, דאָ אין דער וואַרעמער פּשוטקייט פון מאַטעסעס שטוב. זי האָט אין אָנהויב געמיינט, אַז ער איז געקומען איר אָנזאָגן וועגן אַ נייער רייזע מיט ליטעראַטור. אָבער עס ווייזט אויס, אַז דערווייל נאָך ניט. אויב יע, וואָלט ער אַזוי לאַנג זיך דאָ ניט פאַרהאַלטן. ליאָוואַ איז ערנסט און שטרענג, אַז עס קומט צו אַן אַרבעט פאַר דער אָרגאַניזאַציע.

— נו, זלאַטקע, און וואָס איז אייער מיינונג וועגן דער פראַגע?

— האָט ליאָוואַ איר פּלוצלונג אַ פרעג־געטאָן.

זלאַטקע האָט זיך געגעבן אַ צאַפּל. זי האָט ניט געענטפערט און נאָר פאַרלאָרן־געשמייכלט. און שיינע־רחל האָט פאַר איר גע־ענטפערט:

— איך קען אייך זאָגן איר מיינונג. זי איז אַן אַסימילאַטאָרקע, אַזוי ווי מיין טאַטע.

אַלע האָבן זיך צעלאַכט.

און מאַטעסעס ווייב, כאַשקע, איז דאָ געזעסן און געהערט אַלעמען ריידן. זי איז נאָר געווען אַ פּראָסטע ווייבל, זי האָט קוים געקענט לייענען עפּעס אין סידור, און זי האָט איצט ביי זיך גע־טראַכט: „מיט וואָס זאָל זי דעם גאַסט מכבד זיין?״. אין צימער איז געווען הייס און אָנגערויכערט. עס וואָלט זיך איצט געפּאַסט אַ קאַל־טער טרונק, זי האָט געהאַט שטיין גוטן שטשאַוו, קאַלט, אין אַן עמער וואַסער, און זי האָט זיך אָפּגערופן, ניט צו ליאָוואַן, נאָר צו איר מאַן:

— אונזער גאַסט וואָלט אפשר געווען אַ בעלן אויף אַ קאַלטן טרונק? איך האָב שטשאַוו גוטן...

זי איז געווען ניט דרייסט, אָבער מאַטעס האָט איר צוגעגעבן מוט.

— וואָס פרעגסטו פראַגעס, כאַשקע. דו ביסט געקומען פּונקט אין צייט.

איז כאַשקע גלייך אַוועק אין אַנדערן צימער, מיט גרינגע טריט. און זי האָט גענומען צוגרייטן דעם שטשאַוו, פאַרווייסט מיט זויערע סמעטענע און מיט אַ זיסן אוגעראָק פאַרבראָקט. זי האָט פאַרשפּרייט אַ טישטוך איבערן גאַנצן טיש; און צום שטשאַוו האָט זי נאָך אָנ־געשטעלט ברויט, און גרינע ציבעלקעס, און קעז, און וואָס ניט... אַ גאַנצע סעודה. און באַלד זיינען שוין אַלע געזעסן אַרום טיש און

זיך געקוויקט מיט דעם גוטן מאכל, און אַלע האָבן כאַשקען געלויבט. און אַז כאַשקע האָט געזען, ווי זי קריגט אַזאַ אַנערקענונג פֿאַר איר אַרבעט, האָט איר באַחנט פּנים זיך צעשיינט מיט פֿאַרגעניגן און מיט שטאָלץ. עס איז געווען אַ גוטער אָוונט אַרום־און־אַרום. און שפּעטער, אַז ליאָוואַ און בעניאָמקע זייַנען שוין אַוועק, האָט זיך נאָך אַלץ אין שטוב געפֿילט די געהויבענע שטימונג און יעדערער באַזונדער האָט אַזוי געפֿילט.

אין יענער צייט איז זלאַטקע אַרומגעגאַנגען זייער אַ צעררודערטע. אירע גאַנצע ניינצן יאָר האָבן אין איר געררודערט. אָט איז זי מיט־אַמאָל געוואָרן זייער פֿריילעך, גאָר אָן אַ פּאַרוואָס, און אָט האָט זי זיך געהאַלטן אין שטוב זייער שטיל, אַן איינגערוקעטע און אַ גע־מיטלעכע, און מיט אַמאָל האָט איר אָנגענומען אַ כּעס אויף זיך אַליין. דאָס איז געווען דעמאָלט, ווען זי האָט געטראַכט פֿון ליאָוואַן. צופֿיל איז ער שוין אַרייַן אין אירע געדאַנקען. זי האָט שוין אַ סך מאָל גע־זאָגט צו זיך: זי איז אין ליאָוואַן ניט פֿאַרליבט? זי האָט דאָך זאַוולען. און מיט אים איז זי גאָר גוטע פֿריינט. צוליב זייַן געלערנט־קייט האָט זי אים דאָס געשעצט אַזוי הויך. דורך אים איז זי אַליין אויפֿגעהויבן געוואָרן צו אַ העכערן שטאַפּל פֿון וויסן. און צו דעם האָט זי דאָך אַלעמאָל געשטרעבט.

אַלץ האָט איר איצט אויסגעזען אַזוי פֿאַרפּלאָנטערט אין איר אייגענעם לעבן. זי האָט געוואונטשן, אַז זאַוול זאָל וואָס גיכער קומען אַהער צו פֿאָרן. זיי וועלן ביידע וואוינען אין איין צימער. זיי וועלן ביידע אַרבעטן, און אַלץ וועט זיך ווידער אויסגלייכן אין אירע גע־דאַנקען און זי וועט קענען זייַן רואיק.

***

כאַשקע וואָלט אוודאי וועלן נחת האָבן פֿון איר טאָכטער, שיינע־רחלען, וואָס ס'איז איר שוין געגאַנגען דער צוואַנציקסטער יאָר, אַ צייט פֿאַר חתונה־האָבן און צו פֿירן אַן אייגענע היים. קיין הויכע השגות האָט כאַשקע ניט געהאַט, זי איז דאָך נאָר אַ מאַמע; די יונ־גערע טאָכטער אירע, עלקע, איז גאָר קיין לייט ניט געווען. אַ פּע־פּע־עסניצע, אַ פֿרעמדע זאַך. עלקע האָט זיך שוין אין גאַנצן אַרויס־געצויגן פֿון דער היים, וואוינט מיט אַ חברטע אירער ערגעץ ביי פֿרעמדע מענטשן, און זי זעט זיך גאָר וויייניק מיט דער מאַמען.

נו, און שיינע־רחל איז גאָר אַ געראָטענע, מיט אַלע מעלות, און צווישן איר און בעניאָמקען קומט עפּעס פֿאָר. ער געפֿעלט איר. בעניאָמקע... ער איז אַ פֿאַרדינער, אַן ערלעכער. ער וועט זייַן אַ גוטער מאַן. אַז גאָט וועט העלפֿן און אַלץ וועט גיין כּשורה, וואָלט עס

געוועז אַ גוטער שידוך. כאַשקע האָט שוין ביי זיך אין געדאַנק זיך פאָרגעשטעלט ווי זי און מאַטעס פירן זייער טאָכטער צו דער חופּה, מען פּראַוועט אַן אמתע חתונה, און אַלץ פירט זיך ווי עס באַדאַרף צו זיין...

אָבער קיינמאָל וואָלט זי אַזאַ זאַך ניט פאָרגעבראַכט. ניט פאַר איר מאַן, ניט פאַר איר שיינע־רחלען. זיי וואָלטן אפשר גאָר לאַכן פון איר. נאָר האָפן האָט זי געהאָפט. און אַז זי האָט געזען שיינע־רחלען מיט בעניאָמקען אַרויסגיין פון שטוב, האָט זי זיי שטיל נאָכגעשיקט אַ ברכה, אַז גאָט זאָל געבן און זיי זאָלן זיך ביידע עלטערן אין נחת.

די לעצטע צייט האָט זיך כאַשקען געדאַכט, ווי אַ מין ברוגז איז אַנטשטאַנען צווישן שיינע־רחלען און בעניאָמקען. אַ שוואַרצע קאַץ איז צווישן זיי דורכגעלאָפן.

כאַשקען האָט דאָס האַרץ ניט אָפּגענאַרט. עפּעס איז טאַקע פאָרגעקומען צווישן זיי. דאָס איז געשען אין איינעם אַן אָוונט, אויף אַ „וועטשערינקע" ביי ליאָוואַן אין שטוב, ווען שיינע־רחל, בעניאָמקע און זלאַטקע זיינען דאָרטן אויך געוועזן.

ליאָוואס טאַטע־מאַמע זיינען יענעם אָוונט ערגעץ אַוועק און געלאָזן די שטוב פאַר זייער זון מיט די חברים זיינע, די בונדיסטן. אַלע וויכטיקסטע טוער זיינען דעמאָלט דאָרטן געוועזן — „די סמע־טענע פון דער היגער אָרגאַניזאַציע" — אַזוי האָט בעניאָמקע זיך אַ וויצל־געטאָן, זלאַטקע האָט נאָר אַ פאָר פון זיי געקענט, צווישן זיי — חיימען, דעם פאָרשטייער פון קאָמיטעט, און מאָיסעיען, מאָיסעי איז געווען אַ וויכטיקער טעאָרעטיקער און אַ גרויסער רעדנער, און ער האָט כסדר געדאַרפט אַרומפאָרן איבער דעם פאַרצווייגטן בונ־דישן ראַיאָן. ער האָט געהאַט אַ הויכן, געוועלבטן שטערן און גליענ־דיקע אויגן. אַ ברייטע, שוואַרצע באָרד האָט אַרומגענומען זיין יונגען פּנים. זלאַטקע האָט אַ פאָר מאָל געהערט זיינע רעפעראַטן. און ער האָט איר יעדן דערמאָנט אָן איר טאַטן — דער זעלבער הויכער רבנישער שטערן, די זעלבע שיינע באָרד און די גרינלעכע בלייכ־קייט פון זיין פּנים. צוליב מאָיסעיען איז טאַקע די ליאָמע היינט גע־ווען. ער האָט זיך אומגעקערט בשלום פון אַ וויכטיקער שליחות.

געזעסן איז מען אַלע אין דער גרויסער סאַליע, אויף די פּאַ־טער־שטולן און ווייכע קאַנאַפּעס, אויף די פענצטער און טישלעך און אויף דער ערד אין ווייכן טעפּיך. אין עס־שטוב, אויף דעם גרויסן דעמבענעם טיש, זיינען שוין געווען אָנגעשטעלט אַ סך גוטע זאַכן — טאָרט, איינגעמאַכטס און ביר און וויין. און ליאָוואַ און זיין שוועס־טער, זשעניטשקאַ, האָבן נאָך צוגעטראָגן אַלץ נייע עסנוואַרג. ליאָוואַ האָט זשעניטשקאַן ערלויבט צו בלייבן אויפן אָוונט אין שטוב, און זי האָט זיך זייער מיט דעם געגרויסט, און זי און ליאָוואַ האָבן אַרויס־

געשלעפּט פון קוך וואָס־נאָר זיי האָבן דאָרטן געפונען צום עסן, גע־טראָגן עס צום טיש מיט אַ ברייטקייט און מיט פרייד, ווי זיי וואָלטן זיך וועלן באַפרייען פון דעם אָנגעזאַמלטן גוטס ביי זיי אין שטוב. אַז די דינסטמיידל איז אַריינגעקומען און אָנגעבאָטן צו העלפן זיי אין דער אַרבעט, האָט איר זשעניטשקאַ געהייסן גיין שלאָפן, און גערעדט האָט זי צו איר מיט דעם זעלבן באַפעלערישן זשעסט, ווי איר מאַמע האָט דאָס געטאָן.

זשעניטשקאַ איז געווען אָנגעטאָן אין אַ דינער, ווייסער בלוז־קעלע, מיט דעם קאָלנער פאַרשפּיליעט הויך אַרום האַלז, און די צוויי דיקע, העלע צעפּ פאַרלייגט איבערן קאָפּ, ווי אַ קראַנץ. געהאַלטן האָט זי זיך פּראָסט און היימיש מיט אַלעמען, אַן אמתע חברטע. זי האָט פאַנאַנדערגעטראָגן צו די געסט אין סאַליע עסנוואַרג אויף אַ טאַץ.

— נעמט, טאָווארישטשי. — האָט זי יעדערן געזאָגט.

אַז זי האָט דערזען בעניאָמקען, האָט זי מיט דער האַנט אים אַ רוף געטאָן צו זיך, ווי אַגוטן פריינט; זי האָט אים גוט געדענקט פון יענעם אָוונט, נאָכן טעאַטער, ביי זיי אין שטוב. זי האָט אים גע־בעטן, ער זאָל איר העלפן אין איר אַרבעט. און בעניאָמקע אַליין שוין אַ צוואַרעמטער און אַ ליסטיקער, איז איר נאָכגעגאַנגען און איר געפאָלגט.

און דאָ אין סאַליע האָט שוין געררישט מיט פריילעכקייט און געלעכטער, מיט האַרציקע באַגעגענישן פון נאָענטע פריינט, וואָס אַזוי זעלטן האָט מען זיך געזען, פאַרטאָן אין רעוואָלוציאָנערער אַרבעט. די ערנסטקייט איז פון אַלעמען אָפּגעטראָטן, און יונגע אָנגעזאַמלטע ענערגיע האָט געזוכט אַן אויסוועג אין פריילעכער שטיפעריי.

די בונדישע רעוואָלוציאָנערע טוער האָבן געקענט זיין לוסטיק, אַז עס איז נאָר געווען אַ פרייע מינוט. ביי די זשאַנדאַרן, אין דער אָכראַנקע, זיינען וועגן יעדער איינעם פון זיי ביכער גאַנצע געווען פאַרשריבן וועגן זייערע „זינד", און נאָך יעדערן פון זיי האָט שטענ־דיק געלויערט אַ שפּיאָניש אויג. אָבער אַז עס האָט זיך געמאַכט אַ מינוט אַ גוטע, האָט מע אָן דעם געקענט פאַרגעסן און פריילעך זיין.

אַ מיידל, צביה, מיט אַ דינעם און שמאָלן פּנים און אויגן גרויסע, שוואַרצע, ערנסטע, האָט אַ סך געטומלט און געלאַכט און ניט געקענט צוריקהאַלטן איר פריילעכקייט. צביה איז אויך געווען פון קאָמיטעט. אויף די זיצונגען האָט זי זיך געהאַלטן מאַנצבילש־ערנסט. אירע מיינונגען וועגן אַ פראַגע זיינען שטענדיק געווען גראַד־ליניק און זי האָט ניט געוואוסט פון קאָמפּראָמיסן. נאָר דאָ אויפן אָוונט האָט זי זיך צעלאָזן, מיט אַלעמען געשטיפט, באַלד האָט זי זיך אַוועק־געלאָזן אין אַ טאַנץ איבערן צימער, און אַלע האָבן צוגעקלאַפּט מיט די הענט.

פריילעך איז אויך געווען חיים, דער פאַרשטייער פון קאָמיטעט; חיים, וואָס דער בונד איז געווען זיין היים, און די חברים — זיין משפחה, ער איז איצט געשטאַנען אין אַ ווינקל מיט בעניאָמקען, וואָס האָט מיט אים איינגעזונגען אַ נייע חסידישע ליד. זיי האָבןביידע, זינגענדיק זיך צוגעבויגן נאָענט איינער צום צווייטן, און חיימס שאַר־פע, שמאָלע אויגן, אין ברייט־ביינערדיקן פנים, זיינען געווען פול אָנגעקוואָלן מיט פאַרגעניגן.

בעניאָמקע איז שוין געווען אַ ביסל בגילופונדיק. דער אויס־געטרונקענער וויין ביים טיש האָט אים דערלאַנגט צום קאָפּ, און זיין איינגעבאָרענע חסידישע לוסטיקייט האָט זיך צעשפּילט. נאָך מער ווי דער וויין, האָט זשעניטשקאָ אויף אים געווירקט. זי האָט דעם גאַנצן אָוונט אים ניט אָפּגעלאָזן פון אויג. דאָ האָט זי זיך אַריינ־געלאָזן מיט אים אין אַ שמועס, דאָ האָט זי ביי אים געבעטן אַ פּאַפּי־ראָס, וואָס זי האָט וואוילינגעריש פאַררויכערט, אַ לאַכנדיקע, אַ שטי־פערישע. עס האָט אים געבלענדט אין די אויגן איר שיינקייט, וואָס האָט זיך נאָך געהאַלטן אין פאַנאַנדערבליען.

בעניאָמקע אַליין איז היינט אויך געווען אויסגעפּוצט. אַרום דעם וווייכן, נידיריקן קראַגן האָט ער זיך אויסגעבונדן ניט קיין קראַוואַט, נאָר אַ שאַרף ווי עס טראָגן פּאָעטן. זיין שיינער קאָפּ מיט די געלאָקטע, שוואַרצע האָר צעווינטיקט. און אָט איז שוין זשע־ניטשקאָ ווידער געשטאַנען לעבן אים. ווי זי וואָלט וועלן פאַר אים אויספיינען זיך, האָט זי אים דערציילט וואָס זי טוט פאַר איינער אַן אָרעמער פרוי, אַ שכנה. זי, זשעניטשקאָ, נעמט פון שטוב זאַכן און עסנוואַרג, אַז די מאַמע זאָל ניט וויסן, און גיט עס דער אָרעמער פרוי. און די פרוי בענטשט איר דערפאַר מיט אַ סך ברכות.

— איר האָט געדאַרפט באַלאַנגען צו אַ פאַראיין וואָס שטיצט אָרעמע כלות און קימפּעטאָרינס — האָט בעניאָמקע געלאַכט. — ס׳איז אַ צעשוואומענע גוטסקייט אייערע. מיר סאָציאַליסטן זיינען געגן צדקה.

בעניאָמקע האָט זשעניטשקען אַוועקגעשטעלט אויף איין שטאַפּל מיט די אָפּגעלעבטע, אַריסטאָקראַטישע קלאַסן, וואָס האָבן שוין קיין באָדן ניט אונטער זייערע פיס, און ער האָט פאַראויסגעזאָגט איר אונטערגאַנג. אָבער זשעניטשקאָ איז נאָך ניט געווען גרייט אונטער־צייגיין. זי האָט זיך געגעבן אַ שטעל־אַוועק אַנטקעגן אים מיט אַ געוואַגטער און אַרויסרופנדיקער פּאָזע: זי פאַרשטייט סאָציאַליזם אין אַרויסהעלפן אַ מיט־מענטשן אין נויט. און ער, בעניאָמקע, אַר־בעטנדיק פאַרן כלל, האָט פאַרזען דעם איינצעלנעם מענטשן. זיין האַרץ איז געוואָרן פאַרהאַרטעוועט און פאַרטריקנט...

ריידנדיק, האָט זי זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן און געזען,

ווי מען הערט זיך איין צו איר געשפּרעך. זי איז געווען צופרידן, וואָס זי איז פּלוצלונג געוואָרן דער צענטער פונם אָוונט. זי האָט שעלמיש געשמייכלט צו בעניאָמקען מיט אירע אויגן פון אַגרעס־קאָליר, פאַרשאָטנט מיט לאַנגע וויעס. אין בעניאָמקעס אויגן האָט אַ שדל זיך צעטאַנצט. ער איז געוואָרן אינגליש־שטיפעריש, אַרויס פון די גרענעצן, און ער האָט קיינעם אַרום זיך ניט געזען, אויסער זשעניטשקאַן. זי האָט אים אויף איין קורצער ווײַלע מיטגענומען מיט זיך ערגעץ אויף אַ רייזע, אין אַ שיינער, אויסגעטראַכטער וועלט. און אַז ער איז געקומען צו זיך, זיינען די אויגן ביי אים נאָך אַלץ געווען פאַרגאָסן און עס איז אים שווער געווען צו הערן וואָס מען רעדט צו אים.

שיינע־רחל איז ניט געווען פון די מענטשן, וואָס זאָלן זיך גרינג פאַרלירן אין אַ שווערער לאַגע. איר אויסזען האָט זיך דורך דעם אָוונט ניט געביטן; דער אויסזען פון אַ מענטשן, וואָס צווייפלט קיינמאָל ניט, און ער איז זיכער, אַז אַלץ וואָס ער טוט איז ריכטיק. אויב זי האָט געפילט ניט באַקוועם פון דער גאַנצער סצענע מיט זשעניטשקאַן, האָט זי עס ניט אַרויסגעגעבן מיט קיין איין וואָרט, מיט קיין איין באַוועגונג. איר פּנים האָט נאָר אויסגעזען שטייפער, ווי אַלעמאָל, און דורכגענומען מיט ניכטערקייט. זי איז אפילו צוגעגאַנגען צו בעניאָמקען, אינמיטן פון זיין פריילעכן שמועס מיט זשעניטשקאַן, און אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף זיין אַקסל, ווי צו ווייזן, אַז איר אַרט דאָס ניט. נאָר בעניאָמקע האָט איר האַנט און איר נאָענטקייט, ווייזט אויס, ניט געפילט. ער האָט ניט אומגעקערט דעם קאָפּ צו איר, ווי זי וואָלט דאָ גאָר דערביי ניט געווען. זלאַטקע, זעענדיק דאָס, איז געווען אין איין שרעק: ער ליבט איר ניט, שיינע־רחלען; אויב יע, וואָלט ער אַזוי ניט געהאַנדלט. און שיינע־רחל האָט זיך באַלד פון אים דערווייטערט. און שפּעטער, אַז בעניאָמקע האָט שוין צו איר גערעדט ווייך און מילד, האָט שיינע־רחל נאָך אַלץ געהאַלטן זיך פאַרשטייפט און אָפּגעזונדערט.

נאָך יענעם אָוונט האָט אַ קיל ווינטל אַ בלאָז געטאָן צווישן זיי. אַז בעניאָמקע פלעגט קומען צוגיין, האָט ער ניט געוואוסט ווי זיך צו האַלטן. דאָ האָט ער געהאַט דעם אויסזען פון אַ פאַרשולדיקטן, און דאָ האָט ער גערעדט מיט רוגזה צו שיינע־רחלען. אָבער דאָס האָט ביי זיי לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. אין דער אמתן האָט בעניאָמקע איר ליב געהאַט. זי האָט געהאַט אַ שטאַרקן כאַראַקטער און אַ זיכערן שטעל, און אַ סך מאָל געהאַט איבער אים די אויבערהאַנט.

שיינע־רחל איז פאַר דער באַוועגונג געווען זייער נוצלעך. זי האָט זיך געשניטן פאַר אַ רעדנערין און איר קול האָט זי אָפט גע־

העכערט, ווי בעת מען רעדט צו אַ מאַסע. קיין סך ביכער האָט זי ניט געלייענט, זי האָט אָבער פלינק געקענט אויפכאַפּן זאַכן; און אָפט האָט זי זיך געשפּאַרט וועגן אַ פראַגע, וואָס זי האָט ניט געקענט גענוג גע־וואוסט. בעניאָמקע פלעגט מבולבל ווערן פון איר זיכערקייט: „זאָל זיין אַזוי“, — האָט ער גוטמוטיק צו איר געשמייכלט. אַז מען האָט ליב, קען מען פאַרגעבן אַ סך חסרונות...

## קאַפּיטל פערצן

טריט אינמיטן דער נאַכט. די שמאָלע טרעפּלעך אין פיר־הויז האָט געקרעכצט פון די שווערע פּאָליצייאישע טריט. פון דעם פּלוצלונגדיקן טומל האָבן אַלע ביי מאַטעסן אין שטוב זיך אויפגע־וועקט און יעדער האָט שוין געוואוסט, אַז מען איז געקומען אַהער עמעצן אַרעסטירן. די טיר האָט זיך געגעבן אַ ריס־אויף און אַ כאָפּטע פּאָליציאַנטן, אין גרויע שינעלן זיינען אַריינגעקומען און האָבן פול־געמאַכט דאָס צימער, מיט אַן אָנגעצינדענער ליכט אין האַנט איז איינער פון זיי געגאַנגען פאָראויס.

מאַטעס האָט דער ערשטער זיך געגעבן אַ טו־אָן. כאַשקעס פּנים איז געוועזן בלייך ווי די וואַנט. אָבער געהאַלטן האָט זי זיך מיט ווירדע, ניט ערגער ווי די אַלע איריקע אין שטוב.

דער עלטסטער פון דער כאָפּטע פּאָליציאַנטן האָט ברייט און געמיטלעך זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש. ער האָט פון זיין פּאָרטפעל אַרויסגענומען אַ פאַרשריבענעם פּאַפּיר, אַ ווײַלע זיך געגלעט די גראָבע וואָנצעס, און מיט קליינע לויפנדיקע אייגלעך אַרומגעקוקט די מענטשן פון שטוב.

—ווער פון אייך איז זלאַטע ראַפּאַלאָווסקי ? — האָט ער אַ פרעג געטאָן.

— איך בין דאָס, — איז זלאַטקע צו אים צוגעגאַנגען נעענטער.

דעמאָלט האָט פון דער כאָפּטע פּאָליציאַנטן זיך אויסגעטיילט אַ פאַרשוין, אַ הויכער, אין ציווילע קליידער, מיט אַ קאַפּעליוש אַראָפּגערוקט ביז צו די אויגן. ער האָט אַריינגעקוקט זלאַטקען אין פּנים אַריין כיטרע און שטעכיק.

— דאָס איז זי, — האָט ער אַ שאָקל־געטאָן מיטן קאָפּ. איר האָט ער טאַקע געזוכט.

— מאַכן אַ רעוויזיע ! — האָט דער עלטסטער געגעבן אַ באַ־פעל צו זיינע מענטשן.

מאַטעס האָט נאָך פּרובירט זיך שטעלן אַנטקעגן, געפאָדערט ווייזן אַ געשריבענע ערלויבניש. דער עלטסטער האָט נאָר אַ קוק געגעבן אויף אים מיט פאַרדאַכט :

— „זנאַיעם" ! (מיר ווייסן).

ווי אַ כאַפּטע נישטערנדיקע וועלף האָבן זיי זיך באַלד אַ לאָז־געטאָן איבערן שטוב; זיי האָבן צעעפנט שופלאָדן, איבערגעוואָרפן אַלעמענס קליידער, אַרומגעטאַפּט די ווענט; זיי האָבן אפילו אַ ברעט אויפגעריסן אין דער פּאָדלאָגע, זוכנדיק אומלעגאַלע ליטעראַטור און געווער; זיי האָבן איבערגעקערט קאַפּויר די שטוב, אָבער זיי האָבן גאָרניט געפונען.

מאַטעס האָט נאָך מיט אַ צייט צוריק באַמערקט, ווי אַרום דער שטוב דרייט זיך אַרום אַ פאַרדעכטיקער פּערשוין, מיטן אויסזען פון אַ שפּיאָן, און אַלע נאַכט פאַרן גיין שלאָפן, האָט מען אויפגעראַמט וואו־נאָר אַן אומלעגאַלע בראָשור, וואו־נאָר אַ בריוו, צי אַן אַדרעס.

אין צימער ביי די מיידלעך האָט די פּאָליציי זיך לענגער פאַר־האַלטן. זיי האָבן פאַרנאַנדערגעוואָרפן דאָס בעטגעוואַנט, האָבן זיך געראָיעט אין דעם שטרויענעם שעניק, איבערגעוואָרפן דאָס מיידל־שע אונטערוועש. און מיט אַ ציניִשער הנאה איינע צו די אַנדערע געשמייכלט. אויפן קליין טישל זיינען געלעגן ביכער אַ פּאָר, זלאַט־קעס אייגנטום: „פּאָליטישע עקאָנאָמיע״, פון באָגדאַנאָוון, באָקליס „די געשיכטע פון ציוויליזאַציע״, און פיסאַרעווס אַ באַנד שריפטן, ליאָוואַס אַ מתנה. זיי האָבן אַ ווײַלע אין די ביכער אַריינגעקוקט מיט טעמפּע בליקן און געצויגן מיט די אַקסלען:

— דאָס זיינען דיינע ביכער? — האָבן זיי ביי זלאַטקען געפרעגט.

— יע, מיינע.

שפּעטער אַ ווײַלע האָט דער עלטסטער צו זלאַטקען געזאָגט:

— דו וועסט גיין מיט אונז!

זלאַטקע האָט פּאַמעלעך אָנגעטאָן איר זשאַקעטל און פּאַטשייל־קע איבערן קאָפּ. זי איז געווען גרייט. ביים שוועל פון טיר האָט זי נאָך אַמאָל אַ קוק געטאָן אויף אירע טייערע פריינט. זיי זיינען גע־שטאַנען שווייגנדיקע און צעוויטאָקטע און זיי האָבן איר באַגלייט מיט פייערדיקע בליקן. ביים אַרויספירן איר פון שטוב האָט איינער אַ פּאָליציאַנט איר אָנגענומען ביים אָרעם, און זלאַטקע האָט מיט עקל אָפּגעשטופּט זיין האַנט, ווי עס וואָלט זיך צו איר צוגערירט עפּעס אַן אומריינע זאַך.

אונטן, אין דרויסן, איז שוין געשטאַנען אָנגעגרייט אַ דראָזש־קע מיט אַן אויפגעשטעלטער בויד. זי איז אַריין אינווייניק, מיט נאָך צווייען פון זיי, פון איין זייט אַ פּאָליציאַנט, פון דער אַנדער זייט דער שפּיאָן. און אַזוי איז מען געפאָרן אין פּאָליציי צירקל. זיי זיינען גע־פאָרן לאַנג. זלאַטקע איז געווען כמעט רואיק. שוין, עפּעס האָט זיך געענדיקט אין איר ביז־איצטיקן לעבן. עפּעס האָט זיך אָנגעהויבן. זי האָט אויפגעעפנט אַ בלאַט אין אַ בוך, וואָס זי האָט נאָך ניט גע־לייענט. זי האָט געפילט, אינווייניק אין איר קומט עפּעס פאָר. עס

שמידט זיך שטאַרקער איר ווילן, ווערט פאַרהאַרטעוועט. און איר אַרט ניט איצט פאַר קיין זאַך.

די גאַסן זיינען געווען האַלב פינצטער. די שטאָט האָט געשלאָפן, אַ קיל ווינטל האָט געלאַשצעט איר פּנים. זי ווייסט ניט פאַרוואָס, נאָר די היים אירע איז איצט מיט אַמאָל געקומען אויפן זינען. שוין לאַנג ווי זי האָט זיי ניט געשריבן. וואָס איז היינט? פרייטיק. די מאַמע וועט אויפשטיין פאַרטאָג. זי וועט פאַרקנעטן דעם טייג פאַר די חלה. באַלד וועט זי איינהייצן דעם אויוון. די מאַמע גייט אַרום אויף די שפּיץ פינגער אַז זי זאָל נישט אויפוועקן די קינדער. אָט איז שוין דער טאַטע אויך אויפגעשטאַנען. זלאַטקע זעט אים איצט פאַר די אויגן. ער האָט אָנגעטאָן דעם תּלית. מיט איין האַנט האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט אָן טיש, ווי אָן אַ שטענדער. די אויגן האַלט ער צוגעמאַכט און וויגט זיך שטיל, און ער דאַוונט . . .

אין פּאָליציי צירקל אין אָט דער שפּעטער שעה זיינען נאָך די באַאַמטע געזעסן ביי די טישן, אין זייערע אויסגעגלעטע מונדירן און זיי זיינען פאַרטאָן געווען אין שרייבן. אַז עמעצער פון זיי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ ביי זלאַטקעס אַריינקומען איז אויף זיין פּנים געווען ווי אויפגעשריבן: „איך ווייס גאָרניט. נאַטשאַלסטווע הייסט״. אויבן אָן ביי אַ טיש איז געזעסן דער הויפּט-נאַטשאַלניק. אָנגעבלאָזן, ערנסט. זיינע לאַקירטע שטיוועלעך האָבן געגלאַנצט פון דער ווייטן און דער קאָפּ איז ביי אים געווען אַ שפּיציקער, ווי אַ היטל צוקער, וואָס עס הויבט זיך אָן דין און וואָס נידריקער איז עס אַלץ ברייטער. דער שפּיאָן אין ציווילע קליידער האָט צוגעפירט זלאַטקען צו אים, ווי ער וואָלט אים אונטערגעטראָגן אַ מתנה און ער האָט הכנעהדיק זיך פאַרנייגט פאַר אים:

— וואַשע בלאַגאָראָדיע! (אייער עקסעלענץ).

זיי האָבן ביידע זיך דורכגעשמועסט אַ ווײַלע. דער נאַטשאַל-ניק איז געווען שטרענג, און דער שפּיאָן האָט אים אין עפּעס פאַר-זיכערט. און באַלד איז ער אָפּגעטראָטן.

דער נאַטשאַלניק האָט צו זלאַטקען גערעדט העפלעך, אפילו ווייך, נאָר די אויגן זיינע, צוויי בלויע שטיקלעך אייז, האָבן איר דורכ-גענומען אינגאַנצן.

— מיר ווילן דיר קיין שלעכטס ניט טאָן. דו דאַרפסט אונז נאָר דערציילן דעם גאַנצן אמת. ווער זיינען די מענטשן מיט וועלכע דו האָסט זיך לעצטנס באַגעגנט? מיר האָבן באַווייזן פון איינעם אַ סטו-דענט. דו האָסט זיך אָפט מיט אים באַגעגנט.

זלאַטקע איז געשטאַנען פאַר אים אַ פאַרשטיינערטע. זי איז געווען טויב און שטום. איין זאַך האָט זי יאָ געוואוסט. זי וועט שוויגן אַזוי שטיל די גאַנצע צייט, וואָס עס זאָל מיט איר ניט פּאַסירן. דער

נאַטשאַלניק איז מיט אַמאָל אַריין אין אַ כעס. זיין דיקער האַלז פאַר־שטייפט אין אַ הויכן קאָלנער איז אָנגעגאָסן געוואָרן רויט:

— מיר ווייסן סיי ווי אַלץ. מיר האָבן באַוויזן, — האָט ער געקלאַפּט מיט זיין קולאַק אָן טיש. — נאָר דו וועסט בעסער מאַכן, אַז דו אַליין וועסט זאָגן דעם אמת.

ניט די גוטסקייט זיינע, ניט דער כעס האָבן איבער זלאַטקען קיין שליטה ניט געהאַט. אין זיך נאָר האָט זי אַ קלער געטאָן: — „ער האָט דערמאָנט אַ סטודענט. קען דאָס זיין, אַז ער האָט אין זינען געהאַט ליאָוואָן?" — און זי האָט געפילט אַ גליווערן איבער אירע אברים.

נאָענט צו פאַרטאָג האָט מען זלאַטקען אַוועקגעפירט אין טורמע. עס האָט זיך געעפנט אַ שווערער טויער. זי איז אַהין אַריין און דער טויער האָט צוריק זיך צוגעמאַכט מיט אַ גרילץ. דערנאָך האָט אַ וועכטער איר געפירט איבער לאַנגע, האַלב־באַלויכטענע קאָרידאָרן. אַ שווייגנדיקער, מיט אַ בינטל שליסלען אין האַנט האָט ער אויפגע־שלאָסן אַ קאַמער, געהייסן איר אַריינגיין. ער האָט דאָרט אָנגעצונדן אַ לעמפל, וואָס איז געהאָנגען אויף אַ דראָט. ער האָט אויפגעעפנט אַ בעטל, וואָס איז געווען צוגעשלאָסן צום וואַנט און ער איז אַרויס מיט שטילע טריט, פאַרשליסנדיק נאָך זיך די טיר.

זלאַטקע האָט אַ שפּאַן געטאָן איבערן קאַמער. 7 טריט די לענג און דריי טריט די ברייט, איז די גרויס פון דער קאַמער. אַ שטיינערנע פּאָדלאָגע. אַ טישל און אַ בענקל צו זיצן איז דאָ פאַראַן. ווידער האָט די טיר זיך געעפנט. אַ פרוי, עפּעס אַ פינצטערע געשטאַלט, האָט דער וועכטער אַריינגעלאָזן אַהער. זי האָט גערדאַרפט זלאַטקען באַזוכן. מיט דאַרע, ביינערדיקע פינגער האָט זי אַרומגעטאַפּט אירע זאַכן, איבערגעקערט די קעשענעס, און זי איז פאַרשוואונדן, ניט אַרויס־רעדנדיק קיין וואָרט.

הינטערן טיר, איבער די לאַנגע קאָרידאָרן שפּאַנען די וועכ־טער מיט שטילע טריט, ווי עס וואָלט דאָ ערגעץ ליגן אַ קראַנקער. פון צייט צו צייט עפנט זיך אַ קיילעכדיקע דעקעלע אין טיר פאַר דעם וועכטערס אויג אַריינצוקוקן אין קאַמער און צו אָפּהיטן דעם אַרעסטאַנט און זען וואָס ער טוט. זלאַטקע האָט אויפגעהויבן די אויגן צום הויכן, קליינעם פענצטערל. עס זעט זיך אַ שטיקל גרויער הימל. עס איז שוין אוודאי טאָג. זי האָט זיך ניט צוגערירט צום בעטל. שלאָפן וועט זי שוין היינט ניט.

זעקס אַ זייגער אין דער פרי. אין די קאָרידאָרן איז אַ גערו־דער. די טיר פון זלאַטקעס קאַמער שליסט זיך אויף. אַ וועכטער פירט איר זיך וואַשן. פון ביידע זייטן קאָרידאָרן זעען זיך טירן פאַר־שלאָסענע. אין די באַזונדערע קאַמערן זיצן אַרעסטאַנטן, פּאָליטישע,

און איינער צו דעם אַנדערן טאָר ניטריידן. זיי טאָרן זיך ניט זען. און אָט איז זי שוין צוריק אויף איר אָרט, זלאַטקע. די טיר פון איר קאַמער וועט זיך דעם גאַנצן טאָג ניט עפֿנען, אויסער די מינוטן ווען דער וועכטער וועט אַריינברענגען איר מאַלצייט.

טעג לאַנגע און שווערע ציען זיך אַזוי. אַפּאַטיש און אָן שום געדאַנקען אין קאָפּ איז איצט זלאַטקע. און אַז עס באַפֿאַלט איר אַ דריקנדער אומעט, לייענט זי אַ סך אויפשריפטן אויף די ווענט פון קאַמער. די אויפשריפטן זיינען פון חברים, רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן דאָ געלעבט פאַר איר קומען אַהער. די אויסגעקריצטע נעמען זייערע גיבן איר אַריין מוט, דערציילן איר פון קאַמף, וואָס מען דאַרף פירן.

דער וועכטער, אַז ער שליסט אויף די טיר, קוקט ער אויפן באַלקען אַז מען וויל ביי אים עפּעס פרעגן און ער שווייגט. און אַז ער רעדט, איז זיין קול הייזעריק און בייז. נאָר אָט קומט אַ טאָג ווען ער שליסט אויף די טיר, און ער קוקט ניט אויפן באַלקען און ער איז ניט בייז. און ער האָט אַ פּעקעלע עסנוואַרג פאַר זלאַטקען:

— דאָס האָט דיין חתן דיר געשיקט. — זאָגט ער צו איר.

זלאַטקע האָט דאָס פּעקעלע אַ כאַפּ געטאָן. דאָס איז אַ גרוס פון שטאָט. חברים האָבן איר אין זינען. זי ווייסט, מען קען די וועכטער אונטערקויפן. פאַראַן אויך גוטע וועכטער, סימפּאַטיזירער מיט די רעוואָלוציאָנערן.

זלאַטקע נעמט אַרויס אַ קליין בולקעלע פון פּעקל. און אַז זי נעמט עס עסן געפינט זי אין מיטן אַ שטיקל פּאַפּיר פאַרשריבענע. אַ צעטעלע, צונויפגעלייגט דין, ווי אַ שוועבעלע. מיט פיבערדיקע פינגער נעמט זי עס פאַנאַנדער. דאָס צעטעלע איז פון בעניאָמקען. ער שרייבט איר דערמוטיקנדיקע ווערטער. מען גלויבט, אַז ס'איז ניטאָ קעגן איר קיין שטאַרקע באַווייזן ביי דער פּאָליציי. און מען וועט איר ניט לאַנג האַלטן אַרעסטירט. ער שרייבט איר אויך, אַז אין יענער נאַכט זיינען נאָך מענטשן אַרעסטירט געוואָרן. און צווישן זיי אויך ליאָוואַ.

זלאַטקע האָט געשפּאַנט איצט איבערן קאַמער. דער געדאַנק האָט איר געמאָלן פינצטערע בילדער. ליאָוואַ וועט פאַרשיקט ווערן אין סיביר, אין „נאַרימסקי קראַי", דאָרט וואו דער ווינטער ציט זיך בייז און בייסיק גאַנצע 9־8 חדשים. עס וועט צוגענומען ווערן פון אים אַלע מענטשלעכע רעכט. זי ווייסט, עס זיינען געווען פאַלן, וואָס מען האָט געשלאָגן פּאָליטישע אַרעסטירטע.

ליאָוואַ, דער געוואַגטער, דער שטאָלצער, וואָס ער ווייסט ניט וואָס עס הייסט שרעק, זי האָט אים געזען מיט אַ הויך אויפגעהויבענעם קאָפּ. ליאָוואַ ביי דעם שונא אין די הענט. און זי האָט האָס־

טיק געשפּאַנט איבערן קאַמער פון 7 טריט די לענג, הין און צוריק, הין און צוריק.

***

די שטאָט פּעטערבורג האָט אַלע מאָל ביי זלאַטקען אַרויסגע־רופן גוטע געפילן. פּעטערבורג, די שטאָט פון אַ סך קולטור, פון אוניווערזיטעטן און פון אינטעליגענציע — דאָרט איז געווען צו־נויפגעזאַמעלט אַלדאָס שענסטע און העכסטע וואָס דאָס לאַנד האָט פאַרמאָגט. נאָר זלאַטקע האָט ניט געוואוינט איצט אין דער שטאָט פּעטערבורג. זי האָט געוואוינט אין דעו טורמע דאָרט. אין איינער פון די איינצל־קאַמערן. איז דער אָפּטיילונג פאַר פרויען.

איר קאַמער איז געווען קליין, נאָר מאָדנע געמיטלעך. מיט העלע, געפאַרבטע ווענט. אַ ציכטיק־ווייסע בעטל און אַ וואַש־טישל. ס'האָט איר נאָר געשטערט דאָס פענצטערל, וואָס איז געווען קליין און זייער הויך. אַז זי האָט פאַרריסן אַהין דעם קאָפּ, האָט זי געקענט זען אַ שטיקל פון דעם גרויען, פּעטערבורגער הימל.

אַ פרוי פון די „אוגאָלאָוונע" איז אַלע טאָג געקומען צוקלייבן איר קאַמער. זי האָט צו זלאַטקען געהאַלטן זיך איידל און מיט אָפּשיי. די „פּאָליטישע" זיינען געווען געפּערלעכע פאַרברעכער, נאָר יחוס־דיקע.

איידל און העפלעך איז געווען די וועכטערין, וועלכע איז אַריינ־געקומען אין דערפרי אַהער אין קאַמער. זלאַטקע האָט זיך געקענט פאַרשרייבן אויף „באָלניטשנאַיאַ פּישטשאַ" (אויף שפּיטאָל־עסן) און דאָס האָט געמיינט צו קריגן בעסערע מאָלצייטן — פלייש און מילך. די וועכטערין האָט איר אויך געמאָלדן, אַז ס'איז דאָ פאַראַן אַ ביב־ליאָטעק אַ גרויסע, און זי קען אויסשרייבן ביכער וועלכע נאָר זי וויל.

זלאַטקע האָט געהאַט אַ געפיל, אַז זי וועט דאָ קענען גוט אָפּ־רוען. זי האָט גענומען אַן אורלויב אויף אַן אומבאַשטימטער צייט. אַזוי לאַנג ווי זי וועט דאָ זיצן, וועט זי אָנקלייבן כוחות; וואָס וועט איר צונויף קומען אויף דער פריי.

אַלע טאָג איז זלאַטקע געגאַנגען שפּאַצירן אונטן אין טורמע־הויף, די וועכטערין האָט אויפגעשלאָסן די טיר:

— „נאַ פּראָגולקו!" (אויפן שפּאַציר), — האָט זי איר אָנגעזאָגט מיט אַ שטילן קול. און זי האָט איר געפירט דורך אַ סך קאָרידאָרן, וואו עס האָבן זיך געזען פאַרשלאָסענע טירן פון די איינצל־קאַמערן.

און אונטן, אין טורמע־הויף, האָט זלאַטקע צען מינוט שפּאַ־צירט אויף אַ שמאָלער סטעזשקעלע הין־און־צוריק. אויפן שפּאַציר האָבן אַ סך זאַכן פּאַסירט. פון די פענצטערלעך אין דער טורמע־געביידע שלאָגט אַ לעבעדיקער אָטעם. :און אָט זעט זי אַ האַנט, אַ

ווייסע, זיך דראַפּנדיק אַרויף צום פענצטער. פון ערגעץ טוט אַ בליש־טשע אַן אויג, צי גאָר אַ קול לאָזט זיך פון דאָרטן הערן. זלאַטקע ווייסט, אַז די טורמע איז איבערפולט מיט אַרעסטירטע רעוואָלוציאָנערן, וואָס אַלע זיינען זיי גרייט אָפּגעבן זייער יונגען לעבן פאַר דעם אידעאַל. און דאָס האַרץ ביי איר טוט זיך וואַרעם אַ צאַפּל. זי איז דאָך איינע פון זיי. און עס ווילט זיך איר צולויפן צו אַ פענצטערל און רופן צו אַ חבר אַזאַ, זיך דורכריידן. און דאָ ביי דער זייט, אין אַ ביידל, שטייט דער וועכטער, אַ סאָלדאַט מיט אַ ביקס אויפן אַקסל. ער האָט אַ יונגען פּנים, כמעט אַן אינגעלשן. און אַז מען וויל צו אים ריידן, שאָקלט ער מיטן קאָפּ אויף ניין. — „ניעלזאַ" (מ'טאָר ניט).

און ווידער שפּאַצירט זלאַטקע איבער דער שמאָלער סטעזש־קעלע הין־און־צוריק, הין־און־צוריק. און זי בייגט זיך איין גלאַט אַזוי, און זי הויבט אויף פון דער ערד אַ שטיקל פּאַפּיר, דאָרט שטייט פאַרשריבן דער אַלף־בית פון דער שפּראַך, וואָס מען קען דורך דעם זיך דורכקלאַפּן דורך די ווענט מיט חברים. זלאַטקע באַהאַלט דעם אוצר שטייף אין איר פויסט, און זי קען זיך שוין קוים דערוואַרטן ביז די וועכ־טערין וועט איר פירן צוריק אין קאַמער. און אין קאַמער, איינע אַליין, שטודירט זי דעם אַלף־בית אַזוי לאַנג, ביז זי קען זיך שוין דורכקלאַפּן דורך דער וואַנט מיט עמעצן פון די אַרעסטירטע חברים. עס איז אַ גרויסער טאָג פאַר זלאַטקען, און צו איר שמחה איז ניטאָ קיין גרונט.

דאָרטן, אויף דער אַנדער זייט וואַנט, זיצט אַ חברטע, נאַטאַשאַ איז איר נאָמען, אַ קורסיסטקע. און זלאַטקע הערט איר אויסקלאַפּן:

„איך דריק אייך די האַנט חבר!"

זלאַטקע כאַפּט אויף די קלאַנגען און זי ענטפערט. אין אָנהייב גייט עס צו־שווער. נאָר באַלד ווערט זי איינגעאיבט. די גראָבע ווענט פון טורמע טיילן איר מער ניט אָפּ פון אירע פריינט. די טורמע־שפּראַך טראָגט גרוסן פון איינעם צום אַנדערן. זלאַטקע רעדט שוין איצט אָן אַן אָפּשטעל מיט די אַרעסטירטע פון רעכטס און פון לינקס. און פון אונטערשטן שטאָק — דורך דער פּאָדלאָגע. און עס אַרט איר ניט, וואָס די וועכטערין קומט צוגיין און רעדט איר אויס, אַז „ניעלזאַ" — מען טאָר ניט...

פון אַלע חברים איז זלאַטקען צום נאָענטסטן נאַטאַשאַ. זי איז פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן. זלאַטקע שטעלט זיך פאָר אין געדאַנק איר אויסזען: אַ רוסישער טיפּ, האָר — בלאָנדע, אַן אָפענער פּנים, פול מיט גוטסקייט. און גיין גייט זי אָנגעטאָן אין אַן איינפאַכער קלייד, מיט אַ ווייסן קאָלנער אַרום האַלז.

זיי ריידן אָפט וועגן ערנסטע פראַגן. און זלאַטקע האָט שוין אפילו מיט איר אַ שמועס־געטאָן וועגן „בונד". נאַטאַשאַ האָט קיינ־מאָל וועגן „בונד" ניט געהערט. זי איז פון טיף־רוסלאַנד. און זלאַטקע נעמט איר ערקלערן:

„דער „בונד" — דאָס איז די זעלבע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, נאָר געבויט פון יידישע אַרבעטער. אָנצופירן בעסער די רעוואָלוציאָנערע אַרבעט צווישן זיי".

„דאַ, דאַ, קאָניעטשנאָ" (געוויס, געוויס, זיכער), — ענטפערט נאַטאַשאַ.

זלאַטקע איז צופרידן, אירע טעג זיינען פול. עס בלייבט איר נאָך גענוג צייט אויף לערנען און לייענען. פון דער ביבליאָטעק קריגט זי דיקע ביכער וועגן געשיכטע און פּאָליטישער עקאָנאָמיע, און זי לערנט. איר קאָפּ איז קלאָר און זי קען האָבן אַ באַגריף וועגן דער וואונדערלעכער סטרוקטור פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. זי זעט דעם גאַנג פון די געשעענישן, ווי איינס קומט־אַרויס פון אַנדערן, ווי עס לייגט זיך צענויף אַ ציגל צו אַ ציגל און עס וואַקסט אויס אַ גאַנצער בנין. דער בנין — דאָס איז די סאָציאַליסטישע לערע, אַ ליכטיקע און אַ קלאָרע, ווי דער טאָג.

זלאַטקע פאַרבייגט אַ בלעטל אין בוך און זי בלייבט זיצן אַ פאַר־קלערטע: ליאָוואַ האָט ליב געהאַט געשיכטע. ער האָט געזאָגט, אַז געשיכטע איז דער פונדאַמענט פון וויסן, עס העלפט אויסברייטערן דעם האָריזאָנט. ליאָוואַ האָט געקענט צענעמען אַ פראַגע אויף די דינסטע טיילן. עס איז געלעגן אַ טיפקייט און ערנסטקייט אין זיין ריידן. און אפילו ווען ער איז געווען פריילעך און שפּילעוודיק, האָט זיך דאָס אין אים אָנגעזען.

זלאַטקען איז געקומען אויפן זינען יענער מאָדנער אָוונט, זומער אין שטאָט־גאָרטן. ליאָוואַ האָט דעמאָלט זיך צוגעבויגן צו איר אַזוי גאָר נאָענט, שיער־וואָס ער האָט איר ניט געקושט. זלאַטקע האָט זיך אַ הייב־געטאָן פון אָרט אַ פאַרדריסלעכע — אַזוינס האָט ניט געטאָרט געשען. פאַרוואָס האָט זי דעמאָלט ניט געהאַט קיין אָפענעם געשפּרעך מיט אים. רעוואָלוציאָנערן דאַרפן קענען וועגן אַלצדינג ריידן אָפן. זאַוול איז דער איינציקער, איר אויסדערוויילטער, האָט זי ליאָוואַן געדאַרפט ערקלערן. זי איז צו אים פאַרקנסט אויף אייביק. ווען זי וואָלט געווען פרום, וואָלט זי געזאָגט, אַז זאַוול איז איר באַשערטער...

זלאַטקע איז שוין געווען אַרויסגעפירט פון איר גוטער שטימונג דעם גאַנצן פאַרנאַכט. עס האָט זיך איר אַפילו דורכקלאַפּן מיט עמעצן ניט געוואָלט. זי האָט זיך צוגעזעצט אויפן בעטל. דער ווינטערדיקער אָוונט וועט זיך היינט ציען לאַנג. אין דרויסן מוז זיין איצט אַ זאַווערו־כע מיט שנייען. אָבער דאָ, אין קאַמער, איז אָנגעהייצט וואַרעם. עס גיסט זיך אַ שטילקייט פון די ווענט, פון דעם אָנגעצונדענעם לעמפּל, פון אַלץ. ערגעץ פון אַ קאַמער דערטראָגט זיך אַהער אַ שטילער קלאַפּן. עמעצער מיט עמעצן „ריידן זיך דורך"...

— סטוק־סטוק...

מאָדנע געדאַנקען רופט דאָס איצט אַרויס ביי זלאַטקען. עס איז ווי דאָס קלאַפּן פון פליגלען פון אַ פויגל אין איר שטייג.

אין קאָרידאָר האָבן זיך געביטן די וועכטערינס. זייריידן צווישן זיך זייער שטיל און גייען־אַרום מיט שטילע טריט, ווי זיי וואָלטן וועלן די אַרעסטירטע דאָ איינרואיקן, איינשטילן. זלאַטקע וואַרט, אַז די וועכטערין זאָל אויפשליסן די טיר און זאָל זאָגן: „וועטשערני טשאַי" (אָוונט־טיי). זי האָט ליב די ווייכע רוסישע אויסשפּראַך דער וועכטערינס און ס'ווילט זיך איר הערן אַ מענטשלעך קול...

וואָס הערט זיך אין דער דרויסנדיקער וועלט? און ווי לאַנג וועט מען איר דאָ האַלטן? ס'איז ווי עס וואָלט זיך אינגאַנצן אָפּגע־שטעלט די צייט...

די צייט האָט זיך אָפּגעשטעלט. נאָר אָט איז געקומען אַ טאָג, וואָס האָט געבראַכט די ערשטוינענדע נייעס פון דעם 9־טן יאַנואַר. דער מאַרש פון די פּעטערבורגער אַרבעטער צום קייסערס ווינטער־פּאַלאַץ. די נייעס איז אָנגעקומען אין טורמע דורך די געהיימע וועגן. מען האָט זיך דערוואויסט, אַז דעם מאַרש האָט געפירט אַ גלח, מיט אַ פּעטיציע צום צאַר־באַטיושקאַ, עס זאָל צו אים דערגיין ווי דאָס אָרעמע פאָלק ליידט. דער צאַר איז אַ גערעכטער. ער וועט אויפ־נעמען זייערע טענות. טויזנטער און טויזנטער האָבן מאַרשירט. און דער צאַר האָט געענטפערט מיט אַ שיסעריי פון ביקסן, און אַ סך מענטשן זיינען געפאַלן טויט.

די נייעס האָט זיך באַלד צעטראָגן איבער אַלע קאַמערן. פון אַלע שטאָקן פון דער ריזיקער טורמע־געביידע האָט זיך אָנגעהויבן אַ העפטיקער אויסקלאַפּן דורך די ווענט פון איין אַרעסטירטן צום אַנדערן. די וועכטערינס, אומרואיקע און צעשראָקענע, זיינען גע־לאָפן איבער די קאָרידאָרן, דאָ צו איין קאַמער, דאָ צו אַן אַנדערער, זיך געבעטן און געבייזערט:

„פּאָזשאַלוסטאַ", מען טאָר ניט!... אָבער צו־וויכטיק זיינען געווען די געשעענישן און צו־שטאַרק די אויפרעגונג, און מען האָט זיך גאָרניט געקענט אָנזעטיקן מיט די נייעס.

שפּעטער האָט מען זיך פון דער געשעעניש מער דערוואוסט. הונדערטער טויזנטער אַרבעטער פון די פאַבריקן און זאַוואָדן האָבן אין יענעם זונטיק מאַרשירט. זיי האָבן געטראָגן איקאָנעס און קירכען־פאָנען און געזונגען רעליגיעזע הימנען. פּאָליציי האָט זיי געלאָזן מאַרשירן. און אַזוי איז מען צוגעקומען צום ווינטער־פּאַלאַץ. אַלע אויגן זיינען געווען געווענדט צום באַלקאָן פון פּאַלאַץ. באַלד וועט אַרויס־קומען דער צאַר אַליין. ער וועט אויפנעמען די פּעטיציע און ער וועט באַפוילן מען זאָל אויסטיילן גערעכטיקייט צו זיינע אונטערטאַנען.

אן אַ זייט פון דער ריזיקער מאַסע מענטשן זיינען שוין פון פריער געווען אָנגעגרייט מיליטערישע אָפּטיילונגען. און דעמאָלט איז דאָס געשען — אַ שיסעריי פון סאָלדאַטסקע ביקסן. דער קלאָרער אויסגעפּאַלענער שניי פון יענעם טאָג איז אָנגעפּאַרבט געוואָרן מיט בלוט...

„זאָל זיין, אַז ס׳האָט זיך שוין אָנגעהויבן?" — האָבן די אַרעס־טירטע רעוואָלוציאָנערן דאָ אין טורמע געטראַכט. ביז איצט האָט מען ווייניק געהערט וועגן אָפּענע אַרויסטרעטונגען פון די רוסישע אַר־בעטער אין די פאַבריקן און זאַוואָדן. נאָר אינטעליגענטע שיכטן האָבן רעוואָלטירט, און פויערים אין די דערפער. עס איז נויטיק געווען דאָס בלוט פון 9־טן יאַנואַר, אַז די רוסישע אַרבעטער זאָלן עפנען זייערע אויגן און דערקענען זייער שונא.

# קאַפּיטל פֿופֿצן

זעקס חדשים איז זלאַטקע אָפּגעזעסן אין טורמע. עס איז געווערן אָנהייב ווינטער, ווען זי איז אַרעסטירט געוואָרן. און איצט איז שוין אַפּריל. די טעג זיינען שיין־ליכטיקע און עס לייטערן זיך די הימלען. אַ באַאַמטער אין אַ בלויער יוניפֿאָרם איז איינמאָל אין אַזאַ טאָג אַריינגעקומען צו זלאַטקען אין קאַמער און געמאָלדן איר, אַז זי איז שוין פֿריי. ער האָט עס פֿאַר איר אַרויסגעלייענט פֿון אַ פּאַר־שריבענעם פּאַפּיר און אָנגעזאָגט איר, אַז זי זאָל זיך גרייטן אין וועג אַריין.

זלאַטקע האָט דערנאָך האַסטיק געשפּאַנט איבער איר קאַמער. זי האָט עטלעכע מאָל איבערגערעדט צו זיך: „דו ביסט פֿריי, דו ביסט פֿריי". אָבער זי איז ניט געווען שטאַרק גערירט פֿון דעם. איר איז געווען כמעט אַ שאָד איבערצולאָזן איר קאַמער. זי האָט זיך שוין דאָ אַזוי גוט איינגעלעבט. מיט בענקשאַפֿט האָט זי באַקוקט איצט די ווענט און אַ קוק־געגעבן צום פֿענצטערל, וואו עס לויכט זיך אַ שטיקל גרויער הימל.

אין דעם באַשטימטן טאָג האָט זי צענויפֿגעקליבן אירע זאַכן אין אַ פּעקל. די וועכטערין האָט אויפֿגעשלאָסן און ברייט צעעפֿנט פֿאַר איר די טיר, געפֿירט איר דורך די פֿילע קאָרידאָרן. און זלאַטקען איז שווער געווען אָפּצורייסן אירע אויגן פֿון די פֿאַרשלאָסענע טירן, וואו עס זיצן אירע פֿריינדינס, יעדע אין איר קאַמער.

„זייט געזונט חברטעס!" — האָט זי אין זיך מיט זיי זיך געזעגנט.

די וועכטערין האָט איר צוגעפֿירט ביז דער קאַנצעלאַריע פֿון טורמע־נאַטשאַלניק. דאָרטן האָט מען איר געמאָלדן, אַז זי וועט גיין מיטן עטאַפּ „נאַ ראָדינו" — צו איר געבורט־שטאָט.

מיט דעם עטאַפּ זיינען אינאיינעם מיט זלאַטקען געגאַנגען מחנות גאַנצע מיט מענטשן, פֿון גרויסן, ברייטן רוסלאַנד — קרימינעלע פֿאַרברעכער, קאַטאָרזשניקעס, וועמען מען וועט אין גיכן שמידן אין קייטן; עס זיינען געגאַנגען מענטשן אָן פּאַספּאָרטן און פֿערד־גנבים; פֿרויען און קינדער, וועמען מען האָט געכאַפּט ביי דער גרענעץ; יידן אָן פּראַוועס, פּראָסטיטוטקעס, שיכורע און האַלב־

צעמישטע. מען האָט ביים וואָקזאַל זיי איבערגעציילט, געפּאַקט זיי אין וואַגאָנעס מיט פאַרגראַטעוועטע פענצטער, און מיט אַ לאַנגער באַן געלאָזן זיך אין וועג אַריין.

זלאַטקע איז געזעסן אַ צענויפגעדרייטע אויף איר אָרט ביי אַ פענצטער, און דער אומעט אין איר איז געווען אָן אַ גרענעץ, פאַר דעם מין־מענטש וואָס איז אַזוי דערנידעריקט. אַרום זיך האָט זי נאָר געזען געשטאַלטן פאַרוואָקסענע, אָפּגעריסענע און אָנגעטאָן אין שמאַ־טעס, אויגן אומזיניקע ווי פון אַ געיאָגטער חיה...

טעג נאָך טעג האָט עס זיך אַזוי געצויגן. איר האָט זיך געדוכט, אַז דער וועג וועט זיך קיינמאָל ניט ענדיקן. אין וואַגאָן איז געווען הייס און שטיקנדיק ניט צום פאַרטראָגן. אויף יעדער סטאַנציע פון אַ שטאָט האָט מען זיך אָפּגעשטעלט, און דער מענטשן־מאַטעריאַל האָט זיך געביטן. עס זיינען אָפּגעקומען און צוגעקומען נייע אַרעסטאַנטן. די קאָנוואָי־סאָלדאַטן האָבן איבער זיי אַלעמען געהאַט די דעה, זיי זיי־נען געווען זייערע היטער און זיי האָבן געקענט זיך איזדיעקעווען איבער יעדן איינעם און שלאָגן אים, און עס איז ניט געווען ווער עס זאָל זיך פאַר זיי אָננעמען.

אָט האָט מען זיך אָפּגעשטעלט אין אַ שטאָט און מען האָט גע־פירט די אַרעסטאַנטן אין אַ „פּערעסילנע טורמע" אויף נאַכטלעגער. די קאַמער פון דער פרויען־אָפּטיילונג איז איבערגעפּאַקט מיט מענטשן: אויף דער „נאַרע", וואָס איז איבער דער גאַנצער לענג פון קאַמער, ליגן אַלע צונויפגעפּרעסט. און ווען איינער קערט זיך איבער אויף דער אַנדער זייט, מוזן זיך שוין אַלע איבעריקע איבערקערן.

ווי צווישן חלום און וואָר געפינט זיך איצט זלאַטקע. עס איז אָנהייב אָוונט; קיין ליכט אין קאַמער איז ניט אָנגעצונדן, אַ בליי־כער שיין פון דער לבנה לייכט זיך דורך דער פענצטער. מען ליגט און מען שלאָפט. אַרום צוועלף־איינס דעם זייגער ביינאַכט זיינען שוין אַלע אויסגעשלאָפן. די לופט איז געדיכט און שטיקנדיק. אַלע זיינען צע־רייצט און איינער דעם אַנדערן איז אַ שונא. אַ קריגעריי ברעכט־אויס צווישן די פרויען, עס וויינען איבערגעשראָקענע קינדער; און דערנאָך, אויסגעמאַטערטע, פאַלט מען ווידער אַריין אין אַ שווערן שלאָף.

און אויף מאָרגן־אינדערפרי שטייען שוין אַלע אין טורמע־הויף, גרייט אין וועג אַריין. די פּנימער ביי אַלעמען זיינען פון אַ געל־גרינעם קאָליר. יעדערער זעט־אויס איינגעצויגן, קלענער. די קאָנוואָי־ סאָל־דאַטן ציילן אַלעמען איבער און מ'פירט זיי צום וואָקזאַל. און ווידער פּאַקט מען זיי אין די וואַגאָנען און מען לאָזט זיך אין וועג אַריין.

מען דערנענטערט זיך אַלץ מער צו דער „טשערדטאַ אָסיעד־לאָסטי", צו דער היים זלאַטקעס. אויף די סטאַנציעס זעען זיך איצט

נאָר יידישע פּנימער. יידן פאַרהאַוועטע און פאַרזאָרגטע. און עס גיט אויף איר אַ ווייע מיט עפּעס נאָענטס און אייגנס. עס באַווייזן זיך שוין די סאָסנאָווע וועלדער, וואָס אַרום שטעטל, און באַלד — די שטעטל אַליין. אָט זעען זיך שוין די שפּיצן פון קלויסטער.

ביי דער סטאַנציע האָט זלאַטקע קיינעם ניט געזען פון אירע אייגענע, קיינער האָט פון איר קומען ניט געוואוסט. דער סטראַזשניק, וואָס ביים באַן, האָט געבראַכט זלאַטקען אין פּאָליציי־הויז, און דער „דעסיאַטניק", אַ קליינער באַאַמטער, האָט איר דערקענט. זיין נאָמען איז געווען זשוקאָוו, אַ נידעריקער גוי, מיט אַ קורצן, ברייטן פּנים און גרויסע וואָנצעס. ער האָט געקוקט אויף זלאַטקען מיט אַ פּאָר בלויע, וואָסערדיקע אויגן. ער האָט דאָ עפּעס יאָ פאַרשטאַנען און ניט, און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. און ער האָט צו איר געזאָגט:

— דו וואַרט דאָ, און איך וועל גיין אָנזאָגן דיין מאַמען. זאָל זי קומען דיך אַרויסנעמען פון דאַנען.

זשוקאָוו איז געווען אַן אָפּטער אַריינגייער אין יידישע הייזער. ער האָט ליב געהאַט אַ יידישן מאכל און אַ קעלישעק בראָנפן איז ביי אים גאָר געווען אָנגעלייגט. עס איז געווען פאַרנאַכט, ווען ער איז געקומען צו זלאַטקעס היים. די מאַמע האָט דעמאָלט געהאַלטן אין באַקן ברויט. זי איז געשטאַנען ביים אָנגעהייצטן אויוון און מיט דער לאַנגער לאָפּעטע האָט זי אַהין אַריינגערוקט אַן אויסגעגלעטן ברויט.

„וואָס טוט דאָ דער איוואַן", האָט די מאַמע אַ טראַכט־געטאָן, ווען זי האָט זשוקאָוון דערזען.

— אַ גוטער אָוונט דיר, טעמאַ. — האָט זשוקאָוו אַזוי היימיש צו איר געזאָגט. — דיין טאָכטער זלאַטאַ איז דאָ.

— ווער? וואָס? וואו? — האָט די מאַמע אַ דערשראָקענע אַ געשריי־געטאָן, און זי איז געבליבן שטיין מיט דער לאָפּעטע אין דער לופטן.

— קום מיט מיר, וועסטו איר אַרויסנעמען, — האָט ער זיך אָפּגערופן.

זלאַטקעס מאַמע האָט אַ כאַפּ־געטאָן די פאַטשיילע. זי האָט אַ זאָג־געטאָן צו איר יונגערער טאָכטער, שיינדלען, זי זאָל אַכטונג־געבן אויף דעם ברויט. און זי האָט זיך אַרויסגעיאָגט פון שטוב, און דער דעסיאַטניק, זשוקאָוו, האָט איר קוים געקענט אָניאָגן.

זלאַטקע איז געשטאַנען אין צימער פון פּאָליציי־הויז הינטער אַ צאַם פון אַ הילצערנער טירל. זי האָט דערזען איר מאַמען און זי האָט פאַרלעגן צו איר אַ שמייכל געטאָן. זשוקאָוו האָט איר אַרויסגעלאָזן פון הינטערן צאַם. די מאַמע האָט אין אָנהייב אַ ביסל מורא געהאַט צוגיין נאָענט צו זלאַטקען. אָבער אַז זי האָט דערזען איר גוטן שמייכל, האָט זי געגעבן אַ גיי־צו און אַ נעם־אַרום מיט ביידע הענט:

— מיין קינד, מיין טאָכטער!

זי האָט איר באַקוקט פון אַלע זייטן, צי זי איז פאַרבליבן מיט גאַנצע אברים, ווייל אין שטאָט האָט מען גערעט, אַז זלאַטקע האָט זיך געפונען אין אַן אָרט אַזאַ, וואו מען קען ניט, ניט שטיין, ניט זיצן און ניט ליגן, און אַז געגעסן האָט זי ברויט מיט וואַסער. דאָס האָט מען איר באַשטראָפט דערפאַר, ווייל זי האָט אָנגערעט אַלעמען מען זאָל אַראָפּ־וואַרפן דעם קייסער.

— דו זאָלסט איר גוט אָפּהיטן, דיין טאָכטער. — האָט זשוקאָוו איר אַן עצה געגעבן.

— וואָס מאַכן אַלע אין שטוב? — האָט זלאַטקע געפרעגט דער מאַמען.

— גאָט צו דאַנקען. — האָט די מאַמע קורץ אָפּגעענטפערט. זי האָט שוין געוואָלט וואָס־גיכער קומען מיט איר אין שטוב, אַז מענטשן זאָלן זיי וואָס־ווייניקער זען.

— קום, קום! — האָט זי איר אָנגענומען פאַר דער האַנט און זי געפירט.

שיינדל איז געשטאַנען ביים פענצטער און זיך אויסגעקוקט די אויגן. און אַז זי האָט זייביידן דערזען, האָט זי זיך געגעבן אַ יאָג־אַרויס פון שטוב מיט אירע לאַנגע פיס, און זי איז צוגעפאַלן צו זלאַטקען און זיך אין איר איינגעטוליעט.

דער טאַטע איז שוין געקומען פון גאַס. ער האָט שוין געוואוסט פון זלאַטקעס קומען. שיינדל האָט אים געזאָגט. און ער האָט איצט אַרומגעשפּאַנט איבערן שטוב מיט גרויסע טריט. עס האָט זיך גע־עפנט די טיר, און פריער איז די מאַמע אַריין און נאָך איר — זלאַטקע. טאַטע און טאָכטער האָבן זיך אָנגעקוקט אַ ווײַלע מיט פאַר־לאָפענע אויגן. זלאַטקע האָט איר טאַטן אַרומגענומען און ער האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף איר קאָפּ, ווי צו בענטשן איר:

— נו, געלויבט איז דער אויבערשטער, אַבי דו ביזט שוין דאָ, — האָט ער אַרויסגערעדט ווי צו זיך אַליין.

באַלד זיינען די ביידע אינגלעך געקומען פון חדר, משהקע און דודל, דער צווילינג. זיי האָבן ביידע אין איין קול אויסגעשריען:

— זלאַטקע! — און זיי האָבן שעמעוודיק זיך אָפּגערוקט פון איר אָן אַ זייט.

דאָס יונגסטע מיידעלע, ריווטשע האָט געהאַלטן אַ פינגער אין מויל און זי האָט זיך גענורעט אין די פאַלדן פון דער מאַמעס קלייד. ריווטשע איז פאַר דער צייט אַ סך אונטערגעוואַקסן. איר ציצענע קליידל איז געווען לאַנג ביז די קנעכל, און אירע בלאָנדע האָר, פאַר־פלאָכטן אין צוויי שטייפע צעפּעלעך, האָבן שוין אָנגעהויבן טונקעלער ווערן.

— ריוועשע איז שוין אַ גרויסע מויד. — האָט זלאַטקע זיך אָפּ־גערופן אין פאַרלעגנהייט, זוכנדיק עפּעס־וואָס צו זאָגן.

די מאַמע איז שוין געשטאַנען ביים אויוון און אַ צעטראָגענע און אַ פריילעכע האָט זי צוגעגרייט די וועטשערע.

דערנאָך זיינען אַלע געזעסן אַרום טיש ; און די אָפּגעפרעמד־קייט, וואָס עס האָט זיך אין אָנהייב געפילט פון זלאַטקען צו איר משפחה, איז שוין ניט געווען. און צענומענע און צעוואַרעמטע האָט מען געגעסן וועטשערע. און דער הייסער האָבערנער קרופּניק האָט געהאַט טויזנט טעמען. און אַז אין הימל האָבן שוין הויך געפינקלט די שטערן, האָט זיך דער טאַטע אויפגעהויבן פון טיש און זיך גע־שטעלט דאַווענען מעריב.

דערווייל איז אונטערן פענצטער שוין זאַוול געשטאַנען אַ היבשע צייט. ער האָט אָקאָרשט זיך דערוואוסט פון דער גייעס פון זלאַטקעס קומען און ער איז פייל־פון־בויגן געקומען צולויפן אַהער צום שטוב און ער איז געשטאַנען און געוואַרט ביז די משפחה וועט אָפּעסן וועטשערע. און ער האָט אַריינגעלייגט צוויי פינגער אין מויל און אַרויס־געלאָזן אַ שטילן פייף. זלאַטקע האָט זיך פון דעם פייף אַ צאַפּל־גע־טאָן. זי האָט געוואוסט, אַז דאָס איז זאַוולס סיגנאַל, אַן אָפּגערעדטער נאָך פון אַמאָל. קיינער, אויסער זלאַטקען, האָט דעם פייף ניט געהערט, סיידן אפשר די מאַמע, וועלכע האָט שטייענדיק דעמאָלט ביים אויוון טיפער אַריינגעקוקט אין ליידיקן טעפּל, וואָס זי האָט געהאַלטן אין דער האַנט.

— איך וועל אויף אַ ווײַלע אַרויסגיין אינדרויסן. — האָט זלאַט־קע געזאָגט צו דער מאַמען.

— נעם אויף זיך אַ פאַטשיילע, ס'איז נאָך קיל אינדרויסן. — האָט די מאַמע זיך אָפּגערופן, מיט אירע אויגן אויפן טעפּל.

זלאַטקע און זאַוול האָבן זיך באַגעגנט ווייטער אַ ביסל פון שטוב, אונטער אַן אַלטן בוים, וואו קיינער האָט זיי ניט געקענט זען.

— זלאַטקע !

זאַוול !

פון פריידיקער אויפרעגונג איז ביידן שווער געווען צו ריידן אַ לאַנגע ווײַלע. זלאַטקע האָט אַביסל אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם פון זייער אימפּעטיקן האַלדזן־זיך און קושן, און זי האָט אים געפרעגט :

— ווי אַזוי האָסטו זיך דערוואוסט, אַז איך בין געקומען ?

זאַוול האָט איר אַלץ דערציילט, ער האָט געשריבן צו מאַטעסן און זיך נאָכגעפרעגט אויף איר. און מאַטעס האָט אים געענטפערט פאַרשטעלטערהייט, אַז זי איז אַרעסטירט און אַז קיין שווערע באַ־ווייזן זיינען אַנטקעגן איר נישטאָ, און מען וועט איר אפשר אָפּהאַלטן אַ פּאָר חדשים און דערנאָך וועט מען איר אָפּשיקן אַהיים. פון דע־

מאָלט־אָן איז ער אָפּט געגאַנגען צו דער באַן־סטאַנציע. און ער האָט אויך געבעטן אַ פּאָר פון זיינע גוטע חברים, זיי זאָלן אָפּהיטן די באַן. און היינט האָט טאַקע איינער פון זיי איר דערהיט, און ער איז באַלד געקומען צולויפן אָנזאָגן דאָס זאַוולען.

זלאַטקע איז געווען איבערוועלטיקט:

— נאָר דו האָסט געקענט אַזוינס טאָן.

— דו וועסט שוין מער ניט פאָרן צוריק, ניט אַזוי, זלאַטקע?

פון זיין אַנגסטלעכן טאָן האָט זי געפילט, ווי גרויס זיין ליבשאַפט איז צו איר.

— אָ, מיר וועלן נאָך פון דעם ריידן. — האָט זי מיט אַ ציטער־דיקן האַרצן אים געענטפערט.

זי האָט זיך איצט געאיילט אַריינצוגיין צוריק אין שטוב.

— איך בין אַרויס נאָר אויף אַ ווײַלע. — האָט זי זיך אָפּגערופן.

זיי האָבן אָפּגערעדט, אַז מאָרגען ביינאַכט וועט זי זיך טרעפן מיט די חברים אין דער קאָנספּיראַטיווער קוואַרטיר. זיי וויסן שוין אַלע פון איר קומען.

עס איז נאָך פרי אויפן טאָג. און זלאַטקע ליגט שוין וואַך אויף איר געלעגער. זי האָט געהאַט אַ גוטן און רואיקן שלאָף. איבער דער שטוב טראָגט זיך נאָך דער ריח פון דעם פריש־אויסגעבאַקענעם ברויט. אויף אַ לאַנגער באַנק ליגן אויסגעלייגט די לאַבענס־ברויט מיט די בייכער־אַראָפּ, כדי דער ברויט זאָל זיך ניט „אָפּזעצן״. אַלע אין שטוב שלאָפן נאָך געשמאַק. עס וועיעט פון אַלץ מיט דער וואַרעמ־קייט און זיכערקייט פון אַ היים. אַרום־און־אַרום איז אַ דאָרפישע שטילקייט, וואָס צעלייגט זיך רואיק אויף זלאַטקעס געמיט.

זלאַטקע ווייסט, אַז זי וועט דאָ לאַנג ניט פאַרבלייבן. דער רוף פון אַן אַנדער לעבן, אויסער דעם קליינעם שטעטל, איז צו־שטאַרק אין איר. אָבער עס איז גוט צו פילן, אַז עס איז פאַראַן אַזאַ אָרט, וואו מען קען זיך אומקערן, אין אַ שעה אַ שווערער, און זיין צוריק צווישן אייגענע און נאָענטע; אַלע ווינקעלעך פון שטוב זיינען איר אייגן — דער ווייס־געשייערטער טיש, די פּראָסטע, הילצערנע בענק־לעך; עס ווינקט צו איר פריילעך אַ קופּערנע פאַן אויפן פּאָליצע.

די מאַמע האָט אויסגעבעט פאַר איר אַ באַזונדערן געלעגער אויפן שלאָף־באַנק, און שיינדלען האָט זי אויסגעבעט אויף דער ערד, אויף אַ שטרויענעם שעניק. די צוויי יינגלעך שלאָפן אונטערן אויוון, אויף אַ טאָפּטשאַן. און ריווטשע שלאָפט היינט מיט דער מאַמען אין בעט.

זלאַטקע איז שטיל אַראָפּ פון געלעגער, האָט געעפנט אַ פּאָר־טאָטשקע פון פענצטער. עס האָט גערעגנט ביינאַכט און די לופט איז פריש און שמעקעדיק. אַנטקעגן איבערן וועג, דאָרטן וואו עס ציט זיך

אַ לאַנגער פּאַרקאַן, שטייט אַ פּריצישע הויז מיט אַ גערטל אַרום, פאַר־צאַמט מיט ווייסע שטאַכעטן. זלאַטקע געדענקט, ווען זי איז געווען אַ קליין מיידעלע, פלעגט זי ליב האָבן שטיין אויף דער זייט צאַם און אַריינקוקן דורך די שטאַכעטן אין גערטנדל. דאָרטן זיינען בלומען געווען פאַרזייט, און די פּריצישע קינדער האָבן זיך דאָרטן געשפּילט. אַ פּאָר פון זיי זיינען געווען אין די זעלבע יאָרן מיט זלאַטקען. זיי פלעגן זיך הוידען, שפּרינגען און לאַכן, און זי, זלאַטקע, פלעגט שטיין אויף יענער זייט צאַם און זיי מקנא זיין. זלאַטקע דערמאָנט זיך איצט פון דעם אָפּיצערסקען קלוב, וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען אין שטעטל. ווינטערצייט, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער סעזאָן פון די אָפיצערסקע בעלער, האָט זי מיט נאָך מיידלעך ליב געהאַט שטיין אונטער די פענצטער פון קלוב און אַריינקוקן אינעווייניק. דער פראָסט האָט געברענט און זי איז געשטאַנען און געקוקט דורכן פענצטער אויף די אויסגעפּוצטע קאַוואַליערן און דאַמען, ווי זיי טאַנצן און פאַרברענגען פריילעך. אַ שיינע, פאַנטאַסטישע וועלט. און זי האָט דעמאָלט ביי זיך געטראַכט: „ווען אַלע מענטשן קענען דאָס האָבן אַזאַ שיינעם און פריילעכן לעבן...

עס קען זיין, אַז דאָס איז געווען דער אָנהויב, וואָס האָט איר דערנאָך דערפירט צום אידעאַל וועגן גלייכהייט און גערעכטיקייט פאַר אַלע מענטשן...

זי איז אויפגעוועקט געוואָרן פון אירע געדאַנקען פון דער מאַמעס טריט. די מאַמע איז שוין געווען אָנגעטאָן און זי איז באַלד צוגעגאַנגען צו זלאַטקען.

— וואָס איילסטו זיך אויפצושטיין, ס׳איז נאָך פרי. — האָט זי צו איר שטיל גערעדט.

— איך האָב די נאַכט גוט געשלאָפן, מאַמע. — האָט זלאַטקע געזאָגט. און זי האָט גענומען זיך גיך אָנטאָן.

באַלד זיינען שוין אַלע קינדער אויפגעשטאַנען, און אין שטוב האָט זיך איינגעשטעלט אַ פריילעכער ליאַרם.

די מאַמע האָט געמאַכט ציקאָריע. זי האָט זיך אַרויסגעכאַפּט אין גאַס און האָט אין געוועלבל געקויפט פרישע קוכנס מיט מאָן און מיט ציבעלע פון אויבן, וואָס אַזוינס טוט זי נאָר אין זעלטענע טעג. די אינגלעך האָבן זיך שוין געגרייט גיין אין חדר, און שיינדל איז שוין אַ פאַרדינערקע געוואָרן. די מאַמע האָט איר אָפּגעגעבן צו אַ פאַרוקען־מאַכערקע אויף דער לער, האָט זיך שיינדל געאיילט גיין צו דער אַרבעט.

דער טאַטע איז געקומען פון שול, מיט דעם טלית־זעקל אונטערן אָרעם. ער האָט אַ קוש־געטאָן די מזוזה און אָפּגעגעבן אַלעמען אַ צו־פרידענעם גוט־מאָרגן.

דער טאַטע איז זינט נעכטן ביינאַכט געוואָרן גוט־אויפגעלייגט. געווען נעכט, ווען ער און די מאַמע האָבן ניט צוגעמאַכט מיט קיין אויג. נאָר אומרואיק זיך געדרייט אויף זייערע געלעגערס, ביידע מיט די זעלביקע געדאַנקען וועגן זלאַטקען — ווער ווייסט, צי זי לעבט כאָטש. נאָר איצט איז די זאָרג פון אים אַוועק. אָבער זיין פּנים איז מער אָפּגעמאָגערט געוואָרן און דער רוקן זיינער האָט זיך אַ ביסל איינגעבויגן. זלאַטקע, אָנקוקנדיק אים, האָט דאָס גוט געזען.

— פאַרוואָס עסטו ניט. זע, דער גאַנצער קוכן איז נאָך דאָ ביי דיר... — האָט די מאַמע געזאָגט זלאַטקען.

— זי וועט נאָך עסן, — האָט זיך דער טאַטע אַריינגעמישט.

— לאָז איר זיך אָפּרוען אַביסל.

ביידע האָבן זלאַטקען ניט געפרעגט קיין פראַגעס און ניט גע־זאָגט איר קיין מוסר. און די מאַמע האָט זיך באַגאַנגען מיט זלאַטקען, ווי מען גייט אַרום אַ קראַנקען קינד.

זלאַטקע האָט זיך אַ שפּיל געטאָן מיט דער יונגסטער מיידעלע, מיט ריוועטשען, און דאָס קינד האָט שוין צו איר געקלעפּט. זי האָט איר געוויזן אירע שפּילכלעך און די ליאַלקעס. ריוועטשע איז געווען אַן „איינגעבעטענע" ביי דער מאַמען. די מאַמע האָט איר ניט גע־וואָלט האָבן; אָבער אַז זי איז געקומען אויף דער וועלט, איז זי ביי איר געוואָרן דער ליבלינג, און זי האָט איצט זלאַטקען דערציילט, ווי געראָטן ריוועטשע איז און ווי זי העלפט שוין אַרויס אין שטוב.

דער טאָג איז אַוועק אין אַ ניט־געוועגלעכן טומל. אַלע ווילע האָט זיך אַן עפן־געטאָן די טיר און אַן אַנדער שכנה איז אַריינגעקומען עפּעס לייען — די אַ ביסל זאַלץ, יענע אַ טעפּל. אין דער אמתן האָבן זיי נאָר געוואָלט אָנקוקן זלאַטקען.

— „מיט ליב אייך אייער גאַסט" און „סקאַצל קומט!"—האָט זלאַט־קע אַלע ווילע געהערט. בריינע־לאה, אַ אידענע אַ צעפּאַרענע, מיט לאַנגע בריסטן איבער איר ריזיקן בויך און מיט פּעדערלעך אין אירע צעפּאַטעלטע האָר, האָט אַ פּאַטש־געטאָן מיט אירע הענט, ווען זי האָט זלאַטקען דערזען:

— מאַמעלעך, זעט נאָר ווער ס'איז דאָ! אירט מיר גאָרנישט אָנגעזאָגט די שמחה!

זי האָט געוואוינט מיט דער מאַמען אַ טיר לעבן אַ טיר. און די מאַמע האָט איר גיך אַרויסגעפּטרט פון שטוב, און זי האָט זיך אָפּ־גערופן צו זלאַטקען:

— בריינע־לאה די פּליאַדערקע, מיט איר לאַנגן צונג. זי קען דאָך צענויפפירן אַ וואַנט־מיט־אַ־וואַנט.

ווען דער אָונט איז צוגעפאַלן, האָט זלאַטקע אָנגעטאָן איר זשאַ־קעטל, מיט אַ פּאַטשיילקע אויפן קאָפּ, און זי האָט געזגט צו דער מאַמען:

— איך דאַרף נאָר ערגעץ צוגיין. איך וועל זיך לאַנג ניט פאַר־זאַמען.

די מאַמע האָט געשוויגן אַ ווײַלע. זי האָט זיך געשלאָגן מיט דער דעה, צי זאָל זי הייסן איר טאָכטער בעסער בלײַבן אין שטוב. אָבער זי האָט זיך באַלד באַרעכנט און האָט געזאָגט:

— גיי געזונטערהייט. ווער לאָזט דיך ניט?

איר קול איז געווען אַ פאַרדריסלעכער.

דעם זעלביקן אָוונט איז שוין זלאַטקע געווען צווישן אירע חברים, אין אַן אינטימען קרייז פון טוער אין דער אָרגאַניזאַציע, וואָס אינאיינעם מיט זיי איז זי דאָ אויסגעוואַקסן, אינאיינעם גע־קעמפט. איר האָט זיך געדוכט, ווי אַן אייביקייט איז אַוועק זינט זי האָט זיי ניט געזען, אָבער זי האָט זיי אַלעמען גוט געדענקט. נינע אײַזנשטאַט, איר נאָענטסטע חברטע; אָשר מינסקי, דער אינטעלי־גענט, וואָס מען האָט אים דאָ אַ נאָמען געגעבן „דער באַלעבאַטישער בחור"; עס זײַנען דאָ געווען בײדע שמואלס, וואָס איינער פון זיי איז אַ זייגערמאַכער, און דער אַנדערער — אַ סופר, און בײדע האָבן זיי ליב אַ סך צו לייענען און גריבלען־זיך טיף אין אַ פראַגע.

צאַלקע ווײַסענבערג, דער שילער פון גימנאַזיע, איז דאָ אויך געווען; און ביילקע די פּריקאָזשטשיצע. אַ ניי־צוגעקומענע טוערין אין דער אָרגאַניזאַציע. זיי האָבן אַלע זלאַטקען געדריקט די האַנט, מיט דעם באַוואוסטן חברשן האַנט־דרוק. נינע איז איר געפאַלן אויפן האַלז, זיך מיט איר געקושט, און מיט אַנטציקטע אויגן איר אָנגעקוקט:

— נו, אַבי דו ביזט אַרויס אַ גאַנצע פון זיי...

צוליב איר אַרעסטירט ווערן, איז זלאַטקע אויסגעוואַקסן זייער הויך ביי אַלעמען אין די אויגן, ווי זי וואָלט געקראָגן אַן אַטעסטאַט פון אַ ריכטיקער רעוואָלוציאָנערקע. זיי האָבן איר אַרומגערינגלט, איר געשטעלט טויזנט פראַגעס. און זי, זלאַטקע, איז געשטאַנען צווישן זיי און ס'איז איר געווען וואַרעם אויפן האַרצן. און איר קול האָט וויב־רירט מיט שטאַרקע געפילן, ווען זי האָט צו עמעצן גערעדט.

דער אָוונט איז געווען אין אַ סטאָליאַרנע, פאַרשטעלט מיט אַ סך געהילץ און אָנגעזעגטע סטרוזשקעס אויף דער פּאָדלאָגע. אַ חבר, אַ סטאָליער, האָט דאָ געגעכטיקט און ער האָט פאַרן אָוונט איבערגעגעבן דעם שליסל צו זאַוולען. זאַוול איז דעם גאַנצן אָוונט געזעסן אויפן לאַנגען סטאָליאַרסקען טיש. ער האָט געהאַלטן אַ הובל אין האַנט און באַקוקט עס פון אַלע זייטן. מיט איין זייטיקן קוק האָט ער געזען זלאַטקען, ווי זי שטייט דאָ אַזוי, אַרומגערינגלט פון אַלעמען, זיין מיידל. זי האָט אויסגעזען היינט סודותדיקער, איינגעהאַלטענער. אירע ברוינע, קרויזנדיקע האָר האָבן אויפגעכאַפּט דעם שיין פון לעמפּל. זי איז אַזוי גרויס־שטאָטיש, זי איז געוואָרן אַ סך שלאַנקער, בלייכער,

נאָר די ליפּן זיינען געבליבן רויטע, און די בלייכקייט מאַכט איר נאָך שענער אויסקוקן, רייצנדיקער... ער האָט דעם אָוונט ווייניק גע־רעדט, זאַוול. און נאָר אַרומגעקוקט דעם הובל, ווי ער וואָלט וועלן דערגיין דעם קונץ פון הובלען אַ ברעט.

נינע האָט זיך אַוועקגעזעצט מיט זלאַטקען נידעריק אויף אַ בענקל, אַראָפּצורייידן זיך פון האַרצן. נינע איז נאָך אַלץ געווען אונ־טער דעם פאַרבאָט פון אירע טאַטע־מאַמע, ניט צו פאָרן אין אויס־לאַנד אויף קורסן. נינע איז געווען אַ צאַרטע, אַן איידעלע, אָן אַ שטאַרקען ווילן. זי האָט זיך אַליין באַשולדיקט: זי האָט געדאַרפט נעמען און איבעררייסן מיט אַלץ. אין אירע גרויסע בלויע אויגן איז געווען אומעט בעת זי האָט גערעדט.

— איך בין דיך מקנא, זלאַטקע. דו האָסט כאָטש עפּעס אויפ־געטאָן, און איך...

זלאַטקע האָט געהאַט מיטלייד מיט איר חברטע. נינע איז גע־ווען פול מיט בורזשואַזנע שוואַכקייטן. זי האָט ליב געהאַט שיינע קליידער, גוטע עסנס, און עס איז איר שווער געווען זיך אַרויסצו־רייסן פון איר אויסגעוואַרעמטער היים.

צאַלקע ווייסינבערג האָט איבערגעשלאָגן זייער שמועס. ער האָט גענומען דערציילן זלאַטקען, אַז ער ווייסט ווי מען שרייבט שיפרירטע בריוו. מען שרייבט עס צווישן די שורות פון אַ געוויינלעכן בריוו, מיט אַזאַ כעמישן טינט. און אַז מען באַנעצט דאָס מיט וואַ־סער, קומען די ווערטער אַרויס קלאָר צום לייענען.

— צאַלקע ווייסט אַלץ. — האָט עמעצער מיט אים זיך אַ רייץ געטאָן. מ׳האָט אים דאָ געהאַלטן פאַר ניט קיין ערנסטן און אַ היץ־קאָפּ.

זלאַטקע האָט ביי זיך געטראַכט: „ווי וואָלט געווען, ווען זי בלייבט דאָ איבער אין שטעטל, אַרבעטן אין דער אָרגאַניזאַציע? דאָ נויטיקט מען זיך אין טוער". דער געדאַנק צו בלייבן דאָ האָט איר אומרואיק געמאַכט. זי וועט בעסער פון דעם ניט טראַכטן. איר האָט זיך געדוכט, אַז זי האָט דאָ אַלעמען געטראָפן אויפן זעלביקן שטאַפּל, ווי זי האָט זיי איבערגעלאָזן. און מיט איר האָבן שוין אַזויפיל זאַכן פּאַסירט. זי האָט זיך איצט געפילט מיט אַ סך יאָרן עלטער, כאָטש נאָר איין יאָר איז אַוועק זינט זי איז דאָ געווען.

בעריש, דער ישיבה־בחור, האָט דאָ געפעלט. ער איז אַוועק־געפאָרן אין אַ גרויסער שטאָט. וועגן אים זיינען דאָ אַרומגעגאַנגען לעגענדעס, אַז ער איז דאָרטן אַריין גלייך אין קאָמיטעט און ער איז געוואָרן איינער פון די זיילן אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע. בעריש, דער קענער פון מאַרקסן — ניט געווען קיין איין פראַגע, ער זאָל ניט קענען פאַרענטפערן.

דער איינציקער, וועלכער האָט זיך געקענט פאַרגלייכן מיט בערישן איז געווען אָשר מינסקי. ער אויך איז דורכגעגאַנגען מאַרקסן פון טאָוול ביז טאָוול. אָבער מיט אשרן איז עפּעס ניט גע־ווען גלאַט. אָט דאַרטן איז ער געשטאַנען, מיט דער פּלייצע אָנגע־שפּאַרט אָן דעם לאַנגען סטאָליאַרסקען טיש, ניט ווייט פון זאַוולען. ער איז, דוכט זיך, געווען מיט אַלעמען, און דאָך באַזונדער, מיט קיי־נעם ניט אויסגעמישט. ער האָט געדרויכערט אַ פּאַפּיראָס, און אויף זיין דינעם פּנים, מיט די געשניצטע שטריכן, האָט געשפּילט אַן אומעטיקער שמייכל.

— און דער „בונד" איז נאָך אַלץ אויסער דער פּאַרטיי. — האָט ער גערעדט צו זלאַטקען. ער האָט געלייענט אין „איסקראַ" די בייז־וויליקע אָנפאַלן אויפן „בונד".

— אָבער דער „בונד" איז איצט אַ גרויסע רעוואָלוציאָנערע קראַפט אין לאַנד. — האָט זלאַטקע זיך אָפּגערופן. — מיר זיינען די ערשטע אומעטום אין קאַמף...

אשרן האָט איר ענטפער ניט צופרידנגעשטעלט.

— יע, יידן זיינען אַלע מאָל זיך מקריב. זיי גייען די ערשטע אין פייער. די רוסישע חברים שאַצן דאָס ניט אָפּ.

אים האָבן געגריזשעט ספקות, צי אפילו נאָך דער רעוואָלוציע וועלן יידן באַהאַנדלט ווערן מיט גערעכטיקייט. דאָס וואָס ביי אַנדערע איז געווען קלאָר ווי דער טאָג, איז ביי אים געווען אַ פּראָבלעם. אין זיינע גרויסע, טונקעלע אויגן איז שטענדיק געלעגן אַ מין טרויער, אַ לאַנגיאָריקער, וואָס אפילו דער סאָציאַליסטישער אידעאַל האָט ניט געקענט עס פאַריאָגן. וועגן אשרן האָט מען דאָ געזאָגט, אַז ער וואָלט גאָר געדאַרפט באַלאַנגען צו אַן אַנדער לאַגער. ער האָט גע־שטאַמט פון אַ קליין־בירגערלעכער נגידישער שטוב; און ביז וואַנען ער וועט ניט אויסוואָרצלען זיינע קליינבירגערלעכע געפילן, איז ער אַלץ געווען אונטער אַ פאַרדאַכט.

איינער פון די שמואלס האָט געפרעגט זלאַטקען, אויב עס קומען פאָר געמיינשאַפטלעכע אַרויסטרעטונגען פון די יידישע אַר־בעטער מיט די קריסטלעכע. די פראַגע האָט אַלעמען געאַרט. און עס האָט זיך אין זייערע רייד געפילט די בענקשאַפט צו פאַרברידערן זיך מיט די גרויסע מאַסן פון קריסטלעכן פּראָלעטאַריאַט. זלאַטקעס ענטפערס זיינען, ווי אַלעמאָל, געווען פול מיט גלויבן, אַז די קריסט־לעכע אַרבעטער ווערן שוין דורכגענומען מיט דעם רעוואָלוציאָנערן אידעאַל.

די ניי־צוגעקומענע חברטע, ביילקע די פריקאַזשטשיצע, אַ נידע־ריקע און אַ זשוואָווע, מיט פולע, רויטע באַקן, האָט געפרעגט ביי זלאַטקען, אויב עס איז אמת, אַז זי איז אין טורמע געזעסן איינינקע אַליין אין אַ קאַמער די גאַנצע צייט.

זלאַטקע האָט אַ לאַך־געטאָן:

— דאָס איז איינע פון די גרינגסטע שטראָפן פאַר אַ רעוואָלו־ציאָנער. ווערן פאַרשיקט אין סיביר אין די קאַלטסטע געגענטן, איז ערגער.

זלאַטקע האָט שוין דערנאָך דעם גאַנצן אָוונט ליאָוואַן געהאַט אין זינען: „וואָס איז מיט אים איצט?" זי האָט ניט געוואָלט שרייבן צו מאַטעסן. ווער ווייסט, וואָס דאָרטן טוט זיך? איר בריוו האָט גע־קענט אַריינפאַלן צו דער פּאָליציי.

זי האָט געקליבן זיך צו ריידן מיט זאַוולען וועגן ליאָוואַן, דערציילן אים וועגן זייער צוזאַמענדיקער אַרבעט, וואָס זיי האָבן געטאָן מיט אַריבערפירן ליטעראַטור, און ווי אַלץ האָט געמוזט זיין קאָנספּיראַטיוו; און אַז קיין שום אינטימע זאַכן איז צווישן איר און ליאָוואַן ניט געווען; אומזיסט האָט ער דעמאָלט ביי מאַטעסן אין שטוב געהאַט אויף איר פאַרדאַכטן, און ער האָט שיער ניט צעטראָגן די ווענט פון צימער.

אָבער אַז זי האָט אַ קוק־געגעבן אויף זאַוולען, ווי ער זיצט אַזוי, דער פּנים איז ביי אים אַזאַ ענערגישער, מיט עפּעס אַ זיגערישן און אַנטשלאָסענעם אויסדרוק, האָט זי אַ טראַכט־געטאָן, אַז זי וועט דעם שמועס מיט אים וועגן ליאָוואַן דערווייל אָפּלייגן. מיט זאַוולען דאַרף מען וויסן ווי צו ריידן; עס איז ווי שפּילן זיך מיט פייער.

און ריידנדיק דערנאָך מיט די חברים, און ענטפערנדיק אויף זייערע פראַגעס איז זי אַליין אין זיך געווען שוין אַן אומרואיקע און אַ צעטראָגענע.

# קאַפּיטל זעכצן

די טעג אין יענעם פאַר־פּסח זיינען שוין געווען ליכטיקע, מיט לויטערע בלויע הימלען, די וואַרעמע זון האָט אויסגעטריקנט וואו אַ טייכל, וואו אַ בלאָטקעלע אין די שטעטלדיקע געסלעך. אומעטום אין די הייזער האָט מען זיך געגרייט אויף דעם גרויסן יום־טוב פּסח. טירן און פענצטער זיינען צעעפנט געוואָרן, די שטיבער געלופטערט; אַלץ איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן אין דרויסן — מלבושים, שטיקער־מעבל, בעטן צענומענע — און מען האָט געשייערט און געוואַשן פון דעם שטויב, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן פאַר דעם לאַנגעןווינטער.

אין שטוב ביי זלאַטקען איז אויך געווען אַן איבערקערעניש. די מאַמע איז פון פאַרטאָג־אָן שוין געווען אויף די פיס. זי האָט אויך געטראָגן אין דרויסן חפצים און געריבן און געשייערט. אויף אַ לאַנ־גער באַנק אין דרויסן זיינען געלעגן צעעפנט דעם טאַטנס ספרים. און אַ וואַרעמער ווינטל האָט געמישט און געלופטערט זייערע פאַרגעלטע בלעטער. אין פיר־הויז איז געשטאַנען אַ פעסל וואַסער און עס האָט זיך דאָרטן געווייקט די גלאָזוואַרג פון שטוב, עס זאָל ווערן כשר צום פּסח.

זלאַטקע האָט דער מאַמען געהאָלפן אַריינברענגען דעם פּסח אין שטוב. אין שטעטל האָט זי זיך נאָך ווייניק געוויזן. ווען זי איז נאָר אַרויס אין גאַס, האָט זי געפילט, ווי נייגעריקע אויגן פון די שכנים קוקן איר נאָך. פענצטערלעך האָבן זיך געעפנט, און זי האָט געהערט אַ שושקעריי: „אָט איז זי", „אָט גייט זי"...

זלאַטקע האָט זיך שוין פאַרבענקט נאָך שטוביקער אַרבעט. דאָס האָט איר דערמאָנט אירע יונגערע יאָרן, ווען זי איז געווען די גאַנצע טוערקע אין שטוב. עס איז איר אויך גוט געווען צו שטיין אין דרויסן און פילן אויף זיך די וואַרעמקייט פון דער זון, נאָכדעם ווי זי איז אָפּגעווען אַזויפיל חדשים אין טורמע. אַ באָרוועסע, מיט פאַרשאַרטע אַרבל פון ציצענעם קלייד, האָט זי זיך איצט מיט אַלע חושים אַריינגעטאָן אין דער אַרבעט פון וואַשן און שייערן. זי האָט, אַרבעטנדיק, איבערגעזונגען מיט אַ שטילן קול איר באַליבטע ליד:

אָ, ליבער, מיר האָבן געשלאָסן אויף לעבן און טויט אַ פאַרבאַנד".

די מאַמע האָט דעמאָלט געהאַלטן אין סקראָבן דעם פאַרטריקענטן

טייג פון איר ריזיקן לאָקשן־ברעט. דעם לאָקשן־ברעט האָט מען דער־נאָך באַדאַרפט באַהאַלטן אויפן בוידעם, אינאיינעם מיט די אַנדערע חמצדיקע געפעס. זי האָט זיך צוגעהערט צו זלאַטקעס זינגען, און עס האָט איר עפּעס אַ נעם־געטאָן ביים האַרצן. איר טאָכטער ווייזט איצט אַרויס אַזויפיל געטריישאַפט צום שטוב, נאָך מער ווי אַמאָל. זי ווייסט ניט, די מאַמע, צי זי זאָל זיך מיט דעם פרייען, צי ניט. זי ווייסט נאָר, אַז דאָס איז שוין ניט די זעלביקע זלאַטקע, וואָס געווען...

— קום אַריין אין שטוב, וועסט עפּעס איבערבייסן. — רעדט זי צו איר טאָכטער. — דו האָסט זיך שוין היינט גענוג אָנגעאַרבעט.

די צוויי אינגלעך האָט מען אָפּגעלאָזן פון חדר; העלפן זיי איצט אין שטוב. דער יונגערער פון צווילינג, משהקע, איז גוט מיטן האַמער. ער קען אַריינקלאַפּן אַ טשוואָק וואו מען דאַרף, פאַרריכטן אַ צעבראָכענעם פיסל אין אַ שטול. אַז דער טאַטע צונעמט דעם וואַנט־זיינער, אויף אויסרייניגן די „געווער", און ביים אויפשטעלן עס צוריק מאַכט ער אַ טעות, ווייסט משהקע ווי אָנצואווייזן דעם טאַטן זיין טעות... באַלד זיינען דיביידע אינגלעך אַוועק צום טייך, כשרן די לעפל, גאָפּל און מעסער, וואָס זיי האָבן אָנגעבונדן אויף אַ לאַנגען שטריקל.

דער טייך, וואָס איז דעם גאַנצן לאַנגען ווינטער געווען איינ־געקאָוועט אין אייז, האָט זיך איצט געלאָזן, און אין גרויס איילעניש זיינען געלאָפן זיינע וואַסערן, טראָגנדיק מיט זיך פון ערגעץ קריעס־אייז, שטיקער האָלץ און אַלערליי אַלטע געוויקסן. אַ האַלבע שטעטל איז דעמאָלט געווען ביים טייך — מאַנצבילן, ווייבער און קינדער. ווער צו שווענקען וועש, ווער — געפעס כשרן, און ווער גלאַט אַזוי צוליב פריילעכקייט.

דער טאַטע זלאַטקעס איז אין יענע טעג געווען זייער גוט אויפ־געלייגט. ער האָט געהאַלטן אין קויפן ווייך אויף פסח. הערש־לייב, דער שכן, האָט דעם וויין פאַרקויפט. ער האָט געגעבן דעם טאַטן צו פאַרזוכן פון יעדן סאָרט, און ביידע האָבן דערנאָך לאַנג מבֿיניש פון דעם גערעדט. דער טאַטע איז פון דעם פאַרזוכן די אַלערליי סאָרטן וויין שוין מסתמא שיכורלעך געווען. ער האָט געהאַלטן אין איין שמייכלען מיט זיינע אומעטיקע שוואַרצע אויגן. ער האָט פון אַ גראַפינקע אָנגעגאָסן אַ ביסל וויין אין אַ קעלישעק און צוגערופן צו זיך דער מאַמען.

— קום אהער, טעמע, נאַ, דו ווילסט פאַרזוכן?

די מאַמע האָט מיט גרויס דרך־ארץ אַרויפגעקוקט צו איר מאַן, דעם קאָפּ־מענטש און דעם גרויסן לערנער. ס'איז אמת, אַז קיין גרויסער פאַרדינער איז ער ניט געווען, נאָר דערפאַר האָט זי געקענט מיט אים זיך באַרימען פאַר לייטן מיט זיין געלערנטקייט

און מיט זיין פרומקייט און אַז ער האָט סמיכות אויף רבנות... און זלאַטקע האָט איצט איר מאַמען גוט פאַרשטאַנען. עס איז גוט צו האָבן אַזאַ מאַן, אַז מען זאָל קענען צו אים אַרויפקוקן הויך...

אין שטוב איז די אָרעמקייט, ווי אַלעמאָל, געווען גרויס. אָבער אויף יום־טוב האָט מען זיך אָנגעטאָן אַ כוח; און די קינדער זיינען באַנייט געוואָרן מיט נייע מלבושים און מיט שיך, כדי ניט פאַרשעמט צו ווערן פאַר לייטן. און זלאַטקע האָט נאָך אויפגענייט נייע ציצענע קליידער פאַר דער מאַמען, פאַר שיינדלען און פאַר זיך.

אין פּאָדריאַד האָט זיך שוין געבאַקט די מצה, דין און קרוכלע, ווי די מאַמע האָט ליב געהאַט. און אין איינעם אַ טאָג זיינען ביידע אינגלעך צעפלאַמטע אַריינגעפאַלן אין שטוב און געשלעפּט מיט זיך דעם קויש מצה, איבערגעדעקט מיט אַ קלאָר־ווייסער ציכל, און דער טאַטע איז זיי נאָכגעגאַנגען. עס זיינען שוין דעמאָלט געווען פאַר־זאָרגט אפילו די אָרעמסטע פון שטעטל. און ווער עס האָט זיך גע־שעמט נעמען צדקה, איז צו אַזעלכע אַריינגעבראַכט געוואָרן מצה און ווייַן אין פיר־הויז, און זיי האָבן ניט געוואוסט פון וואַנען דאָס איז געקומען.

דערנאָך איז אָנגעקומען דער טאָג פון ערב־פסח. דאָס פּסח־דיקע געפעס איז שוין געשטאַנען אויבנאָן. אין שטוב אויפן טיש, און די חמוצדיקע — נאָענט צום טיר. דער טאַטע זלאַטקעס איז נאָך מיט אַן אָוונט פריער אַרומגעגאַנגען מיט אַן אָנגעצונדענער ליכט אין האַנט און איז בודק־חמץ געווען אַלע פאַרבאָרגענע ווינקעלעך, צי עס געפינט זיך ניט ערגעץ אַ ברעקל חמץ. געגעסן האָט מען איצט ביים טיר אויף אַ ברעט, אַרויפגעלייגט אויף אַ דייזשקע און זיך זייער געהיט.

די שטוב האָט שוין געבלאַנקט מיט ריינקייט, די פּאָדלאָגע גע־וואַשן און פאַרשפּרייט מיט ראָגאָזשעס, ווייס־געפּרעסטע פאָרהענג־לעך אויף די פענצטער. אויפן אויוון, וואָס איז געכשרט געוואָרן מיט הייסע שטיינער, האָט זיך שוין געקאָכט די פּסחדיקע פיש אין אַ קו־פּערנער פאַן. דריי בילדער זיינען געהאַנגען אויף די ווענט פון כמה יאָרן. זלאַטקע האָט זיי אַרומגערייניקט און זיי האָבן אויסגעזען ווי נייַ. די בילדער זיינען געווען, ווי „אברהם ברענגט יצחקן צו דער עקדה", „די ברידער פאַרקויפן יוסףן צו די ישמעלים", און אַ קאָ־לירטע פּאַווע, אויסגענייט אויף אַ לייוונט און אַריינגעפּאַסט אין אַ ראַם.

די זון האָט זיך געזעצט, און דער טאַטע איז שוין געהאַט געקו־מען פון מרחץ. ער איז שוין געווען אָנגעטאָן אין שבתדיקן קאַפּטן און די באָרד זייער שיין צעקאַמט. און מיט ביידע אינגלעך ביי דער זייט האָט ער זיך אַרויסגעלאָזן פון שטוב אין שול אַריין. די אינגלעך,

אָנגעטאָן אין זייערע נייע גאַרניטערס, האָבן זיך געהאַלטן סטאָ־טעטשנע. זייערע גרין־בלייכע פּנימלעך, אונטער די נייע צו־גרויסע היטלען, האָבן אויסגעזען קלענער, און זייערע גרויסע שוואַרצע אויגן — בולטער.

די מאַמע האָט דערווייל געגרייט דעם טיש מיט כריין און מיט חרוסת און אָפּגעקאָכטע אייער. אויף אַ טעלער האָט זי אַוועק־געלייגט מצות, איבערגעדעקט מיט אַ ווייסן סערוועטל. צוויי ווייסע קישנס האָט זי אַוועקגעלייגט אויף אַ שטול, די היסב־בעט פאַר איר מאַן. און זי האָט געבענטשט ליכט.

און דער טאַטע, אַריבערטרעטנדיק דעם שוועל מיט די צוויי אינגלעך, האָט אָפּגעגעבן דעם פריילעכן גוט יום־טוב. ער האָט דאַרטן, אין שול, היינט געקענט קוקן אַלעמען אין די אויגן. זיין טאָכטער זלאַטקע איז, חלילה, ניט ערגער פון די אַנדערע מיידלעך אין שטעטל.

ער האָט זיך געזעצט אויף זיין היסב־בעט, ווי אויף אַ קעניג־לעכן טראָן, און דער ווייסער קיטל און די יאַרמולקע זיינען געווען די קעניגלעכע מלבושים. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און געמאַכט קידוש מיט דעם אַלטן יום־טוב ניגון. דערנאָך האָט שיינדל געבראַכט אַ קריגל וואַסער, און ער האָט זיך געוואַשן די הענט. און אַז זיין עלטסטער זון האָט זיך אויפגעשטעלט און מיט זיין דין קולכעל גענומען פרעגן די פיר קשיות, איז דעם טאַטנס פּנים געווען פייערלעך־ערנסט.

ביי זיין רעכטער האַנט איז געזעסן די מלכה, די מאַמע זלאַט־קעס. זי האָט היינט זיך געגונג אָנגעהאָרעוועט און זי רוט איצט, מיט די הענט צענויפגעלייגט אין שויס; דאָס פּנים איז איר פאַררויטלט. און אין העלן ציצענעם קלייד זעט זי אויס חנעוודיק, שיין. ביים טיש שעמערירן און פינקלען די לייכטער מיט די אָנגעצונדענע ליכט, אינאיינעם מיט די גלעזערנע כוסות, פולע מיט וויין. דער ריח פון דעם פסחדיקן עסן אויפן אויוון רייצט דעם אַפּעטיט, און די קינ־דער קוקן שוין מיט אומגעדולדיקע אייגלעך אין דער מאַמעס זייט.

זלאַטקע זיצט צווישן אירע צוויי שוועסטערלעך, שיינדל און ריוועשע. זי איז קאָנצענטרירט און ערנסט, ווען די דריי מאַנצבילן ביים טיש זינגען־אויס אויפן קול די הגדה: „עבדים היינו לפרעה במצרים״ — קנעכט זיינען מיר געווען צו פרעהן אין מצרים, און גאָט האָט אונז פון דאָרטן אַרויסגעצויגן...

קיינער פון זלאַטקעס חברים זיינען אין יענער נאַכט ניט אַוועק פון שטוב, דעם סדר ניט צו שטערן. אויסגעליידיקט זיינען דע־מאָלט געווען די גאַסלעך פון שטעטל, און אַ פרידליכקייט האָט זיך אויסגעשפּרייט אין דעם אַרום. אַלע פענצטער פון די קליינע שטיבלעך זיינען געווען יום־טובדיק באַלויכטן, און פון אומעטום האָט זיך גע־

טראָגן דאָס זאָגן פון דער הגדה. און ביי די טישן איז מען זיך פאַר־זעסן ביז שפּעט אין דער נאַכט און זיך איינע די אַנדערע דערציילט מעשיות און נסים וועגן דעם וואונדערלעכן אַלטן פאָלק, וואָס האָט דערקענט דעם איין־ איינציקן גרויסן גאָט, דעמאָלט ווען אַלע פעלקער האָבן נאָך געדינט צו אָפּגעטער, און ווי אָט־דער פאָלק האָט איבער־געלעבט אַלע זיינע שונאים...

⁂

אויף מאָרגען, דעם ערשטן טאָג פּסח, איז זלאַטקע געזעסן ביים פענצטער און אַרויסגעקוקט צו דער גאַס. עס איז געווען נאָכ־מיטאָג. אַ געמיטלעכקייט האָט זיך צעלייגט איבער אירע גלידער, און עס האָט זיך איר גאָרניט געוואָלט טאָן און אין ערגעץ ניט גיין. נאָר זיצן אַזוי און אַרויסקוקן אין גאַס. אין שטעטל, איבער די גאַסן, האָבן זיך שטאַרק אָנגעזעצן די פּסחדיקע געסט, די „מדינה אינגלעך" — בחורים, וואָס האָבן אַ גאַנץ יאָר געאַרבעט אין די ווייטע רוסישע שטעט: יעקאַטערינאָסלאַוו און אָדעס. זיי זיינען געווען שניידער, שוסטער, סטאָליאַרעס, פריקאַזשטשיקעס, און זיי זיינען געקומען אַהיים אויף יום־טוב.

זיי זיינען געווען גוטע פאַרדינער, אָט די „מדינה־אינגלעך". און זיי זיינען געגאַנגען אָנגעטאָן פראַנטיש, אין געלע קאַמאַשן; די נייע גאַרניטערס גרויס־שטאָטיש, געפּאַסט צום פיגור; דער קאַפּע־ליוש אַ ביסל אָן אַ זייט; און וואוילינגעריש האָבן זיי געפּאָכעט מיט דינע שטעקעלעך אין דער לופט. עס האָבן מיט זיי געררישט די גאַסן. אין ריידן האָבן זיי אַריינגעוואָרפן אַ רוסישן וואָרט און געזאָגט „יאָ", אָנשטאָט „יע", ווי מען רעדט אויף דער מדינה, זלאַטקע האָט געוואוסט, אַז אַ סך פון זיי זיינען שוין אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג; אָבער זיי האָבן נאָך ליב גע־האָט צו מאַכן פון זיך אַן אָנשטעל — אמתע „מדינה־אינגלעך"...

די שטעטלשע מיידלעך האָבן פאַרטאַיעט זיי נאָכגעקוקט פון די פענצטער, דורך די פאַרהאָנגענע פאָרהענגלעך. זייערע אויגן האָבן זיך צעגליט. און ניט איין מאַמע האָט אין האַרצן געהאָפט וועגן אַ שידוך מיט אַזאַ איינעם. פאַרנאַכט־צו האָבן די מיידלעך זיך אויסגעפּוצט מיט סטענגעס אין די געדיכטע צעפּ, זיך איינגעשנורעוועט אין קאָר־סעטן, אַז די טאַליע זאָל אַרויסקומען דין, און זיי האָבן כאַליאַסטרעס־ווייז זיך אַרויסגעלאָזן שפּאַצירן צום שאָסיי. אויף דער אַנדערער זייט פון שאָסיי האָבן שוין שפּאַצירט די נייע קאַוואַליערן. זיי זיינען גע־ווען זייער פאַרשייט און אָפּט זיך פאַרטשעפּעט מיט אַ מיידל:

— פריילין, פריילין, לויפט ניט אַזוי.

די מיידלעך האָבן ניט געענטפערט, נאָר פאַרשטיקט געלאַכט. נעענטער צום וועלדל האָבן זיי פאַרבונדן גרינגע שמועסן, באַקאַנט־שאַפטן זיינען געשלאָסן געוואָרן.

זלאַטקע, זיצנדיק ביים פענצטער, האָט געקוקט אויף יענע פאַרביישפּאַצירנדיקע מיידלעך פון אויבן אַראָפּ. זי האָט זיך געהאַלטן העכער פון זיי. „ווי אַנדערש עס האָט זיך איר אייגענער לעבן אויפ־געלייגט", — האָט זי געטראַכט.

אין שטוב האָבןביידע אינגלעך געשפּילט אין ניס מיט נאָך חברים, לאָזנדיק דעם נוס לויפן איבער אַן אויפגעשטעלטער ברעטל. זייערע צעהיצטע קולות ביים געווינען און פאַרשפּילן איז געווען גרויס. ביים טיש, מיט אַ צעעפנטן ספר, איז געזעסן דער טאַטע, ער האָט געהאַלטן די אויגן אַראָפּגעלאָזן צום ספר. ער האָט ניט געלערנט, נאָר געוויגט זיך שטיל און אונטערגעזונגען אַ ניגונדל, ווי ער וואָלט איצט האָבן זיינע אייגענע געדאַנקען.

די מאַמע האָט זיך אַ ווײַלע אַרומגעדרייט איבער דער שטוב, דערנאָך איז זי צוגעגאַנגען צו זלאַטקען:

— פאַרוואָס גייסטו ניט אַ ביסל אין גאַס, צו דיינע חברטעס, טאָכטער ?

— איך וועל נאָך גיין, מאַמע. — האָט זלאַטקע אַ רואיקע איר געענטפערט.

## קאַפּיטל זיבעצן

פריידל דעם וואַסער־טרעגערס האָט אַ לאַנגע צייט אויסגע־מיטן צו באַגעגענען זיך מיט זלאַטקען. זי האָט געוואוסט, אַז זלאַטקע איז געזעסן אין טורמע, און אַז זי איז דאָ, אָבער זי האָט זיך ניט געאײַלט קומען איר זען.

דאָס איז געווען די זעלביקע פריידל, וואָס האָט געאַרבעט מיט זלאַטקען אַמאָל ביי איין טיש, ביי דעם דאַמסקען שניידער. זלאַטקע האָט איר דעמאָלט אַגיטירט און געהאָלפן איר אַריינברענגען אין דער אָרגאַניזאַציע, אָבער קיין גוטע געפילן האָט פריידל צו זלאַטקען ניט געהאַט. די אורזאַך פון דעם איז געווען — זאַוול. פריידל האָט זיך אין אים פאַרליבט נאָך איידער ער האָט זלאַטקען דערקענט.

צי האָט דעמאָלט זאַוול פריידלען אויך ליב געהאַט ? **דאָס וואָלט** שווער געווען ביי אים צו דערגיין. דאָס איז געווען שוין לאַנג, נאָך איידער ער איז אַריין אין דער אָרגאַניזאַציע. אַ סך מיידלעך זיינען אים דעמאָלט געווען געפעלן. און ער האָט געהאַט אַ נאָמען פון אַ „פרויען־יעגער". איין צייט האָט ער געפירט באַקאַנטשאַפט מיט לאהקע דעם שמידס, אַ מיידל מיט שוואַרצע־כוואַליענדיקע האָר, און דאָס פּנים — בלוט־און־מילך. נאָך איר האָט מען זאַוולען געזען אָפּט אַרומגיין מיט רחל דעם מעלערס, וועלכע איז געווען אַ שעמעוו־דיקע מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן און חן־גריבלעדאין די באַקן. אַן אַנדערש מאָל איז אים גאָר געפעלן געווען מערקע די שוואַרצע, אַ שטיפערקע און אַ לאַכערקע. מען האָט וועגן זאַוולען געזאָגט, אַז די מיידלעך גייען אים נאָך די טריט, און וואַרפט ער אויף עמעצן אַן אויג, איז שוין פאַרפאַלן.

אין זאַוולען האָט מען טאַקע געקענט זיך איינליבן. זיין גאַנצער מענלעכער שטעל, די שוואַרצע, גליענדיקע אויגן און די הויכע קוטשמע־האָר. אין אַ שבת־ביינאַג, ווען דאָס יונגוואַרג פון שטעטל פלעגט זיך אַמאָל צענויפקלייבן אין אַ שייער טאַנצן, איז דאָרטן זאַוול געווען דער פלינקסטער פון אַלעמען. און אַ מיידל, טאַנצנדיק מיט אים, האָט זיך געפילט גרינג ווי אַ פעדער. האָבן טאַקע די מיידלעך צו אים געקלעפּט. די לעצטע צו פאַרליבן זיך אין אים, בעפאָר זלאַט־קען, איז געווען פריידל דעם וואַסער־טרעגערס. מען האָט זיי אַ סך

מאָל געזען גייענדיק צוזאַמען און מען האָט שוין גערעדט אין שטעטל, אַז עס וועט זיין אַ שידוך צווישן זיי. און די, וואָס האָבן ליב זיך צו וויצלען, האָבן שוין געזאָגט אויף זיי, אַז צוויי מתים גייען טאַנצן, ווייל זיי זיינען ביידע געווען פון גאָר אַן אָרעמען שטאַנד.

נו, און צום סוף האָט ער זיך גאָר פאַרליבט אין זלאַטקען. און ער האָט דעמאָלט אינגאַנצן אָפּגעשניטן מיט זיין פריערדיקן הפקר־לעבן. אַזוי פאַרקאָכט איז ער געווען אין זלאַטקען, אַז ער האָט זיך אויף קיין אַנדער מיידל שוין ניט אומגעקוקט. די מיידלעך פון שטעטל האָבן שוין געהאַט פון וואָס צו ריידן: „וואָס האָט ער אַזוינס דערזען אין דער זלאַטקען... פאַראַן אין בערעזע גרעסערע קראַ־סאַוויצעס פון איר, און רייכערע אוודאי"... זלאַטקעס היים איז געווען אַן אָרעמע, נאָר די מאַמע אירע האָט ליב געהאַט אַלץ צו פאַר־שיינען און פאַרגלעטן און מען האָט זיי דערפאַר גערופן „די זיידענע טאָרבעס".

פריידל אַליין איז אַרומגעגאַנגען אַ צעטרערטע און אַ פאַר־ביסענע פון דער עוולה, וואָס עס איז צו איר דורך זאַוולען געטאָן געוואָרן. זי האָט אָבער געמוזט שווייגן.

דערנאָך, אַז זלאַטקע איז אָנגעקומען צום דאַמסקען שניידער, האָט פריידל שוין דאָרטן געניית פון פריער. און ביידע מיידלעך האָבן נאָך געמוזט זיצן ביי איין טיש. פריידל איז פון דער נאַטור געווען אַן אָפּלאַכערקע און אַ צולהכעיסניצע און זי פלעגט זיך אַרומקריגן מיט די מיידלעך ביים טיש, און זי האָט דאָרטן געגומען זלאַטקען דערגיין די יאָרן, פאַרן האַרצוויייטאָק, וואָס זי האָט דורך איר גע־האַט. אָבער זלאַטקע האָט מיט דער צייט איר בייגעקומען, דורך דעם וואָס זי האָט פריידלען געגומען אַגיטירן. זי האָט געבעטן בינע אייזענ־שטאַט, זי זאָל מיט פריידלען לערנען שרייבן און לייענען, אַז זי זאָל ניט זיין אַזוי ווילד, די פריידל.

פון דעמאָלט־אָן איז פריידל אַריינגעטראָטן אין דער אָרגאַ־ניזאַציע. ניט אַזוי דער סאָציאַליזם האָט איר אינטערעסירט, ווי דאָס לערנען זיך רוסיש, לייענען און שרייבן. זי האָט דורך דעם געוואָלט איבערשטייגן זלאַטקען — „זי וועט זיי אַלעמען ווייזן"... — האָט זי אין זיך געטראַכט. ווען זי האָט נאָר געהאַט אַ פרייע מינוט, האָט זי געלייענט די ביכער, וואָס בינע האָט איר געגעבן: „ווינטער־אָוונטן", „אַ רייזע אַרום דער וועלט אין אַכציק טעג" און „פאַרוואָס עס גייט אַ רעגן", און „ווי אַזוי די ערד דרייט זיך אַרום דער זון". זי איז אפילו צו דער אַרבעט געקומען מיט אַ בוך, פריידל, און זי האָט זיך דערמיט אויסבאַרימט פאַר די מיידלעך.

זלאַטקע איז שוין דעמאָלט געווען אַוועקגעפאָרן אין ביאַליס־טאָק. און איינמאָל, אַז פריידל האָט זאַוולען באַגעגנט אין גאַס, האָט

זי פֿאַר אים געגומען זיך באַרימען מיט איר קענטשאַפֿט און וויפֿל ביכער זי האָט שוין איבערגעלייענט.

— נו, גוט, זייער גוט. — האָט איר זאָוול אויף דעם געענטפֿערט.

אויב פֿריידל האָט נאָך אין האַרצן אים געליבט, זאָוולען, איז דאָס אויף איר ניט קענטיק געווען. זי איז פֿון אים אָפּגעטראָטן מיט אַ שטאָלצן אויפֿגעהויבענעם קאָפּ.

חדשים זיינען אַוועק, און פֿריידל האָט זיך אַ סך געביטן. איר פֿאַרהאַרטעוועטע נאַטור איז מילדער געוואָרן, איר האַרץ איז געוואָרן דערוואַרעמט דורך נינעס גוטסקייט. אין מאַסטערסקאַיע איז זי שוין געווען אַ ביסל איינגעהאַלטענער און זיך ניט אַרומגעקריגט אַזוי מיט די מיידלעך. אָנגעטאָן איז זי איצט געווען אין אַ ווייסער בלוז־קעלע, אַזוי ווי נינע האָט געטראָגן. און די צעקוטשמעטע האָר אירע זיינען געווען גוט צעקאָמט און איינגעלעגט גלאַט. פֿריידל האָט האָלד געהאַט קומען צו נינען אין צימער, וואָס האָט אויסגעזען אַזוי שיין, מיט די סך ביכער אין דער עטאַזשערקע און מיט גוטע בילדער אויף די ווייסע, ליכטיקע ווענט. אַ פֿרישע בלום איז שטענדיק געווען אויפֿן טישל, אין אַ גלאָז וואַסער. און די זון האָט דורכן פֿענצטער אַריינ־געשיינט ליכטיק דעם גאַנצן טאָג.

מיט איר אייגענער היים האָט זיך פֿריידל געשעמט, און זי האָט ניט געוואָלט, אַז נינע זאָל צו איר קומען. ניט קיין פֿריילעכע היים איז פֿריידלס געווען. זי האָט געוואוינט אין אַ ניט־ברוקירטער און בלאָטיקער געסל. וואָס זעלטן־ווען די זון האָט דאָרטן געקענט די גאַנצע בלאָטע אויסטריקענען אפֿילו זומער. די שטיבל זייערע איז געווען אויסגעקרימט אויף אַ זייט פֿון אַלטקייט; און אינעווייניק איז נאָר איין גרויסע קאָמער געווען. פֿריידלס טאַטע, דער וואַסער־טרעגער, איז געווען אַ פֿאַרוואַקסענער און מגושמדיקער ייד, אַ בייזער און אַ צערייצטער; און פֿאַר אַ ליאַדע־זאַך האָט ער זיך געכאַפּט שלאָגן. און קינדער אין שטוב זיינען געווען פֿון דרייערליי סאָרטן: „מיינע, דיינע און שותּפֿותדיקע״... זיי זיינען פֿול געווען אומעטום, אויף דער ערדענער פּאָדלעגע, זיך שפּילנדיק און קריגנ־דיק זיך. און פֿון זייער ליאַרעמען איז די ענגע קאָמער נאָך ענגער געוואָרן. דער טאַטע האָט זיך שטענדיק געכעסט: „וואו אַ טראָט — אַ קינד!״...

— אַז געהרגעט זאָל דאָס ווערן! — האָט ער געשאָלטן מיט זיין כריפּקען קול.

די שטיפֿמאַמע פֿריידלס איז געווען אַ יידענע אַ פֿאַריאָכטע, אַ פֿאַרמאַטערטע, און זי האָט אָפֿט אויסגעלאָזן איר כעס אויף פֿריידלען, ווי זי וואָלט זיך וועלן אָפּרעכענען מיט עמעצן פֿאַר איר אייגענעם שווערן לעבן:

— פאַר ווער פוצט זי זיך דאָס אַזוי? דער גראַף פּאָטאָצקי וואַרט אויף איר? — האָט זי גיפטיק גערעדט, ווען זי האָט געזען ווי פריידל קלייבט זיך ערגעץ גיין.

זי און דער טאַטע האָבן אין אָוונט ניט געלאָזן פריידלען אַוועק־גיין פון שטוב און געשריען אויף איר און געשאָלטן. און פריידל פלעגט זיך אַרויסרייסן מיט גוואַלט פון שטוב און אַ קלאַפּ־טאָן נאָך זיך מיט דער טיר.

נינע האָט געהאַט אַ טיפע ליבשאַפט צו די, וואָס אַרבעטן און ליידן. און אַז זי האָט געזען ווי פריידל פּראָגרעסירט, האָט זי זיך זייער געפרייט. זי האָט איינמאָל אין אַ שמועס מיט פריידלען איר צוגערעדט, זי זאָל זיך נעמען צוגרייטן צו 4 קלאַסן גימנאַזיע, דער־נאָך וועט זי קענען ווערן אַ פעלדשעריצע, צי אַן אַקושערקע...

— וויפל צייט דאַרף געדויערן דאָס לערנען? — האָט פריידל אַ פרעג־געטאָן.

עס האָבן זיך ביי איר אָנגעצונדן די אויגן, דער קאָפּ האָט זיך איר פאַרדרייט פון צופיל גאווה. און אין די נעכט פלעגט זי דער־נאָך ליגן מיט אָפענע אויגן און חלומען וועגן אַ גרויסער צוקונפט: ווי זי וועט פאָרן אין אַ גרויסער שטאָט, אויסהאַלטן דאָרטן דעם עקזאַמען. קיין שניידערקע וועט זי שוין מער ניט זיין. און חלומ־ענדיק אַזוי, האָט זי שוין גאָרניט געפילט די עלנטקייט פון איר היים.

פון דער היים איז זי געוואָרן איצטער נאָך מער אָפּגעפרעמדט, ווי פריער. אָפטמאָל, אַז זי האָט אין גאַס, פון דער ווייטנס, דערזען איר טאַטנס מגושמדיקע געשטאַלט, ווי ער טראָגט די קאָראָמיסלע מיט פולע עמערס וואַסער אויף די אַקסלען, פלעגט זי אָפּדרייען דעם קאָפּ אָן אַ זייט. דעם טאָג האָט זי, ווי אַלעמאָל, געאַרבעט אין מאַסטערסקאַיע, געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער און געבונ־טעוועט די מיידלעך. דער באַלעבאָס, דער דאַמסקער שניידער, האָט פאַר איר געציטערט. אָבער צוליב אירע „גאָלדענע הענט" צום נייען, האָט ער איר געהאַלטן.

מיט זאַוולען, אַז זי האָט זיך אַמאָל באַגעגנט אויף אַן אומלע־גאַלער פאַרזאַמלונג, האָט ער איצט אויסגעקוקט אַ סך קלענער ביי איר אין די אויגן. קיין בחורים האָבן איר ניט אויסגעפעלט מיט וועמען צו פאַרברענגען. זי איז דאָך געווען אַ שיין־געוויקסיקע, מיט אַ דינעם, אויסגעאיידעלטן פנים, און אירע אויגן האָבן געהאַט אַ שעלמישן שמייכל, וואָס איז געווען אי אָפּלאַכעריש, אי רייצנדיק. זומער אין וואַלד, אַז מען איז געגאַנגען פון אַן אומלעגאַלער פאַר־זאַמלונג, האָבן זיך אַרומגעקליבן אַרום איר אַ כאַליאַסטרע בחורים. זי פלעגט זיך דעמאָלט צעזינגען אויפן קול, מיט אַ שטימע אָפן און פריי, ווי עס זינגען די פויערטעס אין פעלד, נאָר מיט אַ געמיש פון איר

אייגענעם טיפן געפיל. זי האָט זיי, די בחורים, דעמאָלט מיט איר געזאַנג געכישופט. אָבער געהאַלטן האָט זי זיך אַזוי, אַז קיינער פון די בחורים האָט ניט געוואוסט ווער פון זיי עס געפעלט איר בעסער...

האָט מען געקענט מיינען, אַז פריידל וועט שוין אינגאַנצן פאַרגעסן אָן דער גאַנצער זאַך מיט איר געוועזענער ליבע. אָבער אין האַרצן ביי איר האָט נאָך געטליעט אַ פונק פון דעם. ווייל ווען זלאַטקע איז געקומען צופאָרן, האָט פריידל אויסגעמידן צו טרעפן זיך מיט איר. דאָס, וואָס זלאַטקע איז געזעסן אין טורמע, האָט איר ווידער אַרויפגעשטעלט אויף אַ שטאַפּל העכער אין דער אָרגאַניזאַציע. פריידלען איז אָט דער געדאַנק שווער געווען צו פאַרטראָגן.

זלאַטקע האָט שוין ניט איינמאָל נאָכגעפרעגט ביי זאַוולען אויף פריידלען:

— וואָס איז מיט פריידלען? פאַרוואָס זעט מען איר ניט?

אָבער זאַוול האָט קאַלטבלוטיק איר אַזוי געענטפערט:

— דו קענסט ניט פריידלען, מיט אירע משוגעתן? דו וועסט איר נאָך זען.

זלאַטקע איז נאָר איינמאָל געווען אייפערזיכטיק אויף פריידלען, דאָס איז געווען אין דעם טאָג, ווען זי האָט זיך דערוואוסט, אַז פריידל און זאַוול האָבן זיך אַמאָל געליבט. פון דעמאָלט־אָן האָט זי שוין געהאַט געגנוג באַווייזן, אַז זאַוול האָט איר מער ניט אין זינען און זי האָט געקענט איצט מיט אַ גרינגען האַרצן פריידלען באַגעגענען. און איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט, האָבן זיי זיך טאַקע באַגעגנט. דאָס איז געווען אויף דער „דאַמבע", דער אָרט, וואו עס האָט זיך געפונען די בונדישע בירזשע.

***

די דאַמבע איז זלאַטקען געווען גוט באַקאַנט. עס איז געווען אַ הויכער ברעג ביים טייך, מיט ביימער און גראָזן און בענק צום זיצן. אין אַ זומערדיקן טאָג האָבן די איינוואוינער פון שטעטל ליב געהאַט זיך דורכצושפּאַצירן דאָ. די צעצווייגטע ווערבעס האָבן געשפרייט קילע שאָטנס איבער דער דאַמבע. אַ יידענע, אַ הענדלערקע, לויפנדיק פאַרביי, מיט אַ קאָשיק סחורה אין האַנט, פלעגט זיך דאָ צוזעצן אויף אַ ווײַלע, אָפּרוען אירע פיס. אַ בחור, אַן „עקסטערניק", איז געזעסן אויף אַ באַנק מיט אַ בוך אין האַנט. ער האָט זיך פאַרקוקט אויפן טייך, מיט זיינע גרינגע, שטראָמענדיקע וואַסערן. דאָרטן זיינען אַמאָל פליטן פאַרבייגעשוואומען. גוויים האָבן דאָס געהילץ געטריבן אַזש קיין דאַנציג. און דער בחור האָט זיך פאַרטראַכט און געחלומט פון גרויסע זאַכן...

שבת פאַרנאַכט האָבן די אָפּגעפּיינטע באַלעבאַטישע קינדער זיך אַרויסגעלאָזן אַהער אויף אַ שפּאַציר. די מיידלעך באַזונדער. און די בחורים באַזונדער. אָבער אַז עס איז טונקעלער געוואָרן, האָט אַ מיידל און אַ בחור געוואַגט זיך צוזעצן אויף אַ באַנק, אונטער דעם שאָטן פון אַ בוים.

איצט זעט מען מער ניט קיין באַלעבאַטישע קינדער אויף דער „דאַמבע״. זיי וויכן פון דעם אָרט, ווייל די בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט דאָ איר בירזשע געמאַכט. אַלע פאַרנאַכט קומען זיך דאָרטן צענויף אַרבעטער פון די וואַרשטאַטן און פון דער שוועבל־פאַבריק, און גלאַט יונגוואַרג אַלערליי, וואָס די באַוועגונג האָט זיי צוזאַמענ־געבראַכט, און עס קאָכט דאָרטן און עס רוישט מיט לעבן.

זאַוול האָט זלאַטקען גאָרניט דערציילט פון דער בירזשע, ער האָט איר געוואָלט איבעררראַשן.

— קום, מיר וועלן זיך דורכגיין אַ ביסל אויף דער „דאַמבע״ שפּאַצירן. — האָט ער צו איר איינמאָל געזאָגט.

אַ פרינץ פירט זיין פרינצעסין אָנקוקן זיינע פּאַלאַצן ניט מיט ווייניקער שטאָלץ, ווי זאַוול האָט פאַר זיין מיידל געוויזן די בירזשע.

— נו, דו זעסט ? אפשר ניט ערגער ווי דאָרטן, ביי דיר אין ביאַליסטאָק ?

זלאַטקע איז געווען איבערוועלטיקט. איידער זי איז אַוועקגע־פאָרן פון דאַנען, איז דאָ נאָך אַזוינס ניט געווען.

— טאַקע, אַן אמת. — האָט זי איינגעשטימט מיט אים.

די געזעמלען מענטשן צווישן די טונקעלע ביימער האָבן איר אויסגעזען דאָ נאָך שענער און סודותדיקער.

און זיי גייען און גייען. און דער עולם אַרום וואַקסט. זי זעט באַקאַנטע פּנימער און אַזויפיל צוגעקומענע נייע טוער, יונגע און מוטיקע, אַז עס איז גוט פאַרן אויג צו זען. מען טיילט ליטעראַטור, מען אַגיטירט און מען פאַרענטפערט פראַגעס — אַן אמתע בירזשע. זלאַטקע האָט דערקענט איינעם פון די שמואלס — דעם סופר. די פּאָלעס פון זיין קאַפּטן זיינען געווען צעכראַסטעט. דער דאַשעק פון היטל איז אים פאַרפאָרן אַן אַ זייט. ער האָט אין איילעניש צענויפ־געקליבן זיין גרופּע מיטגלידער, וואָס ער אַגיטירט, און איז מיט זיי פאַרשוואונדן צווישן די ביימער.

באַלד האָט זי זיך צונויפגעטראָפן מיט שרהקע דער שוואַרצער. אַ מיידל, אַ נידעריקע, אַ גראָבינקע, מיט אַ קאָפּ שוואַרצע לאָקן און גרויסע, קאָכיקע אויגן. זלאַטקע האָט מיט איר געניית ביי איין טיש, און שרהקע איז דעמאָלט נאָך געווען אַ „מאַסאָווע״. איצט אַגיטירט זי שוין אַליין אַ קרייזל פון אַרבעטער, זי לאָזט־איבער אירע מענטשן און לויפט־צו צו זלאַטקען. און זיי דריקן זיך די הענט :

— איר דערקענט מיך? — פרייט זי זיך מיט זלאַטקען און קוקט צו איר אַרויף מיט באַגייסטערונג.

דער געזעמל אַרום זיי וואַקסט. אָט איז אַלטער ראַבינאָוויטש, דער העברעאישער לערער. ער איז אַן עלטערער בחור, און גייט שטענדיק אָנגעטאָן פּינקטלעך און ציכטיק; זיין אָנצוג איז ווי ערשט פון שניידער; ער איז אויך פֿאַרכאַפּט געוואָרן פון דער באַוועגונג.

— עס פרייט מיך זייער אייך צו קענען. — האָט ער אויסגע־שטרעקט צו זלאַטקען זיין שמאָלע האַנט, מיט די בלייכע פינגער.

אַלטער האָט אַ נאָמען פון אַ שטילן מענטשן, וועלכער האָט ליב צו טאָן יענעם אַ טובה און אויף זיין וואָרט קען מען שטעלן אַ מויער.

„עס האַלט שוין ביי אַלטערן", שמייכל זלאַטקע צו זיך אַליין, „עס וועט שוין באַלד ניט זיין וועמען צו אַגיטירן".

צו איר איז צוגעקומען הערשל דער איינבינדער, הערשל וואוינט צוזאַמען מיט דער אומלעגאַלער ביבליאָטעק, און דערפֿאַר טאָר ער קיין סך זיך ניט ווייזן צווישן מענטשן.

— איך בין אַהער געקומען אויף אַ ווײַלע. נאָר אייך צו זען. — רעדט ער צו זלאַטקען אַזוי סודותדיק. און ער דריקט איר די האַנט, מיט יענעם באַזונדערן, וואַרעמען דרוק. און אַליין אַ דערוואַרעמטער און אַ צופרידענער, פֿאַרשווינדט ער באַלד צווישן די ביימער.

זלאַטקע דערפילט זיך זייער דערהויבן, ווי אַלעמאָל ווען זי זעט, אַז עס טוט זיך גוטע אַרבעט. ס'וואַקסט אַלץ גרעסער די באַ־וועגונג, מען לערנט געשמאַק דעם סאָציאַליזם, עס שאַרפן זיך די מוחות. די בעסערע, די שטאַרקערע פון זיי, וועלן זיך צופאָרן אין די גרויסע שטעט. זיי וועלן אַריינקומען אין די בונדישע אָרגאַני־זאַציעס, און זיי וועלן דאָרטן ווערן אָנגעזעענע טוער און קעמפער.

צו זאַוולען איז צוגעגאַנגען איינער אַ בחור, וואָס זאַוול איז זיין פאָרשטעער. ער האָט געוואָלט ביי אים פרעגן אַ פראַגע פון אַ ביכל, וואָס ער האָט אים געגעבן לייענען.

— איך בין איצט פארנומען. אַן אַנדערש מאָל. — האָט אים זאַוול געענטפערט מיט אַ געהויבענעם טאָן. און ער האָט אַ קוק־געגעבן אויף זלאַטקען, זען אויב ער האָט געטאָן גוט. און זלאַטקעס שמייכל האָט אים געזאָגט, אַז עס מאַכט ניט אויס.

— איך זע, אַז מען האָט דאָ זייער אַ סך פראָגרעסירט. — האָט זי אים געזאָגט.

זאַוול האָט זיך ניט געוואָלט באַרימען. אָבער עס איז דאָך גע־ווען זיין אויפטו. דער געדאַנק וועגן אַ בירזשע איז צו אים געקו־

מען זינט ער האָט זיך אומגעקערט פון זיין רייזע אין ביאַליסטאָק, און ער האָט עס דערנאָך אַרויסגעגעבן פאַר די מיטגלידער פון דער „סכאָדקע".

— אָט גייט פריידל. — האָט זלאַטקע אים אָנגעוויזן.

זי האָט דערזען פריידלען פון דער ווייטנס. עס איז שוין געווען טונקל אינדרויסן. אָבער זי האָט דערקענט איר וויגנדיקן און צעוואָרפענעם גאַנג. פריידל איז זיי פאַרבייגעגאַנגען, ווי זי וואָלט זיי גאָרניט געזען, זלאַטקע האָט איר אָפּגעשטעלט:

— פריידל! — האָט זי איר אַ רוף געטאָן.

זי האָט מיטן גאַנצן האַרצן איר געוואָלט זען און זי האָט צו איר גאָרניט געפילט, אויסער פריינטשאַפט.

— אָ, זע נאַר, ס'איז דאָך זלאַטקע! — האָט פריידל אַ לאַך־געטאָן. — וואָס מאַכט איר? שוין לאַנג אַז איר זייט געקומען?

זיי האָבן זיך געגעבן די הענט. עפּעס איז געווען אין פריידלס שטימע און איר גאַנצן האַלטן־זיך, וואָס האָט געמאַכט זלאַטקען, אַז זי זאָל זיך צעגויפּציען אין זיך און ניט וועלן קיין סך מיט איר ריידן. ביידע מיידלעך האָבן זיך אָנגעקוקט אַ ווײַלע. פריידלס שטעכיקע אויגן זיינען איצט געווען ווי פאַרצויגען מיט אַ פאַרהאַנג.

זאַוול האָט פון גאָרניט נישט געוואוסט. ער האָט זיך אָפּגערוקט און זיך פאַררעדט מיט עמעצן אַנדערש, און ביידע מיידלעך זיינען געבליבן אַליין.

— איר אַרבעט נאָך ביי דעם זעלבן שניידער? — האָט זלאַטקע איר געפרעגט.

— יע, ביי דעם זעלבן. — האָט פריידל קורץ געענטפערט.

זי האָט איצט זלאַטקען אַרומגעקוקט אינגאַנצן: איר אויסזען, איר אָנטאָן, זלאַטקע האָט איצטער געטראָגן אירע האָר פאַרקאַמט גלאַט אויף אַרויף, מיט אַ לויזן קנופּ אויף דער פאַטילניצע. אַזוי־אַרום האָט זיך מער אָנגעזען איר פיינער שטערן.

„זי זעט איצט אויס ערנסטער, אינטעלעגענטער", איז ביי פריידלען דורכגעלאָפן אַ געדאַנק פון קנאה. זי אַליין, פריידל, וועט זיך קיינמאָל מיט איר ניט פאַרגלייכן אין אויסזען. דערצו נאָך האָט זי היינט געטראָגן אַרום האַלז אַ שנירל פאַטשערקעס קאָלירטע, וואָס זי האָט געקויפט אין ריאַד־קראָמען. און עס האָט איר שטאַרק פאַרדראָסן אויף זיך פאַר איר צופיל אויספּוצן־זיך.

זייער שמועס האָט זיך עפּעס ניט געקלעפּט. זלאַטקע האָט זיך אָפּגערופן:

— נו, איך וועל שוין גיין אַהיים. מיר וועלן זיך נאָך זען.

— יע, מיר וועלן זיך נאָך זען, — האָט פריידל אַ לאַך־געטאָן מאָדנע טרוקן. און זי איז אַוועק פון איר מיט איר וויגנדיקן גאַנג.

— דו רעדסט ניט מיט פריידלען? — האָט זלאַטקע דערנאָך ביי זאַוולען געפרעגט.

— ווער זאָגט דאָס? — האָט איר זאַוול געענטפערט מיט אַ גרינגען האַרצן. — נאָר זי איז צעדרייט, פריידל. דו קאָנסט דאָך איר שוין.

עס איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט. און חברה, אָפּטועגדיק שוין אַלע אָרגאַניזאַציע־אַרבעטן, האָבן זיך ערשט געקליבן פאַר־ברענגען. מען האָט זיך אַוועקגעלאָזן נעענטער צום טייך. אין ווייכן גראָז זיינען שוין געווען צעזעצט פריילעכע גרופּעס מענטשן. אַנדערע האָבן זיך געקליבן שיפן־זיך איבערן טייך מיט שיפלעך. אָבער זלאַטקען האָט זיך היינט געגלוסט גיין אַהיים. און זאַוול איז, ווי אַלעמאָל, מיט איר מיטגעגאַנגען.

ביים סוף פון דער דאַמבע האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אָן אַ רעדל מענטשן. אַ פרוי, אַ מיטליאָריקע, אין אַ שייטל, איז געשטאַנען אין מיטן רעדל, דאָס איז געווען צאַלקעס מאַמע, פרומע די שניט־ קרע־מערקע. גאַנץ אָפּט האָט זי די לעצטע צייט זיך דאָ באַוויזן. זי האָט געהערט, אַז איר זון צאַלקע, האָט זיך פאַרליבט אין אַ מיידל פון דער בירזשע, איז זי געקומען אַהער אָנצוקוקן די מיידל מיט אירע אייגענע אויגן. זי האָט אַריינגעקוקט יעדן אין פּנים אַריין. און איינער פון די „בירזשע־לייט" האָט איר אַ זאָג־געטאָן מיטן האַרבן וואָרט:

— יידענע, טראָגט זיך בעסער אָפּ פון דאַנען!

און פרומע די שניט־קרעמערקע האָט זיך געגעבן אַ גלייך־אויס, מיט דער האַרץ אַרויסגעשטעלט פאָראויס, און יענעם בחור אַריינגעשריען אין פּנים אַריין:

— וואָס, וועסט מיך אפשר שלאָגן?

זי האָט ניט געוואוסט פון קיין שרעק — דער נאַרישער מאַמעס האַרץ...

# קאַפּיטל אַכצן

זלאַטקע האָט געוואוסט איין זאַך: זי וועט דאָ אין בערעזע לאַנג ניט פאַרבלייבן. זי וועט פאָרן צוריק אַהין, קיין ביאַליסטאָק. און פון דאָרטן אפשר אין אַן אַנדער שטאָט. קיין זאַך וועט איר דערפון ניט אָפּהאַלטן, ניט די היים אירע און ניט איר ליבשאַפט צו זאַוולען. זי האָט איינמאָל פאַרזוכט דעם טעם צו זיין אין אַ גרויסער שטאָט, דאָרטן, וואו עס גייט־אָן אַן אמתע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, אַן אָרט פאַנאַנדערצונעמען די הענט און איינגאַנצן זיך אָפּגעבן דער אַרבעט.

עס זיינען אָנגעקומען ידעות פון אַלע עקן רוסלאַנד וועגן אַ גריוסער אויפלעבונג פון פּראָלעטאַריאַט אין די פאַבריקן און זאַוואָדן; גרויסע עקאָנאָמישע סטרייקס, וואָס זיינען באַלד איבערגעגאַנגען אין פּאָליטישע דעמאָנסטראַציעס, מיט פאָדערונגען פון פרייהייט, פון אַ קאָנסטיטוציע. דאָ אין בערעזע, צווישן די חברים־סאָציאַליסטן, האָט מען זיך מיט די נייעסן געפרייט. נאָר אין זלאַטקען האָט גערעדט אַ באַזונדערער געפיל פון אחריות, וואָס האָט איר ניט געגעבן קיין רו: „דאָרטן טוען זיך אָפּ זאַכן, און איך זיץ דאָ מיט פאַרלייגטע הענט".

פון די שמועסן מיט זלאַטקען האָט שוין זאַוול געוואוסט וועגן איר באַשלוס צו פאָרן, און אַז זי פאַרלאַנגט פון אים, ער זאָל אויך שפּעטער קומען צו איר, ווי זי האָט עס די גאַנצע צייט געוואָלט. זאַוול האָט צוגעזאָגט צו טאָן איר פאַרלאַנג, אָבער ניט מיטן גאַנצן האַרצן. זיין אומצוטרוי צו דער גרויסער שטאָט איז ניט געמינערט געוואָרן.

— אַ מענטש האָט דאָרטן קיין ווערדע ניט, — האָט ער אין אַ שמועס צו איר געזאָגט.

דאָרטן, אין ביאַליסטאָק, אין דעם אָוונט ביי מאַטעסן אין שטוב, האָט מיט אים אַ שרעקלעכע זאַך פּאַסירט: עס איז אויף איר געפאַלן אַ חשד, און ער האָט זיין זלאַטקען ניט געטרויט אירע רייד. חדשים־לאַנג האָבן געדאַרפט אַוועקגיין, ביז ער האָט עס געדאַרפט איבער־קאָכן, און נאָך איצט, ווי נאָר זי מאַכט אַ רייד וועגן פאָרן, וועקן זיך אין אים טונקעלע געפילן.

זאַוול האָט זיך געקענט זיין אַ פּראָסטער, ער האָט ווייניק גע־לייענט אין די ביכער, און אַז מען האָט אים אַריינגעבראַכט אין כעס, האָט ער זיך געקענט אַרויסכאַפּן מיט אַ גראָבן וואָרט. אָבער אַ האַרץ האָט ער געהאַט אַ גוטע, אָדער אפשר די ליבע זיינע צו זלאַט־קען האָט אויסגעאיידלט זיין האַרץ און געמאַכט אים פאַרשטענדיק און פילנדיק. ער איז געווען אַ גוטער רעוואָלוציאָנער און אַ קעמפער. און אַז אַלץ איז געגאַנגען גלאַט, האָט ער געקענט אויפטאָן אַ סך זאַכן, ער האָט פאַרמאָגט אַ גראַדן שכל. און ניט איינמאָל האָט ער שוין אין דער אָרגאַניזאַציע אָפּגעהאַלטן די מענטשן פון מאַכן אַ פאַלשן טראָט.

זיין אָפן פּנים האָט אָפּגעשפּיגלט זיין נאַטור, וואָס איז געווען ניט־בויגעוודיק און אַזוי פשוט; און קיין צווייענדיקייט איז אין אים ניט געווען. זלאַטקע האָט טאַקע דערפאַר אים ליב געהאַט, געוואָלט אים שטענדיק האָבן אַרום זיך. זי האָט זיך געגויטיקט אין זיין שטאַרקייט.

ווען זי איז געווען אַליין מיט זיך, האָבן זיך אָפטמאָל אומגע־קערט צו איר די געדאַנקען וועגן ליאָוואַן. ווען זי וואָלט כאָטש גע־וואוסט וואָס מיט אים איז איצט. צי איז ער באַפרייט? אָדער אפשר איז ער גאָר פאַרשיקט אין סיביר? ווי בעניאָמקע האָט דעמאָלט אָנגעדייט אין זיין בריוול צו איר אין טורמע. אָפט האָט זי געהאַט אַ געפיל, ווי זיין געשטאַלט וועט באַלד אויפטויכן פון ערגעץ; ער וועט געבן אַ קום אַריין אין שטוב; צוליב דער נידעריקער טיר וועט ער זיך מוזן אויסבויגן אַ ביסל; און די פאַסמעס העלע האָר וועלן אים פאַלן אויפן שטערן; זיינע אויגן, גרין־בלויע, וועלן לאַכן צו איר, ווען ער וועט זי דערזען.

זלאַטקע פלעגט אויפציטערן פון אַזאַ זעאונג, און זי האָט באַלד זיך געכאַפּט צו טאָן עפּעס אַן אַרבעט אין שטוב, און זיך באַרואיקן.

די מאַמע איז געווען אָפּגעהיט מיט זלאַטקען. אַלע טאָג האָט זי איר געזען אַוועקגיין פון שטוב. זאַוול האָט אינדרויסן שוין אויף איר געוואַרט. די מאַמע האָט אים שוין געזען, זאַוולען. ער איז איינמאָל געווען ביי איר אין שטוב, און זי אַליין האָט מיט אים גערעדט.

דאָס איז געווען נאָך אַ שטיק פאַר פּסח. זלאַטקע איז נאָך דעמאָלט אין דער היים ניט געווען. האָט די מאַמע איינמאָל איבער־גערעדט פאַר איר מאַן וועגן שיך פאַר ביידע אינגלעך: עס וואָלט געווען גוט צו באַשטעלן אַליין כאָליעוּוקעס ביי אַ שטעפּער, וועט עס קאָסטן ביליקער. שיינדל, די „ווילדע צויג", האָט דאָס געדאַרפט דערהערן. איז זי באַלד אַוועקגעלאָפן צו זאַוולען, וואו ער האָט גע־אַרבעט. זאַוול איז דאָך געווען אַ שטעפּער. האָט ער זיך אין דעם אָנ־געכאַפּט און ער האָט אויפגעמאַכט צוויי פאָר כאָליעוּוקעס, נאָר זיך צו שפּיגלען אין זיי.

אין איינעם אַ שיינעם טאָג האָט זיך געעפנט די טיר און זאַוול האָט געגעבן אַ קום־אַריין.

— אַ גוטן־אָוונט! — אָט זיינען צוויי פּאָר כאַליעוועס פאַר אייערע אינגלעך.

די מאַמע האָט אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן. עס איז געווען ווי פון הימל אַראָפּגעפאַלן. זי האָט ניט געוואוסט, צי זי זאָל זיך פרייען, צי זיין אין כעס:

— שיינדל, דו?! — האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן צו איר טאָכטער.

— יע, — האָט שיינדל זיך מודה געווען.

דער טאַטע איז אויך געווען דעמאָלט אין שטוב. האָט ער אַ ביסל אונטערגעהויבן די ברילן, ער זאָל בעסער קענען זאַוולען אָנקוקן.

— וויפל דאַרף דאָס קאָסטן? — האָט די מאַמע זיך נאָכגעפרעגט.

— אָ, ס׳איז אַ קלייניקייט. מיך קאָסט דאָס גאָרנישט, — האָט זאַוול זיך אָפּגערופן.

ער איז באַלד אַוועק. אָבער די מאַמע איז אַ לאַנגע צייט געווען צענומען פון זיין גוטסקייט.

ווען צייטן וואָלטן געווען אַנדערע, וואָלט די מאַמע אפילו ניט געוואָלט הערן פון אַ שידוך מיט אַזאַ בחור, ווי זאַוול. עס וואָלט איר ניט אָנגעשטאַנען. די מאַמע האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ מיוחסעס. זי האָט ליב געהאַט זאַכן צו פאַרשענערן. פון אויבן־אויף פאַרגלעטן די אָרעמקייט. זי האָט אַ קינד קיינמאָל ניט אַרויסגעלאָזן פון שטוב, וואו זי האָט עס פריער ניט באַקוקט, צי עס איז אַרומגעוואַשן ריין און אָנגעטאָן לייטיש.

— קיינער דאַרף ביי מיר ניט וויסן וואו איך שטיי, — האָט זי ליב געהאַט צו זאָגן.

עס איז געווען נאָר אַן אָנשטעל אַזאַ ביי דער מאַמען. דער אמתער יחסן איז גאָר געווען דער טאַטע. אין זיין משפחה זיינען גע־ווען אַ סך רבנים, און ער אַליין איז אויך אַ גרויסער למדן געווען. נאָר דער טאַטע האָט ניט געמאַכט פון דעם קיין ווען.

— יחוס עצמו איז אַ גרויסע זאַך, — האָט ער איינמאָל געזאָגט צו דער מאַמען. ער האָט דאָס געמיינט אַנטקעגן זאַוולען. דער יונג איז אים אפנים געפעלן.

— זעט זיך אויס צו זיין אַן ערלעך קינד, — האָט ער צוגע־געבן.

נו, וואָלט די מאַמע שוין איצט אפשר ניט געווען דאַגעגן, ווען עס קומט צו אַ שידוך מיט זאַוולען, צוליב לייטן, פאַרמאַכן זיי די מיילער. אונטער די אויגן האָט מען געגנוג וועגן זלאַטקען גערעדט. לעבן שטוב אויף דער פריזבע זיינען געזעסן ווייבער, און אויבנאָן צווישן זיי ברײנע־לאה די באַרעדערקע, מיט די בלויע ליפּעלעך.

אַז די מאַמע פֿלעגט פֿאַרבייגיין, האָבן זייערע אויגן איר דורכגע־שטאָכן, ווי מיט שפּיזן.

„זיי האָבן קלאָרע קעפּ", האָט זי אַ פֿאַרדריסלעכע ביי זיך גע־טראַכט.

אין שטוב איז נאָך זלאַטקע אַליין געווען ווי אַ גאַסט. ניט דער טאַטע, ניט די מאַמע האָבן ביי איר געפֿרעגט וואָס זי האָט אין זינען צו טאָן. און צי זי וועט גיין צוריק גייען צום שניידער. ביידע האָבן מורא געהאַט פֿאַר עפּעס און האָבן געוואָלט אויסוואַרטן נאָך און זען... דער פּסח איז שוין לאַנג אַוועק און אויסגעליידיקט די שטוב מיט זיינע הוצאות. וואָכעדיקע טעג זיינען אָנגעקומען מיט זייערע זאָרגען און דאגות. דער טאַטע האָט אַזוי גוט ווי גאָרניט פֿאַרדינט פֿון זיין האַנדל מיט די לאָטעריע־צעטעלעך. ער האָט קיינמאָל צו דעם זיך ניט אויסגעטויגט, און ער האָט גערעדט פֿון ווערן אַ מלמד אפשר, עפֿענען אַ חדר. זיין קול איז עפּעס געוואָרן שטילער און דער טראָט איינגעהאַלטענער. עס האָט אים שטאַרק געאַרט די לעצטע צייט, וואָס ער איז ניט אַזאַ בעל־מזל אין פּרנסה.

אַליך איז געהאָנגען אין דער לופֿטן. שיינדל איז געגאַנגען צו דער פֿאַרוקנמאַכערקע אויף דער לערע, און אינגיכן האָט זי שוין געדאַרפֿט ווערן אַ פֿאַרדינערקע. אָבער דערווייל אַז זי איז געקומען בייטאָג אָנבייסן עסן האָט זי זיך אויפֿן הויף פֿאַרשפּילט מיט די חברטעס אירע און די מאַמע האָט איר געמוזט דערמאָנען, אַז ס'איז צייט גיין צוריק צו דער אַרבעט.

געלעבט האָט מען איצט נאָר פֿון דער מאַמעס פֿאַרדינסטן. זי פֿלעגט אויפֿקויפֿן ביי די פּויערים הינער, אייער, פּוטער און קעזן, און דערנאָך האָט זי עס פֿאַרקויפֿט צו די רייכע באַלעבאָסטעס פֿון שטעטל. די מאַמע האָט געהאַט אויף זיך אַ סוחרישן קאָפּ. זי האָט הנאה געהאַט פֿון מסחר. אַ פּויער האָט געבראַכט אַ זעקל תבואה פֿון דאָרף, צי אַ זעקל קאַרטאָפֿליעס, האָט זי אים באַלד געהייסן אַוועקשטעלן עס אויף דער גרויסער וואָג און זיך גענומען מיט אים איינטענהן. און דער פּויער האָט איר געגלויבט און ער האָט ליב געהאַט הערן ווי זי רעדט צו אים אַזוי קלוג. דאָנערשטיק, אין מאַרק־טאָג, איז אין שטוב געווען אַ בהלה: די מאַמע האָט געפֿיבערט מיט איר אַרבעט.

— די ווייבער האָבן שוין אוודאי אַליך דאָרטן אויסגעקויפֿט, — האָט זי מורא געהאַט.

און אַז זי האָט נאָר דורכן פֿענצטער פֿון דער ווייטן, דערזען איבערן וועג אַ פּויערשע פֿור, האָט זי איבערגעלאָזן אַליך און זיך אַרויסגעיאָגט פֿון שטוב.

ביי דער מאַמען אין קאָפּ האָט זיך געדרייט אַ פּלאַן צו עפֿענען

אַ קראָם ערגעץ אינמיטן מאַרק: אַ הערינג־קראָם, צי אַ מעל־קראָם, אָדער אפשר אַ קראָם פון דזשעגעכץ און גראָבן זאַלץ און טיטון — אַלץ וואָס דער פויער דאַרף האָבן, ווען ער קומט אין שטעטל. זי האָט מיט איר פּלאַן געהאַט איר זלאַטקען אין זינען. די מאַמע האָט זיך געוואָרפן אויף אַלע זייטן. אַז זי וועט האָבן אַ קראָם, וועט זי קענען צוציען זלאַטקען צו דער שטוב. זלאַטקע איז אַ מיידל, וואָס פילט זיך ניט, זי וועט איר אין אַלץ אַרויסהעלפן, און זי וועט שוין מער ניט פאָרן אין די גרויסע שטעט, מיט די געפערן און מיט די טורמעס דאָרטן. זי וועט דאָ שטענדיק האָבן זלאַטקען אויפן אויג.

אַז זי וועט האָבן אַ קראָם וועט פרנסה זיין גענוג. דער מאַן אירער וועט מער ניט האַנדלען מיט די צעטלען. ער וועט גאָרניט טאָן, און ער וועט נאָר זיצן און לערנען...

איצט האָט זי נאָר געדאַרפט זיך דורכריידן וועגן דעם מיט זלאַטקען. זי וועט זיך מיט איר מיישב זיין. זלאַטקע האָט עפּעס איצט אין דער מאַמעס אויגן צוגעקראָגן אַ סך חשיבות. זי איז דאָך געוואָרן דאָרטן אַזאַ אויפגעקלערטע, אַ קאָפּ־מענטש.

און איינמאָל אין דער פרי, ווען אַלע זיינען אַוועק פון שטוב, האָט די מאַמע געמאַכט אַ רייד מיט זלאַטקען וועגן אירע פּלענער:

— וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן... — האָט זי אָנגעהויבן. און זי האָט דערציילט זלאַטקען, אַז עס מאַכט זיך איר אַ קראָם אָפּ־צודינגען, און ניט פאַר גרויסע געלט אויך.

— איז, וואָס זאָגסטו, טאָכטער? דוכט זיך, עס איז ניט קיין שלעכטער פּלאַן.

זי האָט איצט גערעדט מיט איר ווי אַ גלייכער צו אַ גלייכן. ניט־ווילנדיק האָט זיך זלאַטקע דערמאָנט ווי ערשט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק האָט די מאַמע פון איר וויינינק געהאַלטן און איז געווען שטרענג מיט איר. זי האָט געהאַט אַ טבע צו שרייען אויף אירע קינ־דער, און טאָקע אַמאָל זיך אַרויסכאַפּן מיט אַ קללה, איצט איז די מאַמע אַ סך איינגעהאַלטענער, זי האָט זיך געבויגן פאַר דער צייט, און אירע אייגענע ווערטער זיינען געווען: „אַז מען קען ניט אַרי־בער, מוז מען אַרונטער״... די מאַמע האָט געהאַט אין זיך אַ סך אויסדויער און עקשנות. און וואָס ערגער עס איז געוואָרן די לאַגע אירע, אַלץ מער האָבן זיך אין איר געזאַמלט כוחות. איר טונקל־לענגלעך פּנים, מיט די איינגעפאַלענע באַקן, האָט איצט געאָטעמט מיט אונטערנעמונג און ענערגיע.

זלאַטקע האָט אַ ווײַלע געשוויגן און דערנאָך האָט זי זיך אָפּ־גערופן:

— איך ווייס ניט, מאַמע, איך האָב מורא, עס וועט זיין צו־

שווער פֿאַר דיר אי זײַן אין קראַם, אי אין שטוב. אפֿשר שפּעטער, ווען די קינדער וועלן אונטערוואַקסן.

— דו רעדסט ווי אַ קינד, — האָט די מאַמע איר געזאָגט. — מען מוז שוין עפּעס אָנהייבן טאָן. פֿון דײַן טאַטנס פֿאַרדינסטן איז נאָר פֿאַראַן וואַסער אויף קאַשע. ער איז ניט קיין גבור, דײַן טאַטע. דו זעסט דאָך אַליין . . .

— איך זע, מאַמע . . .

— איך האָב געמיינט אפֿשר, אַז דו וואָלסט מיר געהאָלפֿן אין קראָם, אָדער זײַן אין שטוב, אַכטונג צו געבן. אַלץ בעסער פֿאַר דיר, איידער זיצן בײַם שניידער מיט דער נאָדל, בלענדן זיך די אויגן.

— אַז איך ווייס ניט, צי איך וועל דאָ פֿאַרבלייבן, מאַמע. איך וויל אַוועקפֿאָרן צוריק אין ביאַליסטאָק.

עס האָט געדויערט אַ לאַנג ווײַלע, ביז די מאַמע האָט געקענט ענטפֿערן. זי איז געבליבן שטיין אין מיטן שטוב אַ פֿאַרגליווערטע.

— נו, ווי דען, איך האָב דען פֿריער ניט געוואוסט? — האָט זי אַרויסגערעדט אַ צעוויינטאָקטע.

— רייד ניט אַזוי, מאַמע!

די מאַמע האָט זיך איצט אײַנגעקוקט שאַרף אין איר טאָכטערס פּנים. עפּעס גריזשעט איר, זלאַטקען. פֿרעמד איז איר געווען איר טאָכטערס איצטיקער לעבן, וואָס האָט זיך פֿאַרקירעוועט אויף אַזעלכע קרומע וועגן.

— נו, און מיט אים, מיט זאַוולען, איז שוין ביי דיר אויס? — האָט זי געפּרואווט נאָך פֿרעגן.

— ווער זאָגט דען אַז אויס? — האָט זיך זלאַטקע אַ כאַפּ געטאָן. — זאַוול וועט אויך קומען צופֿאָרן אַהין, שפּעטער אַ ביסל. מיר וועלן דאָרטן ביידע אַרבעטן.

איצט האָט שוין די מאַמע גאָרניט געפֿרעגט ביי איר, נאָר מיט האַסטיקער באַוועגונג האָט זי זיך גענומען צוקלייבן די שטוב.

זאַוול האָט געפּועלט ביי זלאַטקען, זי זאָל דאָ נאָך פֿאַרבלייבן אַ שטיקל צייט. דערווייל זײַנען זיי אומעטום געגאַנגען צוזאַמען — אויף דער בירזשע און צו די זיצונגען פֿון סכאָדקע. זלאַטקע האָט ביי אַ זיצונג ווייניק גערעדט, נאָר די ווערטער, וואָס זי האָט יאָ אַרויס־געזאָגט, האָבן געהאַט וואָג. ניט אומזיסט האָט זי אַזוי פֿיל געלערנט זייענדיק אַוועק פֿון דאַנען.

די טעג זײַנען געווען זומערדיקע, מיט מילדע, ליכטיקע פֿאַרנאַכטן. די גאַנצע אַרבעט פֿון דער אָרגאַניזאַציע איז פֿון דער קאָנספּיראַטיווער קוואַרטיר אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין דרויסן. איין מאָל אין וואָך, שבת בייטאָג, איז די גרופּע בעענטערע מענטשן זיך צונויפֿגעקומען אין וואַלד, אין אַ באַהאַלטענעם ווינקל, און עס האָבן

זיך דאָרטן געפּירט שמועסן און דיסקוסיעס וועגן אַלע וויכטיקע פראַגעס אין דער באַוועגונג.

נינע אייזענשטאַט איז אין איינעם אַזאַ שבת געקומען אין וואַלד צו די חברים אַן איבערגעשראָקענע און אַ צעטראָגענע. אירע טאַטע־מאַמע האָבן שטאַרקער גענומען אויף איר פּרעסן, אַז זי זאָל חתונה האָבן. מען האָט איר גערעדט אַ שידוך מיט עפּעס אַ רייכן סוחר. נינע איז געקומען אַהער צו די חברים, ווי זוכנדיק הילף. זי האָט נאָך אַלץ גערעדט פון אַנטלויפן אין אַ גרויסער שטאָט, און דאָרטן לעבן פון געבן לעקציעס. אָבער עס האָט זיך אַלעמען געדוכט, אַז זי וועט בלייבן ביים רעדן. איר אידעלער, שיינער פּנים איז געוואָרן בלייכער און דינער, און זי האָט געגעבן דעם אויסזען פון אַ פלאַנץ, וואָס נעמט דאַרן און טריקענען.

געזעסן איז מען אַלע נידעריק אין אַ טאָל, פאַרשטעלט אַרום און אַרום מיט בוימער. ווען די דיסקוסיעס האָבן זיך אָנגעהויבן, האָט זיך באַלד שמואל דער סופר אַרויסגעשטעלט פאָראויס. שמואל איז געווען קלאָר אין אַלע פראַגן וועגן וואָס מען זאָל אים ניט אַ כאַפּ־טאָן. ער האָט מיט זיין געדאַנק געקענט דערגרייכן די ווייטסטע ווינקעלעך פון דער ערד. ער האָט געקענט ריידן וועגן דער אָרעמ־קייט פון כינע, און ווי אינדיע איז אָפּגעשטאַנען, און וועגן דער לינטשע־ריי אין אַמעריקע. ריידנדיק, איז ביי אים דער גאָרגל פון האַלז געגאַנגען אַרויף און אַראָפּ. ער האָט דעם יאָר געדאַרפט זיך שטעלן צום פּריזיוו, האָט ער זיך אַ סך געצערט, און די ביינער פון זיין לאַנגען גוף האָבן אומעטום אַרויסגעסטאַרטשעט.

דער אַנדערער שמואל, דער זייגער־מאַכער, איז אין אַ דיסקו־סיע אים נאָך איבערגעשטיגן. וועגן אָט דעם שמואל האָט מען גע־זאָגט, אַז ער פאַרטיפט זיך שוין צופיל אין אַ פראַגע. און אַז ער נעמט אַ סך ריידן פון עפּעס און זיך גרונטעווען, קען ער פאַרגעסן וואו ער האַלט. די ביידע שמואלס זיינען קיינמאָל צווישן זיך ניט געווען איינשטימיק. האָט איינער געזאָגט אַזוי, האָט שוין דער אַנ־דערער דערוויזן פּונקט פאַרקערט. אָשר מינסקי, דער אינטעלי־גענט, האָט זיי צענומען מיט אויפווייזן זיי, אַז ניט איינער און ניט דער אַנדערער איז גערעכט.

אָשר איז דאָך מער פון אַלעמען געווען געלערנט. ער האָט געהאַט אַ שאַרפן, קריטישן מוח, און עס איז אים גרינג געווען צו געפינען אַ שוואַכן פּונקט אין יענעמס אַ געדאַנק. אָשר האָט שטענדיק געקענט זען צוויי זייטן פון אַ פראַגע. ער האָט אָפּט זיך אונטערגענומען וועגן עפּעס ריידן אי פאַר, אי געגען, און ביידע מאָל איז ער אַרויסגעקומען גע־רעכט... דאָס איז געווען ניט גוט. און זאַוול האָט אים פאַר אַזעלכע קונצן ניט ליב געהאַט.

מען דאַרף וויסן, אַז אָשר, מיט זיינע פעאיקייטן, האָט געקענט אויפטאָן גרויסע זאַכן. ער האָט זיך געגרייט פאָרן אין אַן אוניווער־זיטעט, און ער האָט געקענט ווערן אַ דאָקטאָר, צי אַן אַדוואָקאַט. מען האָט גערעדט, אַז צוליב אַ ניט־איינגעגעבענער ליבע מיט אַ מיידל האָט ער דאָס אַלץ אויפגעגעבן און ער איז געוואָרן אַ בוכאַלטער אין דער היגער שוועבל־פאַבריק. אין אָשרס ריידן האָט זיך געהערט אָפט ביטערקייט און סאַרקאַזם, ווי ביי איינעם, וואָס דאָס לעבן האָט זיך ניט איינגעגעבן.

לאַנג האָט מען אין יענעם שבת בייטאָג געשמועסט און דיס־קוטירט, דאָ אין וואַלד. מען האָט אַנגערירט אַלץ: די פראַגע, צי עס איז דאָ אַ פרייער ווילן, אָדער אַלץ פירט זיך לויט פאָראויס־באַ־שטימטע געזעצן; וועגן בערנשטיינען, מיט זיין אָפּאָרטוניסטישער לערע; וועגן דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, און נאָך און נאָך. צאַלקע ווייסענבערג, אַזוי יונג און היציק, האָט קיין געדולד ניט געהאַט אויף צו־לאַנגע שמועסן. ער האָט איצט געהאַלטן ביי זיך אין קעשענע אַ וואונדערלעכע זאַך — אַ רעוואָלווער — וואָס ער האָט ערגעץ געקראָגן. ווען ער קען דאָס איצט מיט דעם געבן אַ שיס־אויס אין דער לופטן און איבערראַשן די חברים! ער האָט שטילער־הייט דעם רעוואָלווער אַ וויייז־געטאָן פאַר זלאַטקען:

— ווי געפעלט אייך דער „שפייער”?

זלאַטקע האָט אים דערפאַר שטרענג אויסגערעדט, וואָס ער טראָגט זיך אַרום מיט געווער:

— איר ווילט, מיר זאָלן אַלע דורכפאַלן צוליב אייך!?

קיינעם האָט זיך שוין מער ניט געוואָלט זיין ערנסט. אין וואַלד, איבער אַלע וועגן, האָבן זיך שוין געלאָזן כאַליאַסטרעס בחורים און מיידלעך, אַלע אייגענע אין דער באַוועגונג. עס האָט זיך דער־טראָגן אַהער דער ווידערקול פון זייער גערעדעריי און געלעכטער. פריידעלס שטימע האָט זיך געלאָזט הערן איבערן וואַלד. אָשר מינסקי האָט זיך געגעבן אַ הויב־אויף, און ווי געכשופט פון איר גע־זאַנג, איז ער נאָכגעגאַנגען איר קול. און די בײדע שמואלס, זעענדיק דאָס, האָבן זיך איבערגעקוקט שמייכלנדיק. נאָך אָשרן איז באַלד צאַלקע אַוועק. ער האָט אויך געהאַט דאָרטן אַ מיידל, צווישן די מאַסאָווע, און ער האָט זיך אַוועקגעלאָזן אויפזוכן איר.

זאַוול האָט זלאַטקען אַ נעם־געטאָן פאַר דער האַנט און איר געהאָלפן זיך אויפהייבן:

— קום! — האָט ער איר געזאָגט.

זלאַטקען האָט ניט געאַרט זיין באַפעלערישער טאָן; זיי זיינען געגאַנגען אַלץ טיפער און טיפער אין וואַלד; זלאַטקע האָט זיך גע־געבן אַ שטעל־אָפּ און אַ שטיפערישע אים פאַרקוקט אין די אויגן:

— וואוהין פירסטו מיך? איך וועל ווייטער ניט גיין...

— איך האָב אַזאַ ערטעלע, עס וועט דיר געפעלן, — האָט ער איר געזאָגט. — קום!

ער האָט מיט איין האַנט אַרומגענומען איר ביי דער טאַליע. זלאַטקע האָט געפילט זיין אָרעם, ווי אַ הייסן רייף אַרום איר.

הונדערטער וועגעלעך האָבן דורכגעשניטן דעם וואַלד. די ערד איז געווען צוגעדעקט מיט „נאָדלען" און מיט טרוקענע שישקעס פון די סאָסנע־ביימער. וואו־ניט־וואו איז דער גרינער מאָך געווען ווי אַ ווייכער טעפיך אונטער די פיס. עס האָט זיך דאָ געפילט מאָדנע פריי. אַ פריי־געלאַזענע פרייד, ווי אין שיכרות, האָט זיי ביידן אַרומגענומען. דער וואַלד איז געווען איינגעטונקט אין זון און ליכט; קיין שום ווינטל פון ערגעץ האָט ניט געבלאָזן, ווי אַלץ וואָלט איינגעהאַלטן דעם אָטעם. עס שמעלצן זיך די סאָסנע־ביימער אויף דער זון און טראָגן־פאַנאַנדער דעם ריח פון סמאָלע און פעך; דער זאַפט טריפט אין קרישטאָלענע טראָפּנס דורך דער קאָרע פון אַ בוים.

נאָר זאַוול האָט געקענט אויסגעפונען אַזאַ אָרט אין וואַלד. דאָס איז געווען הויך אויף אַ בערגל פון ווייכן גראָז. די סאָסנע־ביימער אַרום האָבן זיך געצויגן אַרויף, ווי די זיילן פון אַ וואונדערלעכן פּאַלאַץ. זלאַטקע האָט זיך געזעצט צופוסנס פון בערגל, און זאַוול האָט זיך אויסגעצויגן לעבן איר, מיט דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אָן איר קני.

— מיר וועלן זיך קיינמאָל ניט צעשיידן, זאַוול, — האָט זי אים געזאָגט, און מיט דער האַנט געקאַמט איבער זיין טשופּרינע־האָר.

— אַז דיין מאַמע וויל דאָך ניט מיט מיר דעם שידוך. — האָט ער זיך פאַר איר אַ פּיעשטשע־געטאָן. און זיינע אויגן, צוגעזשמורעטע, האָבן אַרויפגעקוקט צו איר פון אונטער די שוואַרצע, געדיכטע ברעמען.

— ווער האָט דאָס דיר געזאָגט, אַז זי וויל ניט דעם שידוך? — האָט זלאַטקע אין דעם זעלבן טאָן גערעדט.

— ווער ס'האָט מיר געזאָגט? איך האָב אויגן. איך האָב אַליין געזען.

— דו ווייסט, איך בין דאָך געווען ביי דיר אין שטוב. — האָט ער זיך געגעבן אַ זעץ־אויף.

— גיי שוין גיי! — וויל ניט זלאַטקע גלויבן.

און זאַוול דערציילט איר די געשיכטע מיט די כאַליעוועס, ווי שיינדל איז אין איינעם אַ טאָג געקומען צו אים ביי דער אַרבעט, אַ פאַרסאַפּעטע, און אים געפרעגט:

„איר קענט אפשר מאַכן צוויי פּאָר כאַליעווקעס פאַר מיינע ברידערלעך ?"

„מיט דעם גרעסטן פאַרגעניגן". — האָט זאַוול איר געענטפערט. זלאַטקע איז געווען אַנטציקט פון שיינדלס איינפאַל. און זאַוול האָט איצט הילכיק געלאַכט.

זיי האָבן אַ ווײַלע געשוויגן שטיל. צווישן די סאָסנעס האָט זיך געלייכט אַ זוניקער הימל, וואָס האָט געבלענדעט די אויג מיט זיין בלויקייט. ערגעץ אין דער הויך האָט געסקריפּעט אַן אָנגעבראָכענע צווייגל פון אַ בוים. אַ וועווערקע, מיט איר אויסגעצויגענעם פּוכיקן עק האָט זיך אַרומגעשאַרט פון בוים צו בוים, און דאָ, אונטן, אויף דער ערד, איז זשומענדיק אַ בין געקומען צופליען. זי האָט זיך אויס־געזוכט אין גראָז אַ זיסן בלימל און לאַנג זיך אַרום דעם געפּאָרעט.

זאַוול האָט זיין מיידל אַ צי־געטאָן צו זיך. אירע האָר האָבן געשמעקט ווי פרישע גראָז, און אירע יונגע, מיידעלשע גלידער האָבן זיך געבויגן אין זיינע הענט. עס איז מאָדנע ווי אָט די מיידל האָט געהאַט אַ כוח איבער אים. ער האָט געפילט, אַז אָן איר וואָלט זיין לעבן גאָרנישט ווערט געווען.

אין וואַלד האָט אָנגעהויבן טונקעלער ווערן. אָבער זייביידע האָבן דאָס ניט געזען. זאַוול, ליגנדיק אויסגעצויגן אויפן גראָז, האָט איצט פאַנטאַזירט אויפן קול וועגן זיין צוקונפט. ער וועט אָפּקויפן אַ שטיבל ביים ברעג טייך, און דאָס וועט זיין זייער ביידענס היים. און אַז ער וועט קומען פון דער אַרבעט, וועט זלאַטקע, זיין ווייב, אים גיין אַנטקעגן. זי וועט זיין אָנגעטאָן אין אַ ווייסן פאַרטוך, און זי וועט באַלד נעמען גרייטן צום טיש און דערלאַנגען די וועטשערע.

— און וואָס וועסטו דעמאָלט טאָן ? — האָט זלאַטקע געפרעגט.

— איך וועל שניידן פענעצלעך ברויט פאַר די קינדער. עס וועלן זיין ביי אונז קינדער אַ סך. דו האָסט שוין פאַרגעסן ?

שטענדיק האָט זאַוול געהאַט אין זיינע געדאַנקען אַ היים, אַן אייגענע, מיט קינדערלעך אַ סך. אפשר דערפאַר, ווייל ער אַליין האָט קיינמאָל קיין ריכטיקע היים ניט געהאַט. זלאַטקע, הערענדיק אים אַזוי ריידן, האָט אים געוואָלט וואָרענען, אַז ניט פאַר איר איז צו פירן אַ בירגערלעכן לעבן. און אַז מיט איר וועט ער זיין אין שטענדיקן געווירבל פון געפאַרן אַלערליי. זי וועט אַרעסטירט ווערן ווידער, מסתמא, און מען וועט איר פאַרשיקן ווער־ווייס־וואוהין. אָבער אין דער מינוט איז איר אויך גוט געווען צו לאָזן זיך פאַרוויגן און צו חלומען זאַוולס חלומות. זי האָט צוגעמאַכט די אויגן און האָט דאָס אַלץ געזען אויפן וואָר — אַ היים און קינדער אייגענע . .

— יע, שפּעטער, נאָכדעם ווי מיר וועלן זיגן אין דער רעוואָ־לוציע. — האָט זי אים געזאָגט. אָבער דערווייל מוז מען נאָך אַ סך קעמפן פאַר אונזער אידעאַל.

ווען זיי זיינען געגאַנגען אַהיים, איז שוין געווען נאַכט. אַן אויסגעשטערנטער הימל האָט זיי באַלויכטן דעם וועג. פון ביידע זייטן האָט זיך געטונקלט דער וואַלד, און דער שאָסיי, ווי אַ העלע סטענגע, האָט זיך געצויגן פאָראויס.

# קאַפּיטל ניינצן

הערש־לייב דעם שענקערס שטוב איז געווען שוין די לעצטע פון געסל. נאָכדעם האָט זיך געצויגן אַ זאַמדיקער וועג, וואָס האָט געפירט צום דאָרף. מיט עטלעכע הייזער פריער איז געשטאַנען די שטוב וואו זלאַטקעס משפחה האָט געוואוינט. הערש־לייב איז געווען אַן אָפטער אַריינגייער אַהער אין שטוב. ער און דער טאַטע פלעגן זיך דעמאָלט צוזעצן כאַפּן אַ שמועס. דער טאַטע פלעגט, ריידנדיק, אַריינוואַרפן אַ פּסוק פון דער תורה און פון תנ״ך, און הערש־לייב האָט, ווי אַ ישובניק, ליב געהאַט דעם טאַטנס למדנות.

קומען פלעגט הערש־לייב אין אַ שבת־צו־נאַכטס. די מאַמע האָט געמאַכט דעם סאַמאָוואַר. אויפן טיש איז נאָך געלעגן דער שבתדיקער טישטוך. זי האָט אָוועקגעשטעלט כיבוד און אָנגעגאָסן אַלעמען שטאַרקן טיי.

טרינקט, ר׳ הערש־לייב — האָט זי אים צוגערוקט אַ פולע גלאָז טיי.

און הערש־לייב האָט געטרונקען איין גלאָז נאָך דער אַנדערער, און געווישט זיך דעם שוויס מיט אַ גרויסער, רויטער פאַטשיילקע. הערש־לייב האָט געקענט גוט דערציילן אַ מעשה. זומער־צייט, אַז דער פויער איז געווען פאַרנומען אין פעלד און דער שענק האָט געפּוס־טעוועט, איז הערש־לייב אַרומגעפאָרן איבער די דערפער און גע־האַנדלט מיט די פּריצים. ער האָט דערנאָך זיך באַרימט פאַרן טאַטן, ווי ער איז ביי די פּריצים געשעצט. און מיט איין פּריץ איז ער אַזוי אויפגעטראָגן, אַז ער זיצט מיט אים ביי איין טיש און זיי פאַר־ברענגען צוזאַמען:

— אָט ווי איך זיץ דאָ מיט אייך. — האָט ער אָנגעוויזן אויפן טיש.

אין וועג האָבן מיט הערש־לייבן שטענדיק זאַכן פּאַסירט: אַ באַנדע גוים זיינען אים איינמאָל באַפאַלן ביינאַכט אין מיטן וואַלד. מעגלעך, אַז דאָס זיינען געווען גזלנים, אָבער ער האָט זיך פון זיי קונציק אַרויסגעדרייט. דער טאַטע האָט יאָ געגלויבט און ניט גע־גלויבט זיינע מעשיות, אָבער עס איז סיי־ווי גוט געווען אים צו

הערן. דעם טאַטענס טונקעלע אויגן האָבן צו אים גוטמוטיק גע־שמייכלט.

„ער איז ניט צופיל איבערגעשפּיצט, הערש־לייב, אָבער ער איז אַן ערלעכער ייד", האָט ער איינמאָל געזאָגט צו דער מאַמען.

אינאיינעם מיט די מעשיות וועגן די פּריצים, האָט הערש־לייב צענויפגעבונדן אַנדערע מעשיות, וועגן דער נייער חברה „ציציליסטן", וואָס האָבן זיך אַזוי שטאַרק פאַרמערט אומעטום; עס איז ווי אַ מגפה, וואָס עס מיידט ניט אויס קיין איין שטוב; זיי טוען זיך אָן מיט מאַסקעס אויף די פּנימער, און די קעשענעס איז ביי זיי פול מיט באָמבעס און דינאַמיט.

צי האָט הערש־לייב געוואוסט, אַז ער רעדט דאָס צו אַ טאַטן, וואָס איז אַליין געשטראָפט מיט דער צרה? געוויס יע. נאָר אין היץ פון זיינע סך רייד, האָט ער מסתמא אין דעם פאַרגעסן. די מאַמע פלעגט דעמאָלט די קינדער טרייבן פון טיש:

— נו, גייט שוין אַלע שלאָפן. וואָס האָט איר דאָ ניט געהערט?

הערש־לייבן האָט דער ענין שטאַרק געאַרט:

— אַז סיביר און קאַטאָרזשנע אַרבעט איז ביי זיי גאָרניט. זיי גייען פשוט אויפן פייער, גאָר ווי אַמאָל די יידן אין שפּאַניע, בעת דער אינקוויזיציע.

— איר רעדט שטותים, זאָלט איר מיר מוחל זיין, רעב הערש־לייב! — איז שוין דער טאַטע אַריין אין כעס. — איר דאַרפט זאָגן להבדיל, אַז איר רעדט פון יענע יידן און די.

פון אויפרעגונג האָט שוין דער טאַטע אַרומגעשפּאַנט איבערן שטוב. ער האָט אויסגעשטרעקט צו הערש־לייבן זיין האַנט, ווי אין אַ דיספּוט:

— אַז די לייקענען דאָך אין גאָט; אַראָפּגעוואָרפן דעם עול פון תורה און מצוות...

דער טאַטע, אין זיין פרומקייט, איז אפילו געווען קעגן די ציוניסטן, וואָס האָבן זיך געגומען פאַרמערן דאָ אין שטעטל. די פּי־רער זייערע זיינען ניט קיין ריכטיקע יידן, און קיין גוטס קען מען פון אַזעלכע ניט דערוואַרטן.

— אויב עס קומט פון אַפּיקורסים, טויג עס ניט. — האָט ער הערש־לייבן דערקלערט.

איינמאָל איז הערש־לייב געקומען צום טאַטן זייער אַן אויפ־גערעגטער. ער האָט זיך אומגעקוקט, צי קיינער הערט ניט, און מיט אַ סודותדיקן קול האָט ער גענומען דערציילן דעם טאַטן וועגן דעם שוחטס טאָכטער, אסתרן, וואָס מיט איר האָט זיך איצט אויפגערודערט גאַנץ בערעזע. די געשיכטע איז געווען אַזאַ:

אסתר איז שטאַרק פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער רעוואָלוציאָנערער

באַוועגונג. נאַכט נאָך נאַכט איז זי אַוועק פון שטוב, צו טרעפן זיך מיט די חברים. איר טאַטע, דער שוחט, איז געווען אַ כעסן אַ ייד, און ער האָט געזען, אַז ריידן מיט איר מיט גוטן וועט ניט העלפן, האָט ער איינמאָל ביינאַכט פאַרשלאָסן גוט די טיר, זי זאָל ניט קענען אַריין אין שטוב. האָט דאָס ניט געהאָלפן: אסתר איז אַריין אין שטוב דורכן פענצטער. אויף מאָרגן ביינאַכט האָט ער איר שוין אַליין אָפּגעוואַרט. ער האָט איר געשלאָגן מיט אַ שטריק, מיט אַ שטעקן, מיט וואָס נאָר אים איז געקומען אין האַנט. האָט דאָס אָבער אויך ניט געהאָלפן. האָט ער אין איינעם אַ טאָג געמאַכט אַן אָבלאַווע אין אירע זאַכן, געפונען ביי איר אומלעגאַלע ליטעראַטור, און אין איר אָנוועזנהייט האָט ער געמאַכט אַ פייער אין אויוון און גענומען די ביכלעך פאַר־ברענען. אסתר איז געוואָרן ווילד און צוגעלאָפן צום טאַטן מיט אַ געשריי:

— לייג מיך בעסער אויפן פייער!

האָט דער שוחט שוין ניט געוואוסט דאָ וואָס צו טאָן. האָט ער אָנגעשטעלט די גאַנצע משפחה, פעטערס און מומעס, און שוועסטער־קינדער אסתרס, זיי זאָלן מיט איר ריידן; מען וועט איר געבן דעם שענסטן חתן, אַבי זי זאָל די חברה זיך אַרויסשלאָגן פון קאָפּ. איז דאָס אויך געווען גערעדט ווי צו דער וואַנט — אסתר איז געבליבן פאַר־עקשנט...

איז איינמאָל געקומען צופאָרן אסתרס אַן עלטער־פעטער, אַ למדן און אַן אויפגעקלערטער ייד, און ער האָט זיך אונטערגענומען, ער וועט מיט איר ריידן. ער איז געווען זיכער, ער וועט איר איבער־ריידן. גוט. האָט ער אין איינעם אַ טאָג אַריינגערופן אסתרן אין אַ באַזונדערן קאַמער, און נאָך צוגעמאַכט די טיר, אַז קיינער זאָל זיי ניט שטערן. איז אַוועק אַ האַלבע שעה, אַ שעה — מען הערט ניט און מען זעט ניט פון זייביידן. אין שטעטל האָט מען זיך פון דעם באַלד דערוואוסט. איז באַלד געוואָרן אַן אויפגעלאַף צו יענעם שטוב, דעם שוחטס. מענטשן פון גאַס האָבן זיך איינע די אַנדערע געפרעגט: „וואָס איז געשען מיט אסתרן?"

„זי האָט געהאַט אַ ממזר אפשר?", האָט עמעצער פּרובירט טרעפן.

„אַ ממזר גאָר! הערסט אַן איינפאַל!"

„וואָס־זשע דען? אפשר האָט זי זיך געשמדט?"

„ס'איז נאָך ערגער ווי געשמדט".

„ס'איז אוודאי אַ דיבוק אין איר אַריין". — האָט איינע אַ יידענע געפּרואווט זיך וויצלען.

דעמאָלט האָט איין ייד זיך צוגעבויגן צום אַנדערן און אים איינגערוימט אַ סוד אין אויער:

„הערסטאָך, אַז זי וויל ניט דעם קייסער!...“

דער סוד איז באַלד איבערגעגאַנגען פון מויל צו מויל, און דער עולם, אַן איבערגעשראָקענער, איז באַלד שטילערהייט זיך צע־גאַנגען יעדערער צו זיך אַהיים.

די געשיכטע דערציילט זיך ווייטער, אַז פאַרנאַכט־צו איז דער עלטער־פעטער מיט אסתרן אַרויס פון פאַרמאַכטן קאַמער, ביידע זיינען געווען שטאַרק אויפגערעגט. דער עלטער־פעטער האָט מיט אַן ערנסטן פּנים אָפּגערופן דעם שוחט אָן אַ זייט און ער האָט צו אים געשאָקלט מיט קאָפּ אויף ניין:

„קיין שום טענהן מיט איר האָט ניט געהאָלפן. פאַרפאַלן!...“

זלאַטקע האָט פון דער געשיכטע געוואוסט. זי האָט אסתרן גוט געקענט פון טרעפן איר אויף פאַרזאַמלונגען אין דער אָרגאַני־זאַציע. זי פלעגט קומען צעקיילט און צעביילט פון איר טאַטענס קלעפּ. אין דער אָרגאַניזאַציע האָט מען איר טאַטן גערופן „דער טיראַן“. אָבער אסתר האָט זיך ניט אונטערגעגעבן. זי איז געווען זייער אַן ערנסטע מיידל, שטאַרק־גלויבנדיק און עקשנותדיק. און אין אירע שמאָלע אויגן, אונטערן הויכן שטערן, האָט געברענט אַ פאַנאַ־טיש פייערל, וואָס זלאַטקע האָט שוין אַ סך מאָל געזען אין די אויגן פון רעוואָלוציאָנערן.

אַז מען האָט אין דער אָרגאַניזאַציע פון דער געשיכטע דער־ציילט, האָט זלאַטקע אויף דעם נאָר באַמערקט:

„זיי זיינען נאָך דאָ ווי אין מיטל־אַלטער“.

זלאַטקע אַליין איז שוין געווען מיט אירע געדאַנקען ווייט אַוועק פון דאַנען, און אַלץ וואָס דאָ אין שטעטל האָט פּאַסירט האָט ביי איר אויסגעזען קליין און ניט־וויכטיק.

„פאַר מיר איז שוין לאַנג צייט אַוועקצופאָרן פון דאַנען“. — האָט זי צו זיך אַליין געזאָגט.

דאָס איז געווען אין די טעג פאַר תשעה־באב, אין די „ניין טעג“, די צייט, ווען דער זומער אין שטעטל איז געווען פאַנאַנדער־געבליט אין זיין גאַנצער שיינקייט. די סעדער און די גערטנער זיינען געווען צוגרינט און אין דער לופט האָבן זיך געטראָגן די זיסע ריחות פון אויסגערייפטע פרוכטן. זלאַטקעס משפּחה האָט אויך געהאַט אַ גאָרטן הינטערן שטוב, און עס איז דאָרטן געוואַקסן פון כל־טוב. די מאַמע האָט אַלע טאָג אַריינגעבראַכט אַ פולן פאַרטעך מיט גרינע, זיסע אוגערקעס, מיט בוריקעס, רעטעכלעך און גרינע ציבעלקעס. און אַלע אין שטוב האָבן זיך מיט דעם געקוויקט.

דעם טאָג, וואָס פאַר תשעה־באב, האָט זלאַטקע זיך געגרייט גיין צו אַ „זיי־געזונט־אָוונט“, אַ ליאַמע, וואָס די חברים האָבן געמאַכט צוליב איר אַוועקפאָרן. דער אָוונט איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין

איינעם פון די פּרוכט־סעדער, וווּ הינטערן שטאָט. מיט אירע אייגענע אין שטוב האָט זי שוין אַזוי גוט ווי זיך געזעגנט. גערעדט האָט מען אין שטוב איצט ווייניק צווישן זיך. נאָר קורצע, אָפּגעהאַקטע ווערטער, נאָך שווערער, ווי דעם ערשטן מאָל, איז זלאַטקען געווען זיך אָוועקצורייסן פון שטוב. צווישן איר און דעם טאַטן האָט זיך איינגעשטעלט אַ שטיל־שווייגעניש. וואָס האָט זיך שווער געלייגט אויף איר געמיט. זלאַטקע האָט געפילט, ווי דורך שווייגן וואָלט דער טאַטע איר געשטראָפט: „איז דאָס רעכט אַזוי, טאָכטער, איבערצולאָזן די משפּחה און אַליין אַוועקפאָרן?"

וויפל די מאַמע האָט ניט פּרובירט אויף אים ווירקן, ער זאָל ריידן מיט זלאַטקען, אפשר וועט ער גאָר קענען איר איבעררעדן. האָט דער טאַטע איר געענטפערט, אַז ניין: ער קען ניט. זלאַטקע האָט אַליין אויסגעקוקט צו האָבן מיט אים אַ שמועס זי וואָלט אים דערוויזן, אַז זי קען ניט אַנדערש. די פליכט צום אידעאַל, אין וועלכן זי גלויבט, שטייט העכער ווי די פליכט צו דער משפּחה... ער איז דאָך אַ מענטש פון יושר. זי אַליין האָט אים געהערט ריידן מיט ביטול פון די גבירים, מיט זייערע שלעכטע מעשים. אָבער דער טאַטע, אַז ער איז געווען אין שטוב, איז ער נאָר געזעסן און אַריינגעקוקט אין אַ ספר, אָדער ער האָט זיך געשטעלט דאַווענען. און עס איז דעמאָלט אויסגעוואַקסן אַ מחיצה צווישן אים און איר...

דעם פאַרנאַכט, ווען זלאַטקע האָט זיך געגרייט גיין צו דער ליאַמע, איז דער טאַטע אַוועק אין שול קינות זאָגן. די מאַמע האָט זיך געקליבן זאָגן קינות אין שטוב, אינאיינעם מיט נאָך אַ פּאָר ווייבער, שכנות. אויסזעצנדיק זיך נידעריק אויף די בענקלעך, מיט די קינות אין די הענט, זיינען זיי שוין געווען גרייט אָנצוהייבן.

זלאַטקע איז געגאַנגען דורך די פאַרשטילטע געסלעך. ערנסטקייט און אומעט זיינען געווען אויסגעשפּרייט איבערן שטעטל היינט. אין דעם טאָג פון תשעה־באב. די קראָמען זיינען געווען צוגעמאַכט פאַר פרי. יידן אין ווייסע זאָקן און שטעק־שיך האָבן געאיילט אין שול. אַפילו די יונגוואַרג, וואָס זלאַטקע האָט באַגעגנט איז געווען פאַרשטילט. די פּנימער פאַרקלערטע, ווי אין אַ צייט פון חשבון־הנפש. נאָר די קליינע אינגלעך, די שטיפערס, באָרוועסע אָדער מיט געלאַטעטע שיך, האָבן אַרומגעהוליעט איבערן שטעטל. זיי האָבן געקליבן שטעכעלקעס, וואָס זיינען געוואַקסן אין די קוסטעס און ווילדע גראָזן, און זיך נאָכגעיאָגט נאָך יעדער מיידל, און מיט די שטעכעלקעס געצילט צו טרעפן אין אירע האָר.

פון די שולן האָט זיך געטראָגן דער ניגון פון מגילת־איכה, וואָס איז געווען דורכגעזאַפּט מיט טרויער. אַזוי טיף און האַרציק

איז געווען דער טרויער אויפן יידישן חורבן, אַז ס'האָט געשניטן ביים האַרצן יעדערן וואָס האָט דעם ניגון געהערט.

אַז זלאַטקע איז צוגעקומען צום טירל פון סאַד, האָט שוין זאַוול אויף איר דאָרטן געוואַרט. זיי זיינען אַריין אינעווייניק. דער סאַד האָט באַלאַנגט צו איטשע שרה־באַשעס, אַ ייד אַ קרעפּקער, מיט אַ טונקעלן, פאַרוואַקסענעם פּנים, און דער האַלדז צעקאַרבט און טרוקן, ווי די קאָרע פון אַ בוים. ער האָט דאָ אין סאַד דעם גאַנצן זומער געוואוינט אין אַ ביידל, אינאיינעם מיטן שוואַרצן, קודלאַטן הונט. און זיי ביידע האָבן אָפּגעהיט דעם פאַרמעגן פון סאַד.

עס איז דעם זומער געווען אַ שפע אויף אויבסט. די באַלאָדענע צווייגן פון די בוימער האָבן זיך געבויגן נידעריק פון זייער מאַסע. רויטע, געפלעקטע סאַפּאַזשאַנקעס, זיס ווי צוקער, און דינע, איידעלע „פּאַ־נעס" און „אַנטאָנאָווער" עפּל און פלוימען. די קוסטעס זיינען געווען אָנגעשאָטן מיט גרינע אַגרעסן, מיט מאַלינעס און וויינפּערלעך. און אַלץ האָט זיך געבעטן: „נעם, עס". די חברים זיינען ביי איטשען געווען די בעסטע קונים אויף זיין סחורה און ער האָט זיי ליב גע־האַט זען ביי זיך אין סאַד.

אַ פריילעכע גרופּע חברים איז שוין אין סאַד געווען פאַרזאַמלט, ווען זלאַטקע מיט זאַוולען זיינען צוגעקומען. אַלץ נאָענטע מענטשן אין דער אָרגאַניזאַציע. געזעסן איז מען צעוואָרפן אין ווייכן גראָז, אין אַ האַלבן קרייז. דער שיין פון אַ ליכטיקער נאַכט האָט זיך דורכגע־ריסן דורך די צווייגן פון די בוימער און געצייכנט פאַנטאַסטישע שאָטנס איבער דער ערד, איבער די פּנימער פון די מענטשן.

איטשע האָט לעבן זיי אויסגעשפּרייט אַ קאָלדרע און געבראַכט צוטראָגן פון ביידל פולע אָרעמס מיט אויבסט. — עסט, קינדערלעך, — האָט ער געזאָגט מיט זיין באַסאָווער שטימע. נינע האָט געבראַכט מיט זיך פולע קעשענעס מיט שאָקאָלאַד און אַלעמען עס געטיילט. צאַלקע און זאַוול האָבן אָנגעגרייט ביר און נאָך עפּעס אַ געטראַנק, וואָס איז געווען ענלעך אויף ווייַן. און צאַלקע האָט דער ערשטער זיך אָנגעגאָסן אַ גלעזל:

— מיר וועלן זיך זען אויף די באַריקאַדן! — האָט ער גע־טרונקען צו זלאַטקען.

זאַוול איז לעבן זלאַטקען געזעסן און ער האָט פייערלעך גע־שוויגן. ער האָט קיינעם ניט געזאָגט, אַז ער אויך וועט אינגיכן אַוועק־פאָרן פון דאַנען, צו זלאַטקען. ווען די צייט וועט קומען, וועט ער דאָס דעמאָלט פאַר אַלעמען דערציילן.

ביילקע די פּריקאַזטשיצע האָט אויפגעהויבן איר גלאָז ביר און געפּרואווט זאָגן אַ טאָאַסט: — מיר האָבן היינט תשעה באב — האָט זי אָנגעהויבן. געוואָלט האָט זי זאָגן, אַז סאָציאַליסטן טרויערן

ניט אויף דעם חורבן, נאָר זיי בויען אַ נייע וועלט, נאָר זי האָט זיך אין מיטן פאַרהאַקט. און אַלע האָבן זיך צעלאַכט.

פריידל דעם וואַסער־טרעגערס איז דאָ היינט אויך געווען. זי איז היינט געווען זייער לוסטיק. זי איז געזעסן צווישן צוויי חברים. אָשר מינסקי, פון איין זייט, און אַלטער ראַבינאָוויטש, פון דער אַנ־דערער זייט. און זי האָט פריילעך מיט זיי זיך אונטערהאַלטן. און אירע שעלמיש־לאַכנדיקע אויגן האָבן געקוקט דאָ צו איינעם, דאָ צו דעם אַנדערן. פריידל האָט זיי דערציילט, אַז אויך זי וועט אינגיכן אַוועק־פאָרן אין אַ גרויסער שטאָט, האַלטן עקזאַמען אויף 4 קלאַסן גימנאַזיע.

— וואָס איז דאָס? — האָט אָשר מינסקי אויסגערופן. — אַז אַלע וועלן אַוועקפאָרן פון דאַנען, איז וואָס טויג דאָס?

אַלטער ראַבינאָוויטש האָט פאַרגעניגנדיק געשמייכלט. אַלטערן, דעם העברייאישן לערער, האָט די באַוועגונג געמאַכט פאַר אַ נייעם מענטשן. ער איז געווען אַן עלטערער בחור, און ער האָט געגלויבט אַז זיין וועג איז שוין אַן אָנגעצייכנטער. ער וועט שוין זיינע אַלע יאָרן לערנען העברייאיש מיט שטיפערישע קינדער, און ניט קיין פאָלגעווודיקע, און מער גאָרניט. איצט, אין דער קאָמפּאַניע מיט זיינע נייע חברים, האָט זיך אַזוי ווי צו אים אַליין אומגעקערט זיין אַמאָליקע יוגנט...

— ראַבינאָוויטש, איר ווילט מיטפאָרן מיט מיר? — האָט פריידל זיך צו אים צוגעבויגן שטיפעריש אַזוי און אַרומגענומען זיין האַלז מיט איר האַנט.

— געוואַלט געשריען, פריידל! אַזוי אָפּן, פאַר אַלעמען אין די אויגן! — האָבן זיך ביי אים אַרויסגעכאַפּט צעטומלטע ווערטער. און אַלע האָבן קוים איינגעהאַלטן דאָס געלעכטער.

זלאַטקע איז איצט געווען אַ ביסל אַן אַ זייט פון אַלעמען, אָנ־געשפּאַרט אָן אַ בוים. לעבן איר איז די גאַנצע צייט געזעסן זאַוול. זיי האָבן שטיל צווישן זיך געשמועסט:

— ס'אַראַ נאַר דו ביסט זאַוול: וואָס האָסטו צו זיין צעטראָגן?

— האָט זי צו אים גערעדט. — ווי נאָר איך וועל אַהין קומען און זיך איינאָרדענען, וועל איך דינגען אַ צימער פאַר אונז ביידן. איך וועל דיר שרייבן אַ בריוו און די וועסט באַלד אויך זיך צוגרייטן אין וועג און די וועסט קומען צופאָרן אַהין, דאָרטן מיט מיר זיין.

— יע, יע, איך ווייס — האָט זאַוול זיך אָפּגערופן. ער האָט גוט זיך איינגעקוקט אין איר די גאַנצע צייט ווי ער וואָלט וועלן איינ־קריצן אין זכרון די שטריכן פון ליבן פּנים, צער און אומרו האָבן זיך געוויזן איצט אין אירע אויגן, נאָר איר אויפשמייכלען האָט אים דערמאָנט אָן דער זלאַטקען, וועלכע האָט געקענט אַמאָל הויך לאַכן און אַ שטיף־טאָן. און איצט לאַכט זי אַזוי זעלטן...

אַרום זיי איז די פריילעכקייט געשטיגן. די קליינע גרופּע פריינט האָבן געגעסן און געטרונקען און זיך לוסטיק געמאַכט. מען האָט געזאָגט טאָאַסטן און ווינטשעוואַניעס. נינע האָט דעקלאַמירט אַ ליד פון נעקראַסאָוון. און איינער פון די שמואלס האָט אַליין פאַרפאַסט אַ ליד דאָ אויפן אָרט, וואו ער האָט באַזונגען זלאַטקעס העלדישקייט און איר מוט. ביי דער טיר פון זיין ביידל איז געשטאַנען איטשע שרה באַשעס, דער סאַדאָווניק, און זיינע אויגן האָבן געלויכטן ווי צוויי אָנגעצונדענע לאַמטערנעס. ער וואָלט איצט אַ שטאַרקער בעלן געוועז זיך צוצוזעצן נאָענט צו דער פריילעכער חברה, דערציילן זיי מעשיות און מיטלאַכן מיט זיי, אָבער קיינער האָט אויף אים זיך ניט אומגעקוקט אין יענער מינוט.

אַרום זיי אין גרויסן סאָד איז געווען שטיל. נאָר פון אַ נאָענטן טייכל האָבן די זשאַבעס אויף זייער לשון זיך דורכגעשמועסט און איינע די אַנדערע זיך עפּעס דערציילט. און פון פעלד האָבן זומער־פייגעלעך און גרילן אין אַ כאָר געזונגען אַ געזאַנג.

# קאַפּיטל צוואַנציק

אויף מאָרגען אין אָוונט איז שוין זלאַטקע געווען אין איר באַ־ליבטן ביאַליסטאָק. זי איז געזעסן ביים טיש מיט דער מאַטעס משפּחה: מיט כאַשקען, מיט מאַטעסן און מיט שיינע־רחלען. זיי האָבן איר אויפ־גענומען ווי אַן אייגענעם מענטשן און זיך מיט איר געפרייט. און זי האָט געפילט ווי דאָס וואָלט געווען נאָך אַ היים אירע...

זלאַטקע האָט זיי דערציילט פון אירע חדשים אין טורמע, פון גיין מיטן עטאַפּ, און ווי שווער עס איז איר געווען דעם מאָל זיך אָוועקצורייסן פון דער היים. זי האָט, ריידנדיק, געוואַרט מיט אַן אומרואיק האַרץ. באַלד וועט זי זיך דערוויסן וועגן ליאָוואַן. אַליין פרעגן האָט זי זיך עפּעס אָפּגעהאַלטן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מאַטעס און שיינע רחל האָבן געוואוסט פון איר אַרבעט מיט ליאָוואַן, ביים אַריבערפירן ליטעראַטור, און אַז איר אַרעסט האָט טאַקע געהאַט מיט דעם אַ שייכות.

— און ליאָוואַ זיצט פעסט! — האָט מאַטעס זיך אָפּגערופן, — מען פאַרבינדט זיין אַרעסט מיטן טראַנספּאָרטירן ליטעראַטור ביים גרענעץ. שווערע באַווייזן זיינען קעגן אים פאַראַן. ער וועט מסתמא קריגן סיביר.

זלאַטקע האָט זיך ניט אַ ריר געטאָן פון אָרט. האָט ניט געביטן איר פּאָזע, נאָר אַ צענויפגעצויגענע איז זי געבליבן זיצן. מאַטעס האָט ווייטער דערציילט.

— זיין גבירישער טאַטע האָט געלאָזן אין גאַנג אַלע זיינע פאַר־בינדונגען מיט נאַטשאַלסטווע. ער האָט געוואָלט, זיי זאָלן ליאָוואַן אַרויסשיקן קיין אויסלאַנד. זיי טוען עס אַמאָל מיט אַרעסטירטע, נאָר דאָ האָט גאָרניט געהאָלפן. צו־שווער זיינען די קלאַגעס אַנטקעגן אים.

—און וואָס איז איצט מיט אים, וואו געפינט ער זיך? — האָט זלאַטקע געפרעגט מיט אַ שטילן קול.

—דאָס איז ניט באַוואוסט. מען האָט אים אַוועקגעפירט אין אַן אַנדער טורמע, ערגעץ אין אַ ווייטער שטאָט. עס זיינען אָפּגעריסן געוואָרן אַלע פאַרבינדונגען מיט אים.

— און זשעניטשקאַ, ליאָוואַס שוועסטער, דו געדענקסט איר?

— האָט שיינע רחל זיך אָפּגערופן. — אַ גאַנצע רעוואָלוציאָנערקע איז זי געוואָרן.

און שיינע רחל האָט דערציילט ווי זשעניטשקאַ האָט אַ צוטריט אין אַ סך בורזשואַזע הייזער. דאָרט ווערן איצט אָפּגעהאַלטן פֿאַרזאַמלונגען פֿון די ליבעראַלע פּאַראיינען, פֿון די דאָקטוירים, אינזשענערן, און נאָך אַנדערע פּראָפֿעסיעס. זיי ריידן דאָרט קעגן דער זעלבסטהערשונג. זשעניטשקע טרעט דאָרט אויף. אַ מויל האָט זי אַ שאַרפֿן, און זי רעדט אין נאָמען פֿון די רעוואָלוציאָנערן.

— זי מיינט דאָס ניט ערנסט — האָט שיינע רחל צוגעגעבן. — ביי איר איז אַלץ אַ שפּיל. נאָר צו ווייזן, אַז זי טוט עפּעס.

— אַבי זי ברענגט נוצן — האָט מאַטעס געזאָגט. — צו וועלכער פּאַרטיי באַלאַנגט זי ?

—זשעניטשקאַ איז אַליין פֿאַר זיך אַ פּאַרטיי — האָט שיינע רחל אַ לאַך געטאָן.

אין איר קול האָט זיך דערפֿילט צורייצטקייט. זלאַטקע האָט ניטווילנדיק זיך דערמאָנט אָן איינעם אַ פֿריילעכן אָוונט, ביי ליאָוואַן אין שטוב, ווען בעניאָמקע, שיינע רחלס געליבטער, האָט זיך צעהוליעט און ער האָט אַרויסגעוויזן דעמאָלט צופֿיל פֿריינטשאַפֿט צו זשעניטשקען. און שיינע רחל איז אַ לאַנגע צייט געווען אויף אים אין כעס דערפֿאַר.

— און וואו איז בעניאָמקע ? — האָט זלאַטקע זיך נאָכגעפֿרעגט.

בעניאָמקע קען איצט ניט קומען אַהער — האָט מאַטעס געזאָגט. — אויף זיין קוואַרטיר האָט פּאָליציי געמאַכט אַ רעוויזיע. זיי האָבן אים שוין אויפֿן אויג. ער וויל ניט, אַז דורך אים זאָל אונזער שטוב ליידן.

— עס איז כאָטש גוט, וואָס קיינער איז ניט אַרעסטירט פֿון אייער שטוב.

— דערווייל נאָך ניט — האָט מאַטעס צוגעשמייכלט.

מען האָט אָפּגעגעסן וועטשערע און כאַשקע האָט אָפּגעראַמט פֿון טיש. ביי כאַשקען אויפֿן צונג איז די גאַנצע צייט געלעגן אַ פֿראַגע צו זלאַטקען:

„און וואָס איז מיט אייער חבר". — האָט זי איר געוואָלט פֿרעגן. זי האָט אים, זאַוולען, גוט געדענקט פֿון יענעם טאָג, ווען ער איז געקומען אַהער צו זלאַטקען צו־גאַסט. ער איז איר דעמאָלט געפֿעלן געוואָרן: „אַ פּראָסטער און אַ גוטער", האָט זי אים אָפּגעשאַצט; האָט זי איצט געוואָלט וויסן, אויב עס איז שוין צווישן זיי געקומען צו אַ ציל. אָבער כאַשקע האָט מורא געהאַט איר פֿראַגע זאָל ניט אויסקומען נאַריש. האָט זי געשוויגן שטיל.

מאַטעס האָט נאָך גערעדט וועגן דער לאַגע אין שטאָט. די

טורמעס זיינען איבערפולט מיט רעוואָלוציאָנערן. פּאָליציי בושע־וועט און מען אַרעסטירט מענטשן אויף דעם קלענסטן פאַרדאַכט. אַרבעטער רייסן זיך צום קאַמף און מען האָט אויפגעהערט מוראַ צו האָבן פאַר פּאָליציי. דאָ ניט לאַנג האָט מען מיט גוואַלט באַפרייט אַ פּאָליטישן אַרעסטירטן, ווען די קאָנוואָי־סאָלדאַטן האָבן אים גע־פירט אין טורמע ; ניט ווייט פון סוראַזער גאַס האָט מען „אַוועק־געלייגט" אַ שפּיאָן. דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן ניט־אָרגאַניזירטער־הייט. אין מאַטעסעס רייד האָט זיך געפילט די רעוואָלוציאָנערע לופט פון שטאָט, די לופט, אין וועלכער זלאַטקען איז גוט צו אָטעמען...

שפּעטער, אַז ביידע מיידלעך זיינען שוין געווען אין זייער צימער, איז זלאַטקע אַ לאַנגע ווײַלע געשטאַנען לעבן הויכן קאָמאָד און גע־קוקט אויף די קאַרטלעך, וואָס זיינען געווען צוגעשלאָגן צו דער וואַנט. בילדער פון רוסישע שרייבער און אַ בילד ווי בעטהאָווען שפּילט אויף דער פּיאַנאָ, און אַ גרופּע מענטשן זיצן איינגענורעט און הערן זיך איין. עס זיינען איר געקומען אויפן זינען די סך גוטע מינוטן, וואָס זי האָט דורכגעלעבט דאָ אין צימער. „און ליאָוואַ איז ניטאָ", האָט זי אַ טראַכט־געטאָן. זי האָט אָנגעוואָרן יעדן סליאַד פון אים. ער וועט פאַרשיקט ווערן אין ווייטן סיביר. און זי האָט אַזוי געהאָפט, געוואָלט האָפן, אַז ער איז באַפרייט.

גרייטנדיק זיך צו גיין שלאָפן, האָט שיינע־רחל איר דערציילט, אַז זי זעט זיך אָפט מיט בעניאָמקען ביי זיינעם אַ חבר אין צימער. ווי צו וועלן זלאַטקען איבערצייגן, אַז אַלץ איז גוט צווישן זיי ביידן, האָט זי איר דערציילט, אַז בעניאָמקע וועט אַוודאי אַוועקפאָרן אין אַן אַנדער שטאָט, אין לאָדז, און אַז עס איז אָפּגערעדט געוואָרן צווישן זיי, אַז זי וועט אויך דעמאָלט מיטפאָרן מיט אים. עס איז געווען די זעלבע שיינע־רחל מיט איר זיכערן שטעל און מיט דעם האַרטן אויסדרוק אין פּנים. נאָר איר שטימע האָט איצט געהאַט אַן אַנדער קלאַנג, אַ מער־וואַרעמען...

זלאַטקע האָט זיך צוגעזעצט צו איר אויפן בעטל, און לאַנג האָבן נאָך די מיידלעך צווישן זיך אינטים געשמועסט צום ערשטן מאָל אַזוי, זינט זיי האָבן זיך באַקענט. שיינע־רחל האָט אָנגעדייט וועגן דעם פּערזענלעכן לעבן ביי אַ רעוואָלוציאָנער. עס איז מאָדנע, ווי די ליבע איז אי אַ גרויסער כּוח, אי אָפט אַ שטערונג אין דער רעוואָלו־ציאָנערער אַרבעט. און זלאַטקע איז געווען מיט איר איינשטימיק.

שיינע־רחל האָט איר דערציילט, ווי אין די בריוועלעך, וואָס ליאָוואַ האָט פון טורמע דורכגעשמוגלט צו בעניאָמקען, האָט ער זיך שטענדיק נאָכגעפרעגט אויף איר.

— דו ווייסט, ער האָט דיך ליב געהאַט, ליאָוואַ, — האָט זי איר געזאָגט.

— איך ווייס... — האָט זלאַטקע שטיל געענטפערט, פאַרבאַ־האַלטנדיק איר פּנים אין אירע בײדע הענט.

עס זײנען אַוועק נאָך אַ פּאָר טעג, און זלאַטקע האָט שוין אויפגעזוכט פאַר זיך אַ מאַסטערסקאַיע, ניט וואו זי האָט פריער גע־אַרבעט; צוליב קאָנספּיראַציע האָט זי יענעם פּלאַץ איבערגעלאָזן און זיך דאָרטן מער ניט געוויזן. אַז אַלץ וועט זיך אײַנשטעלן וועט זי דינגען אַ באַזונדערן צימער. און זי וועט שרײַבן זאַוולען, אַז ער קען קומען צופאָרן, זײ וועלן וואוינען צוזאַמען. בײדע וועלן זײ אַרבעטן. און אין די אָוונטן וועלן זײ זײַן פאַרנומען אין דער אָרגאַניזאַציע און קײן צײַט פאַר אומזיסטע טראַכטעניש וועט ניט זײַן...

אין דער זעלבער וואָך איז שוין זלאַטקע געגאַנגען צו דער זיצונג פון סכאָדקע, וואו זי האָט באַלאַנגט פון פריער. ווי אַלעמאָל, איז די זיצונג געווען אין אַ קאָנספּיראַטיווער קוואַרטיר, אין אַ געסל פון די „פּיאַסקעס". עטלעכע חברים האָבן געפעלט, עטלעכע זײַנען צוגעקומען נײַע. חיים, דער פאָרשטײער פון קאָמיטעט, איז שוין דאָ ניט געווען. אָנשטאָט אים, איז געקומען אײנע אַ יונגע מײדל; אידאָ האָט מען איר גערופן. זי האָט געהאַט אַ טונקל־הויטיק פּנים און זײער שוואַרצע, גלאַנציקע האָר, וואָס זי האָט פאַרקעמט גלאַט, מיט אַ שרינט אינמיטן. מער פון אַלץ האָבן אין איר פּנים זיך אָנגעזעצן אירע אויגן — שוואַרצע, גליענדיקע, וואָס האָבן מאַגנעטיש צו זיך געצויגן.

דאָ, בײַ דער זיצונג פון די טוער, האָט מער ווי אומעטום זיך געפילט דער פאַרשטאַרקטער רעוואָלוציאָנערער אימפּעט. אידאַ האָט איבערגעגעבן פון קאָמיטעט, אַז דער רוף פון טאָג איז איצט — זיך באַוואָפענען. די זעלבסטהערשנדיקע רעגירונג נעמט זיך צו אָרגאַני־זירן פּאָגראָמען און דערמוטיקט כוליגאַנישע אָנפאַלן אויף דער אינ־טעליגענציע, כדי אַזוי־אַרום צו פאַרהאַלטן די שטײַגענדיקע רע־וואָלוציאָנערע באַוועגונג. די אַרבעטער דאַרפן זײַן גרײט צו געבן אַ ווידערשטאַנד.

רײדנדיק, האָבן די דינע שטריכן פון אידאַס פּנים זיך אָנגע־גאָסן מיט כוחות. אין אירע אויגן האָבן געגליט הײסע פײַערלעך פון האַס צו דעם שונא. קײנמאָל דערנאָך האָט זלאַטקע אָט־די אויגן ניט געקענט פאַרגעסן. — „אַזוי האָבן מסתמא אויסגעזען די ערשטע רע־וואָלוציאָנערן, סאָפיע פּעראָווסקאַיאַ און העסיע העלפמאַן"... — האָט זי וועגן אידאַן געטראַכט.

אידאַ איז נאָך ניט גענוג באַקאַנט געווען מיט דעם געגנט פון די פּיאַסקעס און זי האָט געבעטן זלאַטקען אַרויספירן איר פון דאַנען. זײ זײַנען אַרויס אינדרויסן. עס איז דאָרטן געווען פינצטער און עס האָט גערעגנט יענעם טאָג. אין געסל זײַנען נאָך געשטאַנען טײַכלעך וואַסער. עמעצער האָט אַוועקגעלײגט אַ קלאָטקע איבער די טײַכלעך.

פֿאַד די הענט זיינען ביידע מיידלעך געגאַנגען איבער דער קלאַטקע. דאָס האָט זיי מאָדנע דערגענטערט.

— איך ווייס נאָך ניט אייער נאָמען, — האָט אידאַ געזאָגט, ווען זיי זיינען אַרויס פֿון דער שמאָלער געסל.

— זלאַטקע איז מיין נאָמען.

— איר קענט קומען צו מיר, אויב איר ווילט, — האָט זי צו זלאַטקען וואַרעם אַ שמייכל־געטאָן. — בייטאָג מערסטענס, אין די אָוונטן בין איך שטענדיק פֿאַרנומען.

און די ביידע מיידלעך האָבן זיך צעזעגנט.

מיט אַ פֿאַרגרעסערטן לוסט צו קעמפֿן, האָט איצט זלאַטקע זיך אָפּגעגעבן צו דער אַרבעט אין דער אָרגאַניזאַציע. זי איז געגאַנגען אויף דער בירזשע, געטיילט ליטעראַטור, גערעדט מיט אַרבעטער און זיי געמוטיקט. די צייט איז געווען אַן אָנגעשטרענגטע. אומעטום אויף די גאַסן האָבן זיך געזען פּאָליציי־לייט. זיי האָבן צעררייצטע אָפּגעריסן די פּראָקלאַמאַציעס פֿון די ווענט, וואָס אַ געהיימע האַנט, האָט אָנגעקלעפּט. קיין צוויי מענטשן האָבן ניט געקענט שטיין אין גאַס און ריידן, אַז עס זאָל אויף זיי ניט פֿאַלן קיין פֿאַרדאַכט.

אויף דער בירזשע, אין סוראַזשער גאַס, איז אין יענע טעג גע־ווען ניט רואיק. אָפּטיילונגען פֿון קאָזאַקן, אויף זייערע ריזיק־הויכע פֿערד, האָבן זיך אַריינגעריסן אין דער געדיכטעניש פֿון דער מאַסע. זיי האָבן מיט זייערע נאַגייקעס רציחהדיק געשלאָגן אויף רעכטס און לינקס, איבער די פּנימער און איבער די רוקנס פֿון די מענטשן. זלאַטקע האָט זיי געזען, די רייטנדיקע קאָזאַקן אויף זייערע פֿערד. זייערע קליינע אייגלעך זיינען געווען לוסטיק־צערייצט, ווי ביי אַ חיה, וואָס דערשמעקט איר רויב; די פֿערדישע קאַפּיטעס האָבן גע־טראָטן אויף קערפּערס; אַנגסטלעכע געשרייען האָבן פֿאַרהילכט די גאַס; אַרבעטער האָבן געשלאָגן צוריק, מיט שטעקנס, מיט שטיינער פֿון ברוק; מען האָט אַראָפּגעשלעפּט אַ קאָזאַק פֿון זיין פֿערד און מיט אים זיך צערעכנט; און אַז מען האָט די קאָזאַקן פֿאַרטריבן פֿון דער בירזשע, האָט מען זיך ווידער גינומען צו דער איבערגעריסע־נער אַרבעט.

זלאַטקע איז אַהיים געקומען מיט צעשלאָגענע אברים, און דאָס זעלביקע איז אויך געווען מיט מאַטעסן און מיט שיינע־רחלען. אָבער אַלע האָבן זיך איינגעלעבט מיט דער לאַגע און קיין איבעריקע ווער־טער ניט געלאָזן פֿאַלן וועגן דעם. און אויף מאָרגען איז זלאַטקע געזעסן דעם גאַנצן טאָג ביי דער אַרבעט און געניית. און די פֿיינע שטעכעלעך, מיט וועלכע זי האָט געזוימט אַ ברעג פֿון אַ קלייד, האָבן געהאַט אַ נאָמען אין מאַסטערסקאַיע. און דעם זעלבן אָוונט

איז זי געגאַנגען צו אַ קרייזל לערנען דאָרטן די טעאָריע פון סאָציאַ־ליזם, וואָס דער אַרבעטער האָט געדאַרפט נויטיק וויסן.

זלאַטקען איז ניט געווען שווער צו לערנען מיט אַ קרייזל־אַרבעטער. אַלע זיינען זיי געווען פאַר אַ נייער, בעסערער אָרדענונג. און זיי זיינען שטאַלץ געווען, וואָס די וויסנשאַפט גייט מיט זיי. אינ־גיכן וועט מען איבערנעמען די מאַכט. און יעדערן האָט זיך געוואָלט מערער וויסן פון דער קומענדיקער סאָציאַליסטישער אָרדענונג.

און זלאַטקע האָט זיי דערציילט וועגן דער אַנטשטייאונג פון קאַפּיטאַליזם: „אין ענגלאַנד איז דער איבערגאַנג פון ערד־אַרבעט צו אינדוסטרי פאָרגעקומען זייער ברוטאַל; פּויערים זיינען אַראָפּ־געטריבן געוואָרן פון די איינגעזעסענע ערטער; זיי האָבן זיך גע־וואַלגערט איבער די וועגן; מען האָט באַדאַרפט האָבן די ערד צו פּראָדוצירן וואָל, צו פּראָדוצירן באַוול“...

גרינג האָט זיך איר גערעדט, ניט אויף פּאַרזאַמלונגען פאַר אַ גרויסן עולם, נאָר דאָ אין קרייזל, פון מענטש צו מענטש. זי האָט ריידנדיק, געבליקט דאָ צו איינעם, דאָ צו אַן אַנדערן, פאַרטשעפּענ־דיק אַ סטרונע ביי יעדערן אין האַרצן. אירע צוהערער, די בחורים און מיידלעך פון די וואַרשטאַטן, האָבן איר געגלויבט. אַזוי פּשוט און פאַרשטענדלעך זיינען אירע רייד אַרויסגעקומען, אַז זיי האָט זיך געדוכט, אַז זיי ווייסן דאָס אַליין אויך. זיי האָבן אויף איר געקוקט, ווי אויף אַן אייגענעם מענטשן. זי איז דאָך אויך געווען איינע פון זיי...

⁂

אַלץ האַסטיקער זיינען אָנגעלאָפן די געשעענישן איבערן לאַנד. פון אָדעס איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן דעם אויפשטאַנד אויף דער גרויסער שיף „פּאָטיאָמקין“. די צעבונטעוועטע מאַטראָסן האָבן אַרעס־טירט זייערע אָפיצירן, אַ רויטע פאָן האָט געפלאַטערט אויף דער העכסטער מאַסט פון דער שיף. אין אָדעס אַליין האָט זיך דעמאָלט פאַרשפּרייט אַן אַלגעמיינער סטרייק, וואָס האָט אָפּגעשטעלט דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן פון שטאָט. ווי אַן עכאָ, האָבן באַלד אַנדערע שטעט פון גרויסן לאַנד זיך אָפּגערופן מיט פּאָליטישע סטרייקס, מיט דעמאָנסטראַציעס, מיט צענדליקער טויזנטער אַרבעטער און אינ־טעליגענטן.

די ערשטע אין דער רייע אָפּצורופן זיך זיינען געווען די שטעט פון די גרענעץ־געגענטן — ריגע, וואַרשע און לאָדז. אין לאָדז זיינען געבויט געוואָרן באַריקאַדן. אויף אַ זיצונג פון אַלע טוער פון דער אָרגאַניזאַציע האָט אַ חבר איבערגעגעבן אַ באַריכט פון לאָדז. ער איז ערשט פון דאָרטן געקומען. ער האָט דערציילט, ווי אין די דע־

מאָנסטראַציעס און אין בויען באַריקאַדן האָבן אָנטיילגענומען אידי־שע, פּוילישע און רוסישע אַרבעטער, אַלע פֿאַרברידערט. זיין שטימע איז נאָך הייזעריק געווען פֿון ריידן צו די גרויסע מאַסן דאָרטן.

אידאַ, די פֿאַרשטייערין פֿון קאָמיטעט, האָט אים אויסגעהערט מיט גליענדיקע אויגן. זי האָט אים אויסגעפֿרעגט נאָך און נאָך. זי האָט געמאַכט אַ באַוועגונג מיט די הענט, ווי מיט פֿליגלען, ווי זי וואָלט געהאַט אַ פֿאַרלאַנג אַוועקצופֿליען אַהין, זיך דאָרטן צווישן די קעמפֿער.

„אַלץ, וואָס איז שיין און דערהויבן, קומט צום בונד", — האָט זלאַטקע מיט פֿאַרגעניגען געטראַכט פֿון אידאַן. זי איז שוין געווען ביי איר אין שטוב אַ סך מאָל. דאָ האָט זי איר געדאַרפֿט אָנזאָגן וועגן אַ ספּעציעלער זיצונג אין סכאָדקע, אָדער ווען עס האָט זיך גע־פֿאָדערט אַ רעדנער צו אַן אומלעגאַלער פֿאַרזאַמלונג, אָדער וועגן אַן אַנדער וויכטיקן ענין.

אידאַ האָט געוואוינט אין איינער פֿון די שענסטע גאַסן אין שטאָט, אין דעם הויז פֿון אַ דאָקטאָר, וואָס איז אויך געווען אַ סימפּאַ־טיזירער פֿון דער באַוועגונג. עס איז געווען אַ רייכע הויז; דער באַלקאָן באַצירט מיט וואַזאָנעס און בלומען, די פֿענצטער פֿאַרהאָנ־גען מיט גאַרדינען, אויף דער טיר איז געהאָנגען אַ דאָקטאָרשע שילדל, און אַ קאַבינעט איז דאָ געווען פֿאַר פּאַציענטן.

אידאַ האָט זיך געפֿילט זייער באַקוועם אין אָט־דעם רייכן הויז.

— דאָ וועט פּאָליציי אַזוי גיך מיך ניט אויפֿזוכן. — האָט זי געזאָגט צו זלאַטקען, מיט איר וואַרעמען שמייכל.

ווי נאָר מען איז אַריבערגעטראָטן דעם שוועל פֿון אידאַס צי־מער, איז ווי פֿאַרשוואונדן די וואָכעדיקייט פֿון טאָג־טעגלעכן לעבן. אידאַ איז יעדע מינוט פֿון טאָג געווען פֿאַרנומען מיט דער באַוועגונג.

כאָטש אידאַ איז נאָך געווען גאָר יונג, איז זי שוין געווען פֿאַרשיקט אין סיביר. זי האָט זלאַטקען דערציילט, ווי אַזוי זי איז פֿון סיביר אַנטלאָפֿן, כדי ווידער זיך אָפּגעבן מיט דער רעוואָלוציאָנע־רער אַרבעט.

— ס'איז ניט קיין פּלאַן זיצן און וואַרטן ביז דער טערמין אין סיביר וועט זיך ענדיקן. ס'איז צופֿיל דאָ וואָס צו טאָן. — האָט זי געזאָגט.

אויף אידאַן איז ניט געלעגן די שווערקייט און ערנסטקייט, וואָס מען האָט אַמאָל געזען אין אַנדערע טוער. נאָר עס האָט זיך אָנגעזען אין איר די פֿרייד פֿון איר יונג לעבן. און ווי זי איז גרייט אָט־דעם לעבן אירן אַוועקצוגעבן אויף צו מאַכן די וועלט גוט און שיין פֿאַר אַלעמען. זי האָט באַלאַנגט צום קאָמיטעט און געטאָן די פֿאַראַנטוואָרטלעכ־סטע אַרבעטן, און זי האָט נאָך געפֿונען צייט צו טאָן אַ סך פֿאַר

דעם „רויטן קרייץ״, אַן אָרגאַניזאַציע צו העלפן די פּאָליטישע אַרעס־טירטע. ניט איינמאָל האָט מען איר געזען ביי דער טורמע מיט אַ פּעקל עסנוואַרג אָדער אַ בינטל בלומען, עס קען זיין, זי האָט דאָרטן געהאַט אין טורמע גאָר אַ נאָענטן מענטשן, אַ געליבטן, ווער ווייסט — רעוואָלוציאָנערן האָבן זעלטן־ווען גערעדט וועגן זייערע פּערזענלעכע ענינים.

זלאַטקע האָט ביי אידאַן אין צימער געטראָפן אַלערליי וויכ־טיקע טוער אין „בונד״, קאָנספּיראַטיווע, מיט שווערע, בלויע ברילן אויף די אויגן פאַרשטעלט, אָדער מיט גרויסע, צעוואַקסענע בערד. איינ־מאָל אין אַ פאַרנאַכט, אַז זי איז געקומען צו אידאַן, איז איינער אַ חבר געשלאָפן דאָרטן אויף דער סאָפקעלע, איבערגעדעקט מיט זיין מאַנטל. אידאַ האָט איר געזאָגט, אַז ער איז די גאַנצע נאַכט געפאָרן מיט דער באַן און ניט געשלאָפן. זיי האָבן צווישן זיך גערעדט זייער שטיל, אים ניט אויפצווועקן.

באַלד האָט דער חבר זיך אויסגעטשוכעט פון שלאָף, זיך גוט אויסגעגעניצט און זיך אויפגעזעצט, אויסציענדיק די לאַנגע פיס. אַז זלאַטקע האָט זיך גוט צו אים צוגעקוקט, איז דאָס געווען אירער אַ גוטער באַקאַנטער — בעריש! בעריש דער ישיבה־בחור פון בע־רעזע... זלאַטקע איז אַזש צעטומלט געוואָרן, און זי האָט אויפגע־שטעלט אויף אים אַ פּאָר אויגן. בעריש איז אויך געווען איבער־ראַשט:

— זלאַטקע! — האָט ער זיך געגעבן אַ שטעל־אויף. און זיי האָבן זיך אַרומגעכאַפּט און זיך געקושט. אידאַ איז אויך געווען איבעראַשט.

— אָ, איר קענט זיך?

אידאַן איז קיין נאָווינע ניט געווען צו זען אַזעלכע פּלוצלונג־דיקע באַגעגענישן צווישן פריינט, טוער אין דער באַוועגונג, וואָס זיינען צעוואָרפן געווען איבער אַלע שטעט פון גרויסן בונדישן ראַיאָן. און זי האָט זיך געפרייט אינאיינעם מיט זיי.

זלאַטקע האָט בערישן קוים דערקענט. ער האָט געטראָגן ברילן און געהאַט לאַנגע וואָנצעס, און אַ דינע, טונקעלע בערדל האָט אַרומ־גענומען זיין פּנים. אָנגעטאָן איז ער געווען גרויס־שטאָטיש, מיט אַ שיינעם אָנצוג, אַ האַרטן קראַגן און מיט אַ שיינעם שניפּס, און די טונקעלע געקרייזלטע האָר פאַרקאַמט הויך איבערן שטערן. זי האָט אים געדענקט פון בערעזע, אָנגעטאָן אין אַ לאַנגן קאַפּטן שטענ־דיק מיט דער העמד ביים האַלז אָפן, און אַ היטל מיט אַ דאַשעק, ער פלעגט ישיבה־בחוריש זיך וויגן, ביים פאַרענטפערן עמעצן אַ פראַגע...

— אַן אַנדער בעריש. — האָט זלאַטקע אים אַרומגעקוקט פון קאָפּ ביז די פיס.

— איך בין ניט בעריש איצט. נאָר וולאַדימיר. זאָלט איר דאָס גוט געדענקען. — האָט בעריש צו איר געשמייכלט מיט זיינע קורצ־זיכטיקע אויגן, דורך די ברילן.

— נו, דערציילט, דערציילט, וואָס האָט איר אויפגעטאָן. איך וויל אַזוי וויסן. — האָט זלאַטקע אים געבעטן, היימיש אַזוי.

— מיין געשיכטע איז אַ קורצע. — האָט בעריש געזאָגט. און ער האָט דערציילט ווי ער איז אַרומגעפאָרן איבער שטעט, געווען אין וואַרשע, געווען אין ווילנע, אין מינסק; געאַרבעט, אָרגאַניזירט, גערעדט אויף פאַרזאַמלונגען. און איצט איז ער פריש פון טורמע. דורך אַ טעות האָבן די זשאַנדאַרמען אים באַפרייט. און איצטער איז ער דאָ.

— וואַרט, ווען איר וועט אים הערן ריידן. — האָט אידאַ זיך אָפּגערופן צו זלאַטקען.

אידאַ האָט בערישן גוט געקענט. ניט איינמאָל האָבן זיי צוזאַמען געאַרבעט, דאָ אין איין שטאָט, דאָ אין אַן אַנדערער. בעריש איז געווען פון די ניי־צוגעקומענע קרעפטן אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע. באַוואוסט איז ער געווען צוליב זיין גרויסן רעדנער־טאַלאַנט. אין „בונד" איז שוין וועגן זיינע פעאיקייטן צו ריידן אויף פאַרזאַמלונגען לעגענדעס אַרומגעגאַנגען. אין וואָס פאַר אַ שטאָט ער איז נאָר געקומען און גערעדט פאַר אַן עולם, האָט ער געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק מיט זיין באַזונדערן אופן פון ווענדן זיך צו אַ מאַסע.

— איר ווייסט וואָס דאָס מיינט אַרויסטרעטן פאַר אַ גרויסן עולם־מענטשן, ריידן פאַר זיי? — האָט בעריש געזאָגט. — הונדערטער טויזנטער מענטשן וואַרטן אויף דיין וואָרט...

בעריש האָט זיך צעוואַרעמט, און זיין דינער פּנים, מיט דער לאַנגער נאָז, איז געוואָרן מלא־חן.

— און אָן בערעזע האָט איר שוין מסתמא פאַרגעסן. — האָט זלאַטקע געזאָגט.

ניין, ער האָט ניט פאַרגעסן, בעריש. ער געדענקט גוט אַלע טוער דאָרטן — נינען, צאַלקען, זאַוולען. וואָס מאַכן זיי דאָרטן? איבערהויפּט וויל ער וויסן וועגן נינען.

— מיט נינען איז ניט אַזעלכע גוטע נייעס. — האָט זלאַטקע אים איבערגעגעבן.

— וואָס איז? וואָס האָט מיט איר פּאַסירט? — האָט זיך בעריש אַ כאַפּ־געטאָן.

— איר ווייסט דאָך, זי איז אַ בת־יחידה, אַ מאַמעס אַ קינד. זי האָט נאָך בורזשואַזנע געפילן אין זיך. — האָט איר זלאַטקע באַדויערט. — זי איז נאָך אַלץ צוגעבונדן צו אירע רייכע טאַטע־מאַמע. זי וועט פאַרלאָרן־גיין אַזוי־אָ...

בעריש האָט זיך פאַרטראַכט. זי איז אים איצט געשטאַנען פאַר די אויגן, נינע — אַן איידעלע, אַ צאַרט־בלאָנדע, אויגן בלויע, חלומדיקע. זי איז דעמאָלט, ווען ער האָט איר דערקענט, געקומען פון זשענעווע, וואו זי האָט שטודירט אויף מעדיצינישע קורסן. און ווי באַגייסטערט זי האָט גערעדט פון די רעוואָלוציאָנערן, מיט וועלכע זי האָט אין זשענעווע זיך באַקענט.

זלאַטקע האָט ניט געוואוסט, אַז נינע און בעריש האָבן זיך געליבט.ביידע, אי נינע, אי זלאַטקע, זיינען געווען צו־שעמעוודיק און צו־רעוואָלוציאָנעריש געשטימט, אַז זיי זאָלן פון זייערע ליבעס איינע דער אַנדערער דערציילן.

— ניין, ניט פאַרגעסן קיינעם. — האָט בעריש אַרויסגערעדט, ווי צו זיך אַליין.

זלאַטקעס געדאַנקען האָבן זיך אויך אומגעקערט צו יענער צייט. דורך בערישן איז זי צוגעצויגן געוואָרן צו דער סאָציאַליסטי־שער באַוועגונג. עס איז געווען די ערשטע אומלעגאַלע פאַרזאַמ־לונג אין וואַלד, וואו זי האָט בערישן געהערט ריידן. זי האָט זיך דערמאָנט, ווי בעריש פלעגט אין די שפּעטע אָוונטן, נאָך אַ זיצונג אין סכאָדקע אַוועקשפּאַנען מיט זיינע לאַנגע פיס אין דאָרף אַריין, וואו ער האָט געוואוינט ביי אַ ישובניק. ער האָט דעם ישובניקס קינדער לעקציעס געגעבן, צו פאַרדינען אויף ברויט. ווי ער איז דאָס הויך געשטיגן אין דער באַוועגונג, בעריש, פון דעמאָלט־אָן...

די געדאַנקען האָבן זלאַטקען פאַרטראָגן ווייטער צו יענער צייט, ווען זי אַליין איז נאָך געווען אַ געוויינלעכע באַלעבאַטישע מיידל. זי האָט געהאָלפן דער מאַמען אין שטוב מיט איר אַרבעט. און אין די שפּעטע אָוונטן האָט זי געלייענט ראָמאַנען. — דערנאָך אירע ערשטע טריט אין דער באַוועגונג, איר באַקאַנטשאַפט מיט זאַוולען, און דער ערשטער ציטערדיקער געפיל פון זייער ליבע.

זלאַטקע האָט קומנדיק אַהיים יענעם אָוונט, אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז זי וועט זאַוולען שרייבן אַ בריוו, ער זאָל דערווייל אָפּוואַרטן מיט זיין קומען אַהער. די צייט איז געווען אַזאַ אומרואיקע. זי האָט אים געוואָלט שאַנעווען זאַוולען. ווער ווייסט וואָס מאָרגן וועט זיין. זי קען נאָך אַרעסטירט ווערן. זאָל ער איינער כאָטש זיין אויפגעהיט... וואָס עס זאָל מיט איר ניט פּאַסירן...

***

די שול וואָס אויף פּיאַסקעס איז געווען אַן אַלטע. פון די ווענט איז דאָרטן דער קאַלך ערטערווייז געווען אָפּגעשיילט, און די שויבן פון די פענצטער פאַרלאַטעטע; ביים ארון־קודש — דער רויטער

זיידענער פּרוכת, אויסגעניייט מיט אַ גאָלדענעם מגן־דוד און צוויי לייבן ביי דער זייט — האָט אַזוי ווי דערציילט פון געוועזענער יידי־שער גרויסקייט...

אינדערוואָכן זיינען דאָרטן געווען ווייניק דאַוונער אין שול; פאַרנאַכט האָבן יידן, פאַרבייגייענדיק די שול, זיך אַריינגעכאַפּט אַהער אויף אַ מנחה. אַנדערע האָבן זיך שוין דאָ אָפּגעשטעלט אויף אַ מעריב אויך. דער עולם־דאַוונער איז געווען אַן אָרעמער, קליינע באַלעבאַטים, הענדלער מיט אַלטע זאַכן, טרעגער, עלטערע אַרבעטער.

אין איינעם אַזאַ פאַרנאַכט זיינען די יידן־דאַוונער געווען דער־שטוינט צו זען נייע פּנימער אין שול. זיי זיינען אָנגעקומען אַלץ מער און מער. קיינמאָל איז דאָ נאָך אַזאַ עולם ניט געווען, און נאָך אין אַ וואָכנדיקן טאָג. די דאַוונער האָבן ניט געוואוסט, צי זיי זאָלן פון דעם זיין צופרידן, צי ניט. אָבער אומרואיק זיינען זיי אַלע געוואָרן.

ביים סוף פון מנחה־דאַוונען, נאָכן אויסגיין שמונה־עשרה, איז אַרויף אויף דער בימה אַ יונגער בחור, מיט אַ קוטשמע־האָר און אין אַ רוסישער רובאַשקע, און ער האָט געבעטן דעם עולם זיך ניט צעגיין. אין נאָמען פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע וועט אַ רעדנער פאַר זיי ריידן אַ פּאָר ווערטער.

שטאַרק איבערגעשראָקענע, האָבן די יידן זיך אַ לאָז־געטאָן צו דער טיר. ערשט — מען לאָזט ניט אַרויס. עס שטייען דאָרטן עטלעכע יונגע, געזונטע חברהלייט און באַוואַכן די טיר. זיי לאָזן אַלעמען אַריין, און קיינעם לאָזן זיי ניט אַרויס. צווישן די ניי־אָנגעקומענע זיינען אויך דאָ ווייבער און מיידלעך. יידן האָבן זיך גענומען בייזערן: „וואָס איז דאָס? אין מקום־קדוש איז מען שוין אויך ניט זיכער?" די אויפ־רעגונג צווישן דעם עולם איז געווען זייער גרויס. די יונגערע און די מער־נייגעריקע זיינען געוואָרן טשיקאַווע צו זען, וואָס דאָ וועט זיין.

— פאַרפאַלן, אַז מען איז שוין דאָ, לאָמיר הערן וואָס ווילן זיי...

אין איין ווינקל האָבן דאָך יידן זיך געקריגט מיט איינעם פון די אַריינרייסער, ניט געוואָלט זיך אונטערגעבן. אָבער אויף דער בימע איז שוין געשטאַנען אַ יונגער מאַן, אַ הויכער, מיט ברילן און מיט אַ דינער בערדל אַרומגענומען דאָס פּנים. ער האָט געהאַט אַ שולדיקן שמייכל אויפן פּנים, און ער איז געשטאַנען און געוואַרט, אַז דער עולם זאָל זיך איינשטילן און ער זאָל קענען אָנהייבן ריידן.

דער יונגערמאַן איז דאָס געווען בעריש, דער ישיבה־בחור פון בערעזע, וואָס איצט האָט מען אים גערופן וולאַדימיר... זלאַטקע, וועלכע איז אויך געווען צווישן עולם, איז געווען אומרואיק פאַר בערישן, ער זאָל ניט האָבן קיין דורכפאַל. ס'איז דאָ אַ רויע מאַסע, וואָס האָט ניט קיין באַשטימטן פּנים, און מען קען אויף זיי ווירקן

סיי אויף גוטס און סיי אויף שלעכטס. וועלן זיי בערישן וועלן אויס־הערן, אָדער זיי וועלן אײנמיטן זיין רײדן אָנהייבן מאַכן סקאַנדאַלן?

נאָר אָט האָט שוין בעריש אָנגעהויבן ריידן. אַ געשמאַקע, ליט־ווישע אויסשפּראַך האָט אַ גלעט־געטאָן דאָס געהער און ביסלעכווייז גענומען פליסן פריי און גרינג. זלאַטקע האָט שוין געהערט רעדנער פון דער אינטעליגענציע, אַזעלכע וואָס האָבן ניט לאַנג זיך אויסגע־לערנט יידיש ריידן; זיי האָבן גערעדט שיין און פּאָלירט און גענוצט האָבן זיי פרעמדע ווערטער און הויכע געדאַנקען, וואָס איז אַמאָל שווער געווען צו פאַרשטיין. און בעריש האָט גערעדט מאָדנע פּשוט און פּראָסט און עפּעס אַ פרישקייט און היימעשקייט האָט זיך געפילט אין זיין ריידן, און עס האָט דערמאָנט אָן דעם טעם, פון געשמאַקען, שוואַרצן ברויט. עס איז גאָר קיין רייד ניט געווען, נאָר אַ שמועס פון מענטש צו מענטש. דער שמועס צוגעווירצט מיט ווערטלעך און פּסוקים פון חומש און תנ״ך, וואָס בעריש האָט אַזוי גוט געדענקט...

וועגן וואָס איז געווען זיין ריידן, בערישעס? ער האָט גערופן די יידן צו העלפן צעברעכן די זעלבסטהערשנדיקע מאַכט. „די איצטיקע, צאַרישע רעגירונג גיט ניט די יידן קיין שום רעכטן, די יידן זיינען איינגעשלאָסן אין דער „טשערטאַ אָסעדלאָסטי“. די רעגירונג העצט צו פּאָגראָמען אויף יידן. זיינען געקומען די רעוואָלוציאָנערן און זיי ווילן אַראָפּוואַרפן אַזאַ רעגירונג און מאַכן דאָס לאַנד פריי. אין אַ פריי לאַנד וועלן יידן האָבן אַלע רעכט, ווי יעדער אַנדער פּאָלק. פאַרברידערט וועלן אַלע פעלקער זיין און עס וועט ניט זיין קיין אונטערשיד פון ראַסע און רעליגיע...“

ריידנדיק האָט בעריש זיך אַליין צעוואַרעמט. ער האָט געהער־ט זיין קול, וואָס האָט איצט דערגרייכט די וייטסטע ווינקעלעך פון שול, און זיין ריידן האָט שוין אוודאי גענומען דערגרייכן יעדערן צום האַרצן. אַ סך פון עולם האָבן זיך גענומען שטופּן נענטער צו דער בימה. און קעפּ האָבן זיך אויפגעהויבן העכער צו קענען בעסער אָנ־קוקן דעם רעדנער. ביים סאַמע טיר האָט מען געקענט זען איינעם אַ יידן מיט אַ בלייכן, אויסגעצערטן פּנים, דאָס העמד אָן אַ קאָלנער. ער איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן וואַנט און געהאַלטן די אויגן אַראָפּ־געלאָזן, אַז ער זאָל קענען בעסער הערן. און ער האָט פון הנאה צו זיך אַליין געשמייכלט.

אין שול איז געווען הייס און שטיקנדיק און די פלעמלעך פון הענג־לייכטער האָבן טונקל געצאַנקט. די ענגשאַפט איז דאָ געווען אַזוי גרויס, מען איז געשטאַנען קאָפּ אויף קאָפּ. אַ סך האָבן נאָך געהערט דעם רעדנער פון דרויסן, דורך דער אָפענער טיר פון שול. קיינער האָט זיך ניט גערירט פון אָרט צו גיין אַהיים, און פּנימער

זיינען דאָ געווען אַזעלכע, ווי זיי וואָלטן גרייט זיין נאָכגיין דעם רעדנער וואוהין ער וועט זיי פירן.

בעריש אַליין איז איצט געווען איינס מיט דער גרויסער מאַסע מענטשן. מיט ווערטער פלאַמיקע האָט ער איצט צו זיי גערעדט. און זיין דינער פנים, אַרומגענומען מיט דער טונקעלער בערדל, איז געווען מאַט־בלייך. ער האָט ריידנדיק קיינעם ניט געזען אַרום זיך. זיינע אויגן האָבן געזען וויזיעס.

זלאַטקע איז געשטאַנען מיט נאָך אַ גרופּע חברים. זי האָט זיי געהערט שמועסן צווישן זיך. זיי האָבן געזאָגט מבינות אויף בערישעס ריידן און געפּרואווט טרעפן ווער ער איז און פון וואַנען ער קומט. און זלאַטקע האָט ביי זיך געטראַכט: „אָט דאָס איז ער, דער אמתער בעריש. ווער וואָלט זיך דאָס רעכטן, אַז ער וועט אַזוי גרויס אויסוואַקסן". זי איז געווען שטאָלץ מיט אים. ווי ער וואָלט איר גאָר אַן אייגענער געווען, און אַ נאָענטער.

אַז די פאַרזאַמלונג אין שול איז געווען צו ענדע, האָט זיך נאָך קיינעם ניט געגלוסט צו גיין אַהיים. רעדלעך יידן זיינען נאָך דאָ געשטאַנען און געוואַרט, טאָמער וועט דער רעדנער נאָך עפּעס זאָגן. אַ פּאָר יידן האָבן שוין אַ שמועס־געטאָן צווישן זיך און זיך גענומען וויצלען:

— אַז ניט קיין מגיד איז דער רעדנער און ניט קיין רבֿ, טאָ ווער־זשע איז ער?

— הערסטאָך, אַז אַלע זיינען שוין גלייך, יידן און קריסטן, נישטאָ קיין אונטערשיד.

— אַז עס זאָל זיך ווענדן נאָר אָן אונז יידן, וואָלט שוין גוט געווען.

זלאַטקע איז געשטאַנען אינדרויסן און אָפּגעוואַרט בערישן. זיי האָבן זיך געדריקט די הענט:

— נו, ווי איז געווען דאָס ריידן? — האָט ער שטילערהייט זיך אָפּגערופן.

— פרעגט ניט — האָט זלאַטקע אַ באַגייסטערטע אים געענטפערט. — ס׳איז געווען גוט, וואָס גוט הייסט.

## קאַפּיטל איין און צוואַנציק

אויבאויף איז דאָס לעבן געגאַנגען מיט זיין געוועגלעכן גאַנג. מענטשן האָבן געאַרבעט, געבויט הייזער, געהאַנדעלט, געקויפט און פאַרקויפט. נאָר אינמיטן פון דאָס אַלץ האָבן זיך שוין געזען סימנים פון אַ נייער צייט אָנקומען. די רעגירונג האָט פאַרפאָלגט די רעוואָלוציאָנערן ווי ביז איצט, נאָר ניט מיט דער פריערדיקער זיכערקייט. די צייטונגען זיינען שוין דעמאָלט געווען האַלב־פריי, אָפט מיט ליידיקע שטיקער פּאַפּיר, אויפן אָרט פון אַרטיקלען, אויסגעמעקטע פון דער צענזור. אַזוי זיינען אויך אין די פענצטער אַרויסגעשטעלט געוואָרן ביכער וועגן סאָציאַלע פראַגן, וואָס זיינען ביז איצט געווען שטרענג פאַרבאָטן: וועגן דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע און דער אַגראַר־פראַגע, געשריבן פון באַוואוסטע רעוואָלוציאָנערע שרייבער.

אויף די באַנקעטן און פאַרזאַמלונגען פון דער רוסישער אינטע־ליגענציע האָט מען אָפן גערעדט קעגן צאַריזם און וועגן די נויטיקע פרייהייטן פאַרן לאַנד.

דעמאָלט איז פון דער רעגירונג אַרויסגעקומען דער פּראָיעקט פון אַ קאָנסטיטוציע, וואָס האָט געהאַט דעם נאָמען „בוליגינס דומע". ס'איז געווען אַ שאָטן פון אַ קאָנסטיטוציע. די אויסגעקליבענע פאָר־שטייער וואָלטן ניט געקענט האָבן קיין שום דעה אין דער פירונג פון לאַנד, די רעכט פון אַרויסזאָגן אַ מיינונג. דאָך איז פון דעם געווען צו זען, אַז די יסודות פון דער זעלבסט־הערשנדיקער רעגירונג נעמען זיך שוין וואַקלען.

די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס פון גאַנצן גרויסן לאַנד האָבן אָפּגעוואָרפן אָט־דעם צאַרישן פּראָיעקט און אין אַ סך שטעט איז מען אַרויס מיט פּראָטעסטן און דעמאָנסטראַציעס איבער די גאַסן.

דאָס זעלביקע איז אויך געפּלאַנט געוואָרן דאָ, אין דער היגער בונדישער אָרגאַניזאַציע. צוליב דער וויכטיקייט פון דעם ענין, איז צענויפגערופן געוואָרן אַ באַראַטונג פון אַלע טוער, פון אַלע פאַכן, אין איינעם אַ פאַרנאַכט, אין אַ קאָנספּיראַטיווער קוואַרטיר. דער פּלאַן איז געווען אַן אָפענע אַרויסטרעטונג פון אַלע אַרבעטער פון שטאָט. חיים, דער גרויסער אָרגאַניזאַטאָר אין „בונד", וועלכער האָט אויפגעטויכט יעדן מאָל, וואו נאָר זיין אַרבעט איז נויטיק געווען,

האָט זיך אויך דאָ, אויף דער פאַרזאַמלונג, באַוויזן אומגעריכטער־הייט. ער איז געקומען מיט אידאַן, ביידע פאָרשטייער פון קאָמיטעט.

אַ שטורעמדיקע זיצונג איז דאָס געווען. אויפגערעגטע פּנימער און היציקע רייד וועגן דער נייער צאַרישער „דומע", וואָס איז נאָר אַ פּרואוו אָפּצושוואַכן די רעוואָלוציאָנערע כוחות אין לאַנד. איצט איז די צייט פאַנאַנדערצוּוויקלען שטאַרקער די כוחות — אַ קאַמף ביזן סוף...

חיים איז געווען דער פאָרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג. ער האָט געוואוסט די צייט ווען אָפּצושטעלן די ליידנשאַפטלעכע רייד. ער האָט דאָס געקענט טאָן נאָר מיט אַ מאַך פון דער האַנט, אָדער מיט אַ שטרענגען קוק פון זיינע קלוגע אויגן, אונטער דעם הויכן שטערן. ער איז געשטאַנען מיט איין האַנט אָנגעשפּאַרט אָן טישל און ער האָט באַטראַכט זיין עולם, ווי אַ גענעראַל, וואָס האָט הינטער זיך אַן אַרמיי — די אַרמיי פון די בונדישע לעגיאָנען. און עס האָט זיך אַלעמען געגלוסט אויסצופאָלגען זיינע באַפעלן. אונטער זיינע שטרענגע רייד פון דיסציפּלין איז געלעגן די אמתע ליבשאַפט צום אידעאַל, צו דער באַוועגונג.

אידאַ איז לעבן אים געזעסן ביים טיש, און מיט אַ בלייפעדער אָנגעצייכנט דעם פּלאַן, דעם מאַרשרוט פון דער דעמאָנסטראַציע. דער זאַמלונגס־פּונקט האָט געדאַרפט זיין אויף דער סוראַזער גאַס. און פון דאָרטן וועט זיך דער צוג אַוועקלאָזן איבער די ווייטערע גאַסן, ביז צום צענטער פון שטאָט.

אידאַ איז געווען איינגעהאַלטן, רואיק, און זי האָט מילד גע־שמייכלט, ווען מען האָט צו איר וועגן עפּעס גערעדט. אָבער אירע אויגן זיינען געווען הייס־גליענדיק. זי איז אַזוי־ווי אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אין דער רעוואָלוציאָנערער לופט, און אַן אויפשטאַנד, צי אַ דעמאָנסטראַציע איז געווען ביי איר אַ פּשוטע און נאַטירלעכע זאַך.

ביי יענער זיצונג האָט יעדערער פון די טוער גענומען אויף זיך אַרבעט פאַר צען, געטריי און מיטן גאַנצן האַרצן. אויף זלאַטקען, וואָס איז געווען גוט מיטן נאָדל, איז אויסגעפאַלן העלפן נייען די פאָן. און אין יענעם אָוונט, ווען זי, מיט נאָך צוויי מיידלעך, זיינען געזעסן אין דער קאָנספּיראַטיווער קוואַרטיר און די פאָן גענייט. איז זלאַטקעס שטאָלץ געוואַקסן. זי האָט מיט דער האַנט געגלעט דעם רויטן זייד און האָט געלייענט די בוכשטאַבן, אויסגעמאָלן מיט גאָלד אויפן זייד.

„נידער מיט דער צאַרישער דומע!"

„עס לעבע דער סאָציאַליזם!"

„עס לעבע דער אַלגעמיינער אידישער אַרבעטער בונד!"

און וואָס זי האָט דעמאָלט געפילט איז שווער צו באַשרייבן.

זי און שיינע־רחל און מאַטעס זיינען דעמאָלט יעדע נאַכט געקומען שפּעט אַהיים, יעדערער פאַרנומען מיט זיין טייל אַרבעט. און כאַשקע, אַן אומרואיקע, איז געלעגן אין בעט און ניט געקענט צו־טאָן מיט קיין אויג, ביז זי האָט אַלעמען געהערט קומען אין שטוב.

אויף סוראַזער גאַס האָט אין יענע פאַרנאַכטן געקאָכט און גע־זאָטן מיט אַרבעט. אָן אַ שיעור פּאַכאָווע פאַרזאַמלונגען זיינען אָפּ־געהאַלטן געוואָרן; פּראָקלאַמאַציעס פאַרטיילטע זיינען איבערגע־גאַנגען פון האַנט צו האַנט; די בונדישע טוער זיינען געגאַנגען איבער די פאַבריקן און וואַרשטאַטן; זיי האָבן גערעדט צו די אַר־בעטער, צוגעגרייט זיי אַלעמען צום ערנסטן מאָמענט.

אַ נאַכט פאַר דער דעמאָנסטראַציע איז געווען די לעצטע זי־צונג פון אַלע טוער, די לעצטע צוגרייטונגען. מען האָט אויסגעאַרבעט דעטאַלן, וועלכע גרופּעס עס וועלן מאַרשירן פאַראויס און וועלכע — נאָך זיי. אינסטרוקציעס זיינען געגעבן געוואָרן ווי זיך צו האַלטן אין פאַל פּאָליציי וועט זיך אַריינמישן. מען האָט באַשטימט ווער עס זאָל האַלטן רעדעס און ווער די אויסרופן. מען האָט אויסגעקליבן איינעם, וואָס זאָל טראָגן די פאָן. אַרום דעם פאָן־טרעגער איז אָרגאַני־זירט געוואָרן אַ שטאַרקע וואַך פון העלדישע בחורים, איינס־און־איינס. אויך אַ כאָר האָט מען איינגעשטעלט צו זינגען רעוואָלוציאָ־נערע לידער, מאַרשירנדיק איבער די גאַסן.

ביי דער זיצונג איז איבערגעגעבן געוואָרן פון קאָמיטעט, אַז עס פירן זיך פאַרהאַנדלונגען מיט נאָך אַנדערע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען אין שטאָט, זיי זאָלן אויך צושטיין צו דער דעמאָנסטראַציע. דאָס איז געווען אַ פריידיקע נייעס. אָבער אַלע האָבן געוואוסט, אַז די אַנדערע פּאַרטייען האָבן דאָ אין שטאָט אַ שוואַכע ווירקונג, און דער הויפּט־אויפטו און די הויפּט־אַרבעט וועט אַלץ זיין פון „בונד".

צום סוף פון דער זיצונג איז צווישן די צוויי פאָרשטייער פון קאָמיטעט, צווישן חיימן און אידאַן, אַרויסגעקומען אַן איבעררייד. חיים איז באַשטאַנען אויף דעם, אַז אידאַ זאָל צו דער דעמאָנסטראַציע ניט גיין. אין פאַל פּאָליציי וועט אַרעסטירן אַ סך טוער, זאָל זיין ווער עס זאָל ווייטער פירן די אַרבעט. אַזוי פאָדערט די דיסציפּלין. אידאַ האָט אָבער געשמייכלט אויף זיינע רייד, ווי זי וואָלט זאָגן: „רעדט ניט קיין נאַרישקייט, חבר. ווי איז דאָס מעגלעך, אַז איך זאָל אויף דער דעמאָנסטראַציע ניט זיין!"...

די פרייד פון איר יונגען לעבן האָט אין איר געלויכטן. און קוקנדיק אויף איר, האָט זיך אויך אַלעמען געדאַכט, אַז איר קען קיין שלעכטס ניט געשען...

דערנאָך איז געקומען דער טאָג פון דער דעמאָנסטראַציע. יע־נער טאָג פון חודש אויגוסט, 1905, האָט זיך געשטעלט אַ וואַרעמער,

מיט אַ זוניקן הימל. אַ סך חברים, אַרויסקוקנדיק דורכן פענצטער, האָבן זיך געפרייט, אַז עס וועט זיין אַ גוטער טאָג פאַר דער דעמאָנ־סטראַציע. ווען זלאַטקע איז געקומען אויף סוראַזער גאַס, איז נאָך געווען פרי און ווייניק מענטשן האָבן זיך דאָרטן געזען. זי איז אַרומ־געגאַנגען הין־און־צוריק און געוואַרט אויף די שניידער־אַרבעטער פון איר פאַך, וואָס האָבן דאָ, אין אַ זייטיקער געסל, געדאַרפט זיך צענויפזאַמלען.

דער ווייזער אויפן זייגער פון שפּיץ ראַטושע האָט געוויזן אויף איינס. און באַלד האָט די גאַס גענומען אָנקוועלן מיט מענטשן, פון אַ סך זייטן זיינען אַהער געקומען קאָלאָנעס פון אַרבעטער, מיט גרינגע און מונטערע טריט אַקסל־צו־אַקסל, האָבן זיי געאײַלט צום זאַמל־פּונקט.

די ערשטע האָבן זיך באַוויזן די גאַרבאַרעס, די העלדישע יונגען, פאַלצער און וואַלקער. זלאַטקע האָט צווישן זיי בעניאָמקען דערזען. ער האָט געהאַלטן זיין שיינעם, שטאָלצן קאָפּ הויך אויפ־געהויבן, און זיינע שמאָלע, שאַרפע אויגן האָבן געקוקט אין דער ווייטקייט. באַלד זיינען אָנגעקומען די סטאָליאַרעס, די בערשטער, די מעכאַנישע שוסטער, פריקאַזטשיקעס און די פון טאָבאַק־פאַב־ריק — אַזוי פאַך נאָך פאַך. און אַלע זיינען זיי געווען פריילעכע און דרייסטע, און אָנגעטאָן אין זייערע יום־טובדיקע קליידער.
עס איז אָנגעקומען דער גרויסער וועבער־פאַך. די יונגע מיידלעך, שפּולאַרקעס און נופּערקעס און זייערע טאַטעס, די עלטערע וועבער — אַ שטאַב אַ גאַנצער. און אין דער ערשטער רייע איז געגאַנגען מאַטעס, מיט אַ געזעצטן טראָט. זיין פּנים ערנסט און פייערלעך, זיין באָרד שיין געקאַמט, און אָנגעטאָן אין זיין יום־טובדיקן קאַפּטן.

עס האָט זיך איינגעגעבן אָפּצושטעלן עטלעכע גרויסע וועב־פאַבריקן, וואו עס האָבן געאַרבעט קריסטלעכע אַרבעטער. זיי זיינען געקומען אַהער אין איין גרויסער גרופּע. מען האָט זיי באַגעגנט מיט הילכיקע באַגריסונגען און אַריינגענומען זיי אינמיטן פון דער גאַנ־צער מאַסע, פאַראייניקט און פאַרברידערט...

די גאַס איז שוין פול געווען, און אַרבעטער האָבן נאָך געהאַלטן אין איין קומען. און ווי אַ טייך אַ רוישיקער, האָט די מאַסע־מענטשן שטראָמיק זיך צעגאָסן ווייט איבער די שכנישע געסלעך.

איצט איז געקומען די צייט די דעמאָנסטראַציע אָנצוהייבן. הויך איבער אַלעמענס קעפּ האָט די פאָן אַ פלאַטער־געטאָן מיט איר העלער רויטקייט און מיט די אויפשריפטן פון גאָלד־קאָליר. אויף אַ ווײַלע איז שטיל געוואָרן. די גאַס האָט אַזוי ווי איינגעהאַלטן דעם אָטעם. דערנאָך האָבן צווישן דער געדיכטעניש פון דער מאַסע די אויסרופן געלאָזט פון זיך הערן אויף יידיש און אויף רוסיש:

— נידער מיט דער זעלבסט־הערשנדיקער רעגירונג!

— דאַ זדראַוויסטוואויעט קאָנסטיטוציאַ! (לעבן זאָל די קאָנ־סטיטוציע).

און ווי אַן עכאָ האָט מען פון די הינטערשטע רייען געענטפערט:

— עס זאָל לעבן אַ פרייע רוסלאַנד!

— נידער מיט דער צאַרישער דומע!

— עס לעבע דער סאָציאַליזם!

דער פאָנען־טרעגער, הערשל דער סטאָליער, אַליין נידעריק און ברייט־אַקסלדיק, איז אַרויס אין די ערשטע רייען, צו זיין גרייט, ווען מען וועט דאַרפן אָנהייבן מאַרשירן. אַרום האָט די וואַך אים אַרומ־גערינגלט, ווי מיט אַ רינג.

זלאַטקע האָט זיך דורכגעשטופּט נענטער צו דער פאָן, וואָס זי האָט מיט אירע אייגענע הענט געניית: „דער אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער בונד אין ליטע, פוילן און רוסלאַנד" — האָט זי שטילער־הייט צו זיך געלייענט די אויפשריפט אויף דער פאָן.

די איינוואוינער פון סוראַזער גאַס — אַ גאַנץ יאָר דערשלאָ־גענע און פאַריאָכטע — האָט איצט ביי אַ סך פון זיי אַ האָפנונג זיך געוועקט אויף עפּעס אַ ישועה. פון די גרויע און טריבע הייזער האָבן זיך פענצטער צעעפנט, הענט האָבן געפאָכעט מיט פאַטשייל־קעס און באַגריסט די דעמאָנסטרירנדיקע. און ווייטער אַ ביסל, ביים ראַטושע, זיינען די סוחרים אַרויס פון זייערע קראָמען און געקוקט, ווי אויף אַ בייז־וואונדער, אויף דעם מבול פון מענטשן, דאָרטן, ביי דער סוראַזער גאַס. זיי האָבן איינע מיט די אַנדערע זיך מיישב געווען, אפשר זאָל מען גאָר צומאכן די קראָמען, ווייל קיין לייזונג וועט שוין סיי־ווי היינט ניט זיין.

עטלעכע רעדנער, וואָס זיינען געווען צעוואָרפן איבער דער גרויסער מאַסע, האָבן איצט גערעדט. שיינע־רחל איז אויך געווען צווישן די רעדנער. זלאַטקע האָט איר ניט געקענט זען, אָבער צו איר האָט זיך דערטראָגן שיינע־רחלס קלינגענדיקע שטימע.

ווי נאָר מען האָט געענדיקט ריידן, האָט דער כאָר אויסגע־זונגען די „שבועה" פון „בונד". באַלד נאָכדעם — דעם „אינטער־נאַציאָנאַל", „טשערוואָני שטאַנדאַרד", די „מאַרסעליעזע" און נאָך רעוואָלוציאָנערע לידער. דאָס געזאַנג האָט זיך געטראָגן הויך און ווייט אַרום.

זלאַטקע האָט דעמאָלט אַליין פאַר זיך ניט עקזיסטירט. זי איז נאָר געווען אַ טייל פון גאַנצן, ריזיקן כוח, וואָס אַרום איר. אירע אויגן זיינען געווען פאַרלאָפן, און זי האָט ניט געזען, ווי אידאַ, די פאָרשטייערין פון קאָמיטעט, איז צוגעגאַנגען צו איר. אידאַ האָט זלאַטקען דערזען פון דער ווייטן און זי האָט זיך דורכגעשטופּט צו

איר דורך דער ענגשאַפט. אידאַס פּנים איז געווען פאַרפּלאָמט. זי איז אויך געווען צווישן די רעדנער. ביידע מיידלעך זיינען איצט גע־שטאַנען געאָרעמט; ביידע אָן רייד, פון צופיל איבערלעבונג. און אַז דער כאָר האָט געזונגען די „שבועה“, האָבן זיי מיטגעזונגען נאָר מיט די ליפּן. זיי זיינען ענלעך געווען אויף צוויי פרומע ווייבלעך, אין שול, ביים דאַוונען...

לויט דעם אויסגעאַרבעטן פּלאַן פון מאַרשרוט האָט דער צוג פון דער דעמאָנסטראַציע זיך געדאַרפט איצט לאָזן איבער די וויטערע גאַסן, ביז צום צענטער פון שטאָט און דערנאָך צוריק. דער פאָנען־טרעגער, הערשל דער סטאָליאַר, האָט די פאָן אויפגעהויבן העכער און איז אַרויסגעטראָטן אין דער ערשטער רייע. אַרום אים איז געווען די וואַך אים צו באַשיצן, אויב עס וועט נויטיק זיין.

דעמאָלט איז פון אַ זייטיקער גאַס אויסגעוואַקסן אַן אָפּטיילונג פון סאָלדאַטן מיט זייערע ביקסן אויף די אַקסלען, זיי זיינען גע־גאַנגען אַנטקעגן דער מאַסע מענטשן. טעמפּ זיינען געווען זייערע פּנימער, ווי אויסגעגאָסן פון בליי. אַן אָפיצער האָט זיי געפירט. זיין שטאָלענע סאַבליע איז געווען אַרויסגענומען פון שייד און האָט געגלאַנצט קעגן דער זון. און אַזוי האָבן זיי זיך דערנענטערט צו די דעמאָנסטראַנטן:

— „סאָלדאַטן!“ — איז דאָס וואָרט איבערגעגאַנגען פון מויל צו מויל, ווי דאָס שאָרכן פון בלעטער אין אַ ווינט. די גרויסע מאַסע מענטשן האָבן זיך אַ וויג געטאָן, זיך צונויפגעדריקט נעענטער איינער צום אַנדערן. די סאָלדאַטן האָבן ניט געשלאָגן, ניט אויסגעשאָסן פון די ביקסן. זייער ציל איז געווען אַרויסצורייסן די פאָן. די וואַך פון אַרבעטער האָט באַלד אַרומגערינגלט דעם פאָן־טרעגער, ווי מיט אַ שטאַרקער וואַנט. נאָר די סאָלדאַטן האָבן אים שוין דער־גרייכט. פון דער מאַסע האָבן זיך געגעבן אַ רוק אַרויס אַרבעטער באַוואָפנט מיט שטיקער אייזן, מיט האַמערס און מעסערס און מיט גראָבע שטעקנס. עס איז געוואָרן אַ געראַנגל צווישן די סאָלדאַטן און די אַרבעטער. הערשל האָט זיך פאַרטיידיקט ווי אַ לייב, און די פאָן פון דער האַנט ניט אַרויסגעלאָזן. אַ סאָלדאַט האָט מיט זיין סאַב־ליע אים געגעבן אַ זעץ איבערן קאָפּ. ער איז געפאַלן צו דער ערד. אַנדערע הענט האָבן באַלד אויפגעכאַפּט די פאָן, ניט צו לאָזן איר אַריינפאַלן צום שונא. די פאָן איז איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט.

איין צייט האָט מען זלאַטקען געזען אַרויסנעמנדיק די פאָן פון דער האַנט פון אַ געפאַלענעם חבר. מיט דער פאָן אין האַנט האָט זלאַטקע באַקומען גבורה: — „חברים ניט לאָזן זיי קריגן די פאָן!“ — האָט זי גערופן מיט אַ שטאַרקען קול. אַ חבר איז באַלד לעבן איר

אויסגעוואַקסן צו העלפן איר. ווידער האָט די פּאָן אַ פלאַטער געטאָן הויך איבער אַלעמענס קעפּ. די סאָלדאַטן זיינען אָפּגעטראָטן.

דער צוג האָט שוין איצט געקענט אָנהייבן מאַרשירן פאָראויס. נאָר אין דער מינוט האָט זיך דערהערט דאָס קלאַפּן פון פערדישע קאָפּיטעס איבערן ברוק. נאָך אַן אָפּטיילונג פון סאָלדאַטן זיינען אָנגעקומען. אָן שום וואָרנונג האָבן זיי אָנגעהויבן אַ שיסעריי איבער די דעמאָנסטראַנטן. די געדיכטע מאַסע מענטשן האָט זיך געגעבן אַ צענעם אויף טיילן. דורכגענומען מיט אַ פּאַניק האָט מען זיך גע־וואָרפן אויף אַלע זייטן, זוכנדיק אַן אָרט וואו צו אַנטלויפן. מען איז געפאַלן איינע אויף די אַנדערע. האַרצרייסנדיקע געשרייען און גע־יאָמער האָט פאַרהילכט די לופט.

די שיסעריי האָט ניט אויפגעהערט. די צעיושעטע סאָלדאַטן האָבן מיט ווילדער הנאה געצילט אַלע ווײַלע אין אַ נייעם קרבן, טרעטנדיק איבער דעם בלוט־באַפּאַרבטן ברוק, איבער פאַרוואונדע־טע און טויטע קערפּערס.

די גאַס האָט געגומען פוסטעווען. זלאַטקע האָט נאָר געדענקט ווי זי איז דעמאָלט מיט נאָך אַ גרופּע מענטשן געשטאַנען לעבן אַ הויז פּרוואונדיק אַריינגיין אינעווייניק. די טיר פון הויז איז געווען פאַר־האַקט. אויף זייער גרופּע האָבן געצילט עטלעכע ביקסן פאַר אַמאָל, זי האָט געהערט משונהדיקע קולות אַרום זיך און זי האָט געפילט אַ הייסן פלאַם דורכלויפן דורך איר רעכטן אָרעם. דערנאָך איז פינצ־טער געוואָרן און אַלץ אַרום האָט זיך איינגעשטילט.

אַז זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט זי זיך דערזען ליגנדיק אויף אַ בעטל אין אַ קליינעם צימער פון עפּעס אַ הויז. אין איר רעכטן אָרעם האָט געבלוטיקט אַ וואונד. אויף דעם זעלבן בעטל, און אויך אויף דער ערד, זיינען געלעגן נאָך פאַרוואונדעטע, און זיי האָבן שטיל געקרעכצט. אַ פּאָר פון זיי זיינען אָפּגעגאַנגען מיט בלוט. אין צימער האָבן ווי שאָטנס זיך באַוועגט עטלעכע מענטשן. זלאַטקען האָט זיך געדוכט, אַז זי דערקענט אַ פּאָר חברים צווישן זיי, נאָר זי איז געווען צו־שוואַך זיך אויפהויבן זיי זען.

עמעצער פון שטוב האָט געפּרוּווט צוגיין צום פענצטער און אַרויסקוקן צום גאַס. נאָר ער איז באַלד אָפּגעשפּרונגען צוריק, אַ ביקס איז געווען אָנגעצילט צום פענצטער, גרייט צו שיסן ווער עס וועט זיך נאָר באַווייזן. דער יאָמער אויפן גאַס האָט אויפגעהערט. איינציקע שאָסן האָבן זיך נאָך געהערט דאָ און דאָרט, וואָס האָט געגעבן צו וויסן, אַז די סאָלדאַטן בושעווען נאָך.

שפּעט אין אָוונט האָט מען זלאַטקען מיט נאָך פאַרוואונדעטע אָפּגעפירט אין שפּיטאָל. עס איז געווען אַ ליכטיקע נאַכט, מיט אַ קלאָרן, אויסגעשטערנטן הימל, די גאַסן האָבן געפּוסטעוועט, נאָר

מיליטערישע פּאַטרולן האָבן דאָ אַרומשפּאַצירט, ווי אין אַן איינגע־נומענער שטאָט. אַנדערע סאָלדאַטן זיינען געזעסן אויף די בריקלעך פון די הייזער און האָבן גערוט. לעבן זיי זיינען די ביקסן צענויפגע־שטעלט געווען אין איין בינטל, ווי אין אַ סאָלדאַטישן לאַגער. ביי אַ ראָג פון גאַס זיינען געשטאַנען אַ פּאָר אָפיצירן אין זייערע גאַלאַנטע מונדירן און האָבן רואיק צווישן זיך געשמועסט.

זלאַטקע איז געלעגן אויפן בעט אין שפּיטאָל־צימער. אין די אויערן האָט נאָך געזשומעט דאָס שיסעריי פון די ביקסן, דאָס שרעק־לעכע געיאָמער פון די מענטשן אין גאַס; און אַז זי האָט אויף אַ ווײַלע פאַרמאַכט די אויגן, האָבן זיך איר אָנגעהויבן ווייזן משונה־דיקע בילדער פון די צעשאָסענע מענטשן אין גאַס — דורכגעלעכערטע שאַרבנס, אָן אָפענע טויטע אויג, פאַרבלוטיקטע קליידער, און דאָס היהשע פּנים פון אַ סאָלדאַט, בעת ער האָט געצילט מיט זיין ביקס אין זיין קרבן. און זי האָט אויף גיך אַן עפן־געטאָן צוריק די אויגן, אַז זי זאָל אין דער שטילקייט פון שפּיטאָל־צימער געפונען אַ באַ־רואיקונג.

עס איז געווען פאַרטאָג. איבער די ווייסע ווענט פון שפּיטאָל־צימער און איבער די בעטלעך פון די פאַרוואונדעטע איז געשוועבט מען אַ רואיקע בלייכקייט פון אויפגייענדיקן טאָג. די קראַנקע זיינען געלעגן אין האַלבן דרימל. די נאַכט איז אַוועק אין משונהדיקע קאָש־מאַרן, קרעכצן און פלוצלונגדיקע אויסגעשרייען פון אַלע בעטלעך האָבן אָנגעפילט די לופט. ביי וועמען עס איז דורכגעשאָסן געוואָרן אַ פוס, ביי וועמען די קויל האָט דערלאַנגט אין אויער, און ביי וועמען די קויל איז דורכגעפלויגן דורכן פלייצע אויף דורך־און־דורך און ניט אָנגערירט די האַרץ.

ניט ווייט פון זלאַטקעס בעטל איז איינע אַ מיידל געלעגן. זי איז געווען פאַרוואונדעט אין ביידע פיס און זי האָט געליטן שרעק־לעכע ווייטאָקן. פון צייט צו צייט האָט זי געגרעדט פון היץ. און דע־מאָלט האָט זי מיט אַ וויינענדיקן קול געבעטן ביי גאָט ער זאָל איר פאַרגעבן די זינד: „איך וועל שוין מער ניט זאָגן, אַז קיין גאָט איז ניטאָ“, — האָט זי געיאָמערט. זלאַטקע האָט ביי זיך געטראַכט, אַז אָט די מיידל איז נאָך געווין אַ מאַסאָווע, וואָס מען האָט ערשט אָנ־געהויבן איר אַגיטירן.

די דאָקטוירים און באַרמהערציקע שוועסטער זיינען שוין גע־ווען אויף די פיס. זיי האָבן גערייניקט און איבערגעבונדן די וואונדן און זיי האָבן יעדן געטרייסט. עס איז געווען צו זען, אַז אויך זיי זיינען צעטרייסלט פון דעם נעכטיקן שרעקלעכן טאָג און אַז זיי זיינען אויף דער זייט פון די רעוואָלוציאָנערן.

באַלד האָבן אָנגעהויבן קומען פריינט און חברים צו די פאַר־

וואונדעטע. טרויער איז געלעגן אין יעדערנס באַוועגונג, אין יע־דערנס קול. זיי האָבן דערציילט, אַז די גאַנצע שטאָט איז ווי פּאַראַ־ליזירט, אַלע אַרבעטן זיינען יענעם טאָג אָפּגעשטעלט געוואָרן, אַלע קראָמען צוגעמאַכט; די גאַנצע געזעלשאַפט איז אויפגעשוידערט געוואָרן פון דער מערדערישער אַטאַקע פון דער זייט פון דער פּאָלי־ציי, וואָס איז געוויס געטאָן געוואָרן לויט אַן אָנווייז פון דער צאַרי־שער רעגירונג.

מאָמעס האָבן, ווי שאָטנס, אַרומגעשלייכט פון גאַס צום שפּי־טאָל און צוריק, געזוכט זייערע קינדער צווישן די פאַרוואונדעטע, צווישן די טויטע. דרייסיק טויטע האָט מען אָנגעציילט, און אַ סך הונדערטער צווישן די פאַרוואונדעטע. די געקומענע האָבן דערציילט, אַז מען ריכט זיך אויף מאָרגן צו דער גרויסער לוויה פון די אומגע־קומענע און אַז עס וועט זיין אַ דעמאָנסטראַציע פון דער גאַנצער שטאָט אַרבעטער.

זלאַטקע האָט מיט אַ ציטערדיקן האַרצן געוואַרט צו דערוויסן זיך וועגן די חברים האָבן געליטן. אָבער דערווייל האָט זי נאָך קיינעם פון די נאָענטע אירע ניט געזען. צו איר בעטל איז צוגעקו־מען איינער אַ בחור. נאָטקע איז געווען זיין נאָמען. ער האָט צו זלאַטקען גערעדט מיט אַ סך געפיל און זיך אויסגעפרעגט וועגן איר וואונד, ווי אַ געטרייער חבר.

נאָטקע איז געווען אַ בחור אַן אומרואיקער און אַ קאָכיקער. ער האָט אַמאָל באַלאַנגט צו זלאַטקעס אַ קרייזל. און זי האָט מיט אים געלערנט דעם סאָציאַליזם. אָבער זי האָט דעמאָלט פון אים אַ סך עגמת־נפש געהאַט. ער האָט שטענדיק געזוכט חסרונות אויפן „בונד". ער האָט געזאָגט, אַז מען קעמפט ניט גענוג, און ער האָט ניט געקענט פאַרטראָגן די צו־גרויסע דיסציפּלין, און ער האָט פּראָטעסטירט פאַר יעדער קלייניקייט. נאָטקע האָט קיין געדולד ניט געהאַט צו וואַרטן אויפן „היסטאָרישן פּראָצעס". ער האָט געוואָלט שוין עפּעס טאָן, און ער האָט געהאַלטן פון עקספּראָפּריאַציעס — „אָוועקנעמען צוריק פון די קאַפּיטאַליסטן דאָס צוגערויבטע פון די אַרבעטער"... ער האָט געדאַרפט באַלאַנגען צו די אַנאַרכיסטן, און צו זיי איז ער טאַקע אינגיכן אַוועק.

זלאַטקע האָט זיך אפילו געוואונדערט, וואָס אים איז געלעגן אין זינען איצט צו קומען איר געוואויר ווערן. נאָטקע איז געווען איר „שונא". עס האָט ניט איינמאָל פּאַסירט, ווי זי איז געשטאַנען אויף דער בירזשע און אַגיטירט אירע מענטשן, האָט זי מיטאַמאָל דער־הערט נאָטקעס שרייענדיקן קול אין אַן אַנדער ווינקל פון דער ביר־זשע, ווי ער קריטיקירט די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע לערע:

„לאָזט זיך ניט פאַרטשאַדן די קעפּ פון זייערע פּאַרלאַמענטן,

מיט די פאַרקויפטע דעפּוטאַטן!" — האָט ער געשריִען צו אַ רעדל מענטשן אַרום אים.

געוויס איז דער „בונד" געווען דער שטאַרקסטער כוח אויף דער בירזשע, אָבער זיי, די אַנאַרכיסטן, האָבן אָנגעטאָן געניוג שאָדן און אַ סך כוחות האָט מען געמוזט פאַרווענדן אויפצוקלערן די מאַסן זייערע פאַלשע וועגן.

איצט איז די ביטערקייט צווישן זיי געווען פאַרגעסן. נאָטקע איז געזעסן לעבן איר בעטל און זיי האָבן גערעדט פון די טרויעריקע געשעענישן. נאָטקע האָט געוואָלט אונטערהאַלטן איר מוט און ער האָט גערעדט נאָר פון גרינגע זאַכן און געזען אַרויסצורופן ביי איר אַ שמייכל, ווי אַן אמתער געטרייער חבר.

— עס טוט וויי? — האָט ער אָנגעוויזן אויף דעם באַנדאַזש אַרום איר אָרעם.

— אַ ביסל... — האָט זלאַטקע געענטפערט, אַן אויפגעמונ־טערטע.

„ס'איז גוט צו האָבן חברים, אפילו פון די אַנאַרכיסטן", — האָט זלאַטקע ביי זיך געטראַכט, נאָך זיין אַוועקגיין, נאָטקעס.

באַלד נאָך אים איז שיינע־רחל אַריינגעקומען אין שפּיטאָל־צימער. שיינע־רחל איז עפּעס געווען אינגאַנצן אַ צענויפגעצויגענע. זי האָט אויסגעקוקט פאַרעלטערט אין דעם איין טאָג, וואָס זיי האָבן זיך ניט געזען. אונטער די אויגן האָט זי געהאַט טונקעלע שאָטנס, און איר גאַנג איז געווען ווי געפּענטעט. זי איז צוגעגאַנגען צום בעטל, און זלאַטקע האָט זיך געגעבן אַ הויב־אויף און איר אַרומגע־נומען מיט איין האַנט, מיט דער געזונטער.

ביידע האָבן איינגעהאַלטן דאָס געוויין, וואָס האָט זיך ביי זיי געריסן פון האַרצן אַרויס. זלאַטקע האָט מיט אַנגסט אַ פרעג געטאָן איר חברטע:

— מיט בעניאָמקען איז עפּעס געשען? זאָג, דערציייל.

שיינע־רחל האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. יע, בעניאָמקע איז אויך געווען צווישן די פאַרוואונדעטע. זי גייט ערשט פון יענעם צי־מער, וואו ער ליגט. עס קאָן זיין מען וועט אים דאַרפן אַראָפּנעמען אַ פוס... שיינע־רחלס קול איז געווען כמעט האַרט. זי האָט אָנגעווענדט איבערמענטשלעכע כוחות צו האַלטן זיך בראַוו. זי האָט אפילו גע־פּרואווט שמייכלען:

— נו, און וואָס איז מיט דיר? ווייז מיר נאָר דיין האַנט, אָבי עס איז נאָר אַ וואונד. דער ביין איז ניט איבערגעבראָכן.

— זאָג מיר, האָט נאָך עמעצער געליטן? האָסט שוין געזען זיך מיט חברים? — האָט זלאַטקע געוואָלט וויסן. שיינע־רחל האָט אָנגערופן עטלעכע פון זיי. ווער ס'איז פאַרוואונדעט, ווער ס'איז

געפאַלן טויט. אַ ווײַלע האָבן זײַ בײדע פאַרטרויערטע געשוויגן. זלאַטקע האָט פּלוצלונג זיך אַ כאַפּ געטאָן:

— און אידאַ? דו האָסט איר געזען...

שיינע־רחל האָט געשוויגן און זלאַטקען איז אַ קעלט דורכ־געלאָפן איבער אירע אברים.

— וואָס שוויגסטו, זאָג! — האָט זע געגעבן אַ געשריי אַרויס.

— אידאַ איז געפאַלן טויט, — האָט שיינע־רחל גערעדט, ווי ניט מיט איר קול, — אונזער אידאַ. זי איז שוין מער צווישן אונז ניטאָ...

זלאַטקע האָט צוריק זיך אַוועקגעלייגט אויפן קישן. אַ ווײַלע איז זי אַזוי געלעגן מיט די אויגן ווי פאַרשטאַרט. נאָר מיט אַמאָל האָט זיך אַרויסגעריסן פון איר אַ געוויין, וואָס האָט קאָנוואולסיוו גע־טרייסלט איר גאַנצן קערפּער. שיינע־רחל האָט זיך איבער איר אי־בערגעבויגן, מיט דער האַנט געגלעט איר דאָס פּנים.

— זלאַטקע, מען דאַרף ניט אַזוי... שטאַרק זיך, שטאַרק זיך, איך בעט דיך, — האָט זי איר געמוטיקט, און איר אייגענער קול איז געווען דורכגעזאַפּט מיט געוויין. אינגיכן האָבן זיי זיך צוזעגנט און שיינע־רחל איז אַרויס פון צימער.

דערווײַל האָט דער גרויסער הויף פון שפּיטאָל זיך אָנגעפּילט מיט מענטשן. באַלד זיינען דאָרט רעדנער אַרויסגעטראָטן פון אַלע פּאַרטייען פון שטאָט. מען האָט גערעדט אויף אַלע שפּראַכן, אויף יידיש, אויף פּויליש און רוסיש. און אַלע האָבן זיי גערופן צו אָנזאַמלען די כּוחות פאַר דעם קאַמף מיט אַזאַ רעגירונג, וואָס איז שוין אויף קיין שום זאַך ניט פעאיק, אויסער צו באַגיין גוואַלטאַטן. דורך די אָפענע פענצטער פון שפּיטאָל־צימער האָט זלאַטקע געקענט הערן זייערע שטימען. זי האָט צווישן די רעדנער דערקענט אויך שיינע־רחלס קול, וואָס האָט געקלונגען ווי אַן אויסגעשריי פון אַ פאַרוואונ־דעטן האַרצן.

„ס'איז ניט פאַר אַ רעוואָלוציאָנער צו טרויערן. שיינע־רחל איז גערעכט" — האָט זלאַטקע געזאָגט צו זיך אַליין. — „אַ רעוואָ־לוציאָנער טאָר ניט אַרײַנפאַלן אין יאוש", — האָט זי מיט זיך אַליין אײַנגעטענהט, און זי האָט געווישט די אָנלויפנדיקע טרערן פון אירע אויגן...

# קאַפּיטל צוויי און צוואַנציק

אַז זלאַטקע איז דערנאָך געפאָרן אַהיים קיין בערעזע, איז זי שוין געווען כמעט אינגאַנצן געזונט. די וואונד האָט זיך שוין גע־האַלטן ביים פאַרהיילן. מען האָט עס נאָך געדאַרפט פריש איבער־בינדן אַלע טאָג. זי איז פון וואָקזאַל צוגעפאָרן אַהיים מיט אַ דראָזשקע. זי האָט אין פאָראויס געשריבן וועגן איר קומען. און אין דער היים האָט מען זיך שוין אויף איר געריכט.

ס׳איז געווען אין אַ פאַרנאַכט, ווען זלאַטקע איז אַריינגעקומען אין שטוב מיט איר קערבל זאַכן אין האַנט. ווען זי האָט אויסגעטאָן איר זשאַקעטל, זיינען אַלע אין שטוב געבליבן שטיין איבערגעשראָ־קענע, דערזעענדיק דעם ווייסן באַנדאַזש אויף איר לינקען אָרעם. די מאַמע איז די ערשטע אַרויס מיט אַ געיאָמער און אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט:

—אַ קלאָג איז צו מיר אַ גרויסער. זלאַטקע מיין טאָכטער, וואָס איז דאָס אַזוינס?

— ס׳איז גאָרנישט, מאַמע. ס׳איז אַ קליינע וואונד נאָר — האָט זלאַטקע געמאַכט אַ מונטערן פּנים. — עס האַלט זיך שוין ביים פאַרהיילן.

— וואָס? ווי אַזוי? דערצייל! — האָט די מאַמע געהאַלטן אין איין פרעגן.

— אַז ס׳איז גאָרניט. איך זאָג דאָך דיר, — האָט זלאַטקע זיך געבעטן ביי איר.

— לאָז איר פריער קומען צו זיך — האָט זיך דער טאַטע אַריינ־געמישט. — וועסט נאָך צייט האָבן פרעגן . . .

— ס׳טוט שטאַרק ווי? זאָג, וואָס דאַרף מען טאָן? — האָט די מאַמע מיט אַ פינגער אָנגערירט דעם באַנדאַזש.

דער טאַטע האָט אָנגעקוקט זיין טאָכטער מיט אַ מאָדנעם שמייכל, וואָס איז געווען אי אומעטיק, אי פריילעך; פריילעך פון דעם, וואָס מען זעט איר כאָטש אַ לעבעדיקע, מיט גאַנצע גלידער. ער האָט זיך געשטאַרקט בייצוקומען זיין שרעק. און זלאַטקע האָט אויך אָנגעקוקט דעם טאַטן, און אַ וואַרעמער שמייכל האָט באַלויכטן איר פּנים. עס איז מאָדנע, ווי דער טאַטע האָט זיך פאַרהאַלטן צו

זיין עלטסטער טאָכטער. ער האָט דאָך געוואוסט, אַז זי איז אַוועק אויף שלעכטע וועגן, און ער האָט איר שוין געהאַלטן פאַר אַ פאַר־פאַלענער, ער איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ צעווייטאָקטן האַרצן, אָבער ווי נאָר ער האָט דערזען איר גוטן שמייכל, האָט ער אַן אַלץ פאַר־געסן; די האַנט זיינע האָט זיך ביי אים אויפגעהויבן און ער האָט אַ גלעט־געטאָן זלאַטקען איבערן קאָפּ, מיט אַ תפילה אין האַרצן צו גאָט, אַז זיין טאָכטער זאָל זיך צוריק אומקערן אויפן ריכטיקן וועג.

— לייג זיך צו אַ ווײַלע אָפּרוען, — האָט די מאַמע געזאָגט. — נייִן, וואַרט, איך וועל אויפלייגן אַ פייער, מאַכן דיר עפּעס וואַרעמס צום טרינקען.

און שוין פאַרענדיק זיךביים אויוון, האָט די מאַמע נאָך אַלץ ניט געקענט זיך איינרואיקן און, ווי צו זיך אַליין, האָט זי אַלץ געמורמעלט:

— וואָס־דען, כ׳האָב פריער ניט געוואוסט, אַז עפּעס וועט מוזן געשען? אַז מען איז דאָך ניט זיכער מיטן לעבן. נויטיק האָט זי באַ־דאַרפט פאָרן!...

די מאַמע האָט פרי געמאַכט נאַכט און זי האָט גענומען גרייטן פאַר אַלעמען די געלעגערס. זלאַטקען איז געווען גרינג אויפן האַרצן, אַבי זי איז שוין אַריבערגעקומען די ערשטע באַגעגניש מיט אירע אייגענע, די היים אירע, וואָס איז איר געווען אַ׳ פרעמדלעך און אַ׳ אַזוי ליב. זי האָט זיך נאָר אַ ביסל געוואונדערט, ווי קומט דאָס, וואָס דעם גאַנצן אָוונט האָט זי ניט געהערט קיין סיגנאַל, דאָס שטילע פייפן זאַוולס, אונטערן פענצטער, אַז זי זאָל אַרויסקומען צו אים, ווי ער פלעגט דאָס אַלעמאָל טאָן. זאָל זיין, אַז ער ווייסט גאָר ניט פון איר קומען? זי האָט דאָך אים אַ בריוו געשריבן, באַלד ווי זי איז אַרויס פון שפּיטאָל. זי האָט געהאַט אַ מאָדנעם פאַרגעפיל פון עפּעס, אָבער באַלד האָט זי זיך אַליין איינגערואיקט: „אָ, ס׳איז גאָרניט, כ׳מאָרגן וועט זי דאָך אים שוין זען״...

פאַר דער צייט, וואָס זלאַטקע איז אין דער היים ניט געווען, האָט די מאַמע אירע דאָ שוין אַ סך זאַכן אָפּגעטאָן. די מאַמע, מיט איר סוחרישן קאָפּ — זי האָט אָפּגעדונגען אַ קראָם אויפן מאַרק, אַזוי ווי זי האָט עס שוין לאַנג געפּלאַנט — אַ קראָם פון טיטון און דזשע־לעכטס און גראָבן זאַלץ און אַלץ, וואָס דער פּויער דאַרף האָבן, אַז ער קומט פון דאָרף. שיינדלען, דער עלטערער מיידל וואָס נאָך זלאַטקען, האָט די מאַמע אָפּגענומען פון דער פאַרוקמאַכערקע, וואו זי איז געגאַנגען אויף דער לער, און שיינדל פירט איצט די באַלע־באַטישקייט אין שטוב.

דער טאַטע זלאַטקעס האָט אַלץ ווייניקער זיך פאַרנומען מיט זיין פּרנסה — די לאָטעריי־צעטלען — צוליב זיין שוואַכן געזונט, און דערפאַר, ווייל ער האָט זיך צו אָט־דעם מסחר ניט אויסגעטויגט.

ער האָט געפּלאַנט, אַז ניט היינט־מאָרגן וועט ער עפענען אַ חדר מיט עטלעכע געקליבענע קינדער. די מאַמע האָט אים אַפילו פון דעם אויך אָפּגערעדט. ס׳איז געווען איר שטילער פאַרלאַנג פון האַרצן, אַז איר מאַן זאָל גאָר ניט טאָן, נאָר זיצן און לערנען. זי איז דאָך אין האַרצן געווען שטאָלץ מיט אים, צוליב זיין נאָמען פון אַ גרויסן לערנער. און די טענות, וואָס זי האָט אַמאָל געהאַט, זיינען נאָר געווען וואָס ער מישט זיך ניט גענוג אין פירונג פון שטוב. די מאַמע האָט אַליין געטראָגן אויף זיך די אחריות פאַר דער גאַנצער שטוב. זי האָט פאַרמאָגט אין זיך אַ סך אויסדויער און עקשנות. און וואָס ערגער די לאַגע איז געווען, אַלץ מער האָבן זיך געזאַמלט אין איר כוחות . . .

אין יענעם פרימאָרגן איז זי שוין פון פאַרטאָג־אָן געווען אויף די פיס. זי האָט אַרויסגעפּראַוועט די אינגלעך אין חדר, זי האָט אָנגעזאָגט שיינדלען וואָס צו טאָן אין שטוב און דער יונגסטער מיידעלע, ריוועשען, האָט זי פאַרזאָגט, אַז זי זאָל זלאַטקען ניט צופיל דערעסן:
— „זי איז קראַנק און זי דאַרף רוען“. — און זלאַטקען אַליין האָט זי אָנגעזאָגט, אַז זי זאָל גאָרניט טאָן, נאָר עסן און טרינקען און רוען.

— כ׳האָב אָפּגעקאָכט אַ גוטן קרופּניק, אַלץ שטייט אָנגעגרייט — און מיט די ווערטער האָט זי זיך אַרויסגעיאָגט פון שטוב, צו איר קראָם.

און דער טאַטע האָט שוין אָפּגעדאַוונט שחרית. ער האָט אָפּגעגעסן אָנבייסן און ער האָט שוין אויך געקליבן זיך אַוועקגיין פון שטוב. שטייענדיק ביים שוועל, האָט ער נאָך אַמאָל זיך אומגעקערט צו זלאַטקען.

— אַ גוטן טאָג דיר, טאָכטער! — האָט ער ווייך אַרויסגערעדט.

— גיי געזונט, טאַטע, — האָט זי אים נאָכגעקוקט, און געזען ווי זיין רוקן איז געוואָרן איינגעבויגענער און דער מאַטער פּנים בלייכער.

שיינדל איז איצט געווען די באַלעבאָסטע פון שטוב. זי האָט קאָמאַנדעוועט און געשריען אויף ריוועשען, דער יונגערער מיידעלע. שיינדל האָט פאַר דעם יאָר זיך אַ הייב געטאָן אין וואוקס. דאָס ציצענע קליידל, וואָס זלאַטקע האָט אויפגעניייט פאַר איר אויף פּסח, איז געוואָרן אויף איר קורץ און שמאָל. איר יונגער בוזעם האָט זיך אַרויסגעהויבן פון אונטער דער מאַמעס גרויסן פאַרטעך, וואָס זי האָט אויף זיך אָנגעטאָן. זי איז נאָך ניט געווען אינגאַנצן צעבליט, און פריייד און אומרו פון וואַקסן האָבן אין אירע באַוועגונגען זיך געפילט. מיט פאַרטאַיעטע בליקן האָט זי אַלע ווײַלע געקוקט אין זלאַטקעס זייט, מורא־האָבנדיק ביי איר עפּעס צו פרעגן.

זלאַטקע האָט זיך געזעצט ביים פענצטער און אַרויסגעקוקט צום

שטילן געסל מיט די נידעריקע הייזלעך, ווייט אָפּגערוקט איינס פֿון אַנדערן. ס׳איז געווען דער אָנהייב פֿון האַרבסט און די זון האָט נאָך גוט געוואַרעמט. אונטערן פֿענצטער איז דער גאָרטן שוין געווען איינגאַנצן צעטאָפּטשעט, דער צאָם איינגעפֿאַלן. וואו־ניט־וואו האָט נאָך אַ קעפּל קרויט אַרויסגעסטאַרטשעט פֿון אַ בייט, צווישן אַ סך פּאַר־געלטע גראָזן. ריווטשע איז אַרויס צום גאָרטן. אין איר לאַנגער קלייד, ביז צו די קנעכל, און מיט אַ רויט אין האַנט, האָט זי געטריבן אַ סטאַיע הינער מיט העננער, וואָס האָבן אין גאָרטן געזוכט זייער שפּייז: „אַ קיש, אַ קיש!“ — האָט זי אויף זיי געשריען.

אין שטוב איז איצט געווען זייער שטיל. עס האָט זיך געעפֿנט די טיר און אַ ישיבה־בחור איז אַריינגעקומען. זינט זלאַטקע גע־דענקט, איז אין שטוב איינגעפֿירט געווען, אַז אַ ישיבה־בחור זאָל קומען עסן זיין „טאָג“. שיינדל האָט פֿאַרשפּרייט אַ האַלבן טיש מיט אַ טישטעך. זי האָט אָנגעשניטן עטלעכע פּענעצער ברויט און אַוועקגעשטעלט אַ שיסעלע מיט הייסן גריץ. זי האָט זיך פֿאַר דעם ישיבה־בחור געחנדעלט:

— איר ווילט אפשר נאָך אַ ביסל גריץ? — האָט זי ביי אים געפֿרעגט.

— ניין, אַ שיינעם דאַנק, — האָט ער אַרויסגערעדט שטיל, ניט קוקנדיק אויף קיינעם. ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ לאַנגען קאַפּטן און אַ הויכער היטל מיט אַ דאַשעק, מיט לאַנגע געקרייזלטע פּיאות, ווי עס טראָגן די חסידים, אַ בלייכער, אַ שווייגנדיקער. ער האָט גיך אָפּגעבענטשט און זיך אַרויסגעכאַפּט פֿון שטוב.

ווען זלאַטקע איז נאָך געווען זייער יונג, האָט זי איינמאָל אַ גרויס ליבשאַפֿט געפֿילט צו אַזאַ איינעם. איר איז געפֿעלן זיין אַסקע־טיש פּנים. ווינטער האָט ער געטראָגן אַרומגעוויקלט אַרום האַלז אַ וואַרעמען שאַליק. זי האָט געוואוסט, אַז ער זיצט אַ גאַנצן טאָג אין שול און לערנט, און ער נעכטיקט דאָרטן איבער אויף אַ האַרטן באַנק. און זי האָט געחלומט, אַז ווען זי וועט אויסוואַקסן גרויס, וועט זי חתונה האָבן מיט אַ ישיבה־בחור.

פֿאַר זלאַטקען האָט זיך דער היינטיקער טאָג געצויגן זייער לאַנג. זי האָט שוין אויסגעקוקט אויפֿן אָוונט. אין אָוונט וועט זאַוול צוקומען צום פֿענצטער. זי וועט הערן זיין סיגנאַל און זי וועט אַרויסלויפֿן צו אים. זי קען זיך שוין ניט דערוואַרטן די מינוט, ווען דאָס וועט געשען.

און אָט איז שוין דער אָוונט. די מאַמע איז שוין געקומען פֿון קראָם, די אייניקלעך פֿון חדר, דער טאַטע, אַלע. מען זעצט זיך אַרום טיש עסן וועטשערע. אין שטוב האָט זיך איינגעשטעלט דער געוויינלע־כער היימעשער רעש, וואָס איז זלאַטקען אַלעמאָל באַליבט געווען.

נאָר היינט איז איר געהער אָנגעצילט אויף עפּעס אַנדערש... זאַוול איז שוין געווי̇ס אויפֿן וועג אַהער. זי האָט דורכן פענצטער אַריינ־געקוקט אין דער טונקעלער נאַכט. איצט מוז זי זיך גוט איינהערן. באַלד וועט זי דערהערן דעם סיגנאַל. דער טאַטע האָט זיך שוין געשטעלט דאַווענען מעריב. ער קומט ניט, זאַוול. פֿאַרוואָס הערט זי ניט זיין סיגנאַל?

די צוויי ברידערלעך זלאַטקעס, משהקע און דודל, שפּילן זיך איצט אין קנעפּלעך. אַן אוצר מיט קנעפּלעך פֿאַרמאָגן זיי. שיינע, בלישטשענ־דיקע, אַראָפּגעפּאַלענע פֿון אָפיצערסקע מונדירן. ריווטשען ווילן זיי אין דעם שפּיל ניט אַריינעמען. צעוויינט זי זיך אויפֿן קול. זלאַטקע שרייט־אָן אויף די קינדער:

— זאָל זיין שטילער אַ ביסל, וואָס מאַכט איר אַזאַ ליאַרם?

איר אומרואיקייט גיט זיך איבער דער גאַנצער שטוב, און מער פֿון אַלץ דער מאַמען. זיי הויבט אויך אָן קוקן אין פענצטער. אַזוי ווי זלאַטקע.

— מען זעט גאָרניט... — זאָגט זי.

זי קוקט אויף זלאַטקען, און זי קען ניט פֿאַרשטיין, וואָס איז מיט איר היינט.

— אפשר אויסבעטן דיר דאָס געלעגער, וועסט גיין שלאָפֿן?

— אַ, ניין, — גיט זיך זלאַטקע אַ כאַפּ. — אַזוי פֿרי גיין שלאָפֿן?

אַ רויטקייט̇ פֿאַרציט זיך איבער אירע באַקן. איר דוכט זיך, די מאַמע ווייסט עפּעס אַ סוד. אַ מאָדנער שווערער אָוונט איז דאָס היינט פֿאַר איר.

נאָר אָט הערט זלאַטקע, ווי עמעצער דראַפּעט זיך ביי דער טיר. די מינוט איז אַן אָנגעשטרענגטע אין פֿיר־הויז איז פֿינצטער. זי גיט זיך אַ הויב־אויף פֿון אָרט מיט גרויס אימפּעט. זי פֿאַרטשעפּעט זיך מיטן קלייד אָן בענקל, אָן ראָג פֿון טיש. זי לויפֿט־צו און גיט אַן עפֿן די טיר. צוויי מיידלעך האָבן זיך באַוויזן אויפֿן שוועל. ביידע זיינען זיי געווען זלאַטקעס חברטעס: ביילקע די פּריקאַזשטשיצע און שרהקע די שוואַרצע. זיי האָבן ביידע באַלאַנגט אין דער אָרגאַניזאַציע. זיי האָבן זיך דערוואוסט, אַז זי איז דאָ, זלאַטקע, און זיי זיינען געקומען איר זען. זלאַטקע האָט זיך מיט זיי צעקושט. אין האַרצן האָט איר געקלאַפּט ווי מיט האַמערס, באַלד וועט זי זיך דערוויסן וואָס עס האָט פּאַסירט מיט זאַוולען.

די מיידלעך זיינען דאָס ערשטע מאָל געווען דאָ אין שטוב. די מאַמע האָט מיטן פֿאַרטעך אָפּגעווישט פֿאַר זיי צוויי בענקלעך און זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט נאָענט לעבן זלאַטקען, וואָס איז געזעסן אויפֿן שלאָף־באַנק. די קינדער האָבן זיך צערוקט אין די ווינקלעך,

און מען האָט מער פון זיי קיין פּיפּס ניט געהערט. און דער טאַטע איז שוין געזעסן אין ווייטן ווינקל פון קאַמער, מיט אַ ספר אין האַנט.

די ביידע מיידלעך זיינען געוואָרן פּאַרציטערטע פון דער נייעס, אַז זלאַטקע איז געווען פאַרוואונדעט אין אָרעם.

—דו האָסט אונז גאָרניט געשריבן, — האָבן זיי איר אויסגערעדט.

— איר האָט גאָרניט געהערט פון דער גרויסער דעמאָנסטראַציע אין ביאַליסטאָק?

— יע, אָבער וועגן דיר אַליין. עס איז עפּעס געפּערלעך די וואונד ביי דיר?

— אָ, ס׳איז גאָרניט. אינגיכן וועט זיך עס פאַרהיילן.

זיי האָבן גערעדט שטילערהייט. די מיידלעך האָבן געוואָלט וויסן, ווי אַזוי עס איז דאָס צוגעגאַנגען, די דעמאָנסטראַציע ביז דער שיסעריי. זלאַטקען איז געווען שווער אויפן האַרצן. וואָס האָט זי זיי געקענט דערציילן? זאָל זי אויסמאָלן וואָס זי האָט דורכגעלעבט אין יענעם טאָג; וועגן דעם קאַמף אַרום דער רויטער פאָן, און דערנאָך אין שפּיטאָל; זאָל זי זיי דערציילן פון אידאַן? די ליכטיקע געשטאַלט, וואָס איז אומגעקומען קעמפנדיק...

— מען דאַרף אַלץ דורכלעבן, כדי צו פאַרשטיין... — האָט זלאַטקע צו זיי שטיל גערעדט.

די מאַמע זלאַטקעס האָט אין אָנהייב פּרובירט איינהערן זיך צו זייער שמועס. אָבער זי איז באַלד פון די מיידלעך אַוועק צו איר איבערגעריסענער אַרבעט ביים אויוון, דאָ וואו אַלץ איז פאַר איר קלאָר און פאַרשטענדלעך, און זי ווייסט וואָס זי דאַרפט טאָן — פאַר די קינדער דאַרף מען פאַרריכטן די וואַרעמע מלבושים, איצט אַז עס גייט צו ווינטער; און שיינדלען וועט זי אָנזאָגן מאָרגען אָפּצוקאָכן אַ באָרשטש; עס זיינען נאָך פאַרבליבן אין גאָרטן אַ ביסל בורעקעס.

זלאַטקע האָט מיט די מיידלעך גערעדט געכאַפּטערהייט און אָפּגעהאַקט. אינמיטן ריידן האָט זי זיי אַ פרעג געטאָן:

— איך בעט אייך, זאָגט מיר, וואָס איז מיט זאַוולען. פאַרוואָס איז ער היינט ניט געקומען?

אַ ווייליע איז געוואָרן אַ שטילשווייגן, און ביילקע האָט אַרויסגערעדט ווי איבערגעוואָלט:

— זאַוול איז איצט ניטאָ אין בערעזע, ער איז אין יאַבלאָנקע (אַ שטעטל לעבן בערעזע).

— וואָס טוט ער אין יאַבלאָנקע? — האָט זלאַטקע האַסטיק אַ פרעג־געטאָן.

— ער איז געווען אַרעסטירט. — האָט שרהקע די שוואַרצע צוגעגעבן. — איצט האָט מען אים באַפרייט.

זלאַטקע האָט געקוקט פון איין מיידל צו דער אַנדערע מיט גרויסע אויגן.

ס'איז אַ לאַנגע געשיכטע. — האָט ביילקע די פּריקאַזטשיצע אָנגעהויבן. — ער וואוינט דאָרטן מיט חברים. ער וויל זיך ניט וואַרפן אין די אויגן דער פּאָליציי. דו קענסט דאָך דעם פּריסטאַוו. ער טראָגט אויף זאַוולען אַ כעס.

— נינע איז אויך ניטאָ אין בערעזע. — האָט שרהקע זיך אָפּגערופן.

— וואָס איז מיט נינען? זי איז אויך אַרעסטירט? — האָט זלאַטקע געפרעגט.

— ניין. זי איז אַוועקגעפאָרן אין בריסק, שוין אַ לאַנגע צייט.

— נינע, זי האָט זיך פאָרט אַרויסגעריסן פון דער היים. — האָט זלאַטקע זיך געוואונדערט.

— גאָר! — מען זאָגט, אַז זי איז געפאָרן צוליב אַ חתן. די מאַמע אירע איז מיט איר מיטגעפאָרן. זי האָט זיך געשעמט אויסזאָגן. די חברים האָט זיי דערציילט, אַז זי קלייבט זיך צו אַנטלויפן פון דער היים.

— זי איז אַ שוואַכלינג, אַ מאַמעס אַ קינד. — האָט שרהקע די שוואַרצע גערעדט.

זלאַטקע האָט אַ פאַרטראַגענע זיי געהערט; זיי ווייסן עפּעס פון זאַוולען, די מיידלעך, און זיי ווילן איר ניט זאָגן. ווי שיקט זיך דאָס, ער זאָל ניט קומען צולויפן איר זען?

— איך וויל, איר זאָלט מיר זאָגן דעם אמת. וואָס איז מיט זאַוולען?

— גאָרניט! — האָבן ביידע מיידלעך געענטפערט פאַר איין מאָל.

— אַז ער וועט קומען קיין בערעזע, וועט ער דיר אַליין דערציילן האָט ביילקע געזאָגט.

— זע, סטאַרע זיך צו ווערן וואָס גיכער געזונט. — האָט שרהקע געטריי צו איר גערעדט.

— דערציילט מיר מער וועגן זאַוולען. — האָט זלאַטקע פאַרשנדיק, אויף זיי ביידן געקוקט.

— וואָס איז דאָ פאַראַן צו דערציילן. ער איז אין יאַבלאָנקע. דאָרטן איז אויך פאַראַן אַ באַוועגונג.

— ווען קומסטו מיט אונז אין סכאָדקע? די אָרגאַניזאַציע בויטיקט זיך שטאַרק אין פרישע כוחות. — האָט ביילקע שוין אויפגעהויבן זיך צו גיין.

— קען מען אים אָנזאָגן, אַז איך בין דאָ?

— מען קען. פאַרוואָס זאָל מען ניט קענען.

די מיידלעך האָבן זיך צעזעגנט. זלאַטקע האָט זיי מער ניט

פאַרהאַלטן. אויפן האַרצן איז איר געווען זייער שווער. באַלד נאָך זייער אַוועקגיין, האָט די מאַמע זיך גענומען מאַכן די געלעגערס פאַר אַלעמען, אויפקלאַפּנדיק אַ קישן, האָט זי זיך אָפּגערופן צו זלאַטקען:

— זיי זענען אויס צו זיין פיינע קינדער, דיינע חברטעס. איינע איז, דוכט זיך, יעקב דעם מעלערס טאָכטער.

— יע, האָט זלאַטקע געזאָגט.

די מאַמע האָט צוגעשוויגן. איר קלוגער פּנים האָט ווי איינגעהאַלטן אַ סוד. זלאַטקע האָט איר אַ ווײַלע אָנגעקוקט. אַ רעוואָלוציע איז פאָרגעקומען מיט דער מאַמען. זלאַטקע געדענקט, ווי זי האָט ליב געהאַט אַ סך צו ריידן, צו שרייען אויף די קינדער און אַמאָל טאַקע זיך קילן דאָס האַרץ מיט אַ קללה. איצט שווייגט זי. — זי האָט צופיל שוין געזען זאַכן, וואָס זיינען ניט פאַר איר קאָפּ צו באַנעמען. האָט זי גענומען ווייניקער ריידן. זי איז שוין באַלד ווי דער טאַטע, זלאַטקעס, וואָס איז אויך אַ גרויסער שווייגער...

פון איצט אָן האָט שוין זלאַטקע מער קיין רו ניט געהאַט. מיט זאַוולען האָט עפּעס פּאַסירט, זי מוז דאָס וואָס גיכער זיך דערוויסן. אָבער ווי אַזוי? זי איז נאָך ניט גענוג שטאַרק אַז זי זאָל גיין אין גאַס זיך זען מיט חברים, און אויב זי וועט יאָ עמעצן זען, וועט זי מסתמא קריגן דעם זעלביקן ענטפער וואָס שרהקע אוןביילקע האָבן איר געגעבן. אין די נעכט האָט זי זיך געוואָרפן אויפן געלעגער, און ניט איין מאָל איז די מאַמע אירע אַראָפּ פון בעט און איר גוט איינגעדעקט. און זלאַטקע האָט דורכן האַלבן דרימעל געפילט דער מאַמעס פאַרהאַרטעוועטע און געטרייע האַנט.

אַזוי איז אַוועק אַ טאָג נאָך אַ טאָג, און איר אומרואיקייט איז געוואַקסן. אַלערליי מעגלעכע אורזאַכן האָט זי שוין איבערגעטראַכט, פאַרוואָס זאַוול וויל ניט קומען איר זען. ס'איז איר געקומען אויפן זינען זאַוולס שטענדיקער פאַרדאַכט וועגן ליאָוואַן, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן זינט ער איז אין ביאַליסטאָק געווען, דעמאָלט ביי מאַטעסן אין שטוב. זאַוול האָט קיינמאָל ליאָוואַן ניט געזען, דאָך איז אין אים געווען טיף באַהאַלטן אַ פאַרדאַכט, אַז זי און ליאָוואַ ליבן זיך. און ווי נאָר עפּעס, איז דער־אָ געפיל אין אים וואַך געוואָרן. אויב ס'איז אַזוי, איז זי אַליין שולדיק. פאַרוואָס האָט זי זאַוולען קיינמאָל אָפן ניט ערקלערט איר געפיל צו ליאָוואַן? יעדע זאַך דאַרף האָבן אַ נאָמען... ליאָוואַ איז ביי איר נאָר אַן אידעאַל אַזאַ, אַ חלום, אַ שיינער, אַ ניט־דערגרייכבאַרער חלום. ליאָוואַ האָט אויפגעוועקט אין איר געפילן פון גייסט, פון שיינקייט, און דורך אים האָט זי אָנגעהויבן זען זאַכן אַנדערש, טיפער...

אָבער ליבן ליבט זי נאָר אים, זאַוולען, און קיינמאָל וועט זי אים

ניט פֿאַרראַטן. האָט זי דען ניט געקעמפּט מיט זיך, מיט אַלע אירע כוחות, ווי נאָר ליאָוואַ האָט געמאַכט אַ פּרואוו זיך מער צו דער־נעענטערן צו איר? זי האָט דאָס זאָולען געדאַרפֿט דערקלערן. נאָר שטענדיק האָט זי מורא געהאַט זאָוול זאָל ניט ווערן ווילד, ווי דעמאָלט אין ביאַליסטאָק, ביי מאַטעסן אין שטוב.

אָן אַנדערש מאָל איז זלאַטקע געווען אין כעס אויף זיך אַליין פֿאַרוואָס די פּערזענלעכע אינטערעסן פֿאַרנעמען ביי איר אַזאַ גרויסן אָרט — פֿון אַלעמאָל. אַ רעוואָלוציאָנער דאַרף קענען אויסאַרבעטן אין זיך אַ שטאַרקן כאַראַקטער, אָן שום זייטיקע באַגערן. ווי נאָר עס וועט זיך אײַנגאַנצן פֿאַרהיילן די וואונד אויף איר אָרעם וועט זי אַוועקפֿאָרן צוריק אין ביאַליסטאָק, און דאָרט וועט זי זיך אָפּגעבן אינגאַנצן צו דער אַרבעט אין באַוועגונג, דער קוואַל פֿון וואַנען זי האָט אַלעמאָל געשעפּט אירע כוחות, און זי וועט פֿאַרגעסן אָן אַלץ.

דערווייל איז איר געווען זייער שלעכט, זלאַטקען. זי איז גע־זעסן אין שטוב ביים פֿענצטער אָן אומעטיקע און אַ צעערגערטע. אַז דער טאָג איז געווען אַ שיינער, איז זי אַרויס פֿון שטוב, און פֿאַ־מעלעך אַוועקגעשפּאַצירט אין וואַלד מיט דעם גלייכן שליאַך וואָס האָט זיך געצויגן ניט ווייט פֿון זייער שטוב. ווייט אין וואַלד איז זי ניט פֿאַרגאַנגען, נאָר זי האָט זיך אַוועקגעזעצט נידעריק אויף אַ פּיען פֿון אַן אָפּגעזעגטן בוים, און לאַנג איז זי דאָ אַזוי געזעסן אַ פֿאַר־קלערטע.

דער האַרבסט האָט שוין דאָ אָנגעהויבן זיין צעשטערנדיקע אַרבעט. די בלעטערדיקע ביימער זיינען שוין ערטערווייז געווען אָפּגעדעקט, נאָר וואָס פֿאַר אַ רייכקייט אין קאָלירן האָט דער וואַלד איצט פֿאַרמאָגט. פֿון טונקל־גרין ביז אַ שטאַרקער געלקייט, וואָס גייט שוין אַריבער אין צונטער־רויט. אומעטום אויף דער ערד האָבן זיך גע־וואַלגערט די בלעטער פֿאַרוועלקטע און צעטריקנטע. ס'איז געווען אַ רירנדיק בילד פֿון צעשטערונג אין מיטן פֿון אַזאַ שיינקייט. זלאַטקע האָט דערפֿילט אַ נאָגנדיקן ווייטאָק קוקנדיק אויף דעם אַרום. זי האָט קיינמאָל ניט געטראַכט אַז שיינקייט קען אַמאָל אויך פֿאַרשאַפֿן ווייטאָג...

## קאַפּיטל דריי און צוואַנציק

וואָס איז מיט זאַוולען? פאַרוואָס ווייזט ער זיך ניט? האָט זלאַטקע מיט אַנגסט זיך אַליין געפרעגט שוין אפשר צום טויזנט־סטן מאָל. זי האָט ניט געוואוסט, אַז מיט אים האָבן שוין אַ סך זאַכן פּאַסירט זינט דער צייט וואָס זי איז אַוועקגעפאָרן פון בערעזע. זיי האָבן ביידע דעמאָלט אָפּגערעדט, אַז ווי נאָר זי וועט זיך אין ביאַ־ליסטאָק איינאָרדענען, וועט זי אים שרייבן, און ער וועט באַלד אויך קומען אַהין צופאָרן. האָט אָבער זלאַטקע געזען אַז עס איז זייער אַן אומרואיקע צייט. אַרעסטן און פאַרפאָלגונגען אויף יעדן שריט. דערצו האָט מען זיך דעמאָלט געגרייט צו דער גרויסער דעמאָנסטראַ־ציע. זלאַטקע האָט אים געוואָלט שאַנעווען, זאַוולען, אים פאַרהיטן אַז ער זאָל ניט אַריינפאַלן אין פּאָליצייאישע הענט, האָט זי אים אויף דער גיך אָנגעשריבן אַ קורצן בריוול, ער זאָל דערווייל זיך אָפּהאַלטן פון קומען. צום סוף האָט אָט דער קורצער בריוול אירער אָנגעמאַכט אַ סך צרות.

זאַוול האָט פון גאָרניט ניט געוואוסט. ער האָט זיך שוין גענומען צוגרייטן צו דער רייזע, ער האָט שוין געמאָלדן וועגן זיין פאָרן דעם באַלעבאָס וואו ער אַרבעט, און אַ פּאָר פון די נעענטערע חברים האָט ער שוין אויך וועגן זיין פאָרן דערציילט. און דאָ, מיט אַ מאָל, קריגט ער איר קורצן בריוול, ער זאָל דערווייל ניט קומען. נאָך איידער ער האָט דעם בריוו געעפנט האָט ער שוין געהאַט אַ פאָרגעפיל פון עפּעס שלעכטס. עס האָט געוואויגן גרינג אין האַנט. ער איז מיט די אויגן דורכגעלאָפן די שורות, און נאָר די דריי ווערטער זיינען אים גע־בליבן אין זכרון: „קום ניט דערווייל!". ס'איז געווען ווי עמעצער וואָלט מיט אַ האַמער אים אַ זעץ געטאָן איבערן קאָפּ. עס איז אים פינצטער געוואָרן אין די אויגן און אין די קני האָט ער דערפילט אַ שוואַכקייט.

„ס'איז דער ליאָווואַ אָט זיך דאָ אַריינגעמישט". איז אים די ערשטע זאַך געקומען אויפן זינען, ווען ער האָט שוין געקענט טראַכטן. אין אים האָט דאָך שטענדיק געדרעמלט אָט דער פאַרדאַכט וועגן איר און ליאָוואַן. און איצט האָט דאָס אויפגעטויכט אויף דאָס ניי. ס'איז געווען ביי אים אַ געפיל, ווי ער נעמט זינקען אין פינצטערניש, און אַלץ

אין אים ווערט אויס... באַלד האָט ער זיך געגעבן אַ ריס אָפּ פון אָרט, און ער איז מיט די טרעפּלעך געלאָפן פון זיין אויבערשטיבל צו דער גאַס אַרויס, מיט ווילדע אויגן איז ער געלאָפן ווי אַ פאַר־וואונדעטע חיה, און ער האָט קיינעם פאַר זיך ניט געזען. דער ווייטאָג איז געווען צו־גרויס אַז ער זאָל עס קענען פאַרטראָגן. זיין זלאַטקע ליבט אים שוין ניט מער. זי איז געווען ניט אמת מיט אים? ניין, דאָס קען ניט זיין. נאָר ער, דער אינטעליגענט מיטן גלאַטן צינגעל האָט איר איבערגערעדט.

די ערשטע מינוט איז אים איינגעפאַלן ער וועט צופאָרן קיין ביאַליסטאָק. זען אַלץ מיט די אייגענע אויגן. נאָר עפּעס אַ באַזונדערער שטאָלץ האָט אים ניט דערלאָזן דאָס צו טאָן. „ניין, נאָר ניט דאָס". און ער איז געבליבן שטיין מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ: „וואָס וועט אים העלפן דאָס פאָרן?"...

ער איז צוריק אַרויף אין שטוב, און ווידער גענומען דאָס בריוול אין האַנט. זי שרייבט אים: „מיין טייערער, מיין פיל געליבטער זאַוול"... עס האָט אים געשניטן ביים האַרצן. ווער דאַרף האָבן אירע שיינע רייד! און ווידער האָט ער זיך געלאָזן מיט די טרעפּלעך אַראָפּ אין גאַס.

וואוהין לויפט ער, זאַוול? נאָר ער כאַפּט זיך, אַז ער איז שוין אין יענער שטילער געסל, וואָס מיט ווייניק הייזער, דאָרטן, וואו זלאַטקעס טאַטע־מאַמע וואוינען. ס'איז פינצטער אין געסל; דאָ און דאָרטן לייכט זיך אַ נאַפטלעמפל דורך אַ פענצטער פון אַ שטיבל; אָט איז זי, די שטיבל, וואָס ער זוכט; מיט גליענדיקע אויגן עסט ער זיך איין אין דעם שוואַך־באַלויכטענעם קאַמער; וואָס טוען זיי איצט דאָרטן, איר משפחה, זלאַטקעס? די ווייסע פאָרהענגלעך און די וואַזאָנעס אויפן פענצטער פאַרשטעלן פון אויג די מענטשן דאָרטן. אַ כעס נעמט אים אַרום, זאַוולען:

„ס'איז אַלץ די מאַמעלע אירע. ווען ניט זי, די מאַמע אירע, זי איז שולדיק אין אַלץ. יחוס!" — מורמלט זאַוול צו זיך אַליין, — „זיידענע טאָרבעס... און דער טאַטע אירער דער קלעריקאַל, ווער דאַרף האָבן אַזעלכע? זיי פאַרשפּרייטן נאָר רעליגיע, פינצטערניש"...

עס רייסט זיך ביי אים אַרויס אַ גראָב וואָרט, ער וויל שוין לויפן צוריק, אָבער ער דערמאָנט זיך אָן שיינדלען, די שוועסטער זלאַטקעס. זי מוז וויסן. עס ווילט זיך אים אַ פייף־טאָן דעם סיגנאַל, אפשר וועט שיינדל אַרויסגיין צו אים. ניין, ער וועט זיך ניט מאַכן נאַריש...

און אָט איז ער שוין צוריק ביי זיך אין אויבער־שטיבל. אין זיינע געדאַנקען איז אַ שטילשטאַנד. ער ליגט אויסגעצויגן אויפן בעטל, ווי פאַרגליווערט, מיט די אויגן אָנגעשטעלט אויף איין פינטל, אין נידעריקן באַלקען...

דערנאָך גייען אַוועק טעג. אין דער אָרגאַניזאַציע, צו די זי־צונגען אין דער סכאַדקע קומט ער ניט. „ווען מען אַרט עס", זאָגט ער צו זיך. אים האָט זיך געדוכט, זיי ווייסן שוין אַלע די שרעקלעכע בייעס, וואָס מיט אים האָט פּאַסירט; זיי וועלן טייטלען אויף אים מיט די פינגער, אַז ער וועט זיך באַווייזן צווישן די חברים. צו דער אַרבעט ביים שטעפּער איז ער יאָ געגאַנגען. ער האָט דעם גאַנצן טאָג גע־שטעפּט די כאַליעוועס מיט אַזאַ אימפּעט, אַז שיער־וואָס ער האָט ניט צעטראָגן די מאַשין. דער באַלעבאָס, דער שטעפּער, האָט נאָר געהויבן אויף אים מיט די פּלייצעס. אָבער זאַוול האָט דעמאָלט קיי־נעם אַרום זיך ניט געזען.

און אין דער היים, אין זיין אויבער־שטיבל, אַז ער איז געקו־מען, האָט ער זיך באַלד אַ וואָרף־געטאָן אויף דעם בעטל. ער איז געוואָרן אָפּגעלאָזן און ניט־ראַזירט. די בעט איז געשטאַנען צעוואָרפן אַזוי פון נעכטן און פון אייערנעכטן. זיין עסן איז געווען אַ שטיק ברויט, אַ זיסע אוגערקע און אַ ציבעלע, און די ברעקלעך פון דעם האָבן אויפן טיש זיך געוואַלגערט. אַז אים איז נאָך געווען גוט אויפן האַרצן, האָט אַ שכנה, פון אונטערשטן שטוב אים אָפּגעקאָכט אַלע טאָג אַ טעפּעלע געקעכטס. איצט האָט ער מער קיין עסן ביי איר ניט באַשטעלט. ער האָט ניט געוואָלט זען קיין מענטשן.

אויפן טיש ביי אים איז געלעגן אַ בערגעלע געלער טאַבאַק, אַ קעסטעלע גילזן און אַ שטאָפּ־מאַשינקע. און זאַוול איז יעדן מאָל צוגעגאַנגען און זיך אויסגעשטאָפּט אַ פּאַפּיראָס. אָבער די מערסטע צייט איז ער געלעגן אויסגעצויגן אויפן בעטל, אַ גרויסער אַ שווערער, אַ שטיק האָלץ. דער נאַפּט־לעמפּל האָט טונקל געקאָפּטשעט לעבן אים און אויפן צעפּאָרענעם בענקל איז געלעגן אַ בוך אַ צעעפנטער, „פּלאַמאַריאָנס אַסטראָנאָמיע"; געלעגן אַזוי צעעפנט אויף דער זעל־ביקער בלעטל, ווער ווייסט פון ווי לאַנג.

דערווייל האָט אין דער אָרגאַניזאַציע זאַוול שטאַרק אויסגע־פעלט. ער האָט דאָרטן שוין פאַרנומען אַ וויכטיקן אָרט, מיט זיין ענער־גיע און מיט זיין גראָדן שכל. און קיין איין זאַך איז ניט געטאָן גע־וואָרן, אַז ער זאָל ניט געבן זיין הסכמה. אָשר מינסקי איז מער געווען אַ טוער ביי טעאָרעטישע אַרבעטן, און זאַוול איז געווען דער פּראַק־טיקער. אַז ס'איז אַהער געקומען צופאָרן אַ מענטש פון בונדישן ראַיאָנעם קאָמיטעט, האָט ער באַלד זאַוולען באַמערקט, מיט זיין קרעפּטיקן אויסזען און מיט זיין ענערגיע. „איר וועט אונז גוט צונוץ קומען", האָט ער צו זאַוולען געזאָגט מיט גרויס הנאה. מען האָט זיך דעמאָלט געגרייט אויף גרויסע זאַכן. די רעוואָלוציע האָט זיך דער־נענטערט מיט גיכע טריט. אויך דאָ אין בערעזע האָט די רעוואָלו־ציאָנערע אַרבעט זיך פאַרשטאַרקט. עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ

„באַיעוואַי אַטריאַד“, און זאַוול איז געווען די נשמה פון דער זאַך. צאַלקע — אויך. זיי ביידע זיינען געווען די גרעסטע עקספּערטן אויף געווער, און אַלע טאָג איז מען אַוועק אין וואַלד, אַ געהיימע גרופּע, און דאָרטן געלערנט זיך שיסן.

דאָס איז געווען געלעבט אַ לעבן. אַזוי־אַ, ביז זאַוול האָט גע־קריגן דעם שלעכטן בריוו פון זלאַטקען, וואָס האָט פּאַראַליזירט אינגאַנצן זיינע כּוחות. און ער איז אָפּגעלעגן גאַנצע אָוונטן אין שטוב און קיין מענטשן ניט געוואָלט זען.

צאַלקע, דער נאָענטסטער חבר זיינער, איז אין איינעם אַן אָוונט געקומען צוגיין זען וואָס דאָ טוט זיך. זאַוול איז געלעגן אויפן בעטל. ער האָט געהערט טריט איבער די טרעפּלעך צו זיין אויבער־שטיבל. עס האָט אים אַ זעץ־געטאָן אין האַרצן. ווער קען דאָס זיין? קיינער דאַרף צו אים ניט קומען. ער גיט אַ קוק, ס׳איז צאַלקע. זיי ביידע האָבן זיך שטאַרק ליב געהאַט און אין אַן אַרבעט זיינען זיי שטענדיק געווען צוזאַמען. פונדעסטוועגן איז זאַוול ניט געווען צו־פרידן מיט צאַלקעס קומען. ער האָט זיך ניט אויפגעהויבן פון בעטל, נאָר ער האָט נאָך מער איינגעגראָבן זיין קאָפּ אין קישן. ביז ער האָט דערפילט אַ האַנט אויפן אַקסל, אַ וואַרעמע, חברשע האַנט.ריידן האָט ער ניט געקענט, זאַוול. עס האָט אים געשטיקט אין האַלז, און צאַלקע האָט זיך אָנגעבויגן איבער אים און ער האָט געזאָגט:

— דו, זאַוול, אַזוי זיך אָפּלאָזן, וואָס זאָלן שוין אַנדערע טאָן?

ס׳איז ניט געווען די רייד צאַלקעס, נאָר דער קול זיינער, אַ וואַרעמער, אַ געטרייער, וואָס האָט זאַוולען גענומען. און ער האָט אויפגעהויבן עם קאָפּ.

— ווער האָט דיך געבעטן קומען אַהער, מיך מוסרן? — האָט ער געגעבן אַ ברום־אַרויס.

צאַלקע איז ניט געוואָרן אין כּעס, ער האָט געזען די אומאָרדענונג אין שטוב; געזען זאַוולס בראַנזן פּנים, וואָס האָט איצט געהאַט אַ גרין־געלן קאָליר, און די פאַרלאָפענע אויגן זיינע. זאַוול וועט ניט בעמען אַזוי־אַ אָן אַ שום אורזאַך, און זיך אַזוי אָפּלאָזן און אַוועקשטיין פון דער אַרבעט אין דער אָרגאַניזאַציע.

— איך האָב געמיינט, אַז דו ביסט קראַנק, בין איך געקומען דיך זען. — האָט צאַלקע זיך אַזוי־ווי פאַרענטפערט.

זאַוול איז נאָך אַלץ געווען קידער־ווידער:

— און אַז קראַנק איז וואָס?

ער האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט, צוגעגאַנגען צום טישל און גענומען שטאָפּן אַ פּאַפּיראָס. ביידע האָבן אַ ווײַלע געשוויגן.

— אין אָרגאַניזאַציע פרעגן זיך אַלע נאָך אויף דיר. די אַרבעט, ווייסט דאָך . . .

ווידער אַ שטיל־שווייגעניש.

— מיר מעגסטו דאָך זאָגן וואָס דיר איז. כ׳בין דאָך דיין חבר. ניין?

שטייענדיק אַזוי לעבן טיש, אַנטקעגן זאַוולען, האָט צאַלקע דערזען דעם צעעפנטן בריוו:

— ס׳איז פון דיין מיידל, פון זלאַטקען. — האָט ער שטיל אַ פרעג־געטאָן.

— יע, האָט זאַוול צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— וואָס איז? ס׳האָט עפּעס פּאַסירט?

— זי וויל שוין ניט איך זאָל קומען צו איר. — האָט זאַוול אַרויסגערעדט מיט אַ הייזעריקן קול.

מיט צאַלקען האָט מען ניט געדאַרפט קיין סך ריידן. ער איז אַליין געווען אַ ליידנדער מענטש. ער האָט האָלט געהאַט אַ מיידל, איז זי געווען פון די מאָסאָווע, אָבער אַ שיינהייט. זיי האָבן ביידע געפּלאַנט צו אַנטלויפן אין אַ גרויסער שטאָט, ווייל די מאַמע זיינע, פרומע די שניט־קרעמערקע, האָט דעם שידוך געשטערט. דערנאָך איז די מיידל אַליין אָפּגעקילט געוואָרן צו אים. צאַלקע איז ניט געווען קיין פאַרדינער. און אַז עס האָט זיך איר געמאַכט א גוטער שידוך, האָט זי מיט יענעם חתונה געהאַט. צאַלקע איז איצט געווען אַנטוישט אין אַלע מיידלעך. און מיט ביטערקייט האָט ער צו זאַוולען גערעדט:

— עס לוינט זיך ניט אומצוברענגען צוליב זיי. גלייב מיר, זאַוול... — האָט ער אים געטרייסט. — ניט די, איז אַן אַנדערע. זיי זיינען אַלע גלייך שלעכט.

— אַלע? — האָט זאַוול אויף אים אַ קוק־געגעבן מיט אַ חוזק־בליק.

— יע, אַלע, אַזוי ווי איך זאָג דיר.

— דו ווייסט ניט וואָס דו רעדסט, צאַלקע, אָט־וואָס... — האָט זאַוול זיך אָפּגערופן, און ער האָט פון בערגעלע טאַבאַק אויסגע־שטאָפּט נאָך אַ פּאַפּיראָס. — ניין, דו רעדסט נאַרישקייטן צאַלקע. — האָט ער אומעטיק גערעדט, ווי צו זיך אַליין.

און לאַנג נאָך האָבן די ביידע פריינט זיך אַראָפּגערעדט פון האַרצן איינער פאַרן אַנדערן; גערעדט האָט מייסטנס צאַלקע. ער האָט זיין מיידל ניט געקענט פאַרגעסן. עס איז געווען דער מאַמעס קאָפּ אין דעם, וואָס די מיידל איז פון אים אַוועק.

— דו וועסט זען, איך וועל נעמען ראַכע פון איר. — האָט ער זיך געהיצט.

— ווי אַזוי? — האָט אים זאַוול אָנגעקוקט אַ פאַרוואונדערטער.

— איך וועל אַוועק פון דער היים, וועל איבעררייסן מיט איר אינגאַנצן...

ער האָט שוין געהאַט אַ פּלאַן. ער וועט אָנקומען אין היגן אַפּטייק,

וועט ווערן אַ פּראָוויזאָר. זינט ער האָט געענדיקט די רעאַל־שולע, האָט ער גאָרניט געטאָן. שטענדיק אונטער דער מאַמעס פאַרטעך. ס'איז אים שוין דערעסן.

ער האָט האַסטיק געגומען שפּאַנען איבערן שטוב. די שטאַרק־געלע האָר זיינען ביי אים געשטאַנען איבערן קאָפּ, ווי ביי אַ יאָזשיק. צאַלקע איז געווען יונג און היציק. ער איז נאָך קיין ניינצען יאָר ניט אַלט געווען. ער איז געווען אַ גרויסער מייסטער צו טראַכטן פּלענער אין דער אָרגאַניזאַציע. די מייסטע פון זיינע פּלענער האָבן ניט געטויגט. און זאַוול האָט אָפט געמוזט אים צאַמען.

— דו ביסט אַ יאָלד. — האָט איצט זאַוול צו אים פריינטלעך גערעדט. — ווי אַזוי נעמט מען דאָס ראַכע פון אַן אייגענער מאַמע. דו ווייסט וואָס דו רעדסט ?

— אָט וועסטו שוין זען. — איז צאַלקע געווען איינגעשפּאַרט.

שפּעטער אַז צאַלקע איז שוין דאָ ניט געווען, האָט זאַוול זיך דערפילט אַ ביסל מער אויפגעמונטערט. דער נאָגנדיקער ווייטאָג אינעווייניק אין אים איז נאָך געווען, נאָר מונטערער איז ער געוואָרן. צאַלקע איז גערעכט. די מיידלעך זיינען קיינער ניט ווערט אַז מען זאָל זיך אומברענגען צוליב זיי. אים אַרט ניט זאָל זי זיך גיין, זלאַטקע. ער וועט אויסקומען אָן איר.

אַ סך מאָל האָט אים אַפילו אַ האָפענונג אַ שיין געטאָן. זי וועט נאָך קומען צוריק צו אים. ער קען זיין זלאַטקען. זי איז ניט שול־דיק, נאָר ער, דער אינטעליגענט, מיט זיין גלאַטן צונג, ער האָט איר איבערגערעדט.

אַן אַנדערש מאָל האָט ער פון אַ באַהעלטניש אַרויסגענומען אירע בריוו, וואָס זי האָט אים געשריבן, און ער האָט זיי ווידער איבערגע־לייענט. ניט דעם לעצטן בריוו אירן, דעם שלעכטן, נאָר די פריער־דיקע, די גוטע בריוו, וואו זי שרייבט אים וועגן איר ליבע צו אים און ווי זי בענקט נאָך אים.

געווען צייטן ווען זי פלעגט דאָ קומען צו אים אין אויבערשטיבל. נאָך די זיצונגען פון דער סכאָדקע פלעגן זיי פאַרבלייבן דאָ אַליין. זלאַטקע פלעגט קאָכן טיי און צוטראָגן צוויי פולע גלעזער צום טיש פאַר זייביידן. דאָ איז זי געזעסן און דאָ ער. ס'איז דעמאָלט ליכטיק געווען אין אַלע ווינקעלעך. זלאַטקע פלעגט ליב האָבן ריידן וועגן זייער צוקונפט. ווען זיי וועלן ביידע לעבן צוזאַמען. זיי ביידע וועלן אַרבעטן אין אָרגאַניזאַציע און שפּעט אין אָוונט וועלן זיי זיך צענויפ־קומען.

דערמאָנענדיק זיך דאָס אַלץ, האָט ער געזען פאַר זיך איר פּנים, מיט דעם גוטן שמייכל אירן און דעמאָלט האָט אַ האָפענונג אַ שיין געטאָן פאַר אים: זי וועט נאָך קומען צו אים צוריק, און אַלץ וועט זיין ווי געווען.

***

דער ווייטאָק אין האַרצן ביי אים איז נאָך געווען. נאָר דאָס לעבן האָט שוין גענומען פּולסירן שטאַרקער אין אים. ער האָט זיך שוין געזען מיט עטלעכע חברים. אויף די זיצונגען פון סכאָדקע האָט ער עפּעס ניט געקענט קומען. די געוויינלעכע אַרבעט פון אַגיטירן, טיילן ליטעראַטור, איז אים איצט ניט געווען צום האַרצן. ער האָט געגאַרט נאָך עפּעס אַן אַרבעט, אַן אויסערגעוויינלעכע, אַז מען זאָל דאַרפן פאַרווענדן פיזישע כוחות. טרעפט ער איינמאָל אין גאַס אַ מיידל פון אָרגאַניזאַציע, שרהקע דער שוואַרצער, וואָס האָט געאַרבעט ביי לאָזערן, דעם דאַמסקען שניידער. דערציילט זי אים, אַז זי האָט זיך צעקריגט מיטן באַלעבאָס, האָט ער איר אָפּגעזאָגט פון דער אַר־בעט און ער וויל גאָר ניט באַצאָלן איר פאַר צוויי וואָכן שכירות.

— פאַרוואָס?

ווייל עס איז דאָרטן פאַרגעקומען אַ סטרייק אין דער מאַס־טערסקאַיע, האַלט ער זי פאַר דער פירערקע פון סטרייק.

זאַוול הערט אויס די געשיכטע און זאָגט גאָרניט. נאָר אין גע־דאַנק ביי זיך מאַכט ער אָפּ: מען דאַרף אָט דעם דאַמסקן שניידער גוט אָנברעכן די ביינער. זאַוול ווייסט דאָך וואויל, אַז אין אָרגאַניזאַציע איז טעראָר פאַרבאָטן. אָרט דאָס אים איצט ניט. פאַרקערט, אַ מין צולהכעיס־געפיל שטופּט אים אָפּצוטאָן אַ זאַך אַ פאַרווערטע. האָט ער באַלד זיך אויפגערעדט מיט אַ פּאָר באַקאַנטע בחורים פון די מאַסאָווע. זיי האָבן צו זאַוולען אַרויפגעקוקט הויך. אַז ער הייסט, איז דאָך ניטאָ וואָס צו ריידן. זאַוולס אַ וואָרט איז געווען ביי זיי הייליק.

גוט. אין אַ פרייטיק־צו־נאַכט איז דאָס געווען. לאָזער, דער דאַמסקער שניידער, איז דעמאָלט געגאַנגען פון שול מיט דעם סידור אונטערן אָרעם. האָבן די חברה אים שוין אָפּגעוואַרט אין אַ זייטיקער געסל און מען האָט אים גוט צעשלאָגן די ביינער.

—דאָס איז פאַר ניט באַצאָלן אַן ארבעטער זיינע שכירות! — האָט אים איינער פון די יונגען ערקלערט. דערלאַנגדיק אים דערווייל בוכצעס אין די זייטן. די קולות פון לאָזערן האָבן זיך צעטראָגן איבער דער גאַנצער גאַס. נאָר די חברה יונגען זיינען זיך באַלד צעלאָפן אין אַלע זייטן. גיי כאַפּ דעם ווינט. און דער שניידער האָט טאַקע די שכירות שרהקען דערנאָך באַצאָלט און נאָך צוגענומען איר צוריק צו דער אַרבעט און צוגעזאָגט, אַז ער וועט שוין פון איצט אָן זיין גוט.

אין אָרגאַניזאַציע האָט מען פון אָט דער טאַט זאַוולס געוואוסט. געדאַרפט האָט מען אויסריידן אים: — „סטייטש, זאַוול, דו? דו

ווייסט דאָך וואָס מיר דענקען וועגן טעראָר" — נאָר מען האָט גע־וואוסט זיין פאַרביטערט האַרץ און מען האָט אים געשוויגן.

ביי זאַוולען איז דאָס נאָר געווען אַזוי זיך, נאָר פאַנאַנדערצו־נעמען די הענט. ער האָט געבענקט נאָך עפּעס אַן אויסערגעוויינלעכע טאַט, אַן איינשטעלערישע אַרבעט, אַ העלדישע, ער זאָל דאַרפן ווערן אַרעסטירט אָדער גאָר פאַרשיקט ווערן אין סיביר. אַזאַ געלעגנהייט האָט זיך אים אינגיכן געמאַכט. מאַקס, דער דאַמאָלסדיקער פאַרשטייער פון ראַיאָנעם קאָמיטעט, האָט איינמאָל ביי אַ פאַרזאַמלונג פון די נאָענטסטע מענטשן אין אָרגאַניזאַציע איבערגערעדט ווי דער בונד נויטיקט זיך איצט שטאַרק אין געלט, גרויסע סומען געלט. איצט, אַז דער קאַמף אַנטקעגן דער רעגירונג איז פאַרשטאַרקט, מ׳מוז האָבן מער רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור, מער געווער. זאַוול האָט נאָך דעמאָלט זיך גוט אַריינגענומען דאָס איז קאָפּ. ער האָט זיך גענוג אָנגעהערט גע־שיכטער וועגן אַלערליי אָנפאַלן אויף מלוכהשע קאַסעס. די קאַזנאַטשעיסט־וועס און די „מאָנאָפּאָלקעס". מיט דעם ציל אַז די געלט זאָל גיין פאַר די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס. געוויס איז דער „בונד" געווען קעגן אַזעלכע אַקטן. נאָר איינציקע פערזאָנען האָבן די עקספּראָפּריאַ־ציעס דורכגעפירט אויף זייער אייגענער אַחריות.

האָט זאַוול ביי זיך אַזוי געטראַכט: נו, וועל איך זיין פון די איינציקע; וועל דורכפירן אַזאַ אַקט אויף מיין אייגענער אחריות: און דערנאָך וועל איך דאָס געלט צוטראָגן מאַקסן ווי אַ מתנה פון זאַוולען צום „בונד"...

זאַוול האָט אפילו צאַלקען ניט אַריינגענומען אין זיין פּלאַן. צאַלקע איז אַ היץ־קאָפּ און ער קען דאָ נאָך קאַליע־מאַכן. קיינעם פון דער אָרגאַניזאַציע האָט ער ניט דערציילט. ער האָט געוואוסט, אַז עס וועלן זיך באַלד אָנהייבן דיסקוסיעס, ביז מען וועט אים אינגאַנצן פאַרווערן דאָס דורכצופירן.

זאַוול האָט שוין געהאַט זיינע „יאַטן", די זעלבע חברה פון די מאַסאָווע, וואָס האָבן אים געקוקט אין די אויגן, און זיי וואָלטן געגאַנגען פאַר אים אין פייער און אין וואַסער. נו, האָט ער זיך איינמאָל מיט זיי געהיים צענויפגערעדט; מען האָט אויסגעאַר־בעט אַ פּלאַן; דער פּלאַן איז געווען אָנצופאַלן אויף דער היגער קאַזנאַטשעיסטוואָ. אַ טשינאָווניק איז יעדע וואָך געקומען צופאָרן מיט אַ פור; ער האָט געפירט מיט זיך אַ זעקל געלט פאַר דער היגער קאַזנאַטשעיסטוואָ, האָט מען געדאַרפט אָפּוואַרטן אים הינטער דער שטאָט. עטלעכע חברה וועלן געבן אַ שטעל־אָפּ די פור; איינער אַ בחור וועט מיט טאַבאַק פאַרשיטן דעם טשינאָוו־ניק די אויגן; אַנדערע צוויי יונגען וועלן אַ כאַפּ־טאָן דעם זעקל

געלט, און עס איבערגעבן צו אַנדערע צוויי יונגען, וואָס וועלן דעם זעקל ברענגען אויף אַ געוויסער קוואַרטיר.

דער פּלאַן האָט זיך ניט איינגעגעבן. פּונקט דעמאָלט איז דער טשינאָווניק געפאָרן מיט ליידיקן. ווי אַזוי די גאַנצע זאַך איז געשען האָט קיינער אין דער אָרגאַניזאַציע ריכטיק ניט געוואוסט. זאַוול אַליין האָט ניט געוואָלט פון דעם ריידן. ער האָט ווייזט אויס זיך געשעמט, אַז אים זאָל זיך עפּעס אַ זאַך ניט איינגעבן. דער פּלאַן האָט זיך ניט איינגעגעבן, און די חברה זיינען זיך צעלאָפן, יעדערער צו זיך אַהיים. נאָר אים, זאַוולען, האָט מען אין אַ פּאָר וואָכן אַרום אַרעסטירט, ווי דעם הויפּט־אָנפירער. דער פּריס־טאַוו, זשוקאָוו, איז אין מיטן נאַכט געקומען צו אים אין אויבערשטיבל, מיט אַ גאַנצער כאָפּטע דיעסיאַטניקעס; און אפילו זיי האָבן פאַר זאַוולען געציטערט, אַרעסטירנדיק אים, ווייל זיי האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ געפערלעכן יונג.

דער פּריסטאַו, זשוקאָוו, האָט שוין אויף זאַוולען געהאַט אַן אויג. וואָס נאָר עס האָט זיך אין בערעזע עפּעס געמאַכט, האָט ער באַלד זאַוולען פאַרדעכטיקט, צי זאַוול האָט עס געטאָן, צי ניט. ער וואָלט אים שוין לאַנג אַרעסטירט, נאָר ער האָט מורא געהאַט פאַר זאַוולס גבורה. דאַמאָלט, מיטן אָנפאַל אויף דעם דאַמסקען שניידער, האָט ער זאַוולען אָפּגעשטעלט אין גאַס און זיך מיט אים צערעדט:

— היט זיך, זאַוועלקע. — האָט ער גערעדט האַלב אין יידיש.

— דו מיינסט, איך ווייס ניט דיינע שטוקעס, שיסן אין וואַלד און אַלץ...

זאַוול האָט זיך פון אים אויסגעלאַכט:

— נו, אַז דו ווייסט, איז דיר גוט. — האָט ער אים אָפּגע־ענטפערט.

ער האָט געוואָלט „עפּעס אין האַנט אַריין", דער זשוקאָוו. אָבער זאַוול וועט ניט אונטערקויפן אַ צאַרישן דינער.

אָבער איצט האָט אים זשוקאָוו געהאַט אונטערן שלאָס, אין „אַרעסטני דאָם", וואָס איז געווען אַ קעמערל, אָפּגעטיילט מיט אַ טיר פון זיין קאַנצעלאַריע. אין דער פרי איז זשוקאָוו געזעסן ביי זיין שרייב־טיש און געשריבן אַ פּאַפּיר, וואָס האָט געדאַרפט גיין אַזש אין דער גובערניע, אין גראָדנע. דער פּריסטאַוו, זשוקאָוו איז געווען אין גרויס פאַרלעגנהייט. ס'איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס ער האָט זיך געקענט אויסצייכנען פאַר נאַטשאַלסטוואָ. אָבער בערעזע איז געווען אַ גוטער אָרט פאַר אים. די יידן קומען צונויף. דו קומסט אַריין צו אַזאַ איינעם אין שטוב, וועט ער דיך ניט אַרויסלאָזן מיט ליידיקן — ביי וועמען אַ קעלעשעק בראָנפן, ביי

ווען מען אַ שבתדיקן מאכל צו פאַרזוכן. פאַר דער „חברה" אָבער האָט ער מורא געהאַט, אפילו איצט, ווען ער האָט זייער גלאַוונעם פּירער אונטערן שלאָס. מען דאַרף אַזאַ יונג אָנלערנען. ער האָט געהייסן דעם דעסיאַטניק אַריינפירן זאַוולען אין קאַנצע־לאַריע, און אַליין האָט ער וואַזשנע אַריינגעקוקט אין פּאַפּיר, דרייענדיק זיינע טונקעלע וואָנצעס וואָס האָבן איבערגעשניטן דעם קורצן פּנים. אויגן האָט ער געהאַט קעציִשע, גרויע, און ער האָט אַ קוקגעגעבן אויף זאַוולען, וועלכער איז שוין געשטאַנען אַנטקעגן, און ער האָט געזאָגט:

— דו ביסט דאָס געווען פון די אָנפאַלער אויף דעם טשינאָווניק?

— ניין, — האָט זאַוול אים אַריינגעקוקט גלייך אין די אויגן.

— איך גלייב אייך ניט. — האָט ער אָנגעהויבן ווייכער, — איך קען דיך פאַר אַ פיינעם מענטשן.

— אַז דו גלייבסט ניט, איז וואָס־זשע האַלסטו מיך דאָ?

— אַזוי איז דער זאַקאָן! — איז זשוקאָוו מיטאַמאָל געוואָרן ערנסט, האָט צוגעלייגט זיין האַנט צו דער סאַבלע וואָס ער האָט געטראָגן.

זאַוולען האָט קיין זאַך ניט געאַרט: זאָלן זיי מיט אים טאָן וואָס זיי ווילן.

שפּעטער זיינען מיידלעך פון דער אָרגאַניזאַציע געקומען צו אים, געבראַכט אים עסן. שרהקע די שוואַרצע האָט זיך ביי אים געבעטן, אַז מען קען דעם פּריסטאַוו אונטערקויפן. ער האָט גע־קענט גרינג אַנטלויפן פון „אַרעסטני דאָם". צאַלקע האָט אים צוגעשיקט אַ צעטעלע מיט אַ גאַנצן פּלאַן, מיט איינצלהייטן ווי דאָס אַנטלויפן קען אָרגאַניזירט ווערן. אָבער זאַוול האָט פון דעם ניט געוואָלט הערן. און ער איז געבליבן ביי זיינס. ער וויל זען וואָס וועלן זיי מיט אים טאָן...

אינגיכן האָט מען זאַוולען אַוועקגעשיקט אין גראָדנער טור־מע. די זאַך איז געווען אַן ערנסטע. ער האָט געהאַט אויף זיך אַ שווערן פּראָצעס, און דער פּריסטאַוו אַליין האָט קעגן אים עדות־געזאָגט. מען וואָלט אים מסתמא פאַרמשפּט צו אַ סך יאָרן טורמע אָדער ער וואָלט נאָך פאַרשיקט געוואָרן אין סיביר. אָבער דאָ האָט זיך אַריינגעמישט איינע אַ מיידל, שפרה־לאה האָט זי געהייסן. זי איז ערשט ניט לאַנג צוריק אַריינגענומען געוואָרן אין דער אָרגאַניזאַציע. און אָט די מיידל האָט זיך עס אונטערגענומען צו העלפן, אַז זאַוול זאָל באַפרייט ווערן.

ווער איז עס געווען די שפרה־לאה? ניט קיין העלדין, ניט קיין גרויסע קעמפערין. זי איז געווען אַ פּשוטע באַלעבאַטישע מיידל, פאַרכאַפּט אין שטראָם פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

זי איז געווען גאָר פון יאַבלאָנקע, אַ קליין שטעטעלע, ניט ווייט פון בערעזע, זאָוול איז אַהין איינמאָל געקומען האַלטן אַ רעדע אויף אַ פאַרזאַמלונג אין וואַלד. עס איז געווען אין אַ שבת ביי־טאָג. און די גאַנצע שטעטל יונגוואַרג איז דאָרטן געווען, נו, האָט די שיפרה־לאה אים דאָרטן געזען. נאָך מער פון זיין ריידן, איז איר געפעלן געוואָרן זאָוולס העלדישער אויסזען. פון דעמאָלט־אָן איז זי געוואָרן אַזוי פאַרקאָכט אין אים, אַז זי איז אפילו צוליב אים אין בערעזע געקומען. פון בערעזע קיין יאַבלאָנקע איז פיר מייל. איז זי געגאַנגען צופוס. זי האָט זיך געזען שוין מיט חברים און זי האָט אַזוי לאַנג געאַרבעט, ביז מען האָט זי אַריינגענומען אין דער אָרגאַניזאַציע.

אַ מויל צום ריידן האָט זי געהאַט. האָט זי אויסגעפירט, אַז נאָר זאָוול זאָל איר פאַרשטייער זיין. ער האָט איר געגעבן ליטע־ראַטור, פאַרענטפערט אירע פראַגן. און זי האָט געקוקט אויף אים מיט פאַרליבטע אויגן. זאָוול האָט אירע בליקן ניט באַמערקט. ער האָט דאָך דעמאָלט געהאַט זיין זלאַטקען און קיין אַנדערע מייד־לעך זיינען אים גאָר אין זינען ניט געלעגן.

שיפרע־לאה איז געווען אַ מויד אַ געוויקסיקע, אַ גרויסע, מיט געלע האָר און געלע ברעמען, און א בראָדעווקע האָט זי געהאַט אויף דער לינקער זייט קין. אירע אויגן, פון אַ מוטנעם בלוי, האָבן געקוקט ניט קלאָר, ווי דורך אַ זופּ. זי איז אָבער גע־ווען זייער אַ כוואַטסקע מיידל, ווייזט אויס, און זי האָט זיך אונטער־גענומען העלפן אַרבעטן אַז מען זאָל זאָוולען באַפרייען פון וואַנען האָט זיך צו איר גענומען מוט, אַז זי זאָל זיך אַטוואַזשען אויף אַזאַ זאַך, איז שווער צו פאַרשטיין; סיידן די שטאַרקע ליבע, וואָס האָט זיך אין איר צעברענט, האָט אַריינגעגעבן אין איר נייע כוחות. איז זי עטלעכע מאָל געפאָרן אין גובערניע, קיין גראָדנע. אַ מויל צום ריידן האָט זי דאָך געהאַט, איז זי אָנגעקומען צו די גרעסטע נאַטשאַלסטוואָ. זי האָט געזען מען זאָל אָנשטעלן אַ גוטן אַדוואָקאַט זאָוולען צו פאַרטיידיקן. עס זיינען שוין דעמאָלט גע־ווען אָפענע סודן (געריכטן) אין לאַנד. און דער באַשולדיקטער אַליין האָט זיך געקענט פאַרטיידיקן.

די אָרגאַניזאַציע האָט דאָ אַרויסגעהאָלפן מיט געלט. אפילו אַ פּאָר ליבעראַלע גבירים פון בערעזע האָבן געלט געגעבן צו ראַטעווען אַ רעוואָלוציאָנער. שיפרה־לאה האָט זיך אונטערגענומען צו באַווייזן די ריכטער, אַז זאָוול איז איר חתן, און אַז אין דעם טאָג פון אָנפאַל אויף דעם טשינאָווניק איז זאָוול גאָר געווען אין יאַבלאָנקע, און ער האָט פאַרבראַכט ביי איר אין שטוב. אַזוי לאַנג האָט זי געאַר־בעט מעשים, ביז מען האָט אים טאַקע באַפרייט. זאָוולען.

שיפרה־לאה האָט דערנאָך אַזוי איינגעאָרדנט, אַז זאָוול זאָל קו־מען צו איר אַהיים, אין יאַבלאָנקע. „ער דאַרף זיך גוט אויסרוען", האָט זי געטענהט.

„זאָל זיין אַזוי", האָט זאָוול נאָר אַ הייב־געטאָן מיט די אַקסלען. זינט ער איז אַרויס פון טורמע, האָט זיך ביי אים דאָס הפקר־געפיל נאָך מער געשטאַרקט. טיף אין האַרצן פאַררוקט איז ווי אַ קנויל גע־לעגן ביי אים דער ווייטאָג, וואָס האָט זיך דאָרטן פאַרקליבן זינט זלאַטקעס לעצטן בריוו. פון אויבן־אויף האָט ער אפילו אויסגעזען ווי ער זאָרגט זיך איצט ניט פון קיין זאַך.

— ווען ער אַרט עס! — האָט ער אָפּגעענטפערט אויף שיפרה־לאהס איינלאַדונג צו קומען צו איר אַהיים.

אין שטוב ביי שיפרה־לאהן איז געווען אַן אכסניה, און פון דער נאָענטסטער סטאַנציע „יאַבלאָנקע" זיינען אַהער פאַרפאָרן אַלערליי סוחרים: תבואה־הענדלער, מעקלער, קאָמי־וואָיאַזשאָרן, הענדלער מיט פלאַקס, מיט חזיר־האָר, מיט פעלכלעך, און עס איז דאָרטן גע־שטאַנען אַ שטענדיקער הו־האַ פון די אורחים. דער טאַטע שיפרה־לאהס איז געווען אַ הויכער און דאַרער ייד, מיט אַ באָרד, וואָס איז ביי אים געוואַקסן אין עטלעכע באַזונדער׳ע שפּיצן. און איין שפּיץ איז געווען לענגער פון אַנדערן. מענדל האָט ער געהייסן. ער איז געווען זייער אַ רירעווודיקער און אַ פריילעכער ייד. און כאָטש ער איז געווען באַפאַלן מיט אַ סך טעכטער, וואָס עטלעכע פון זיי האָט מען שוין באַ־דאַרפט חתונה מאַכן, איז ער דאָך ביי זיך געז׳ועז תקיף און ער האָט זיך אָפּט געוויצלט מיט די אורחים פון זיין אכסניה, אַז מען וועט זיינע טעכטער אויסכאַפּן אַלע ביז איינע.

— איר הערט, יידן, מען וועט נאָך אָנקלאַפּן ביי מיר אין פענצטער און זיך נאָכפרעגן: „מענדל, דו האָסט נאָך עפּעס אַ מויד חתונה צו מאַכן?"...

אויסער דער פרנסה פון אכסניה, האָט נאָך מענדל אונטערגע־האַנדלט מיט אַליץ, וואָס עס האָט זיך נאָר געמאַכט אונטער דער האַנט. זיין ווייב שיפרה־לאהס מאַמע, איז געווען אַ קורצע און אַ ברייטע יידע־נע, מיט שווערע פיס, ווי קלעצלעך. זי האָט כסדר געקאָכן און גע־פּרעגלט און דערלאַנגט די אורחים עסן אויף לאַנגע טישן, אין דער גרויסער שטוב, ווי אַ שענק.

שיפרה־לאה האָט געזען מען זאָל זאָוולען אָפּגעבן אַ באַזונדערן קאַמער, און קיינער איז צו אים אין קאַמער ניט אַריינגעקומען, אויסער איר אַליין. אַלע ווילע האָט זי אים אַריינגעטראָגן אַ נייעם מאכל און געטריי צו אים גערעדט:

— עסט, זאָוול, פאַרזוכט, ס׳איז גוט.

אירע אויגן אונטער די געלע ברעמען, האָבן געקוקט ניט קלאָר,

ווי דורך אַ זיפּ. זי האָט זיך אָפּגעפּאַרבט די באַקן מיט אַ שטיקל רויטן סאַמעט, און אַז זאָל האָט אויף איר אַ קוק־געגעבן, האָט ער שיער ניט אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער. אָבער די היימישקייט און וואַ־רעמקייט פון שטוב איז אים געווען צום האַרצן, און ער האָט אַרומ־געשפּאַנט איבערן קאַמער, מיט די הענט אין די הויזן־קעשענעס, און ער האָט געטראַכט: „וועמען אַרט עס"...

# קאַפּיטל פיר און צוואַנציק

די שמחה פון זאַוולס באַפרייאונג איז געפּראַוועט געוואָרן טאַקע אין יאַבלאָנקע, ביי שיפרה־לאהן אין שטוב. און צו דער שמחה זיינען געקומען זאַוולס נאָענטסטע חברים: צאַלקע ווייסענבערג, אָשר מינסקי, ביילקע די פּריקאַזטשיצע, שרהקע די שוואַרצע און די ביידע שמואלס. זיי זיינען געקומען צופאָרן אויף אַ פור; און דער פורמאַן האָט דאָ אין שטוב געוואַרט.

אין גרויסן שטוב, ווי אַ שענק, זיינען געווען פאַרשפּרייט טיש־טעכער אויף די לאַנגע טישן, און אָנגעשטעלט מיט לעקעך און בראָנפן און אַ גוט שטיקעלע הערינג צו פאַרבייסן. ביי איין טיש זיינען געזעסן מענדעלס (שיפרה־לאהס טאַטענס) פריינט: די סוחרים פון תבואה, די הענדלער מיט פלאַקס, מיט פעלכלעך און מיט חזיר־האָר, די מעקלער און די קאַמי־וואָיאַזשאָרן; און ביי אַ באַזונדערן טיש זיינען געזעסן די אַלע פריינט זאַוולס, מיט זאַוולען אַליין אויבנאָן און מיט שפרה־לאהן ביי זיין רעכטער זייט. און מענדל, הויך און דאַר, האָט אַרומגעטאַנצט מיט גרינגע פיס צווישן איין טיש און דעם אַנדערן, מיט אַ פלעשל משקה אין האַנט, און ער האָט אָנגעגאָסן יעדן צו גלעזעלע:

— לחיים, מענדל!

— מירצעשעם ביי דיין טאָכטער אויף דער חתונה! — האָבן די סוחרים אים צוגעוואונטשן מיט אַ פריילעכן וואונק צום אַנדערן טיש.

און מענדל, אַ צעוואַרעמטער, אָנגעטאָן אין זיין וואַטאָווע לייבל, האָט געגעבן אַ צי־אַרויף די הויזן מיט איין האַנט און ער האָט אָפּגעענטפערט:

— מירצעשעם ביי אייערע קינדער!

די חברים זאַוולס האָבן אין אָנהייב זיך געפילט ווי אויף אַ פרעמדער חתונה. אָבער באַלד האָבן זיי זיך צעוואַרעמט, ניט זייענדיק צוגעוואוינט צו שטאַרקע געטראַנקען, ביידע שמואלס, און אויך צאַלקע, זיינען געווען שכורלעך פון ערשטן גלעזל, און זיי האָבן געזאָגט טאָסטן פאַר שיפרה־לאהן, וואָס זי איז געווען די העלדין פון זאַוולס פאַרטיידיקונג. און שיפרה־לאה האָט זיך געפילט שטאַרק דער־

הויבן. זי האָט מיט אירע מוטנע אויגן געקוקט אויף זאַוולען, וואָס איז איצט אַזוי נאָענט לעבן איר געזעסן. זי איז זיך אַזוי ווי אין אים צע־גאַנגען, געוואָרן אויס...

די מאַמע שיפרה־לאהס האָט זיך געגעבן אַ קייקל־אַריין אין שטוב אויף אירע קורצע שווערע פיס. זי האָט געטראָגן איןביידע הענט אַ ריזיקע געבראָטענע גאַנז, אויסגעשפּרייט אויפן פּאַלומעסאָק. און באַלד נאָכדעם האָט זי אַריינגעבראַכט אַ שיסל רעטשענע קאַשע, באַגאָסן מיט אויסגעברוינטע יויך. און שיפרה־לאה האָט געגעבן אַ לייג־אַוועק אויף דער טעלער אַ שטיק גאַנז און קאַשע מיט יויך, און האָט עס געטריי צוגערוקט צו זאַוולען און זי האָט געזאָגט:

— עסט, חבר זאַוול, איר האָט דאָך היינט נאָך גאָרניט געגעסן.

ביי זאַוולען זיינען די אויגן געוו׳ען פאַרגאָסן; מיט דעם צע־שפּיליעטן קאָלנער פון זיין רובאַשקע און מיט דער הויכער, ניט־פּאַר־קעמטער טשופּרינע, האָט ער אויסגעזען ווי אַן אַטאַמאַן פון אַ שייקע רויבער.

ביילקע די פּריקאַזשטשיצע און שרהקע די שוואַרצע האָבן זיך איינע די אַנדערע געקניפּט די הענט, אָנווייזנדיק אויף די צעהוליע־טע סוחרים ביים אַנדערן טיש. זיי זיינען אויך געווען אַ ביסל שיכורלעך און זיי האָבן ביידע געהאַלטן אין איין לאַכן. אָבער אָשר מינסקי איז געווען ניכטער. ער האָט אָנגעקוקט זאַוולען און ער האָט אָנגעקוקט שיפרה־לאהן, ווי זי קלעפּט אַזוי צו אים, און עס האָט אים באַנג־געטאָן פאַר זאַוולען. ער איז אַ טייערער בחור, אַ העלדישער יונג, און די אויגן זיינען ביי אים פאַרבלענדט און ער זעט ניט ווי עס גרייט זיך דאָ אויף אים אַ פּאַסטקע. אָשר האָט דער ערשטער זיך אויפ־געהויבן פון טיש.

— קומט, חברה, ס׳איז שוין שפּעט, — האָט ער געזאָגט.

זיי האָבן זיך אַלע צעזעגנט מיט זאַוולען. דער פורמאַן, אויך אַן אָנגעגעסענער און אַן אָנגעטרונקענער, האָט זיי אַלעמען אַוועקגע־פירט צוריק קיין בערעזע.

אויף מאָרגן אין דער פרי איז זאַוול אויפגעשטאַנען מיט אַ פאַרטשאַדעטן קאָפּ און מיט אַ שלעכטן טעם אין מויל. ער האָט זיך דערמאָנט וואו ער איז און ער האָט אַ טראַכט געטאָן: „נו, וואָס וועט זיין ווייטער?" „כ׳האָב דאָס אַלץ אין דער ערד", האָט ער זיך אַליין געענטפערט.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זאַו׳ל איז אַריינגעפאַלן אין אַ שמאַלץ־גרוב. מען האָט אים געהאַלטן אין איין קעכלען און אָפּהיטן אים. מען האָט אים אָפּגעגעבן אַ באַזונדערן קאַמער און קיינער, אויסער שיפרה־לאהן, איז צו אים ניט אַריינגעקומען. עס זיינען אַוועק טעג פון רו און גאָרניט־טאָן. שיפרה־לאה האָט אַלע ווילע

אים אַריינגעטראָגן עפּעס נייעס צום עסן. זי האָט אויסגעפונען, אַז ער האָט ליב בולבענע לאַטקעס, האָט זי עס געבראַכט צו טראָגן אַ פולן טעלער, פעטע, אויסגעברוינטע לאַטקעס, אַז עס איז זיך צעגאַנגען אין מויל. שיפרה־לאה אַליין איז נאָך אַלץ מיט אָפּגעפּאַרבטע באַקן. זי טראָגט אַ העלע, ציצענע קלייד, מיט גרויסע קווייטן; אירע געלע האָר זיינען אויפגעטורעמט הויך; אַז זי גיט אַ שטעל אַוועק דעם טע־לער מיט די לאַטקעס, בויגט זי זיך אָן צו אים אַזוי נאָענט, אַז איר בוזעם דערגרייכט זיין עלנבויגן. צום ערשטן מאָל גיט זאַוול אויף איר אַ קוק ווי אויף אַ מיידל... ביז איצט האָט ער נאָך ווייניק מיט איר גערעדט, ער האָט אַנומעלטן, ביי דער שמחה, אַ פּאָר מאָל דערפילט איר הייסן בליק אויף זיין באַק. ער האָט אומגעקערט דעם קאָפּ צו איר, עס איז אים אויסגעקומען ווילד אַזוי...

ער געדענקט שיפרה־לאהן, ווען ער האָט מיט איר געלערנט אין אַ קרייזל אין בערעזע. זי פלעגט גאָרניט פאַרשטיין וואָס מען רעדט צו איר, נאָר גלאָצן מיט די אויגן. „קעלבערנע אויגן" פלעגט ער ווערן אין כעס. איצט אַרט עס אים גיט. זינט ער איז אַרויס פון טורמע, בענקט ער נאָך אַ לעבעדיקן מענטשן, בפרט נאָך אַ געטריי־שאַפט פון אַ פרוי. דאָס צענעמט אים ביז גאָר.

— נאָר עסן און עסן... — פּיעשטשעט ער זיך פאַר איר.

— עסט געזונטערהייט, — ענטפערט שיפרה־לאה. — איר האָט זיך גענוג אָנגעסטראַדאַיעט, איר דאַרפט זיך איצט פּאָפּראַווען.

זאַוולען ווילט זיך פאַרפירן מיט איר אַ שמועס:

— דערציילט מיר ווי אַזוי האָט איר דאָס געקענט אויפטאָן מיט דעם באַפרייען מיך. ס'איז דאָך אַ קונץ...

אָבער שיפרה־לאה וויל זיך אָן דעם ניט דערמאָנען. ניט דאָס אינטערעסירט איר איצט.

— אַבי ס'איז שוין נאָך דעם, — זאָגט זי. — אַבי איר זענט עס שוין איבערגעקומען.

איצט ווייסט ער שוין ניט וועגן וואָס מיט איר צו ריידן. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז פראַגעס פון פּאָליטיק, פון רעוואָלוציע קימערן איר גאָר ווייניק. זי האָט אים נאָר געוואָלט אַרויסנעמען פון „גויאישע הענט". און איצט האָט זי איר ציל דערגרייכט.

— איך וועל שוין אינגיכן פאָרן צוריק קיין בערעזע, — זאָגט זאַוול. — די אַרבעט אין דער אָרגאַניזאַציע דאָרטן איז נויטיק. איר ווייסט דאָך, ס'איז אַזאַ צייט...

שיפרה־לאה נעמט אים אָפּריידן. זי וויל אים ניט אַוועקלאָזן פון זיך.

— זאָלן שוין אַנדערע אַרבעטן, — זאָגט זי. — אירט שוין גע־נוג געטאָן.

„אַ פאַרשטאָפּטע קאָפּ", טראַכט ביי זיך זאַוול. נאָר וואָס אַרט דאָס אים...

די טעג זיינען גראָד געווען רעגנדיקע מען קען ניט אַרויס אין גאַס. זאַוול זיצט פאַרמאַכט אין זיין קאַמער. ער פילט ניט גוט דורכ־צוגיין די שטוב. דאָרטן איז אַ שטענדיקער הו־האַ, אורחים קומען און גייען, זיי שטעכן אים דורך מיט די אויגן, אַז ער גייט פאַרביי זיי; זיי עסן תמיד ביים קאַנטאָר און זיצנדיק אויף די בענק אַרום די לאַנגע טישן. די מאַמע שיפרה־לאהס קאָכט שטענדיק און פּרעגלט. די אורחים פאַסמאַקעווען זיך מיט אירע מאכלים. דעם טראָגט זי צו אַ געפּרעגלטן לעבערל, דעם אַ געשטאָפּטע העלדזל, דעם אַ געגנדזענע פּאָלקע, צו אים דערטראָגט זיך דער ריח פון געפּרעגלטע געגנדזענע שמאַלץ, פון פרישע גריבענעס, זאַוול איז שיכור פון די ריחות.

שיפרה־לאה איז אין אים פאַרליבט, אין זאַוועלן. זי וויל אים אָבער דאָס ניט זאָגן, זי וואַרט, ער אַליין זאָל מאַכן דעם ערשטן טראָט. אַז זי קומט אַריין מיט אַ טעלער עסנוואַרג, שלאָגט פון איר אַליין אַ היץ. אירע אויגן זיינען אינגאַנצן פאַרנעבלט.

זאַוול פאַרשטייט איר מיין. ער איז זייער צופרידן צו זען ווי ער ווירקט. איר פולער בוזעם, אירע היפטן — זי געפעלט אים, כאַ־כאַ... זי זעט שוין איצט אויס ווי אַ ווייבל...

— קומט זעצט זיך אַוועק אָט־דאָ, — ווייזט ער איר אָן אַן אָרט לעבן זיך אויפן סאָפקע.

שיפרה־לאה פאָלגט אים און זעצט זיך אַוועק. זאַוולען ווילט זיך איר אַ קיצל־טאָן אונטערן אָרעם. ער נעמט איין האַנט אַרום איר טאַליע. אַ ווײַלע זיצן זיי אַזוי־אַ ביז שיפרה־לאה גיט זיך אַ הייב־אויף. זי וויל שוין אַרויסגיין פון צימער.

— בלייבט נאָך אַביסל דאָ, — זאָגט זאַוול, זיין אָטעם ווערט האַסטיקער.

— ניין, — זאָגט שיפרה־לאה מיט אַ געלעכטרל.

— פאַרוואָס ניין?

— איר זענט נאָך ניט מיין חתן, — זאָגט שיפרה־לאה.

— נו, אַז איך וועל ווערן אייער חתן? — פרעגט זאַוול אויך מיט אַ מאָדנעם געלעכטערל.

ער לאָזט איר אַוועקגיין. אָבער ער ווייסט שוין, אַז ער קען ביי איר אַלץ אויספירן, אַז ער זאָל נאָר וועלן. אים געפעלט די שפּיל. זיין אויפגעשטורעמט בלוט פאַרנעפּלט זיינע געדאַנקען. ער וואַרט נאָך זי זאָל אַריינקומען נאָכאַמאָל. דעמאָלט וועט ער איר שוין ניט אָפּלאָזן.

ס'איז אָנהייב אָוונט. זאַוול ליגט אויסגעצויגן אויפן סאָפקע. שיפרה־לאה האָט זיך יענעם גאַנצן טאָג ניט געוויזן. עסן האָט אים

אַריינגעבראַכט איר מאַמע. די אַנדערע מיידלעך אין שטוב ווייזן זיך אים ניט פאַר די אויגן די גאַנצע צייט. ווידער עפנט זיך די טיר פון זיין קאַמער. זאַוול גיט זיך אַ שטעל אויף, ער איז אַנטוישט אַנשטאָט שיפרה־לאהן איז גאָר אַריינגעקומען איר טאַטע, וואָס מען רופט אים מענדל. ער גייט־צו מיט זיין לייכטן גענגעלע גלייך צו זאַוולען.

— אַ גוטן אָוונט אייך, פּאַניע זאַוול. אַזוי הייסט איר. דוכט זיך?

— יע, — זאָגט זאַוול.

אַ ווײַלע איז אַ שטיל־שווייגעניש צווישן זיי.

— אירט עפּעס געוואָלט, ר׳ מענדל? — רופט זיך אָפּ זאַוול.

— ניין, ס׳הייסט... — און ער זעצט זיך אַוועק אויף אַ בענקל.

זאַוול מאַכט אַ פּאַפּיראָס פונם בערגעלע טאַבאַק, וואָס ליגט אויפן טיש.

— איר ווילט? — גיט ער דעם פּאַפּיראָס צו מענדלען.

— ניין. אַ שיינעם דאַנק. איך רויכער ניט.

מענדל הייבט זיך ווידער אויף. ער גיט אַ צי־אַרויף די הויזן מיטביידע הענט:

— וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן... איר זענט, דוכט זיך, אַ שטעפּער ביים פאַך.

— וואָס־איז וואָס? — גיט אים זאַוול אַ קוק־אָן.

— אירט קיינמאָל ניט געטראַכט צו בייטן אייער פּרנסה? — גייט מענדל צו נעענטער צו אים.

— וואָס־אי? מיט וואָס טויג דאָס ניט צו זיין אַ שטעפּער?

— ווער זאָגט דען, אַז ס׳טויג ניט? — טרעט מענדל ווידער אָפּ פון זאַוולען. — נאָר אַז עס מאַכט זיך עפּעס בעסערס, דאַרף מען זיך ניט אָפּזאָגן. ניט אַזוי?

— וואָס מיינט דאָס בעסערס? — קוקט אויף אים זאַוול טשי־קאַווע.

— כ׳מיין, אַ שטייגער מסחר. אירט קיינמאָל ניט געפּרוווט?

— מסחר? — גיט זאַוול אַ לאַך. — ניין. כ׳טויג זיך ניט אויס אויף אַזעלכע קונצן...

— וואָס, איר טויגט זיך ניט אויס? — איז מענדל צוגעטראָטן נאָענט צו זאַוולען. — איר, מיט אייער קאָפּ? נישקשה, מיין טאָכטער האָט מיר גענוג דערציילט פון אייך.

זאַוול קוקט אים אָן ,מענדלען — די באָרד זיינע, וואָס איז קיין באָרד ניט, נאָר באַזונדערע בינטלעך האָר איבערן פּנים; זיין גרינג־געץ גענגעלע, אין די וואַטאָווע קאַמעזעלקע, וואָס ער טוט ניט אויס פון לייב. אַ מאָדנער ייד. וואָס וויל ער פון אים האָבן? מענדל איז שוין דערווייל צוריק ביי דער טיר.

— אויב עס פעלט אייך אויס געלט, קען איך אייך אויסלייען, — זאָגט ער מיט זייער אַ ווייכע שטימע.

— אַז איך דאַרף קיין געלט ניט! ווער דאַרף האָבן אייער געלט?

— ווערט שוין זאַוול אין כעס.

— כ׳מיין אויף מסחר... אירט זיך נאָך באַרעכענען. — גיט מענדל אַ רייד־אַרויס איידער ער גייט אַוועק.

זאַוול בייזערט זיך אויף זיך אַליין. „צו אַלדי שוואַרץ־יאָר!" עס איז אים שוין דערעסן די גאַנצע זאַך. ער קען זיי שוין קיינעם ניט אָנקוקן, די גאַנצע כאַליאַסטרע זייערע. אַנטלויפן פון דאַנען. די איין זאַך איז אים נאָר געבליבן צו טאָן.

לאַנג כעסן זיך איז זאַוולען ניט אויסגעקומען. אין אַ ווײַלע אַרום איז שיפרה־לאה אַליין אַריינגעקומען.

— מיין טאַטע איז דאָ געווען? ער האָט אייך אוודאי געדרייט אַ קאָפּ.

— וואָס וויל ער פון מיר? — איז שוין זאַוול ווייכער געוואָרן.

— הערט זיך ניט איין וואָס ער זאָגט אייך, — רעדט צו אים שיפרה־לאה מיט גוטסקייט. — מיר וועלן ביי אים ניט פרעגן וואָס צו טאָן.

שיפרה־לאה איז היינט צוגעלאָזענער ווי אַלעמאָל. זי זעצט זיך אַליין אַוועק לעבן אים אויפן סאָפקע. זי האָט אים געבראַכט אַ ביכל צום לייענען, „אַ מעשה מיט פיר ברידער". און ביי זאַוולען איז שוין דער גאַנצער כעס אַוועק. ער צעעפנט דאָס ביכל און נעמט לייענען. שיפרה־לאה לייגט זיך אָן מיט ביידע הענט אויף זיין אַקסל. עס שלאָגט פון איר אַ היץ. זאַוולס אויגן וואַנדערן איבער די שורות, ער זעט ניט וואָס ער לייענט.

— לאָמיר זיך זאָגן „דו" — זאָגט שיפרה־לאה.

— גוט. — „וואָס אַרט דיך, יאָלד", גיט זאַוול צו זיך אַ לאַך.

עס דויערט ניט לאַנג און ער האַלט איר שוין מיט ביידע הענט אַרומגענומען. זי איז אַזאַ גרויסע, אַ פולע. פלוצלונג קריגט ער אַ גע־פיל ווי ער האָט זיך צוגערירט עפּעס צו אַ פרעמדער זאַך. „ס׳איז ניט די"... גיט אים אַ זעץ אין קאָפּ. עמעצער האָט אים פאַרביטן זיין מיידל. עמעצער האָט אים אָפּגענאַרט... ער פילט ווי עס מישט זיך אים אין קאָפּ, און דער ווייטאָג, וואָס ליגט פאַרבאַהאַלטן טיף אין האַרצן... קיינמאָל האָט ער נאָך אַזוי שטאַרק דעם ווייטאָג ניט געפילט ווי איצט־אָ, אין דער מינוט. פאַר כעס גיט ער איר אַ שטופּ־אָפּ פון זיך, שיפרה־לאהן.

— וואָס איז? — דערשרעקט זיך שיפרה־לאה — כ׳האָב דיר אפשר אַ שטאָך געטאָן מיט אַ שפּילקע?

ער זיצט אויף דער סאָפקע, דעם קאָפּ אַרומגענומען מיט ביידע

הענט, ער וואָלט וועלן פאַרשוואונדן ווערן ערגעץ אונטער דר׳ערד. שיפרה־לאה שטייט לעבן אים מיט פאַרבראָכענע הענט. זי ווייסט ניט וואָס צו טאָן.

— גייט אַוועק פון דאַנען, — בעט ער זיך ביי איר, אָנווייזנ־דיק איר מיט איין האַנט צו דער טיר. נאָר זי טרעט ניט אָפּ, זי וויל ניט גיין ביז זי וועט וויסן וואָס מיט אים איז געשען, צי איז ער ניט קראַנק חלילה. זי גלעט אים ביי אַן אַקסל. „אפשר האָב איך אייך מיט עפּעס אַריינגעבראַכט אין כעס?“ פרעגט זי ביי אים, נאָר זאַוול שווייגט. ער האָט ניט קיין שום גוטן געפיל צו איר. ער איז איינגע־קאָרטשעט אין זיך, און ער הויבט ניט אויף דעם קאָפּ צו איר.

ווי אַזוי איז דאָס געקומען אַז ער זאָל גאָר האָבן צו טאָן מיט אַ פרעמדן מענטשן? צו־וואָס האָט ער זיך אַריינגעפּלאָנטערט אין אַזאַ עסק? ער האָט איר ניט ליב. איר רחמנותדיק פּנים. ער קוקט אויף איר בייז. שיפרה־לאה שטייט איבער אים אַן אונטערטעניקע אַ בעטנדיקע.

— זאָג מיר, וואָס וואָלסטו וועלן איך זאָל טאָן?

— איך וויל גאָרניט. וואָסט איר זיך אין מיר אָנגעטשעפּעט! — גיט ער אַ געשריי.

איצט איז שוין שיפרה־לאה אין כעס:

— אָט דאָס איז דער דאַנק וואָס איך קריג פון אייך! — העכערט זי איר קול — כ׳האָב איינגעשטעלט פאַר אייך דעם לעבן. ווען ניט איך...

— ווער האָט אייך געבעטן!

שיפרה־לאה ווערט ווייכער. זי נעמט אים אָן פאַר דער האַנט:

— זאָגט מיר נאָר וואָס איר ווילט. איך וועל אַלץ טאָן. — בעט זי זיך ביי אים.

— איך וויל גאָרניט. מאָרגן גיי איך אַוועק צוריק אין בערעזע...

— ניין, ניין! — גיט זי אַ פאַל־צו צו אים און צעווייננט זיך שטיל, און זי ווישט זיך די אויגן מיט איין האַנט, כליפּנדיק.

זי וויינט שיפרה־לאה, און דאָס איז אים ערגער פון אַלץ. ער קען ניט פאַרטראָגן צו זען אַז עמעצער וויינט...

***

אַז זאַוול איז געקומען קיין בערעזע און ער האָט זיך געזען מיט חברים, האָט ער זיך באַלד דערוואוסט אַז זלאַטקע איז געקומען צו־פאָרן. אַ שטורעם פון געפילן האָט אין זיין האַרצן זיך אויפגעהויבן: „אַזוי, זי איז געקומען... זי איז דאָ...“ ער מוז זי זען. ער האָט געפילט ווי עס קלייבט זיך אין אים דער כעס אויף איר. ער וועט

איר אַלץ דערציילן פון זיינען צרות מיט שיפרה־לאהן — זאָל זי וויסן, זי אַליין, זלאַטקע, איז די שולדיקע אין אַלץ.

אויף קיין איין מינוט האָט ער ניט אַ טראַכט געטאָן, אַז צווישן אים און זלאַטקען איז שוין אַלץ געענדיקט, און אַז ער איז אַזוי גוט ווי פאַרקנסט צו אַן אַנדער מיידל, און די מיידל איז שיפרה־לאה פון יאַבלאָנקע. אין דער מינוט האָט ער אַלץ פאַרגעסן. ער האָט געדאַרפט זיך זען מיט זלאַטקען. ער וועט האָבן מיט איר אַ שאַרפן דורכרייד, אַ קריג — ווי מען קריגט זיך אַמאָל מיט אַ ווייב, מיט אַ געליבטע.

עס איז געווען אין מיטן העלן טאָג, אַז זאָוול איז אַריינגעפאַלן אין בערעזע. ער איז געווען ווי צעמישט. וואו קען ער זי געפינען? ער האָט שוין אויסגעזוכט וואו אַ שטוב פון באַקאַנטע חברים, קיינער האָט ניט געוואוסט — סיידן גיין גלייך צו איר אַהיים. זיין אויסזען איז געווען ווי פון אַ האַלב־ווילדן מענטשן: די רובאַשקע ביים האַלז צעכראַסטעט, אַז עס האָט זיך אַנגעזען זיין האָריקע ברוסט, די באַקן איינגעפאַלן, די האָר צעקוטשמעטע, און מיט אַ פינצטערן בליק אין די אויגן. אַזוי איז ער עטלעכע מאָל פאַרבייגעלאָפן דאָס געסל וואו זלאַטקע האָט געוואוינט. ער האָט געטשאַטעוועט איר שטוב, טאָמער וועט זי אים דערזען דורכן פענצטער און זי וועט אַרויסקומען צו אים. ער האָט אין גאַנצן געברענט פון אומרו און פון שרעק פאַר דער מינוט ווען ער וועט זי דערזען.

קיינער איז פון שטוב ניט אַרויסגעקומען. ער האָט אַריינגעלייגט צוויי פינגער אין מויל און ער האָט שוין געוואָלט אַרויסלאָזן אַ פייף, זיין סיגנאַל פאַר זלאַטקען, אַז ער איז דאָ, אַזוי־אָ, אין מיטן העלן טאָג, און אים האָט אפילו ניט געאַרט וואָס די מאַמע אירע וועט אים דער־זען און זיך גוט אָנבייזערן אויף אים. נאָר אין דער מינוט איז שיינדל, זלאַטקעס יינגסטע שוועסטער אַרויס פון שטוב מיט אַ פּאַק אויסגע־וואַשענע וועש אויסצוהענגען אויף אַ פאַרצויגענעם שטריקל ביים גאָרטן. שיינדל האָט אים באַלד דערזען. זי האָט געגעבן אַ לייג אַוועק די וועש אויף אַ דערבייאיקער באַנק און מיט אירע לאַנגע, באָרוועסע פיס איז זי צוגעלאָפן צו אים.

— זאָוול! — האָט זי סודותדיק אַרויסגערעדט, ווי אַ דערוואַק־סענע, אַ פאַרשווערערין.

ביי זאָוולען האָט דאָס האַרץ שטאַרק געקלאַפּט. ער האָט זיך אומ־געקוקט אויף אַלע זייטן אויב קיינער זעט זיי דאָ ניט שטיין.

— די מאַמע איז אין קראָם, און דער טאַטע איז אויך אַוועק פון שטוב, — האָט שיינדל אים באַרואיקט — וואו זיינט איר געווען זאָוול? פאַרוואָס האָט איר זיך ניט געוויזן?

— פרעג ניט, שיינדל, כ׳האָב אַזוי געדאַרפט... — האָט ער געענטפערט אַן אָנגעכמורעטער.

זאָג נאָר שיינדל — האָט ער געגעבן אַ רייד אַרויס — זלאַטקע...
זי איז דאָ אין שטוב? זאָג איר זי זאָל שוין אַרויסקומען אַהער.

— זי איז ניטאָ איצט, זי זיצט ניט אין שטוב שוין אַ פּאָר טעג צייט, — האָט זי אים ווי געגעבן צו וויסן דורכדעם אַז זלאַטקע איז אויך אומרואיק.

זאַוול איז אַ ווײַלע געבליבן שטיין אָפּהענטיק.

— אפשר ביי שרהקען דער שוואַרצער וועט איר זי געפינען. — זאָגט שיינדל.

— שוין געווען דאָרט. זי איז ניטאָ.

— איך וועל איר זאָגן אַז איר זייט דאָ געווען, — רופט זיך אָפּ שיינדל. זי האָט אַליין אויך געוואָלט זאַוול זאָל זי וואָס גיכער געפונען. ער האָט געהאַט אַזאַ אומעטיקן אויסזען.

— שאַ, וואַרטס נאָר אויס אַ ווײַלע, — האָט שיינדל זיך אַ כאַפּ געטאָן — אפשר אין וואַלד איז זי אַוועק... — האָט זי אָנגעוויזן מיט דער האַנט צום שליאַך, וואָס פירט צום סוף געסל גלייך צום וואַלד.

זאַוול האָט שוין מער ביי איר גאָר ניט געפרעגט. אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער שוין געשפּאַנט אַהין צום וואַלד. ס'איז ניט געווען קיין געוועגלעכער גאַנג פון אַ מענטשן, נאָר אַ מין פליען אין דער לופטן, די פּאָלעס פון זיין צעשפּיליעטן רעקל האָבן געפלאַטערט אַרום אים פון זיין ווינטיקן גאַנג. לאַנג זוכן האָט ער איר ניט באַדאַרפט. זלאַטקע איז געזעסן ביים אָנהייב פון וואַלד, אויף אַ פּיען פון אַן אָפּגעזעגטן בוים. ער האָט געוואוסט דעם אָרט. דאָ פלעגן זיי זיך אַמאָל באַגעגענען אויף צו גיין אין וואַלד. דאָס איז געווען אַמאָל, ווען זיי האָבן זיך נאָך געליבט.

זלאַטקע איז געזעסן דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן און זי האָט אים ניט געזען דערנעענטערן זיך אַהער. עפּעס האָט אים אָפּגעהאַלטן פון צוגיין נאָענט צו איר. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט פון דער וויטנס, זיך אָנגעשפּאַרט מיט דער פּלייצע צו אַ בוים, און לאַנג געקוקט אויף איר. זי איז אַזוי פאַרקלערט, זיין זלאַטקע... פון וואָס קלערט זי איצט? זי איז בלייך און אָפּגעצערט. ער וועט איר אַלץ פאַרגעבן. ער האָט דאָך אויסגעבענקט זיין האַרץ נאָך איר...

זלאַטקע האָט אין אַ ווײַלע אַרום אים דערזען ווי ער שטייט דאָרט פון דער וויטנס אָנגעשפּאַרט אָן אַ בוים, ווי אַ פאַרגליווער־טער. אַ צעטומלטע האָט זי זיך אַ הייב געטאָן פון אָרט.

— וואָס שטייסטו דאָרטן, זאַוול? — האָט זי געגעבן אַ געשריי אַרויס — קום צו נעענטער אַהער!

זאַוול האָט שווער זיך אַ ריר געטאָן פון אָרט, און ער איז גע־גאַנגען אַנטקעגן זייער פּאַמעלעך. ער מוז פריער פון אַלץ איר דער־

ציילן וואָס ער האָט אָפּגעטאָן. וועגן שפרה־לאהן און אַלץ. אַ ווײַלע זײַנען זיי געשטאַנען אײנער אַנטקעגן אַנדערן און מאָדנע זיך אָנגע־קוקט. און זאַוול האָט געגעבן אַ רייד אַרויס מיט רוגזה:

— ס׳איז אַלץ אמת וואָס דו האָסט וועגן מיר געהערט. דו זאָלסט וויסן זײַן, זלאַטקע!

— וואָס איז אמת, זאַוול? — האָט אים זלאַטקע אָנגעקוקט מיט גרויסע אויגן — דערצייל מיר, איך ווייס דאָך ניט וואָס דו רעדסט.

— ס׳איז אמת מיט דער שפרה־לאהן. מיר האָבן געשריבן תנאים.

זלאַטקע איז אַנטשוויגן געוואָרן. זי האָט דאָך ניט איינמאָל גע־הערט אָנצוהערענישן פון אירע חברים וועגן זאַוולען, אַז ער איז געוואָרן אַ חתן פאַר איינער אַ מיידל פון יאַבלאָנקע. נאָר זי האָט עס ניט געוואָלט גלויבן. זאַוול וועט איר ניט פאַרראַטן. ער וועט אַזוינס ניט קענען טאָן. און איצט הערט זי דאָס פון זײַן אייגענעם מויל.

— זי האָט מיך אַרויסגעראַטעוועט פון טורמע. איך האָב שוין ניט געקענט אַנדערש, — האָט זאַוול נאָך אַלץ גערעדט צו איר מיט רוגזה.

— נו, גוט, גוט... — האָט זלאַטקע זיך אָפּגערופן מיט אַ צע־בראָכענעם קול.

זיי האָבן ביידע אַ לאַנגע צייט געשוויגן. זלאַטקע האָט געקוקט צום אַרום, אויף די אָפּגעדעקטע ביימער און די צעטריקנטע בלע־טער, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אויף דער ערד.

— דו וואוינסט דאָרט מיט איר אין יאַבלאָנקע?

— יע, ביי איר טאַטע־מאַמע אין שטוב. — האָט זאַוול גערעדט ווי איבערגעוואַלט. ער האָט אָפּגעווענדט די אויגן פון איר און גע־קוקט אָן אַ זייט.

— זאַוול, זאָג נאָר מיר איין זאַך, — האָט זלאַטקע פּלוצלונג זיך אַ ווענד געטאָן צו אים — דו האָסט מיך שוין ניט ליב; אַז ניט וואָלסטו דאָס ניט געטאָן... מיט יענער מיידל. — — — — — — — —

איצט האָט ער, זאַוול, ניט פאַרשטאַנען וואָס זי רעדט.

— און דײַן בריוו! — האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן — האָסט שוין פאַרגעסן וואָס דו האָסט אַליין געשריבן?

— וואָס פאַר אַ בריוו? — האָט אים זלאַטקע אָנגעקוקט דער־שטוינט.

— דער לעצטער בריוו דײַנער, איך זאָל ניט קומען. געדענקסטו? פריער האָסטו געהאַלטן אין איין ריידן איך זאָל קומען צו דיר אין ביאַליסטאָק, און דערנאָך, מיט אַמאָל, „קום ניט״. צוויי ווערטער נאָר: „קום ניט״! — האָט ער מיט היץ גערעדט — נו, האָב איך דאָך שוין

געזען אַז דו האָסט חרטה. דו ווילסט שוין ניט איך זאָל דאָרט זיין מיט דיר.

זלאַטקע האָט זיך אַזש מיט ביידע הענט פאַרן קאָפּ אָנגעכאַפּט.

— אַזוי האָסטו דאָס מיין בריוו פאַרשטאַנען? אַזוי האָסטו עס אויסגעטייטשט?

— ווי דען אַנדערש האָט מען עס געקענט פאַרשטיין?

זלאַטקע האָט זיך איצט דערמאָנט, ווי קומענדיק אין ביאַליס־טאָק, איז דאָרט געווען אַזאַ אומרואיקע צייט. מען האָט אַלע טאָג גע־כאַפּט מענטשן אין די גאַסן און אַרעסטירט. מען האָט זיך אויך גע־גרייט אויף דער דעמאָנסטראַציע. זאַוול, ווי אַ פרעמדער אין שטאָט, וואָלט דאָרט גיך אַריינגעפאַלן אין די פאָליציייאישע הענט. זי האָט געוואָלט פאַרהיטן אים, שאַנעווען, האָט זי אים אָנגעשריבן דעמאָלט דעם קורצן בריוול, ער זאָל דערווייל ניט קומען צופאָרן. פאַרפאַלן. וואָס וועט דאָס העלפן אַז זי וועט אים דאָס אַלץ דערקלערן? פאַרפאַלן!...

— ס'איז אַלץ מיין שולד... — האָט זי גערעדט ווי צו זיך אַליין.

ער האָט זיך איינגעקוקט אין איר פּנים. זיין זלאַטקע וועט אים ניט אָפּנאַרן. זיליידט אויך. ער האָט ניט געוואָלט זען איר אַ ליידנ־דיקע. אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער געזאָגט:

— דו וועסט שוין מער ניט פאָרן אַהין. ניט אַזוי, זלאַטקע?

— איך וועל יאָ פאָרן צוריק. וואָס וועל איך דאָ טאָן?

— ניין, איך וועל דיך ניט לאָזן פאָרן! — איז ער פלוצלונג צוגעטראָטן גאָר נאָענט צו איר. באַלד האָט ער איר אַרומגענומען אין גאַנצן מיט זיינע קרעפטיקע אָרעמס און גענומען איר קושן הייס, ווילד, איבער די באַקן, איבערן האַלז, און די ליפּן: „דו וועסט ניט פאָרן. איך וועל דיך ניט לאָזן...“ — האָט ער אַלץ גערעדט.

זלאַטקע איז געלעגן אין זיינע אָרעמס ווי אַ פאַרחלשטע. נאָר אַז ער האָט איר אַ צו־שטאַרקן דריק געטאָן צו זיך, האָט זי אַ לייכטן געשריי געגעבן:

— אָ, מיין האַנט. ס'טוט וויי!

זי האָט אויסגעטאָן איין אַרבל פון איר זשאַקעטל און געוויזן אים דעם ווייסן באַנדאַזש אויף איר אָרעם. זאַוול איז פאַרציטערטער געוואָרן:

— דו האָסט מיר גאָרניט געזאָגט, אַז דו ביסט קראַנק... — האָט ער געקוקט אויף דער האַנט מיט צעשראָקענע אויגן.

— דערצייל מיר, ווי אַזוי איז דאָס געשען? ווען?...

— אַן אַנדערש מאָל, — האָט זלאַטקע געזאָגט. איר האָט זיך ניט געגלוסט איצט פון דעם צו ריידן.

— ניין, זאָג מיר איצט! — איז ער צו איר צוגעשטאַנען. ער האָט אויסגעשפּרייט זיין מאַרינאַרקע אויפן פּיען, פאַר זלאַטקען צו זעצן זיך, און אַליין האָט ער זיך געזעצט אויף דער ערד צווישן די בערג פאַרטריקנטע בלעטער. און לאַנג זיינען זיי דאָ געזעסן אַזוי, און זלאַטקע האָט אים דערציילט פון דער שיסעריי ביי דער דעמאָנ־סטראַציע, פון שפּיטאָל און פון די געהרגטע חברים, און זאַוול האָט איר געקוקט אין די אויגן און געהערט און געהערט. פון צייט צו צייט האָט ער אַ גלעט געטאָן דעם באַנדאַזש: „ס׳טוט דיר ווי? אַז איך ריר אָן?"

— נאַרעלע, איך זאָג דאָך דיר, אַז ניט. עס איז שוין באַלד פאַרהיילט.

ער האָט פאַרגעסן אָן אַלע זיינע אַנגסטן און מאַטערנישן פון דער לעצטער צייט. ביי זיי ביידן איז אויף אַ ווייל געווען דער געפיל, אַז קיין שום שלעכטס האָט ניט פאַסירט, און אַלץ איז ווי געווען צווישן זיי.

די זון איז שוין געווען פאַרשוואונדן הינטערן האָריזאָנט, און אַ קיל ווינטל האָט אַ רויש געטאָן צווישן די בוימער. זלאַטקע האָט די ערשטע זיך דערמאָנט אַז מען דאַרף גיין אַהיים.

— ס׳וועט שפּעט זאַוול! — האָט זי געזאָגט — דו דאַרפסט שוין גיין אַהין, קיין יאַבלאָנקע. זיי וועלן דאָרט וואַרטן אויף דיר.

מיט די ווערטער האָט ווידער ווי אַ וואַנט זיך אויפגעשטעלט צווישן זיי. זאַוול האָט איר געגעבן אַ קוק אָן. פאַרוואָס זאָגט זי דאָס אים. זי אַליין זאָל אים אַהין שיקן? און ער האָט עקשנותדיק געגעבן אַ רייד אַרויס:

— ניין, איך וועל מער אין גאַנצן אַהין ניט גיין.

— דו מוזט, זאַוול, דו האָסט זיי צוגעזאָגט, וואו איז דיין וואָרט?

— אַז איך האָס איר! — האָט ער געגעבן אַ געשריי אַרויס. ניט אָנרופנדיק שפּרה־לאהן ביים נאָמען — זי׳ט מיך אַריינגענאַרט, איר טאַטע אויך, די מאַמע אירע. איך האָב זיי אַלעמען פיינט!

— גיי, רעד ניט אַזוי, — האָט זלאַטקע געפּרואווט אים טרייסטן. זיי זיינען איצט ביידע געווען אין אַ צרה, און קיין אויסוועג האָט זיך ניט געזען.

זיי האָבן זיך געלאָזן גיין מיטן שליאַך צום שטעטל צו. הויך איבערן וואַלד איז אַרויס די לבנה. זי איז געשוואומען צווישן ריזיקע קנוילן וואָלקנס, וואָס האָבן זי אַלע ווײַלע איינגעשלונגען. אַרום איז געווען שטיל. אומעטום אין די שטיבלעך פון געסל האָבן פייערלעך זיך געצונדן און באַלויכטן די נידעריקע פענצטער. זלאַטקע און זאַוול האָבן גייענדיק אַהיים ניט אַרויסגערעדט צווישן זיך קיין איין וואָרט.

זיי האָבן אפילו ניט אָפּגערעדט צווישן זיך ווידער זיך צו זען. זלאַטקע האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן איר שטוב:

— אַ גוטע נאַכט, זאַוול, — האָט זי שטיל אַרויסגערעדט.

זאַוול איז געשטאַנען און געקוקט ווי זי עפנט די טיר פון איר שטוב. דערנאָך האָט ער זיך געגעבן אַ ריס אָפּ פון אָרט און אַוועקגעשפּאַנט מיט גרויסע טריט איבער די שטילע, ביינאַכטיקע געסלעך.

## קאַפּיטל פֿינף און צוואַנציק

שרהקע דער שוואַרצער איז שווער געווען צו קריגן אַ מאַס־טערסקאַיע. אַלע שניידערס פֿון בערעזע האָבן שוין איר געקענט. אַז זי בונטעוועט די מיידלעך און זי רעדט זיי אָן צו סטרייקן. האָט שרהקע קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט ווי נאָר אָנצוהייבן נייען „פֿאַר זיך". זי האָט ביי אַן אַגענט געקויפֿט אַ „זינגערס" מאַשין אויף אויסצו־צאָלן, זי האָט פֿאַרלייגט אַ וואַרשטאַט און ס׳איז אַוועק גוט. זי האָט באַלד געקראָגן אַרבעט און זי האָט שוין פֿאַרדינט אויף איר אויס־קומעניש.

שרהקעס מאַמע איז געווען אַן אלמנה. זי איז געווען אַ זיצערקע אין מאַרק. אין דער פֿרי פֿלעגט זי אין אויוון פֿאַררוקן אַ טעפּל עסן און אַז זי איז פֿאַרנאַכט געקומען אַהיים, האָט זי געהאַט אַ פֿאַרטיקע וועטשערע, וואָס זי מיט איר טאָכטער שרהקע פֿלעגן עסן אין דער שטיל. ס׳האָט זיך דאָ געפֿילט דער אומעט פֿון דעם וואָס דער מאַנצ־ביל, דער קאָפּ פֿון שטוב, איז ניט געווען. שרהקעס מאַמע האָט אויס־געזען פֿאַרעלטערט פֿון דאגות און נויט. די עלטערע קינדער אירע זיינען אין שטוב ניט געווען. ווער ס׳האָט שוין חתונה געהאַט און ווער ס׳איז אַוועקגעפֿאָרן אין אַן אַנדער שטאָט.

די שטוב, וואו זיי האָבן געוואוינט, איז געווען אויסגעבויגן פֿון אַלטקייט. דער דאַך געשעדיקט פֿון ווינט און רעגנס. אינווייניק איז די שטוב באַשטאַנען פֿון איין קאַמער, מיט אַ ריזיקן אויוון. זינט שרהקע האָט גענומען נייען פֿאַר זיך, האָט דער קאַמער אויפֿגעלעבט. ביים נידעריקן פֿענצטער איז איצט געשטאַנען „זינגערס" מאַשין, וואָס האָט געגלאַנצט פֿון נייקייט. דעם אַלטן טאַפּטשאַן האָט שרהקע פֿאַר־צויגן מיט אַ געבלומטן, ציצענעם צודעק. אויפֿן קליין טישל, פֿאַר־שפּרייט מיט אַ צייטונג, האָט זיך באַוויזן אַ בוך פֿון „פּאַריזער פֿאַ־סאָנען". אין ווינקל איז געשטאַנען אַ הילצערנע פֿיגור, און שרהקע האָט געקראָגן צו קויפֿן פֿאַר ביליק אַ פֿאַרוואָלקנטן שפּיגל און אַ פּאַראַוואַן (אַ שפּאַנישע ווענטל), אַז די דאַמען זאָלן קענען מעסטן אַ קלייד.

די חברים פֿון דער אָרגאַניזאַציע האָבן אָנגעהויבן קומען צו שרהקען אין שטוב. בערל דער טאָקער האָט פֿון ברעטער אויסגע־

מייסטערוועט פּאַר איר אַ לאַנגען, שניידערשן טיש, וואו זי האָט געקענט אַוועקלייגן וואַרעס און צושניידן אַ קלייד. אויף די ווענט הענגען עטלעכע פאָטאָגראַפיעס פון גרופּעס חברים. די העלדישע בחורים אין די רוסישע רובאַשקעס, מיט די אַרויסרופנדיקע קוטשמעס האָר, און די מיידלעך מיט די ערנסטע, צניעותדיקע פּנימער, מיט די הויכע קאָלנערס פאַרשפּיליעט אַרום האַלז. זלאַטקע האָט דאָ געהאַט ביי זיך אין קערבל עטלעכע „ווידן" אויף געדרוקטע קאַרטלעך, פון בעטהאָווען און פון עטלעכע רוסישע שרייבער. האָט זי די „ווידן" אויך צוגעשפּיליעט ביי שרהקען אויפן וואַנט. ס'איז דאָ מיט דער צייט געוואָרן אַן אייגענער ווינקל פאַר אַלעמען. אַמאָל האָט מען דאָ געגעסן צוזאַמען וועטשערע. מען האָט צענויפגעלייגט געלט, עמעצער איז אַוועק אויפקויפן עסנוואַרג אין קרעמל, אַן אַנדערער האָט געבראַכט אַן עמער וואַסער פון פּלומפּ.

— איר זיינט טייערע יאַטן, — האָט זי זיך געפרייט מיט זיי. שרהקע אַליין איז געווען אַ קורץ־געוויקסיקע, אַ זשוואַווע, מיט אַ שוואַרץ־חנעוודיקן פּנים און מיט וואַרעמע אויגן. זי האָט אָנגעגאָסן אַ טשייניק וואַסער און געשטעלט עס אויפן דרייפוס און צעלייגט אַ פייער. און אַז דער טשייניק האָט גענומען זידן, האָט אין קאַמער אַ וואַרעמקייט און געמיטלעכקייט זיך צעשפּרייט און אַלע זיינען געוואָרן גוט אויפגעלייגט.

די מאַמע שרהקעס, אַז זי איז געקומען אַהיים, האָט זי אַ שווייגנדיקע אָפּגעגעסן וועטשערע. זי איז אַוועק אונטערן אויוון, וואו די אַלטע בעט אירע איז געשטאַנען. און ווי נאָר זי האָט צוגעלייגט דעם קאָפּ צום קישן, איז זי שוין געשלאָפן. מען האָט שוין געמעגט איבערקערן די שטוב, האָט זי גאָרניט געהערט.

די זיצונגען פון דער סכאָדקע זיינען דאָ אויך איצט אין קאַמער געווען. שרהקע האָט איבערגעדעקט די מאַשין מיט אַ טוך. זי האָט אַראָפּגענומען די שטיקלעך פּעדעם פון איר קלייד, און זי האָט באַלד פאַרגעסן אַז זי איז אַ שניידערקע.

די אַרבעט אין אָרגאַניזאַציע איז איצט ניט געגאַנגען אַזוי ענערגיש, אַן זאַוולען. ער איז נאָך אַלץ געווען אין יאַבלאָנקע, און ער האָט זיך ניט געוויזן פאַר קיינעם. אַשר מינסקי, דער אינטעליגענט, האָט אָנגעפירט מיט דער טעאָרעטישער אַרבעט. ער האָט געלערנט מיט קרייזלעך און פאַרענטפערט פראַגעס. נאָר אַשר האָט אַלעמאָל געטראָגן אין זיך אַן אומעט, ווי אייגער וואָס איז באַשאַפן צו העכערע זאַכן. בערעזע איז געווען צו קליין פאַר אים. ערגעץ אַנדערש וואָלט ער מסתמא געשטיגן הויך, מיט זיינע פעאיקייטן און מיט זיין וויסן. האָט אים אָבער אויסגעפּעלט קוראַזש צו לאָזן זיך אין דער גרויסער וועלט.

דיביידע שמואלס, דער סופר און דער זייגערמאַכער, האָבן ביידע אָן אַ שיער געלייענט ביכער. זיי האָבן איינער דעם אַנדערן אַריבערגעשטיגן אין וויסן. האָבן זיי אָבער מער דיסקוטירט ווי געטאָן אַרבעט. אַז זיי האָבן זיך צוגעכאַפּט צו אַ פראַגע, איז גאָר קיין סוף ניט געווען פון זייער גרונטעוועון זיך אין דעם. צי דאָס איז געווען וועגן דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, אָדער וועגן ערשטן אינטערנאַציאָנאַל, אָדער וועגן דער בונדישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע. שמואל דער סופר איז געווען דאַר ווי אַ שפּאַן מיט אַן אויסגעצויגענעם פּנים, אַ לאַנגען נאָז, און גרויסע, אָפּגעשטאַנענע אויערן. ער איז געווען אַ היציקער און צאַפּלדיקער און ער איז גיך אַריינגעפאַלן אין עקסטאַז. און אַז ער האָט גערעדט, איז דער גאָרגל פון זיין דאַרן האַלז געגאַנגען אַרויף און אַראָפּ. און שמואל דער זייגערמאַכער איז געווען, פאַרקערט אַ פּאַמעלעכער, און גערעדט האָט ער ניט געאיילט; אַן אָפּגעלאָזענער, מיט אַ ווייכן פּוך אַרום זיין פולן פּנים, וואָס איז געוואַקסן ביי אים אַנשטאָט אַ בערדל. ער האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט געשלאָפן אין די זאַכן. און חברה האָבן אים אַ נאָמען געגעבן „שמואל דער פאַרפרוירענער“.

ביילקע די פריקאַזטשיצע איז גראָד גוט געווען פאַר פּראַקטישע אַרבעט. זי האָט געקענט אָרגאַניזירן אַ פאַרזאַמלונג, און צוציען נייע מענטשן אין דער באַוועגונג. אַ מויל צום רעדן האָט זי געהאַט. זי האָט געניצט הויכע ווערטער: „פּאַקטיש“, „לאָגיש“ און „אַבסאָלוט“, און זי האָט מיט דעם געווירקט אויף די מאַסאָווע. אין וויסן איז ביילקע גראָד געווען שוואַך. זי האָט זיך קיין סך ניט אָפּגעגעבן מיט לייענען ביכער. נאָר זי האָט געקענט כמעט פון גאָרניט אויפמאַכן אַ רעדע און דעם עולם באַווירקן, ווי אַ גוטע באַלעבאָסטע קען פון ווייניק זאַכן אויפמאַכן דעם בעסטן מאכל. ביילקע האָט געהאַט אַ פולן, קיילעכדיקן פּנים און רויטע באַקן. די האָר זיינען געווען ביי איר צוגעשאָרן אויפן שטערן מיט אַ סטריזשקעלע. זי האָט געטראָגן אַ רויטע בלוזקע אויסגענייט ביים קאָלנער און ביי די אַרבל. און די ביידע שמואלס האָבן דוכט זיך גאָרניט געקוקט אויף איר, בשעת זיי זיינען געווען פאַרוויקלט אין אַ דיסקוסיע. נאָר ס'האָט זיך זיי דעמאָלט אַנדערש גערעדט. און מער פון אַלעמאָל האָט זיך יעדערן געוואָלט אַרויסקומען דער זיגער אין דער דיסקוסיע.

אַ סך לעבן האָט צאַלקע אַריינגעבראַכט אין דער באַוועגונג. ער האָט קיינמאָל ניט גערוט, און ער איז געקומען צום סבאָדקע יעדן מאָל מיט נייע פּלענער, ווי אַזוי צו פירן בעסער די אַרבעט. אַ סך פון זיינע פּלענער האָבן קיין האַפּט ניט געהאַט. נאָר איין גוטע זאַך האָט ער יאָ אויפגעטאָן: ער האָט געמאַכט בלאַט מיט דעם שריי־

בער פון אופראַווע, צו קריגן דורך אים פּאַספּאָרטן פון מענטשן — געשטאָרבענע, אָדער וואָס זיינען אין אַמעריקע אַוועקגעפאָרן. דער בונדישער קאָמיטעט האָט אַלע מאָל אין אַזעלכע פּאַספּאָרטן זיך גענויטיקט.

אָן זאַוולען איז צאַלקע געווען ווי אָן אַ רעכטער האַנט. ער האָט שוין איינמאָל שטיל אַ פרעג געטאָן וועגן אים ביי זלאַטקען:

— וואָס איז מיט זאַוולען? איר מוזט דאָס וויסן.

— וואָס ווייס איך, וואָס פרעגט איר ביי מיר? — האָט זלאַטקע נאָר געקענט אים ענטפערן.

זלאַטקע איז געווען ביי די זיצונגען פון דער סכאָדקע, נאָר קיין גרויסן אָנטייל ביי זיי האָט זי ניט גענומען. און פאָרן צוריק אין ביאַ־ליסטאָק איז זי נאָך אויך ניט געפאָרן. זי איז געווען האַלב־קראַנק. ניט אַזוי פון דער וואונד אין אָרעם ווי פון דער איבערלעבונג מיט זאַוולען. אַלע חברים האָבן דאָך פון דער געשיכטע געוואוסט, נאָר קיינער האָט פון דעם ניט גערעדט.

זלאַטקע פלעגט קומען צו שרהקען אין קאַמער אַפילו אין אַ ביי־טאָג. זי איז געזעסן אויפן טאַפּטשאַן און געבלעטערט דעם זשורנאַל „פּאַריזער פאַסאָנען" און זי האָט געטראַכט: ווי זעט זי אויס, די יאַבלאָנקער מיידל זאַוולס? עס קען ניט זיין, אַז זאַוול זאָל איר פאַר־ראַטן, ער זאָל זיין פאַלש צו איר. ווער קען אים נאָך אַזוי גוט ווי זי?

אַן אַנדערש מאָל פלעגט זי זיך צוזעצן לעבן שרהקען, וואָס איז דעם גאַנצן טאָג פאַרנומען מיט איר געניי:

— שרהקע, דו האָסט קיינמאָל ניט געבענקט צו פאָרן אין אַ גרויסער שטאָט?

און שרהקע האָט אַריינגעצויגן דעם פאָדעם אין נאָדל און זי האָט געזאָגט:

— איך זאָל פאָרן ערגעץ? ניין. ס'איז ניט פאַר מיר...

שרהקע האָט זייער הויך אַרויפגעקוקט צו זלאַטקען, פאַר אירע גרויסע אויפטואונגען אין דער באַוועגונג, נאָר זי אַליין איז שוין דאָ צופיל איינגעוואַקסן געוואָרן אין בערעזע. דאָס נייען „פאַר־זיך" איז געווען אַ דערפאָלג. זי האָט אַלע מאָל צוגעקראָגן נייע קונדן. די רייכסטע דאַמען האָבן ביי איר קליידער באַשטעלט. שרהקע האָט אַליין הנאה געהאַט פון אויפנייען אַ שיין קלייד, און זי האָט עס אָפט געוויזן צו זלאַטקען:

— אָט דעם פאַסאָן האָסטו שוין געזען?

און זלאַטקע איז געזעסן און זי האָט ביי זיך געטראַכט: „איך וועל אַוועקפאָרן פון דאַנען. וויפל איז דער שיעור דאָ צו זיצן, אין בערעזע?"

⁂

די שטורעמדיקע, רעוואָלוציאָנערע אָקטאָבער־טעג איז זלאַטקען באַשערט געווען דורכצולעבן דאָ אין בערעזע. דאָס איז געווען אין איינעם פון יענע טעג, ווען עס האָט דורכגעבליצט די נייס פון דעם גרויסן אָקטאָבער־סטרייק. עס איז ניט געווען קיין געוויינלעכער, פּאָ־ליטישער סטרייק, נאָר דאָס גאַנצע טאָג־טעגלעכע לעבן פון לאַנד האָט זיך אָפּגעשטעלט.

דעם מאָל איז דער סיגנאַל געקומען פון טיף רוסלאַנד, פון פּע־טערבורג, פון די אַרבעטער אין די גרויסע פאַבריקן און זאַוואָדן. באַלד נאָך דעם האָט דער סטרייק פאַרכאַפּט אַנדערע גרויסע שטעט: מאָסקווע, קיעוו, אָדעס. אַלע באַנען זיינען אָפּגעשטעלט געוואָרן. אַזוי אויך האָט ניט געאַרבעט די פּאָסט און דער טעלעגראַף. אָפּגעשניטן זיינען געווען די שטעט איינע פון דער אַנדערער. עס האָט זיך אין די נייס דערציילט, אַז די באַנען האָבן געפירט נאָר דעלעגאַטן צום סטרייק קאָמיטעט, און אויף דעם לאָקאָמאָטיוו האָט געפלאַטערט אַ רויטע פאָן.

קיין בריוו האָט זיך פון ערגעץ ניט באַקומען. די נייס האָט זיך איבערגעגעבן פון מויל צו מויל, אָדער עמעצער אַ סוחר איז געקומען צו פאָרן מיט אַ פור און געבראַכט מיט זיך אַ צייטונג עטלעכע טעג אַלט, וואו ס׳האָט זיך אָפּגעשריבן, וואָס עס טוט זיך איצט אָפּ אין די גרויסע שטעט. די חברים פון דער אָרגאַניזאַציע זיינען געזעסן פאַרזאַמלט ביי שרהקען אין קאַמער און דערפרייטע און צערודערטע האָט מען זיך איי־נער דעם אַנדעראַן געפרעגט: זאָל דאָס זיין, אַז עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן די רעוואָלוציע?

צאַלקע האָט דער ערשטער זיך דערוואוסט פון יעדער נייס. ער האָט געגעבן אַ פלי אַריין צו שרהקען אין קאַמער אָן אָטעם און די נייס דערציילט. אַלע האָבן אים אַרומגערינגלט און געשלונגען זיין יעדן וואָרט. און שמואל דער סופר פלעגט פון גרויס עקסטאַז אַזש אויפ־שפּרינגען אין דער לופטן מיט אַ פּאַטש אין די הענט: — ווי איך בין אַ מענטש! (דאָס איז געווען זיין אויסדרוק אָנשטאָט „ווי איך בין אַ ייד”).

אָשר מענסקי, דער סקעפּטיקער, דער ניכטערער, האָט געזאָגט, אַז עס איז נאָך צו פרי צו רעדן וועגן דעם כאַראַקטער פון די געשעענישן. נאָר קיינער האָט אים ניט געהערט.

אינגיכן האָט מען זיך דערוואוסט, אַז אין פּעטערבורג איז גע־גרינדעט געוואָרן דער ערשטער „סאָוועט” — אַ ראַט פון אַרבעטער־דעפּוטאַטן. עס איז געווען אַ נייע פאָרמע פון אָרגאַניזאַציע, וואָס ביז איצט האָט מען נאָך פון דעם ניט געוואוסט. יעדע פאַבריק האָט

אויסגעקליבן אַ דעלעגאַט צום סאָוועט, וואָס איז איצט געווען די העכסטע מאַכט אין שטאָט.

ווער האָט אָט די גאַנצע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אַרויסגע־רופן? זי איז געקומען פון קיינעם ניט צוגעגרייט. פאַר די פירער פון די רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען איז דאָס אַליין געווען אומגעריכט. ס'איז אָנגעקומען סטיכיש.

מען איז געזעסן אַלע ביי שרהקען אין קאַמער און מען האָט זיך געהיצט און מען האָט קאָמענטירט: — „סטיכיש?“ — שמואל דער זייגערמאַכער האָט אויסגעפּאַקט זיין גאַנצן אוצר פון וויסן, און ער האָט אויסגערעכנט אַלע פאַקטאָרן, וואָס האָבן דאָ געווירקט, אויסציילנדיק זיי אויף די פינגער:

„פריער פון אַלץ איז די רעגירונג אַליין שוין געווען דעמאָ־ראַליזירט און דורכגעפוילט. די מלחמה מיט יאַפּאַן האָט דאָס באַ־וויזן. אַלע שיכטן פון דער געזעלשאַפט האָבן גענומען רעוואָלטירן. די סטודענטן אין די אוניווערסיטעטן, די פּויערים אין די דערפער מיט זייערע בונטן און צינדן פּריצישע מאַיאָנטקעס, אַפילו די בור־זשואַזנע קלאַסן, די דאָקטוירים, אינזשינערן און אַדוואָקאַטן. זיי אַלע האָבן גענומען פאָדערן פרייהייטן; אַ קאָנסטיטוציע.“

„אָבער דער וויכטיקסטער פאַקטאָר איז דאָ דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט. און נאָר דער קעמפנדער פּראָלעטאַריאַט איז בכוח צו געבן דער ריגירונג דעם אַנטשיידענעם קלאַפּ“, — אַזוי האָט שמואל פאַרענדיקט. און אַלע זיינען מיט אים איינשטימיק געווען.

זלאַטקע איז געזעסן דאָ דערביי און געשוויגן. צופיל איבערוועל־טיקט. צו פילן אַז די שעה האָט געשלאָגן, אַז די רעוואָלוציע האָט זיך שוין אָנגעהויבן! עס האָט איר נאָר באַנג געטאָן פאַרוואָס זי איז ערשט ניט דאָרט, אין איינער פון די גרויסע שטעט, וואו עס טוען זיך אָפּ די וואונדערלעכע געשעענישן...

די געשעענישן זיינען איצט געלאָפן מיט מוראדיקער שנעלקייט. אָקטאָבער דעם זעכצנטן, אין דער זעלבער וואָך, איז פון דער צאַרישער רעגירונג אַרויס אַ מאַניפעסט, וואו אַ קאָנסטיטוציע מיט אַלע פרייהייטן איז דעם רוסישן פאָלק צוגעזאָגט געוואָרן. דער ערשטער צו וועמען די טעלעגראַמע מיט דער נייס איז אָנגעקומען איז געווען יאַקובסאָן, דער אַדוואָקאַט. באַלד האָט מען אים געקענט זען ווי ער לאָזט זיך אַי־בער דער גאַס. מיט זיין שטאַלטנער פיגור, די פענסנע אויף אַ שוואַרצן שנירעלע, אָנגעטאָן אין זיין לאַנגער פעלערינע, און מיט אַ שטעקן אין האַנט, איז ער געווען אויפן וועג צו לוריעס שטוב. לוריע — דער באַוואוסטער ליבעראַל אין בערעזע, אַ פּאַדריאַטשיק און אַ גרויסער גביר.

אַ סך עולם זיינען שוין געווען פאַרזאַמלט ביי די לוריעס אין

גרויסן זאַל. און יאַקובסאָן האָט דאָ אָפן און קלאָר פאַר אַלעמען אַרויס־געלייענט פון דער טעלעגראַמע די פונקטן פון מאַניפעסט: „פרייהייט פון פאַרזאַמלונגען פרייהייט פון פרעסע; אומבאַרירלעכקייט פון פער־זאָן; אַמנעסטיע פאַר פּאָליטישע פאַרברעכער. אַ קאָנסטיטוציע, אַ ריכטיקע. מיט אויסגעקליבענע פאָרשטייער פון פאָלק."

אַ פייערלעכע ערנסטקייט האָט זיך געזען אויף אַלעמענס פנימער אין יענער מינוט. די גרופּע רעוואָלוציאָנערן, די בונדיסטן, וואָס זיי האָבן באַדאַרפט זיין די הויפּט־מחותנים פון דער שמחה, זיינען דאָ אין זאַל געשטאַנען צוגעשטילטע און מיט וואונדער אין די אויגן זיך איבער־געקוקט איינער מיט דעם אַנדערן. דער חלום פון לאַנגע יאָרן האָלט ביים פאַרווירקלעכט ווערן. דאָס אַלטע רוסלאַנד, די פעסטונג פון הער־שאַפט און אונטערדריקונג, ווערט צעטרייסלט, האַלט ביים פאַלן. און ניט אומזיסט איז געווען די אָנשטרענגונג... די קרבנות...

אין גאַס זיינען שוין געשטאַנען גרופּעס יידן און הייס זיך אי־בערגעשמועסט צווישן זיך:

— נו, נו. מירן זיך דערלעבט צייטן!

— זעסט דאָך, זיי האָבן דאָך פאָרט עפּעס אויסגעפירט, די חברהלייט.

— הלוואי זאָל דאָס נאָר זיין צום גוטן...

אין שטעטל איז באַלד יעדע אַרבעט געוואָרן אָפּגעשטעלט. די קראָמען האָבן זיך פאַרמאַכט. די גאַסן זיינען באַלאַגערט געוואָרן מיט מענטשן. אַ פאַרפלייצונג. פון וואַנען האָבן זיך דאָס גענומען אין בערעזע אַזוי פיל מענטשן! דער טאָג איז דעמאָלט געווען אַ כמורנער, מיט אַ גרויען, אָסיענדיקן הימל. נאָר אין די גאַסן האָט מען יום־טובדיק געיובלט. מענטשן, פרעמדע, האָבן איינער דעם אַנדערן זיך אָפּגעגעבן מזל־טוב. זיך געקושט. די פנימער ביי אַלעמען האָבן געשיינט און געלויכטן און אין די אויגן טרערן פון פרייד. יונג און אַלט האָבן זיך געפרייט. און קיין מורא איז ביי קיינעם ניט געווען. פראַנק און פריי האָט מען געשטראָמט איבער די גאַסן און הילכיק און דרייסט זיך דורכגערעדט.

און דער פּריסטאַוו, זשוקאָוו, און די עטלעכע פּאָליציייסקע זיינען אַרומגעגאַנגען אַ ביסל צעטומלטע. זיי האָבן, ווייזט אויס, נאָך ניט גע־קראָגן קיין באַפעל ווי אַזוי צו האַנדלען. דער פּריסטאַוו האָט אויף יעדן פאַל זיך אָנגעטאָן אין זיין פאַראַדנעם מונדיר, און האָט נאַרישע־וואַטע צו יעדערן געשמייכלט. די באַלקאָנען פון די עטלעכע גבירישע הייזער זיינען געווען באַצירט מיט בלומען און מיט געבלומטע טעפּעכער. אַפילו אין דער שטילער, פריצישער גאַס האָט זיך היינט אויך דער יום־טוב געפילט. רעדלעך מענטשן זיינען דאָרט געשטאַנען און שטאַרק אויפגעלעבטע צווישן זיך געשמועסט.

פאַרנאַכט־צו האָט דער שטראָם מענטשן זיך אַ לאָז געטאָן צום „נעווסקי פּראָספּעקט" — אַזאַ שפּאַציר־פּלאַץ אין צענטער פון בערעזע. די רעוואָלוציאָנערן זיינען דאָ אַלע געווען. און באַלד האָט פון דער געדיכטעניש פון דער מאַסע זיך דערהערט די הילכיקע אויסרופן:

— עס זאָל לעבן די פרייע רוסלאַנד!

— זאָל לעבן די קאָנסטיטוציע!

און פון אַן אַנדער ווינקל האָט מען ווי אַן עכאָ אָפּגעענטפערט:

— זאָל לעבן דער קעמפנדער פּראָלעטאַריאַט!

— זאָל לעבן דער סאָציאַליזם!

ס'איז געווען די ערשטע פאַרזאַמלונג אונטערן פרייען הימל. דער גאַנצער עולם איז מיטגעריסן געוואָרן מיט דעם גרויסן יום־טוב און לאַנג נאָך געפרייט זיך און געיובלט. צווישן עולם האָט זיך זלאַטקע דורכגעשטופּט. שוין אַ מידע. ס'איז געווען צופיל פאַר איר דער הייניקער טאָג, פול מיט וואונדערלעכע און אויפטרייסלענדיקע געשעענישן. אין דער פרי, ווען זי האָט געהערט לייענען דעם מאַניפעסט, האָט זיך דאָרט גערעדט וועגן אַמנעסטיע פאַר פּאָליטישע פאַרברעכער. „ליאָווע וועט זיכער באַפרייט ווערן", האָט זי אַ טראַכט געטאָן, נאָר אירע געדאַנקען זיינען באַלד פאַרטויבט געוואָרן אין דעם אַלגעמיינעם יובל. עס האָט זיך דערהערט אַ שאָס אין דער לופטן. דאָס האָט צאַלקע אויסגעשאָסן פון זיין רעוואָלווער, וואָס ער האָט געטראָגן ביי זיך. צאַלקע האָט סוף־כל־סוף זיך טאַקע דערוואַרט, אַז ער זאָל קענען נוצן זיין רעוואָלווער. עס האָט אויף דעם עולם געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. זלאַטקע האָט זיך ניט ווילנדיק איינגעבויגן נידעריק. עס האָט זיך איר דערמאָנט אָן דער שיסעריי, דעמאָלט אויף סוראַזשער גאַס, ביי דער דעמאָנסטראַציע.

זי האָט שוין געוואָלט גיין אַהיים, נאָר דאָ האָט זי פּנים על פּנים זיך צונויפגעטראָפן מיט זאַוולען. ער האָט איר אָנגענומען פאַר דער האַנט און איר אַרויסגעפירט פון דער געדיכטער מאַסע מענטשן:

— מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך האָב געהערט דיין קול, אין די אויסרופן דאָ — האָט זלאַטקע אים געזאָגט.

— יע. דאָס בין איך טאַקע געווען, — האָט זאַוול געענטפערט.

ער האָט איר צוגעפירט ביז צו דער געסל וואו זי האָט געוואוינט.

— שוין, זאַוול, דאָ וועל איך שוין גיין אַליין — האָט זי אים געזאָגט.

— זלאַטקע, איך וויל דיך זען. איך דאַרף דיר נויטיק זען — האָט זאַוול גיך גערעדט.

— ביי שרהקען אין שטוב קענסטו מיך זען. איך קום אַהין אַלע טאָג.

— נו גוט. אַ גוטע נאַכט.

— אַ גוטע נאַכט.

***

דאָס איז נאָך געווען אין יענע פריידיקע רעוואָלוציאָנערע טעג. דאָס לאַנד איז געווען ווי אַ צעשטורעמטער ים. קיין זאַך איז ניט געבליבן ביים אַלטן. די גאַנצע אַלטע סטרוקטור פון לאַנד האָט זיך געוואַקלט. אין פעטערבורג זיינען שוין אַרויסגעגאַנגען סאָציאַליסטישע, טעגלעכע צייטונגען אָפן און פריי. אין די הומאָריסטישע זשורנאַלן זיינען געווען בייסנדע קאַריקאַטורן אויף די מיניסטאָרן און אַנדערע צאַרישע דינער. נאָר די פרייד פון די רעוואָלוציאָנערן איז שוין געווען פאַרסמט מיט די שרעקלעכע, דערשיטערנדיקע ידיעות וועגן די פאָגראָמען אויף יידן. פאָגראָמען אין הונדערטער שטעט און שטעטלעך פון גרויסן לאַנד. יידיש האָב און גוטס, יידישן לעבן, איז געוואָרן הפקר, און אומרו און דערשטוינונג איז אויפגעוואַקסן אין די הערצער פון די רעוואָלוציאָנערן. ווי שיקט זיך דאָס? ווי איז דאָס מעגלעך, אַז די ברייטע רוסישע מאַסן זאָלן נאָך זיין אַזוי פינצטער און זיך לאָזן אויפרייצן און טאָן אַזעלכע כוליגאַנישע טאַטן?

אין איינעם אַזאַ פאַרנאַכט זיינען ביי שרהקען אין קאַמער געזעסן עטלעכע חברים, די נעענטערע פון דער אָרגאַניזאַציע. מ'איז געזעסן שטיל, ווי איינגעגנורעט אין זיך, ווער אויפן גרויסן טאַפטשאַן, און ווער אין די ווינקלען אויף בענקלעך און שטולן. פינצטערע כמאַרעס האָבן זיך אָנגערוקט אויפן לויטערן הימל און ווי אַ בייזער געשפּענסט האָט דאָס וואָרט „פאָגראָם" זיך געטראָגן אַלעמען פאַר די אויגן. ס'איז ביי קיינעם קיין מוט ניט געווען צו געפינען עפּעס אַ וואָרט פון טרייסט.

אָשר מינסקי איז געזעסן ביים פענצטער און גערויכערט איין פּאַפּיראָס נאָכן אַנדערן און זיין דינער פּראָפיל האָט שאַרף זיך אויסגעשניטן פון וואָלקן רויך. שמואל דער סופר האָט ענדלעך זיך אָפּגערופן:

— ס'איז קלאָר, די פּאָגראָמען זיינען געמאַכט דורך די אויפגערודערטע, פינצטערע עלעמענטן פון דעק. די רעגירונג האָט דאָס גוט אויסגעפּלאַנט און אָרגאַניזירט צו פאַרטונקלען די מוחות פון די ברייטע מאַסן.

צאַלקע האָט אויך געזוכט אַ טרייסט, ער האָט געזאָגט:

— ס'איז באַוואוסט, אַז אין אַ סך שטעט האָבן קריסטלעכע אַרבעטער אַרויסגעטראָטן צוזאַמען מיט יידישע אַרבעטער אין איין זעלבסטשוץ־אָרגאַניזאַציע; זיי האָבן פאַרטריבן די כוליגאַנעס און פאַרטיידיקט די שטאָט.

אָשר מינסקי האָט נאָר גערויכערט און געשוויגן שטיל. אין זיינע גרויסע, שוואַרצע אויגן האָט זיך אַן אומעט געטוקט. ביטערקייט און יאוש זיינען געלעגן אין זיין שווייגן. אָשר איז געקומען צום סאָציאַ־

ליזם צוליב זיין שטאַרקן יידישקייט־געפיל: דער סאָציאַליזם וועט ברענגען גערעכטיקייט פאַר אַלע פעלקער און אויך פאַר יידן. זינט דעמאָלט האָט אָשר שוין אַ סך אַנטוישונגען דורכגעלעבט. די אַרויסטרעטונגען פון דער „איסקראַ" קעגן דעם „בונד" האָט גענוג שאָדן געטאָן צו זיין גלויבן. די ביטערקייט און אַנטוישונג האָבן אין אים געלעבט, ווי אַ פאַרצויגענע וואונד, וואָס פון יעדן קלאַפ עפנט זיך עס אויף צוריק.

— יע, זעלבסטשוץ, — האָט ער זיך אָפגערופן פון זיין ווינקל, — ס'איז אַ קנאַפע טרייסט, די טויטע וועלן דערפון ניט לעבעדיק ווערן, און דער סם, מיט וועלכן מען שפייזט די פינצטערע מאַסן, וועט אין זיי בלייבן.

שרהקע האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט. זי האָט אָנגעגאָסן אַ טשאַיניק וואַסער צו מאַכן טיי, ווי ווילנדיק פאַרטרייבן די מרה־שחורה ביי אַלעמען. אַ ביסל שפעטער האָט זיך געעפנט די טיר און זאַוול איז אַריינגעקומען. ער האָט געהאַט אַ שטרענגן און שטאַרקן אויסקוק, און די קורטקע איז ביי אים געווען פאַרשפיליעט אויף אַלע קנעפלעך. ער האָט מיט די אויגן אַ זוך געטאָן איבערן קאַמער און אַז ער האָט דערזען זלאַטקען זיצן, האָט ער זיך אויך אַוועקגעזעצט. ער האָט געהאַט אַ פולע האַרץ מיט רייד פאַר איר. נאָר איצט איז ניט געווען פאַר דעם די צייט.

זאַוול האָט שוין געוואוסט פון די טרויעריקע געשעענישן און ער האָט באַלד גענומען רעדן וועגן מיטלען ווי אַזוי צו פאַרהיטן די שטאָט אין פאַל די גויים פון די אַרומיקע דערפער וועלן זיך צעיושען. עס איז געווען גוט צו הערן זאַוולען רעדן נאָך אַזאַ לאַנגן איבעררייס. ביי אַלעמען האָט זיך דורך דעם געשטאַרקט די זיכערקייט און דער מוט. ער האָט זיך שוין דורכגערעדט מיט אַ סך מענטשן פון שטעטל — מיט קצבים, באַלעגאָלעס, אַ פאָר שמידן. פון די אַרבעטער איז דאָך שוין אָפגערעדט. זיי זיינען אַלע גרייט: ווער מיט העק, ווער מיט מעסערס, אויב חלילה עס וועט האַלטן ביי עפעס. ער האָט זיך מיט זיי אַלעמען געזען.

— זיי זיינען העלדישע יונגען, איינס־אין־איינס, — האָט זאַוול דערציילט. — און זיי וואַרטן נאָר מען זאָל זיי רופן. אַפילו אַזוי פשוטע יידן באַטן־אָן זייער הילף.

ער האָט, ריידנדיק, אַלע ווײַלע אַ קוק געגעבן אין זלאַטקעס זייט, ווי ער וואָלט געזוכט איר צושטימונג. און זלאַטקע האָט מיט די אויגן אים געגעבן איר צושטימונג. „עס איז גוט, זאָל ער רעדן". זי איז געווען אויפגערודערט פון זיין באַווייזן זיך פלוצלונג אַהער, און זי האָט זיך געשעמט פאַר די חברים, וואָס ווייסן דאָך אַלץ וואָס צווישן זיי קומט פאָר.

צאַלקע האָט באַלד מיט זאַוולען זיך צערעדט וועגן אָרגאַניזירן די זעלבסטשוץ. אַ ביסל געוווער איז אויך פאַראַן. זיי האָבן דאָךביידע באַלאַנגט צום „באַיעוואָי אָטריאַד”, פון וועלכן זאַוול איז געוועזן דער קאָפּ. און וועגן צאַלקען האָט מען געזאָגט, אַז ער איז זאַוולס אַדיו־טאַנט. איינער פון די שמואלס האָט פאָרגעלייגט מען זאָל אַרויסגעבן אַ פּראָקלאַמאַציע צו דער באַפעלקערונג אין נאָמען פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע, דערקלערן זיי וועגן דער לאַגע און אַז עס גרייט זיך אַ זעלבסטשוץ. די באַפעלקערונג קוקט אַרויף צום „בונד”, און זיי וואַרטן אַז דער „בונד” זאָל עפּעס טאָן צו באַשיצן זיי.

צאַלקע איז אַרויס מיט אַ פּלאַן, אַז מען זאָל אויף איין נאַכט פאַרכאַפּן די דרוקעריי, די איינציקע דרוקעריי אין שטעטל, און מען זאָל דאָרטן די פּראָקלאַמאַציעס אָפּדרוקן. אַלע האָבן גערעדט וועגן דעם פּלאַן, ווער — פּאַר, און ווער — דאַקעגן. מען האָט געקוקט אין אָשרס ווינקל, וואָס ער האָט דאָך באַדאַרפט די פּראָקלאַמאַציע אָנ־שרייבן. אָבער אָשר האָט קיין איין וואָרט ניט אַרויסגערעדט. און אַז ער האָט געענדיקט איין פּאַפּיראָס רויכערן, האָט ער באַלד אָנגעצונדן אַן אַנדערן. און אַז צאַלקע האָט אויפגעגעבן זיין פּלאַן וועגן פאַרכאַפּן די דרוקעריי, האָט אָשר נאָר אַ שטילן לאַך־געטאָן. עס האָט געשניטן ביים האַרצן אָט דער לאַך זיינער און ווי ער זיצט אַזוי פאַרלעגט אַ פוס אויף אַ פוס און נאָר ער רויכערט, די אויגן האַלב־צוגעמאַכט ווען ער בלאָזט אויף אַרויף דעם רויך. ער איז געוועזן ווי אָפּגעזונדערט פון אַלעמען, און עס איז ביי קיינעם קיין מוט ניט געוועזן צו טאַדלען אים דערפאַר. די פראַגע פון דער פּראָקלאַמאַציע איז דערווייל געבליבן הענגען אין דער לופטן.

זלאַטקע איז אין יענעם אָוונט אַוועק אַהיים מיט אַ שווערן האַרצן. זי האָט געוואוסט, אַז די חברים קוקן אויס זי זאָל עפּעס זאָגן אין אַזאַ מינוט אַ שווערער. זיי וואַרטן זי זאָל זאָגן עפּעס אַ וואָגיק וואָרט. זי איז דאָך געוועזן אין גרויסע שטעט, זיך אָנגעזען אַ וועלט. זי האָט דאָך אַ סך געלייענט. איר דוכט זיך, ווי אָשרס שווייגנדיקער בליק מאָנט ביי איר. ס׳איז ווי ער וואָלט ביי איר פרעגן: „נו, וואָס איז איצט אייער מיינונג וועגן דער לאַגע?”

אָבער זלאַטקע קען איצט ווייניקער ווי אַלעמאָל רעדן. עס איז איצט ביי איר אַליין אַ צעמישעניש אין די געדאַנקען. דאָס העלע ליכט פון דער רעוואָלוציע איז פאַרטונקלט געוואָרן דורך פינצטערע כוחות. דאָס איז געוועזן אַ שווערער קלאַפּ פאַר איר גלויבן אין דעם כוח פון דער ברייטער מאַסע. זי האָט אַמאָל געהאַט אַ חלום וועגן אַ שלאָפנדיקן ריז. דאָס איז געוועזן פריזיוו־צייט אין שטעטל. זי האָט געזען רעקרוטן שיכורע ליגנדיק אויף דער גאַס לעבן שענק ביינאַכט בעת זי איז פון סכאָדקע געגאַנגען אַהיים. זי האָט דעמאָלט געהאַט אַ וויזיע, ווי אָט דער

ריז, דער רוסישער פויער, וועט זיך אויפוואַכן, ער וועט דערזען ווער זיין שונא איז און ער וועט באַפרייען זיך, וועט באַפרייען דאָס גאַנצע לאַנד.

איצט האָט דער ריז, די רוסישע מאַסע, איפגעוואַכט. זי האָט געמאַכט די רעוואָלוציע, האָט אָפּגעשטעלט באַנען און טעלעגראַפן, האָט אָפּגעשטעלט דאָס גאַנצע לעבן אין לאַנד. זי האָט באַוויזן איר כוח. אָבער די זעלביקע מאַסע האָט זיך אויך געלאָזן אויפרייצן צו בייזע מעשים. און די פירער, די רעוואָלוציאָנערן, זיינען שוין ניט אימשטאַנד אָט דער מאַסע איינצוצאַמען. עס איז ווי עס דערציילט זיך אין דער לעגענדע מיט דעם גולם. דער גולם איז געווען געהאָרכזאַם צו זיין באַשאַפער, האָט געטאָן אַלץ, וואָס מען האָט אים געהייסן, ביז איין מאָל האָט דער גולם זיך פאַרמאָסטן אויפן באַשאַפער אַליין, גע־וואָלט אים אומברענגען...

וויפל זלאַטקע האָט ניט געלייענט אין דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור וועגן דער באַדייטונג פון דער מאַסע, איז איר אַלץ די פראַגע ניט געווען קלאָר געווען. די מאַסע איז אַ ספינקס, אַ בלינדער, באַהאַלטענער כוח, אָן אַ באַשטימטן פּנים, און עס קען אויסגענוצט ווערן צו גוטס און אויך צו שלעכטס...

אין יענע טעג האָט זלאַטקע אַ סך געטראַכט פון ליאָוואַן. זי איז געווען זיכער, אַז מיט דער אַמנעסטיע איז ער באַפרייט געוואָרן, און זי האָט געהאָפט נאָך אים צו זען. זי האָט געשריבן צו שיינע־רחלען. אָבער שיינע־רחל האָט געענטפערט, אַז פון ליאָוולען הערט קיינער ניט, זיין אייגענע טאַטע־מאַמע ווייסן ניט וואָס מיט אים איז געשען. זי האָט אויך געשריבן וועגן בניאָמקען, אַז זיין גרעניעטע פוס האָט מען געמוזט אַראָפּנעמען און ער גייט איצט אויף אַ הילצערנער פוס, אָבער זיין פריערדיקער מוט איז ניט געמינערט, און אַז זיי פאָרן ביידע אַוועק פון ביאַליסטאָק קיין לאָדז.

ווידער זיינען די רעוואָלוציאָנערן אויפגעמונטערט געוואָרן דורך די נייע גרויסע געשעענישן, וואָס האָבן זיך צעוויקלט. עס איז געווען דער אָנהויב פון דעם גרויסן אויפשטאַנד אין מאָסקווע. ביז איצט איז דער צענטער פון די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן געווען פעטערבורג. דאָרטן האָט דער גרעסטער גענעראַל־סטרייק זיך אָנגעהויבן; דאָרטן איז אויך געווען דער שטאַרקסטער „סאָוועט". איצטער האָט דאָרטן די רעוואָלוציאָנערע ענערגיע זיך געגומען אויסשעפּן. יעדער פּרואוו אין פעטערבורג אָנצוהויבן אַ נייעם גרויסן סטרייק האָט זיך ניט איינ־געגעבן. דער געפּיל איז ביי אַלעמען געווען פון אַ האַלבן זיג. מען האָט אויסגעקעמפט אַ סך פרייהייטן, און אַ צוזאָג פון אַ פּאַרלאַמענט — די „דומאַ". אָבער די צאַרישע רעגירונג איז געבליבן גאַנץ. דער קאַמף האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט און דער שטראָם פון רעוואָלוציאָנע־

רער ענערגיע האָט זיך איצט אַריבערגעטראָגן אין מאָסקווע. ווידער אַן אַלגעמיינער סטרייק, וואָס האָט באַלד אַרומגעכאַפּט די גאַנצע שטאָט. דעם מאָל איז דער סטרייק אָרגאַניזירט געוואָרן דורך דעם מאָסקווער „סאָוועט“, מיט פאָרשטייער פון אַלע רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען.

ווידער האָט די האָפענונג אויפגעשיינט פאַר די רעוואָלוציאָנערן. ביסלעכווייז האָבן זיך די גראַנדיעזע געשעענישן פאַנאַנדערגעוויקלט. ריזיקע מאַסן־פאַרזאַמלונגען אין די גאַסן און אין גרויסע געביידעס. די רעגירונג שיקט מיליטער די פאַרזאַמלונג צו פאַרטרייבן, אָבער די סאָלדאַטן טוען זייער אַרבעט אָן חשק. עס קומט דער באַוואָפנטער אויפשטאַנד אין מאָסקווע; אַ קאַמף מיט מיליטער אין די גאַסן, אין די פאָרשטעט; דאָרטן, אין די אַרבעטער־קוואַרטאַלן, איז אַן אמתע שלאַכטפעלד — באַריקאַדן אין יעדער גאַס. די באַריקאַדן ווערן פאַר־טיידיקט מיט געווער אין די הענט. די רעגירונג נוצט אַרטילעריע־פייער. עס דונערן האַרמאַטן איבער דער ריזיקער שטאָט מאָסקווע. איין באַריקאַדע איז צעשטערט, וואַקסט באַלד אויס נאָך איינע, אין אַן אַנדער גאַס. הינטער די באַריקאַדן — אַרבעטער מיט געווער אין די הענט. פון ביידע זייטן פאַלן קרבנות, געהרגעטע און פאַרוואונדעטע אָן אַ שיעור.

צוויי וואָכן פירט זיך די מלחמה. פון דעם אויסגאַנג פון קאַמף הענגט אָפּ דער גורל פון דער רעוואָלוציע. עס איז די לעצטע אָנ־שטרענגונג. באַלד, באַלד... עס איז דער לעצטער קאַמף פאַר אַ פרייער רוסלאַנד...

דאָ, אין דעם פאַרוואָרפענעם ווינקל, אין דעם שטעטל בערעזע, זיצן די רעוואָלוציאָנערן און געשפּאַנט פאָלגט מען נאָך יעדער פאַזע פון קאַמף. מען לעבט דורך דאָ פרייד און דאָ אַנגסט. און ווי נאָר נאַכט, פאַרזאַמלען זיך אַלע אין דער קאַמער ביי שרהקען דער שוואַרצער. מען שלינגט די ידיעות פון צייטונגען און דורך מענטשן, וואָס קומען צופאָרן פון ווייט. ביים סוף פון דער צווייטער וואָך הויבן־אָן קומען באַאומרואיקנדיקע ידיעות. דער אַלגעמיינער סטרייק אין מאָסקווע איז אויפגעגעבן געוואָרן, די רעגירונג האָט דעם אויפשטאַנד דערשטיקט מיט אַכזריות, מיט גרויזאַמקייט. אין פּעטערבורג האָט די רעגירונג נאָך פריער צעטריבן דעם „סאָוועט“. זיינע וויכטיקסטע טוער האָט מען אַרעסטירט און אין סיביר פאַרשיקט.

עס זיינען נאָך געווען גרויסע פּאָליטישע סטרייקס איבערן לאַנד, ווי העלע אויפבליצן, דאָ אין איין שטאָט, דאָ אין אַן אַנדערער. רעוואָלוציאָנערן האָבן גערופן צו די מאַסן, זיי געמוטיקט. אָבער עס איז שוין ניט געווען דער זעלביקער פאַרנעם, וואָס אין פּעטערבורג, וואָס אין מאָסקווע, די רעוואָלוציאָנערע ענערגיע איז שוין אומעטום

געוועז געבראָכן. די רעגירונג האָט שוין אָנגעהויבן קומען צו זיך. עס האָט זיך אָנגעהויבן די צייט פון די שטראָף־עקספּעדיציעס, וואָס די רעגירונג האָט צעשיקט איבער די שטעט און איבער די דערפער. און וואו נאָר זיי האָבן געכאַפּט אַ רעוואָלוציאָנער, האָבן זיי אים גע־משפט. די ליבעראַלע פּאַרטייען אין לאַנד, וואָס האָבן מיטגעהאָלפן ברענגען די רעוואָלוציע, האָבן איצט מיט גרויס חשק גענומען זיך גרייטן צו די וואַלן אין דער „דומאַ“. זיי זיינען געוועז צופרידן מיט דעם, וואָס זיי האָבן געקראָגן, און קיין ווייטערע שותפות מיט דעם פּראָלעטאַריאַט האָבן זיי ניט געוואָלט...

# זעקס און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

אין איינעם פון יענע טעג איז אַ מענטש געקומען צופֿאָרן צו דער היגער אָרגאַניזאַציע, אַ שליח פון בונדישן ראַיאָנעם קאָמיטעט. דער מענטש — דאָס איז געווען בעריש דער ישיבה־בחור, דער געוועזענער תושב פון בערעזע. ביי זלאַטקען האָט בערישעס קומען אַרויסגערופן אַ שטורעם פון געפילן. דאָס האָט איר דערמאָנט אָן די וואונדערבאַרע צייטן, דעמאָלט אין ביאַליסטאָק, ווען זי האָט אים באַגעגנט ביי אידען אין צימער. אידאַ, די ליכטיקע געשטאַלט, וואָס איז געפאַלן טויט דעמאָלט אויף דער דעמאָנסטראַציע.

בעריש איז געווען פול מיט אינטערעס און מיט וואַרעמע געפילן צו זיין היים־שטאָט בערעזע, צו זיינע אַלטע, טייערע פריינט. אין איינעם מיט זיי האָט ער געמאַכט די ערשטע טריט אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אים האָט זיך געוואָלט גיין אָנקוקן די געסלעך, די באַקאַנטע הייזער. אָבער צוליב קאָנספּיראַציע האָט ער זיך ניט געוואָלט ווייזן אין גאַס, כאָטש פרייהייט האָט שוין געהערשט אין יענע טעג. בעריש האָט זיך ניט געשטעלט צום פריזיוו און ער האָט די גאַנצע צייט געלעבט אומלעגאַל, אויף אַ פרעמדן פּאַספּאָרט, ווי אַ סך אַנדערע פון די טוער אין „בונד“.

ווי אַלעמאָל, אַז אַ מענטש איז געקומען, איז די שטימונג ביי די חברים געווען אַ געהויבענע, בפרט נאָך בעריש, אַ נאָענטער חבר. און איצט איז ער אַזוי געשטיגן הויך. אין שטוב ביי שרהקען דער שוואַרצער איז אין יענעם אָוונט געווען יום־טוב. בעריש האָט זיך געפרייט מיט יעדערן באַזונדער פון זיינע אַלטע פריינט, וואָס ער האָט זיי קיינעם ניט פאַרגעסן. און אַז ער האָט זיך געפרעגט אויף זאַוולען, איז אין קאַמער אַ ווײַלע אַנטשטאַנען אַ שטילקייט, און זלאַטקע איז בלייך געוואָרן.

— זאַוול איז איצט אין יאַבלאָנקע, — האָט עמעצער זיך אָפּגערופן.

— אַ טייערער בחור, אַ וואוילער יאַט, — האָט בעריש געזאָגט.

מער פון אַלץ האָט בעריש זיך נאָכגעפרעגט אויף נינע אייזענשטאַט, וואָס אַמאָל האָט ער איר אַזוי ליב געהאַט. נינע איז אַרויס פון די רעוואָלוציאָנערע רייען. זי איז דערדריקט געוואָרן אונטער דער

שטרענגקייט פון אירע טאַטע־מאַמע, ווי אַ שוואַכע פלאַנץ, וואָס טריקנט איין און ווערט פאַרדאַרט.

בעריש האָט באַלד געגומען רעדן וועגן דעם גאַנג פון די איצ־טיקע געשעענישן. די רעוואָלוציע איז נאָך ניט ביים סוף. געוויס. די רעגירונג וועט נאָך פּרואוון אָווועקנעמען אַ סך פון די געגעבענע פרייהייטן. אָבער אַ סך פון די אויסגעקעמפטע פּאָזיציעס וועלן פאַר־בלייבן. מען טאָר דעם קאַמף ניט אויפגעבן, גאָרד איצט.

בעריש איז געווען שטאַרק אויפגעלעבט. פון אים האָט נאָך אַזוי ווי געאָטעמט מיט רעוואָלוציע. ער איז אַליין געווען אין אַ פאָר ערטער, וואו די גרויסע קאַמפן האָבן זיך געפירט, און ער האָט געבראַכט פון דאָרטן גרוסן. ער האָט דערציילט ווי דער „בונד" האָט אין אַ סך שטעט אָנטייל גענומען אין די גרויסע געשעענישן. בונדישע רעדנער זיינען אַרויסגעטראָטן רעדן פאַר די הונדערטער טויזנטער אַרבעטער אין די גאַסן פון אָדעס און אין אַנדערע שטעט. אַ בונדישער פאָרשטייער איז אַפילו געווען אין די „סאָוועטן".

ער האָט געהאַלטן אין איין רעדן, בעריש. נייע אויפגאַבן שטייען איצטער פאַר פאַר די רעוואָלוציאָנערן, אויסנוצן די געגעבענע פריי־הייטן פאַר די אינטערעסן פון דער רעוואָלוציע; דער קערן פון דער אָרגאַניזאַציע איז נאָך דערווייל אונטערערדיש, ווי ביז איצט; מען גע־טרויט ניט דער רעגירונג. אָבער עס גרינדן זיך שוין אָן אַ שיעור פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אַרבעטער־קלובן און אַרבעטער־קאָאָפּע־ראַטיוון, אַזוינס וואָס האָט ביז איצט ניט געטאָרט זיין. אין די קלובן קומען גרויסע מאַסן אַרבעטער אָפן און לעגאַל, און אָפן פירט זיך צווישן זיי די אַגיטאַציע. מען דאַרף קענען אַרויסגיין פון די אונטערערדי־שע היילן, מיט די קליינע קרייזלעך, און מען דאַרף קענען איצט רעדן צו הונדערטער, צו טויזנטער אַרבעטער פאַר איין מאָל. און די טוער פון דער באַוועגונג וועלן אויך דאַרפן זיין אַנדערע, אַזעלכע וואָס קענען זיך צופּאַסן צו די פאָרמען פון דער נייער צייט...

— אין אונזערע רייען טאָר קיין פאַרצווייפלונג ניט זיין. — האָט בעריש געזאָגט. — געוויס, דער שונא איז נאָך שטאַרק און דער קאַמף מוז אָנגיין. די געווינסן, וואָס מען האָט אַרויסגעריסן פון דער רעגירונג, זיינען וויכטיק. אומעטום גייען איצט אַרויס סאָציאַליסטישע צייטונגען, אָפן און פריי. אין ווילנע — די טעגלעכע בונדישע צייַ־טונג „דער וועקער". איר וועט עס קריגן צוגעשיקט...

ער האָט געוואָרפן געדאַנקען פול מיט פייער און גלויבן, און קיינער האָט אים ניט איבערגעשלאָגן, געלאָזן אים ריידן, און מען האָט נאָר געהערט און געהערט. אָשר מינסקי איז געשטאַנען מיט דער פלייצע צום פענצטער, אין זיין געוויינלעכער פּאָזע, פאַרלעגט אַ פוס אויף אַ פוס, און רויכערנדיק. זלאַטקע איז געזעסן אויפן סאָפקע מיט

די הענט אין די אַרבל, און מאָדנע אומהיימלעך איז איר געוואָרן פון בערישעס רייד. ער האָט דערמאָנט וועגן צופאַסן זיך צו דער נייער צייט, און אַז אַנדערע טוער וועלן זיך איצט פאָדערן. אָבער זי האָט געוואַרט וואָס וועט ער ווייטער זאָגן, בעריש.

און בעריש, זייער אַ באַלעבטער, האָט געשפּאַנט איצט איבערן קאַמער מיט זיינע לאַנגע פיס, און מיט צוויי שפּאַנען איז ער שוין געווען אָט דאָ ביי דער טיר, און אָט דאָרטן אין אַנדערן עק קאַמער, ביי דעם טישל. דאָס פּנים זיינס איז אויסגעאיידלט, מיט אַ שיינעם געוועלבטן שטערן און נאָך דעם קומען די שוואַרצע, קרייזלדיקע האָר. זיין פּנים איז אַרומגענומען געוואָרן מיט אַ דינער, שוואַרצער בערדל. ער טראָגט ברילן אויף אַ שנירעלע, און אַ האַרטן קאָלנער מיט אַ שניפּס, פיין אויסגעבונדן. ער איז אַזוי גרויס־שטאָטיש; ער איז ווי אין גאַנצן אָנגעגאָסן מיט ענערגיע, מיט שוואונג, און די אויגן זיינען ביי אים טרוימערישע.

אין אים איז איצט די אויפרעגונג, די פרייד פון ווידער זען זיך מיט די אייגענע. די בענקשאַפט, וואָס איז טיף אין אים געלעגן, רייסט זיך אַרויס צום ליכט. און ווידער קערט ער זיך אום צו דערמאָנונגען. ער פרעגט זיך נאָך אויף דעם ישובניק, וואו ער האָט געלערנט דאָרטן מיט זיינע צוויי קינדער, און יעדער מאָל, נאָך דער זיצונג פון סכאָדקע, פלעגט ער אַוועקשפּאַנען אַהין אין דאָרף צופוס. עטלעכע מאָל האָט בעריש זיך אויף נינען נאָכגעפרעגט. די שלעכטע גרוסן פון איר האָבן אים באַנג געטאָן. דאָס איז געווען זיין ערשטע ליבע, די שווייגנ־דיקע, די געהיימע . .

נאָר ווייניק איז געבליבן פון דעם פריערדיקן בערישן. ער איז אַזוי ראַשיק און אימפּעטיק, און ער דערציילט ווי זיין אַרבעט איז איצטער אַרומצופאָרן איבער דעם בונדישן ראַיאָן, רעדן און דערקלערן די נייע לאַגע. ער איז אַ וואַנדערדיקער אַגיטאַטאָר און רעדנער. און מיט זיין טשעמאָדאַן אין האַנט יאָגט ער זיך איבער די וואָקזאַלן ניט צו פאַרשפּעטיקן די באַן. אַזוי פון איין שטאָט אין דער אַנדערער. פון געוואוינהייט קוקט ער אַלע ווײַלע אויפן זייגער. ער וואָלט וועלן זיך נאָך אַראָפּכאַפּן אין אַ געוויסער שטאָט; דאָרטן האָט ער אַ ווייב, אַן אייגענע, און אַ קינד, איז ער זיך מודה.

— מען זעט זיך ווען עס איז נאָר דאָ צייט.

ער רעדט וועגן דעם צופעליק, געכאַפּט. און ער גייט באַלד אַרי־בער צו אַנדערע פראַגן. בעריש וואָלט וועלן אַלץ איבערגעבן וואָס ער ווייס אין דעם אָוונט. און ער רופט זיך אָפּ:

— איך ווייס, דאָס וועט אייך פרייען צו הערן. עס רעדט זיך שטאַרק וועגן דעם, אַז דער „בונד" זאָל צוריק אַריינטרעטן אין דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. אין גיכן וועט ביי זיי זיין

אַ צוזאַמענפאָר, און עס וועט דאָרטן פאַרהאַנדלט ווערן אויף די פראַגע וועגן פאַראייניקן זיך מיט די נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס.

אָט די נייס האָט מיט אַן אמת אַלעמען דערפרייט. ענדלעך אַ פאַראייניקונג. ווי לאַנג מען האָט אַלע געגאַרט אויף דער מינוט. די רוסישע פּראָלעטאַריער מיט די יידישע — אינאיינעם פאַרברידערט. מער פון אַלעמען האָט זיך דערפרייט שמואל דער סופר. ער האָט אין עקסטאַז אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט.

— אַזוי? טאַקע? מען וועט זיך פאַראייניקן! — האָט ער מיט שמחה געקוקט אויף בערישן.

— יע, עס האַלט דערביי. — האָט בעריש ניט־ווילנדיק אַ שמייכל געטאָן.

שמואל האָט שוין אויסגעקוקט אויף דער צייט, ווען ער וועט מיט שטאָלץ קענען זאָגן: „מיר זיינען אַ טייל פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי"...

אָשר מינסקי האָט זיך אָפּגערופן:

— ווי קומט דאָס, אַז די פּאַרטיי זאָל נעמען גיין אויף קאָמפּראָמיסן?

אין זיין טאָן איז געווען איראָניע און ביטערקייט. ער האָט גוט גע־דענקט די בייזווילקע אָנפאַלן פון דער „איסקראַ" צוליב די בונדישע פאָדערונגען.

בעריש האָט אים אויף דעם געענטפערט:

— יע, אין דעם פונקט, אַז דער „בונד" איז אַ זעלבשטענדיקע אָרגאַניזאַציע פון יידישן אַרבעטער, זיינען זיי שוין גרייט נאָכצוגעבן.

אָשר האָט קיין צוטרוי ניט געהאַט צו די פירער פון דער פּאַרטיי. זיי זיינען נאָר אַ הייפל אינטעליגענטן, אָפּגעריסן פון דער ברייטער מאַסע, און זיי זיינען אַליין אויך צעריסן אויף צוויי טיילן — די „באָל־שעוויקעס" און די „מענשעוויקעס".

איצט האָט בעריש מיט שטאָלץ אָנגעוויזן אויף דער שטאַרקער דיסציפּלין פון „בונד", וואָס האָט אים געהאַלטן פאַראייניקט. געווען אָפט שטרייטיקייטן וועגן וויכטיקע פראַגע, אָבער די גאַנצקייט פון „בונד" איז געשטעלט געוואָרן העכער איבער אַלץ.

שפּעטער האָט שרהקע די שוואַרצע מיט די אַנדערע מיידלעך זיך גענומען פאַרען אַרום אויוון און צוגרייטן וועטשערע. און זיצנדיק אַרום טיש, ביי אַ גלעזל טיי, האָבן איצט אַלע אינאיינעם גערעדט. פאַר די שמואלס האָט זיך געעפנט אַ קוואַל מיט פראַגעס וועגן דעם ווייטערדיקן גאַנג פון דער רעוואָלוציע און וועגן דער „דומאַ"; צי וועלן די סאָציאַליסטן זיך באַטייליקן אין אַ בורזשואַזער רעגירונג, אָדער מען וועט שטיין פון דער ווייטן און קריטיקירן. און ווידער האָט בעריש געדאַרפט אַ סך רעדן. די רעוואָלוציאָנערן זיינען איצט איינע אַליין

אין קאַמף; די ניט־פּראָלעטאַרישע שיכטן גרייטן זיך צו די וואַלן אין דער „דומאַ". זיי נוצן אויס די פרייהייט, וואָס די רעוואָלוציאָנערן האָבן אויסגעקעמפט. אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען באָיקאָטירן די דומע; מען האָפט נאָך אויף אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד; און דער לאָזונג פון דער צייט איז אַ גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, מיט אויסגעקליי־בענע פאָרשטייער פון גאַנצן פאָלק.

בעריש האָט אַ קוק געגעבן אויפן זייגער, און ער האָט זיך אויפ־געהויבן. איידער ער האָט זיך געזעגנט מיט אַלעמען, איז ער צוגעגאַנגען צו זלאַטקען. ער האָט איר דורכגענומען מיט אַ וואַ־רעמען בליק. ער האָט געזען ווי זי איז פון עפּעס צעטראָגן. זי האָט דעם גאַנצן אָוונט ווייניק גערעדט. ער האָט זיך אָפּגעזעגנט לעבן איר אויף דער סאָפקע. ער האָט געדענקט זלאַטקען פון די צייטן אין ביאַליסטאָק, ווען ער האָט איר געטראָפן ביי אידען אין צימער. ער האָט איר דעמאָלט געזען אַן אַנדערע, פול מיט לעבן און רעוואָלו־ציאָנערער ענערגיע. זיי האָבן איצט גערעדט פון אידען, די ליכטיקע געשטאַלט, וואָס איז אומגעקומען קעמפנדיק. איר נאָמען וועט אייביק פאַרבלייבן אין האַרצן פון יעדן בונדיסט. זיין קול, בערישעס האָט וויברירט מיט טיפן געפיל, ווען ער האָט פון איר גערעדט.

זלאַטקען האָט זיך געוואָלט פרעגן ביי אים וועגן ליאָווען. ליאָ־וואַ איז געווען פון די נאָענטע טוער אין דער אָרגאַניזאַציע, און בעריש האָט אים געוויס געקענט. אָבער עפּעס האָט איר אָפּגעהאַלטן אַרויס־צוברענגען ליאָוואַס נאָמען פון מויל, דאָ צווישן מענטשן, וואָס האָבן אים ניט געקענט.

— פאַרוואָס פאָרט איר ניט אַוועק פון דאַנען? — האָט בעריש איר געפרעגט. און ווי אַ ברודער איר אַ גלעט געגעבן איבערן קאָפּ.

— וואוהין פאָרן? — האָט זלאַטקע אים געפרעגט מיט אַן אומע־טיקן קול.

— אין ביאַליסטאָק, אין ווילנע, צי אין אָדעס. די וועלט איז גרויס. — האָט ער מיט דער האַנט געמאַכט אַ באַוועגונג אין דער לופט.

זלאַטקע האָט געשוויגן שטיל. ביאַליסטאָק? אויסער מאַטעסן און כאַשקען איז דאָרטן איצט קיינער ניטאָ. עס איז אַ פּוסטע שטאָט פאַר איר. זי קען דאָס בערישן ניט זאָגן. בעריש האָט זיך אויפגעהויבן, געדריקט איר די האַנט.

— איר מוזט געפינען אין זיך כוחות, זלאַטקע. — האָט ער פאַרטרוילעך צו איר געזאָגט. — ניט איצט איז די צייט אָנצוווערן דעם מוט.

— יע, איך ווייס. — האָט זלאַטקע אויך שטיל אים געענט־פערט. — איך וועל אַזוי טאָן...

***

ספקות, ווען מען זיי באַפאַלן, דער פילט דעם ביטערן טעם דער־פון. דער פרייער געדאַנק ווערט פּאַראַליזירט, און דער טראָט גע־פּענטעט. זלאַטקע האָט איצט אָט דעם ביטערן טעם דערפילט — זי, וואָס האָט קיינמאָל ניט געצווייפלט. צום ערשטן מאָל אין איר יונגן לעבן האָבן גרויסע ספקות איר אַרומגעכאַפּט. ניט צו איר גלויבן און אידעאַל, נאָר אין איר אַליין, אין אירע אייגענע כוחות.

דאָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט איר זינט יענעם אָוונט, ביי דער זיצונג אויף דער סכאָדקע מיט בערישן. ער האָט אין זיין באַריכט אַריינגעוואָרפן ווערטער, וואָס האָבן איר ניט געגעבן קיין רו. „מען דאַרף קענען זיך צופּאַסן צו דער נייער צייט"... פאַרוואָס שרעקן איר אַזוי די נייע פאָרמען אין דער אָרגאַניזאַציע, די נייע ענדערונגען, וואָס דאַרפן קומען? עס קלינגט נאָך אַזוי פרעמד דער באַגריף: פּראָ־פעסיאָנעלע פאַראייניגן, אַרבעטער־קלובן... בעריש האָט געזאָגט, אַז די טויער וועלן אויך דאַרפן זיין אַנדערע. אָנשטאָט די קליינע, קאָנספּי־ראַטיווע קרייזלעך, איז איצט נויטיק צו רעדן פאַר גרויסע מאַסן מענטשן. צי איז זי גאָר באַרופן צו טאָן די נייע אַרבעט?

געוויס זיינען אָט די אַלע ענדערונגען נויטיק פאַר דער זאַך. נאָר דאָס איז אַזוי שווער צו באַגרייפן. איר איז נאָך אַלץ ליב די אונטערערדישע אַרבעט, די קרייזלעך, וואו זי האָט געקענט אַ סך אויפטאָן. עפּעס אַן אומקלאָרער געפיל זאָגט איר, אַז זי איז מער ניט נויטיק פאַר דער אַרבעט אין דער אָרגאַניזאַציע. ס'קלינגט אַזוי ווילד, אַז זי האָט מורא גאָר צו טראַכטן פון דעם. און דאָס מאַכט איר פילן ווי פּאַראַליזירט, און איר טראָט ווי געפּענטעט.

אין אירע געדאַנקען איז איצט אַ שטילשטאַנד. זאַכן און גע־שעענישן גייען זיך זייער וועג, און זי מוז אַלץ פריער דורכטראַכטן, איבערוואַרטן,, ביז אַלץ וועט זיך איינשטעלן און ווערן פאַר איר קלאָר. די זיצונגען פון דער סכאָדקע האָט שוין זלאַטקע אַ סך מאָל אויסגעמיטן. זיי קומען איר פאָר עפּעס ניט פון גרויס וויכטיקייט. עס איז איר ווייטאָגדיק צו קוקן אויף דער באַוועגונג ווי אַ זייטיקע, ווי אַ פרעמדע. אָבער אַנדערש קען דאָס ניט זיין. זי פילט, אַז זי איז נאָך ניט צוגעגרייט צו די נייע צייטן, וואָס קומען־אָן. די וואָך איז דאָ איינגעאָרדנט גע־וואָרן אַ גרויסע פאַרזאַמלונג אין שול. די חברים, אָשר, צאַלקע און ביילקע די פּריקאָזטשיצע, האָבן דאָרטן גערעדט וועגן רעוואָלוציאָנערע פּראָגעס אָפן און פריי. זי, זלאַטקע, איז דאָרטן אויך געווען. זי האָט צוגלייך מיט אַלעמען זיך געפרייט, צו וואָס מען האָט דערלעבט. דאָך האָט זיך איר אויסגעדוכט, אַז עס איז צו שרייענדיק, צו טומלענדיק דאָ. און עס האָט זיך איר געגלוסט אָפּטיילן פון אַלעמען. אַז זי וועט זיין

אַליין, וועט זי קענען איינפירן אַן אָרדענונג אין אירע געדאַנקען. זי וואָלט זיך דעמאָלט געשעמט אַזוינס פאַרטרויען צו עמעצן, ווי זי האָלט שמאָל...

אַ סך מאָל האָט זי געזאָגט צו זיך: זי וועט זיך ניט לאָזן פאַרכאַפּן פון יאוש. עס איז עפּעס אַ קרענק אַזאַ איבער איר געקומען, וואָס וועט גיך איבערגיין. איר גאַנצע, געזונטע און לעבעדיקע נאַטור האָט זיך אַנטקעגן דעם געוועהרט. אָפּהענגדיקייט? ווי קומט דאָס צו איר? אין די ערגסטע צייטן האָט זי זיך געקענט האַלטן פעסט. און איצט, ווען עס איז נאָך אין מיטן קאַמף, און אַרבעט נויטיקע איז דאָ צו טאָן, זאָל זי גאָר אָפּשטיין? נאָר דער אומעט איז מיט איר מיטגעגאַנגען וואו נאָר זי האָט זיך געקערט, אַפילו אין איר שלאָף, אין אירע חלומות האָט זיך עס געוויזן. און ווען זי האָט אין דער פרי זיך אויפגעכאַפּט, האָט זי שוין אַ שווערקייט אויפן האַרצן געפילט, ווען אַפילו זי האָט נאָך קלאָר ניט געוואוסט פון וואָס די שווערקייט קומט.

אירע טעג האָט זלאַטקע, ווי אַלע מאָל, פאַרבראַכט ביי שרהקע דער שוואַרצער אין שטוב. שרהקע האָט ניט געוואוסט פון קיין ספקות. אַז מען זאָל איר הייסן עפּעס טאָן פאַר דער באַוועגונג, וועט זי עס טאָן מיט אַ פולן האַרצן, און קיין פראַגעס וועט זי ניט פרעגן. און זלאַטקע האָט אָפּט זיך געפילט שולדיק אַנטקעגן איר.

בייטאָג איז צו שרהקען אָפּט געקומען עמעצער פון אירע דאַ־מעס מעסטן אַ קלייד. שרהקע איז מיט איר אַוועק הינטער דער שפּאַ־נישער ווענטל, דאָרטן וואו עס איז געהאַנגען דער פאַרגואָלקנטער שפּיגל. און פון אַ שטיק זיידנס האָט שרהקע דאָרטן געמאַיסטרעוועט אויף דער דאַמע דעם פאַסאָן פון אַ קלייד. זלאַטקע איז דעמאָלט צו־געגאַנגען צו דער פאָליצע מיט ביכער. אַ היפּש ביסל ביכער האָט זיך שוין דאָרטן אָנגעקליבן. אַזעלכע, וואָס די שמואלס האָבן דאָ אַמאָל איבערגעלאָזן, צי אָשר, און זלאַטקעס אייגענע ביכער. יעדער בוך האָט אַרויסגערופן ביי איר אַן אַנדער שטימונג. אָט איז „די שיינע נייטאָריך", אַ בוך געשריבן פון טשערנישעווסקין און איבערזעצט פון רוסיש. אין רוסיש האָט עס געהייסן „טשטאָ דיעלאַט". זי דערמאָנט זיך ערשט דעם רושם, וואָס אָט דער בוך האָט אויף איר געמאַכט, ווען זי האָט עס געלייענט. זי האָט דעמאָלט נאָך גאָר צו דער אָרגאַני־זאַציע ניט באַלאַנגט. אָט איז פּרצעס „באָנטשע שוויַיג", אָן טאָוולען און פאַרגעלט. לעבן דעם ליגט דער „קאָמוניסטישער מאַניפעסט", „ווינטער אָוונטן", „אַנדרעי קאָזשוכאָוו" און נאָך ביכער אַ סך.

זלאַטקע בלעטערט איצט אַ באַנד פּיסאַרעוו. דאָס האָט איר ליאָוואַ נאָך געגעבן. ווען זי פלעגט פאָרן אויף אירע רייזעס מיט ליטעראַטור, פלעגט זי לייענען די ביכער, וואָס ער האָט איר געראָטן צו לייענען. זלאַטקע בלעטערט דעם בוך מיט אַן אומרואיקער האַנט. זי טראַכט פון

ליאָוואַן. וויפל זי וואָלט געוואָלט פאַרגעסן אַן אים, קען זי דאָס ניט טאָן. אין איר לעבט נאָך אַן אומקלאָרער געפיל, אַז זי וועט אים נאָך אַמאָל זען. ליאָוואַ איז דער איינציקער מיט וועמען זי וואָלט געקענט ריידן וועגן אירע ספקות. ליאָוואַ האָט געקענט צענעמען אַ פּראָגע אויף די דינסטע טיילן, און אַזוי קלאָר און פּשוט דאָס אַרויסברענגען, אַז מען האָט געמוזט פאַרשטיין. וואָלט ליאָוואַ איצט געווען, פאַרכאַפּט פון ספקות און אומעט, ווי זי? צו אים קלעפּט זיך עפּעס ניט דאָס וואָרט אומעט און ניט ספקות...

שרהקע די שוואַרצע איז דעם גאַנצן טאָג פאַרנומען מיט איר שניידעריי. און אַז עס ווערט פאַרנאַכט, הויבן שוין אָן צו קומען אַהער די חברים פון דער אָרגאַניזאַציע. און שרהקע דעקט איבער די ניי־מאַשין מיט אַ טוך, און שוין — זי איז שוין אויס שניידערקע. עס ווערט לעבעדיק אין קאַמער. מען שמועסט, מ׳דיסקוטירט וועגן די ברענענדיקע פּראַגן פון דער צייט, וועגן אַ קאָנסטיטוציאָנעלער מאָנאַרכיע, וועגן אַ רעפּובליק און וועגן די צוויי פראַקציעס אין דער רוסישער פּאַרטיי — די באָלשעוויקעס און די מענשעוויקעס — וואָס קעמפן שטאַרק צווישן זיך. שמואל דער זייגערמאַכער פּרוּוט דורכ־פירן אַ ליניע צווישן דיביידע פראַקציעס.

— די באָלשעוויקעס זאָגן, אַז ברענגען צום סאָציאַליזם קען נאָר אַ שטרענג־דיסציפּלינירטע אָרגאַניזאַציע פון פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלו־ציאָנערן. די מאַסע אַליין איז נאָך ניט באַוואוסטזיניק און מען מוז נאָך איר דערציען. און די מענשעוויקעס, ווידער, זאָגן פאַרקערט... דער אונטערשייד איז גרויס...

זלאַטקע, הערנדיק אים רעדן, טראַכט וועגן די נייס, וואָס בע־ריש האָט געבראַכט, אַז עס האַלט דערביי, אַז דער „בונד" זאָל צוריק אַריינטרעטן אין דער פּאַרטיי. זי דערמאָנט זיך וויפל ביטערקייט, וויפל עגמת־נפש האָבן די בונדישע טוער דורכגעלעבט פון זיין אויסער דער פּאַרטיי; וויפל אַרבעט צו דערקלערן די מאַסן יידישע אַרבעטער די אמתע אורזאַך דערפון. איצט רעדט זיך וועגן אַ פאַראייניקונג, ווען דאָס איז שוין ניט אַזוי וויכטיק...

מיט איר קומען צו שרהקען אין שטוב, ברענגט איצט זלאַטקע מיט זיך אַן אַטמאָספער פון אומרו, פון אָפּגעפרעמדקייט. זי וועט דאָ אונטערגיין. זי ווערט עפּעס ווי אויסגעטריקנט. ערגעץ־וואו גייט אָן אַ ניי לעבן, אַ פיבערדיקע אַרבעט ווערט דאָרטן געטאָן. זי מוז אָט דעם נייעם לעבן דורכפאָרשן, דערלערנען. זי וועט אַוועקפאָרן פון דאַנען. וואו? אין ווילנע. אָט דער איינפאַל איז געקומען צו איר פלוצלונג, ניט איבערגעטראַכטערהייט. און מיט דעם איז געקומען צו איר אַ נייער געפיל פון האָפן, וואָס דערפרישט. ניט פאַר איר איז צו פּטרן דאָ די טעג מיט גאָרנישט. זי האָט געוואוסט פון אַן אַנדער

לעבן, אַ רייכערן, אַ שענערן, וואָס איז געווען אַזוי פאַרכאַפּנדיק. זי האָט געקענט ליאָוואַן...

אין ווילנע וועט זי זיך לערנען. די גאַנצע צרה ליגט אין דעם, וואָס זי האָט איבערגעריסן איר לערנען און זי איז אַזוי הינטערשטעליק אין וויסן. דאָרטן וועט זי זיך באַגעגענען מיט מענטשן, וואָס שטייען נאָענט צו דער באַוועגונג. איר אַליין איז שווער צו פאַנאַנדערקלייבן זיך אין אַלץ. דאָס לעבן איז געוואָרן אַזוי פאַרוויקלט...

מיט אַ באַזונדערער הנאה האָט זי יענעם אָוונט דערציילט פאַר די חברים פון דער אָרגאַניזאַציע, אַז זי פאָרט קיין ווילנע.

ווילנע — די שטאָט פון וויסן, פון קולטור. יעדערער דאָ האָט אַזוי פיל געהערט פון אָט דער שטאָט. דאָרטן איז דער „בונד" געבוירן געוואָרן; פון די ענגע, קרומע געסלעך זיינען גרויסע סאָציאַליסטישע תלמידים אַרויסגעקומען. זיי זיינען זיך צעפאָרן איבערן גאַנצן לאַנד צו פאַרשפּרייטן דאָרטן די נייע תורה.

יענעם גאַנצן אָוונט האָבן אַלע פון זלאַטקעס פאָרן גערעדט. מען איז איר מקנא געווען.

— אָ, גלאַטקע קען אַלץ. — האָט מען וועגן איר געזאָגט.

און ווידער איז זי געשטויגן הויך דאָ, ביי אַלעמען אין די אויגן.

# קאַפּיטל זיבן און צוואַנציק

אין מינוטן שווערע האָט זלאַטקע געוואונטשן זאַוול זאָל קומען צוגיין צו שרהקען אין שטוב. זי האָט ניט געקענט רעדן מיט אים פון קיין טיפע ענינים, אָבער ער האָט פאַרשטאַנען זאַכן מיטן חוש. מיט אים וואָלט איר גרינגער געווען צו פאַרטראָגן איר איצטיקע אומרו. אָבער זיי זיינען איצט צעשיידט. און דאָס איז דורך איר אייגענער שולד. זאַוול וואוינט אין יאַבלאָנקע, ביי זיין צוקונפטיקע שווער און שוויגער. ער קומט אַמאָל אַהער אין אַ בייטאָג, ווען ער ווייסט, אַז ער וועט נישט טרעפן קיינעם פון די חברים. זאַוול קומט אַהער ניט צוליב קיין אַנדער זאַך, ווי נאָר צו זען זלאַטקען. און אַלע ווייסן דאָס, די חברים פון דער אָרגאַניזאַציע ווייסן דאָס, נאָר זיי האָבן אויף אים קיין פאַראיבל ניט. מען ווייס, ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ צרה.

עס איז אים זייער שלעכט, זאַוולען. ער האָט זיך אַריינגעפּלאָנטערט אין דעם שידוך מיט שיפרה־לאהן, און ער קומט צו זלאַטקען זיך אויסרעדן פאַר איר דאָס האַרץ. שרהקע קלייבט זיך דעמאָלט אויס אַן אַרבעט אויף דער מאַשין, וואָס ביים פענצטער. און זיי ביידע, זלאַטקע און זאַוול, קענען זיצן אויפן סאָפקע און ריידן אומגעשטערט. זאַוול קוקט זיך איין אין איר פּנים. דער איידעלער שטערן, און איבערן שטערן די ברוינע, קרויזנדיקע האָר. אירע אויגן שמייכלען צו אים, ער זעט איר אומרו, איר פאַרטראַכטקייט. און ער פאַרגעסט אָן זיין אייגענער צרה. ער וויל איר זען אַ שטאַרקע, אַ געזונטע.

— דו ווילסט, וועל איך אַרויסלויפן קריגן פאַר דיר אַ קוואָרט מילך. — רעדט ער צו איר מילד.

ער דערציילט איר דערנאָך פון שיפרה־לאהן. די „מויד" רופט ער זי אָן. עס רעגט אים אויף יעדער קער אירער. זיי האָבן אים דאָרטן אַרומגעצאַמט פון אַלע זייטן, און ער ווייס ניט וואָס צו טאָן. ער קומט צו זלאַטקען זוכן הילף. זי שטייט אויף אַזוי פיל העכער פון אים. אפשר וועט זי געפינען אַן עצה ווי אַזוי אַרויסצופּלאָנטערן זיך פון דער צרה.

זלאַטקע הערט אים אַזוי רעדן. זי פּרוּווט זיך פאָרשטעלן אין געדאַנק ווי אַזוי די „מויד" זעט אויס. זי איז אַוודאי אַ גרויסע, אַ געזונטע. עס ווילט זיך איר פרעגן וועגן דעם ביי זאַוולען, אָבער זי האַלט זיך אָפּ.

— דו דאַרפסט איר אַגיטירן. — זאָגט זי צו זאַוולען מיט אַן אומעטיקן קול. — זי איז דאָך נאָך מסתמא אַ מאַסאָווע...

— אַז זי האָט אַ פאַרשטאָפּטן קאָפּ. זי ווייסט ניט וואָס מען רעדט צו איר. — איז שוין זאַוול צוכעסט. — זי וויל פון גאָרנישט וויסן. זי האָט אין דער ערד אַלץ — דעם אידעאַל, די באַוועגונג.

זלאַטקע שווייגט שטיל, און זאַוול גיט אַ רייד אַרויס מיט כעס:

— סיידן מיט אַ פּאַלענע געבן איר איבערן קאָפּ!

זלאַטקע לאַכט זיך פאַנאַנדער, ניט־ווילנדיק.

— לאַך ניט. — זאָגט ער אַן אויפגערעגטער. — איך וועל דאָס נאָך אַמאָל טאָן אויך!..

— אָט, גיי שוין גיי! — וויל אים זלאַטקע באַרואיקן. — רעד נישט אַזעלכע רייד.

עס ווייזט זיך אַרויס, אַז שיפרה־לאה איז גאָר אַן איינפאַכע מיידל. זי האָט נאָר איינמאָל אַרויסגעוויזן אַ סך העלדישקייט. דאָס איז געווען, ווען זי האָט זאַוולען געוואָלט אַרויסראַטעווען פון פּאָליציי. זי האָט דעמאָלט געהאַט אַן אורזאַך צו קעמפן. איצט, אַז זי האָט איר ציל דערגרייכט, איז זי צוריק געוואָרן אַן איינפאַכע, באַלעבאַטישע טאָכטער, און זי וויל פון גאָרנישט וויסן.

זאַוול האָט פאַר זלאַטקען דערציילט פון דער שטוב, שיפרה־לאהס. ס׳איז דאָרטן אַ שטענדיקער הו־האַ. די שטוב איז פול מיט פּרעמדע מענטשן, די אַלע סוחרים, די פערד־הענדלער, די תבואה־הענדלער, די קאָמיוואָיאַזשאָרן און די הענדלער פון חזיר־האָר. זאַוול הערט זייערע געלעכטערס און וויצן. אַלץ וואָס זיי האָבן ליב איז נאָר גוט אָפּצועסן. ער איז אַ באַוואוסטזיניקער פּראָלעטאַריער, זאַוול, און ער קען דאָס ניט פאַרטראָגן.

אין שטוב דאָרטן טוט זיך חושך צוליב אים. די מאַמע שיפרה־לאהס האַלט אין איין איינריידן איר טאָכטער, זי זאָל באַצייטנס אָפּ־לאָזן דעם שידוך.

— צו וואָס זאָלסטו גיין מיט אַ געזונטן קאָפּ אין אַ קראַנקן בעט. — טענהט זי צו איר טאָכטער.

דער טאַטע אירער איז גאָר אַ צעטומלטער ייד. אָט רעדט ער צו זאַוולען מיט גוטן, און אָט סטראַשעט ער אים, אַז ער וועט אים מסרן.

— מען וועט אים נאָך אין קייטן אַוועקפירן פון דאַנען. דו וועסט זען. — צעשרייט ער זיך אויפן ווייב.

זאַוול וואָלט שוין לאַנג פון דאָרטן אַנטלאָפן, איז אָבער שיפרה־לאה אין אים אַזוי פאַרקאָכט. זי האַלט אים צו מיט איר וויינען. זאַוול האָט מורא אַ וואָרט אַרויסצורעדן, אַז זי זאָל ניט אַ גאַס־טאָן מיט טרערן.

— אַזאַ גרויסע מויד זאָל וויינען. — באַקלאָגט ער זיך פאַר זלאַטקען.

זלאַטקע זעט זיין פאַרצווייפלונג. ער צאַפּלט זיך אין אַ גנעץ, וואָס עמעצער האָט פאַר אים אויסגעשפּרייט. ער זוכט הילף ביי איר, ער דאַרף האָבן פון איר אַ טרייסט. אין זיין גאַנצן אויסזען ליגט פאַרפלאָנטערטקייט. ער איז אָפּגעלאָזן, און אונטער די אויגן זיינען ביי אים טונקעלע שאָטנס פאַראַן. זלאַטקע גיט אים אַ גלעט איבערן אַקסל, ווי צו טרייסטן אים. און ער פאַרגעסט אָן אַלץ פון איר באַ־ריר — דעם ווייטיק, דעם פאַרדראָס מיט שיפרה־לאהן. זיי זיינען כמעט ווי איינע אַליין איצט אין קאַמער. שרהקע איז אומישנע פאַרטאָן אין איר געניי אויף דער מאַשין דאָרטן. בייביידן דערוועקט זיך אַ באַגער אין זייערע יונגע אברים, און זיי זיינען שוין נאָענט אַרומצונעמען זיך און זיך צעקושן. אָבער זיי טאָרן ניט אַרומנעמען און ניט קושן זיך. עס איז פאַראַן אַ מחיצה צווישן זיי — שיפרה־לאה. און זלאַטקע גיט זיך אַ רוק־אַוועק פון אים אין אַנדערן ווינקל פון דער סאָפּקע. עס איז נאָר געווען אַ מינוט פון שוואַכקייט ביי איר, און זי פאַרשעמט זיך אַליין. און זי רעדט אַרויס מיט אַ האַרטלעכן קול:

— עס איז דאָ נאָר איין אויסוועג פאַר דיר, זאַוול.

— וואָס פאַר אַן אויסוועג? — גיט ער זיך אַ כאַפּ.

— דו דאַרפסט מיט איר חתונה האָבן, מיט שיפרה־לאהן.

זאַוול פאַלט מיט אַמאָל אַראָפּ פון זיין געהויבענער שטימונג.

— איך וועל אַנטלויפן פון דאָרטן וואו די אויגן וועלן מיך טראָגן.

— גיט ער אַ רייד אַרויס עקשנותדיק, צולהכעיסדיק. און ער גיט זיך אַ הויב אויף פון אָרט און ער גייט אַוועק פון זלאַטקען נאָך מיט אַ שווערערן האַרצן ווי ער איז געקומען.

דאָס איז געווען איידער זלאַטקע האָט באַשלאָסן צו פאָרן אין ווילנע. איצט איז זי אַלע טאָג געקומען צו שרהקען אין שטוב און זי האָט אויסגעקוקט זאַוול זאָל קומען צוגיין, כדי זי זאָל קענען זיך זעגענען מיט אים איידער זי פאָרט אַוועק. זי האָט אים נאָך ליב גע־האַט, זאַוולען. ער איר — אויך. זי האָט עס געפילט אין יעדן ריר זיינעם. און אַ סך מאָל האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז ניט אַלץ איז שוין געענדיקט צווישן זיי. אָבער אַפילו ווען זאַוול וואָלט איצט אין גאַנצן פריי געווען פון זיין צרה, וואָלט זי נישט איינגעשטימט, אַז זיי זאָלן שוין חתונה האָבן, ווי זאַוול האָט עס אַלע מאָל געוואָלט. חתונה האָבן איצט? דאָס וואָלט שוין געווען דער סוף צו אירע שטרעבונגען און בענקשאַפטן צו עפּעס העכערס. זיך באַזעצן אין בערעזע, דאָ אַריינוואַקסן שוין אויף אַלע מאָל. דאָס האָט איר געשראָקן...

— כהאָב דיך שוין זייער געוואָלט זען. — האָט זי געזאָגט צו זאַוולען, אַז זי האָט איינמאָל אין אַ בייטאָג דערזען אים אַריינקומען צו שרהקען אין שטוב.

זיי זײַנען אַוועק אין זייער באַזונדערן ווינקל, און זלאַטקע האָט זיך אָפּגערופן צו אים:

— דו ווייסט, איך האָב באַשלאָסן אַוועקצופאָרן פון דאַנען.

— אין ביאַליסטאָק? — האָט זאַוול זיך אַ כאַפּ געטאָן.

— ניין, ניט אין ביאַליסטאָק, אין ווילנע וועל איך דעם מאָל פאָרן.

זאַוול האָט געשוויגן. ער איז געזעסן אַנטקעגן איר מיט דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן. עס איז אַזוי פּלוצלונג געווען פאַר אים איר איצטיקער פאָרן. זיין זלאַטקע, די גרויסע ליבע פון זיין לעבן, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פון דער ערשטער מינוט אָן, וואָס ער האָט איר דערקענט. ער האָט איר שוין לאַנג פאַרגעבן די אַלע ביטערקייטן, וואָס ער האָט דורכגעלעבט צוליב די פאַרדאַכטן אויף איר. אָבער שווער איז אים געווען צו פאַרשטיין. עס איז עפּעס אַ גאַנצער פּלאָנטער ביי אים אין קאָפּ וועגן יענעם, ליאָוואַן. און קיינמאָל וועט ער ניט דערגיין דעם גאַנצן אמת.

אָבער ער האָט קיין פאַראיבל ניט אויף זלאַטקען. זי איז אַזוי אַנדערש פון אים. זי שטרעבט עפּעס צו הויכע זאַכן, וואָס עס איז ניט פאַר זיין קאָפּ צו באַנעמען. דאָס איז עפּעס מער ווי די באַוועגונג. אַז זי רעדט וועגן פאָרן ערגעץ, ווערט זי אַזוי דערהויבן, ווי עס וואָלטן אויסגעוואַקסן ביי איר פליגלען.

— זאָג מיר דעם גאַנצן אמת, זלאַטקע, פאַרוואָס פאָרסטו אַוועק?

— האָט ער אויפגעהויבן צו איר די אויגן. — גיב מיר אויך צו פאַרשטיין...

— עס איז מיר דאָ אומעטיק, זאַוול. — האָט זי אים געענטפערט.

עס איז געווען אַזוי פיל אמתדיקייט אין איר קול. און ער האָט געקוקט אויף איר און געקוקט. עס איז ניטאָ אין דער גאַנצער וועלט אַזאַ מיידל. אָבער ער זעט, זי ליידט אויך, זלאַטקע. וואָס וואָלט ער נישט אַוועקגעגעבן, אַז זי זאָל ניט דאַרפן ליידן...

— וואָס וועסטו דאָרטן טאָן, אין ווילנע? — האָט ער געוואָלט וויסן.

— וואָס הייסט, וואָס וועל איך דאָרטן טאָן? — האָט זלאַטקע אים געזאָגט. — איך וועל דאָרטן אַרבעטן אין דער באַוועגונג.

איר קול איז ניט געווען קיין זיכערער. און זאַוול האָט דאָס באַלד דערפילט. זי האָט עפּעס באַהאַלטענע געדאַנקען, און אים פאַרטרויט זי עס ניט. ער טראַכט, אַז ער איז ניט גענוג גוט פאַר איר. קיינמאָל וועט ער ניט קענען זיך אויסגלייכן מיט איר. פאַרפאַלן...

— דו דאַרפסט טאַקע פאָרן. — האָט ער געגעבן אַ רעד־אַרויס און זיך אויפגעהויבן און געלאָזן זיך גיין צו דער טיר.

זלאַטקע האָט אים אַ רוף געטאָן צוריק:

— דו ווילסט זיך גאָר ניט זעגענען מיט מיר, זאַוול? וואָס אַנטלויפסטו?

ער האָט אַ קוק געגעבן צו שרהקען, וועלכע איז געזעסן ביי דער מאַשין און גיך עפּעס גענייט, און ער האָט געגעבן אַ רעד־אַרויס, שוין ביי דער טיר:

— יע, פאָר געזונט, זלאַטקע. פאָר געזונט.

און ער איז שוין געווען אויף יענער זייט טיר.

באַלד אויף מאָרגן האָט זלאַטקע זיך שוין גענומען גרייטן אין וועג אַריין. עס איז געווען בייטאָג און אין שטוב ביי איר איז קיינער ניט געווען, אויסער שיינדלען, וועלכע איז געווען פאַרנומען מיט דער באַלעבאַטישקייט. ריווקע, די ייִנגסטע מיידעלע, האָט אין אַ ווינקל זיך געשפּילט מיט איר ליאַלקע און עפּעס גערעדט צו דעם זייער שטיל.

ווען זלאַטקע האָט פון אַ באַהעלטעניש אַרויסגערוקט איר שטרויע־נע קערבל און גענומען איינפּאַקן אירע זאַכן, האָט שיינדל איר צו־געוואָרפן אַ פלאַם־פייערדיקן בליק. שיינדל האָט זיך שוין געהאַלטן פאַר אַ גרויסע, און יעדער מאָל, ווען זלאַטקע האָט זיך גענומען קלייבן גיין אין גאַס, האָט זי איר עלטערע שוועסטער נאָכגעקוקט מיט אַזעלכע פלאַם־פייערדיקע בליקן. זי וואָלט אַ בעלן געווען, זלאַטקע זאָל איר אויך מיטנעמען וואו זי גייט. שיינדל האָט שוין געזונגען רעוואָלוציאָ־נערע לידער, הויך אויפן קול, קעגן קייסער און קעגן די באַלעבאַטים־עקספּלואַטאַטאָרן. און אַז די מאַמע איז דעמאָלט אין שטוב געווען, פלעגט זי אַן איבערגעשראָקענע קוקן דורכן פענצטער, אויב קיינער אין גאַס הערט ניט. שיינדל האָט דער מאַמען ניט אַלעמאָל געפאָלגט און געענטפערט איר אַנטקעגן. און די מאַמע האָט זיך אָפּט פאַרלאָרן. זי איז געווען געוואוינט, אַז אין שטוב איז איר וואָרט געווען אַ וואָרט. איר אייגענער מאַן האָט די פירונג פון שטוב איבערגעגעבן אין אירע הענט. און איצט פאָלגט מען איר ניט. אָנגעהויבן האָט זיך עס מיט זלאַטקען, און מיט שיינדלען איז נאָך ערגער. זי איז נאָך קיין פערצן יאָר ניט אַלט, און זי שטעלט זיך שוין אַנטקעגן דער מאַמען.

אין יענעם פאַרנאַכט, ווען די מאַמע איז געקומען אַהיים און זי האָט געזען זלאַטקען זיך פאָרענדיק ביי דער קערבל, האָט זי גאָרניט געזאָגט, נאָר צוגעוואָרפן איר אַ שטומען בליק. זי האָט שוין געוואוסט, אַז זלאַטקע קלייבט זיך פאָרן. זי האָט עס איר געמאָלדן נאָך מיט אַ פּאָר טעג צוריק. די מאַמע האָט אַפילו ניט געפּרוווט איר עפּעס זאָגן. וואָס וועט איר העלפן דער רעדן? זלאַטקע וועט סיי־ווי טאָן ווי זי וויל.

— דו וועסט דאָך קומען צוריק... אינגיכן? — האָט זי נאָר ביי איר אַ פרעג געטאָן.

— יע, געוויס. איך וועל זיך נאָר אַ ביסל דורכפּאָרן. — האָט זלאַטקע ווי געוואָלט איר באַרואיקן.

די מאַמע האָט מיטגעליטן מיט איר טאָכטער. ניט וויסנדיק די סיבה פון איר צער, האָט זי געזען ווי אַ כמאַרע וואָלט איבער איר גע־האַנגען. און אַז זי האָט ביי איר געפּרואווט עפּעס פרעגן, פלעגט זיך זלאַטקע צונויפּציִען, ווי עס וואָלט איר שווער זיין צו ענטפערן.

„ס'איז אַלץ דער יונג", האָט די מאַמע געפּרואווט ביי זיך טרעפן, האָבנדיק אין זינען זאַוולען. „ער איז שולדיק אין אַלץ"... עס האָט איר ניט אָנגעהויבן צו געפעלן זייער פריינטשאַפט. עס איז עפּעס יע אַ חתן און ניט אַ חתן. זי האָט דאָך פון אָנהויב־אָן געוואוסט, אַז עס וועט ניט טויגן...

דער טאַטע איז שוין גרייט געווען צו פאַרגעסן זלאַטקעס שלעכטע וועגן, וויבאַלד אַז ער זעט איר אַלע טאָג אין דער היים. ווי אַלעמאָל, האָבן טאַטע און טאָכטער זיך שטאַרק ליב געהאַט, אָן באַזונדערע רייד, נאָר מיט עפּעס אַ מין פאַרשטענדעניש איינס פאַרן אַנדערן. אָבער ווי נאָר דער טאַטע האָט זיך דערוואוסט, אַז זלאַטקע קלייבט זיך שוין ווידער ערגעץ פאָרן, איז ער געוואָרן זייער אומעטיק. ער איז ווי אַריין אין זיך, און מען האָט ניט געקענט הערן פון אים קיין איין וואָרט. נאָר זלאַטקע איז דעמאָלט געווען אַרומגענומען מיט אַ מין הפקר־געפיל און עס האָט איר שוין פאַר קיין זאַך ניט געאַרט.

# קאַפּיטל אַכט און צוואַנציק

אַ מיידל, אַ יונגע, איז געגאַנגען איבער די גאַסן פון דער שטאָט ווילנע. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ קורצן זשאַקעטל און אַ הוט מיט ברייטע ראַנדן, ביי דער זייט מיט אַ בלום. זי האָט אַ פאַרקלערטע זיך אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט, און ווי זי וואָלט אימיצן געזוכט, האָט זי זיך אומגעקוקט אויף אַלע זייטן. די מיידל — דאָס איז געווען זלאַטקע פון ברעזע.

דער טאָג איז געווען אַ כמורנער, מיט אַ גרויען ווינטערדיקן הימל און גרוי האָבן אויסגעקוקט די שמאָלע גאַסן און זאַוואולקעס פון דער שטאָט. די נידעריקע הייזער און די ציגלנע מויערלעך — אַלץ זעט דאָ אויס אַזוי ליטעדיק, אָרעם און בלייך. אָבער זלאַטקע האָט געוואוסט, אַז די שטאָט איז שיין, מיט אַן אינעווייניקסטער שיינקייט. זי איז רייך מיט אַ באַהאַלטענער, גייסטיקער רייכקייט פון וויסן און געלערנטקייט.

אין אַלץ, וואָס זלאַטקע האָט דאָ אין גאַס געזען, האָט זי צוגעגעבן אַ באַזונדערן מיין. אָט די יידענע, מיט איר קאָשיק געפּראָרענע עפּל, אויף דעם ראָג־גאַס, וואָס זי האָט אויסגעזונגען וועגן איר סחורה: „וויין, קויפט פלעשער וויין!" זי קלייבט אַוודאי אַ גראָשן צו אַ גראָשן, אַז איר זון, דער עקסטערניק, זאָל קענען פאָרן אין אוניווער־זיטעט שטודירן. און דער קרעמער, וואָס שטייט ביי זיין שוועל און קוקט זיך אויס די אויגן אויף א קונה; דאָס פּנים איז ביי אים פאַרגעלט און צערונצלט מיט דאגות. זיינע טעכטער און זין זיינען אַוודאי רע־וואָלוציאָנערן און זיי גייען אַנטקעגן דעם טאַטן, דעם קרעמער.

און אָט איז אַ ייד אַ באַלמעלאָכע. ער טראָגט אָפּ ערגעץ אַ שטיקל אַרבעט, נאָך פריש פון דעם פּרעס־אייזן. ער האָט אין זיין מלאכה אַריינגעלייגט אַלע זיינע חושים. אָבער זיין פּנים איז פאַרקלערט, און עס דוכט זיך, ווי די אַרבעט איז ביי אים אַ ביי־זאַך...

אויף די שמאָלע, הילצערנע טראָטואַרן פון רודניצקער גאַס דרייען זיך יידן אַרום, שטעלן זיך אָפּ אַלע ווײַלע איינער מיט דעם אַנ־דערן אויף אַ שמועס. זיי פאַרשטעלן זיך איינער דעם אַנדערן דעם וועג, ניט דורכצוגיין. זלאַטקע דרייט זיך אינאיינעם מיט זיי, ווי אין חלום. זי איז געקומען אַהער מיט אַ ציל, זיך לערנען, אויספילן די בלויזן פון

איר וויסן, כדי זי זאָל דערנאָך קענען אויפנעמען די נייע צייט, די נייע פאָרמען פון דער באַוועגונג, וועגן וועלכער בעריש האָט גערעדט.

אויף די געזימסן פון די הייזער ליגט נאָך דער שניי. אָבער דער פראָסט האָט שוין אָפּגעלאָזן. אונטער די פיס פּילט זיך אַ צעטאָפּטשעטע וואַרעמע בלאָטע. זלאַטקען זיינען נאָענט צום האַרצן די מענטשן דאָ — די בלייכע, פאַרטראָגענע פּנימער. אַפילו דאָס טיף־ליטווישע לשון, מיטן „סין״, קלינגט פאַר איר געשמאַק. איר דוכט זיך, ווי זי האָט שוין זיי אַלעמען אַמאָל געזען. און מיט דער היימישקייט פון אַן אייגענעם מענטשן, פילט זי, אַז זי וועט שוין דאָ ניט פאַרפאַלן ווערן.

זי האָט שוין געקראָגן אַ דירה, ביי צוויי שוועסטער, וואָס איינע איז אַן אַלמנה, און די אַנדערע האָט קיינמאָל ניט חתונה געהאַט. און עס ליגט אויף דער שטוב אַן עלנטקייט און אַן אומעט. אָבער זלאַטקע איז ווייניק דאָ אין דער היים. ביי טאָג אַרבעט זי ביי אַ שניידערקע און פאַרדינט שוין אויפן לעבן. און אין אָוונט גייט זי אויף „דער לאַנגער גאַס״, דאָרטן וואו דער אַרבעטער־קלוב געפינט זיך.

דעם ערשטן מאָל ווען זי איז אַהער געקומען, האָט זי מיט אַ ציטערדיקן האַרצן אויפגעעפנט דאָרטן די טיר. עס איז געווען אויפן צווייטן שטאָק — אַ גרויסן דירה מיט עטלעכע צימערן; אַ באַזונדערער צימער פאַר פאַרזאַמלונגען און לעקציעס, אַ לייען־שטוב מיט אַ סך ביכער; און אין דעם ערשטן צימער איז געווען דער „בופעט״, וואו יעדערער האָט געקענט קריגן עסנוואַרג פאַר ביליק. אויף די ווענט פון אָט דער שטוב זיינען געדרוקטע מעלדונגען געווען צעהאַנגען אַלערליי — וועגן אַ לעקציע, וועגן דער גרינדונג פון אַ נייעם קאָאָפּעראַטיוון פאַראיין. מען בעט אַלעמען קומען...

דער קלוב איז געשאַפן געוואָרן אין די שטורעמדיקע אָקטאָבערטעג. זלאַטקע קוקט אויף דעם אַרום. אַ סך מענטשן ביי די טישלעך. זי הערט שמועסן זייער באַלעבטע. דאָך דוכט זיך איר, ווי עפּעס אַ וואָכעדיקייט ליגט דאָ אויסגעשפּרייט אויף אַלץ. די מיידל, וואָס ביים בופעט, די פאַרקויפערין, זי איז געוויס אַ חברטע. אָבער זלאַטקע האָט קיין מוט ניט אַרויסצורעדן צו איר אַ פּאָר ווערטער. זי באַשטעלט אַ גלאָז טיי, אַ שטיקל מאַרינירטע הערינג מיט ברויט, און זי זעצט זיך אַוועק ביי איינעם פון די טישלעך.

עס איז אַריינגעקומען אַ יינגל מיט אַ פּאַק צייטונגען — די טעגלעכע בונדישע צייטונג „דער וועקער״ און נאָך סאָציאַליסטישע צייטונגען, רוסישע, פון פּעטערבורג. זלאַטקע קויפט דעם „וועקער״ און כאַפּט זיך צו לייענען: „דאָס פּראָגראַם פון „וועקער״ איז דאָס פּראָגראַם פון דעם „בונד״, שטייט געדרוקט אויבן אין אַ שורה. עס איז אַן אייגענע סאָציאַליסטישע צייטונג. זי לייענט די אַרטיקלען. עס

שרייבט זיך דאָרטן וועגן פראַגן, וואָס פריער וואָלט פאַר אַזוינס געקומט סיביר; און איצטער רעדט זיך פון אַלץ פריי און אָפן.

„עס איז דאָך וואונדערלעך. וואָס נאָך האָסטו געוואָלט?" — זאָגט זלאַטקע צו זיך אַליין. ניט־ווילנדיק קומט איר אויפן זינען יענע צייט, ווען אַלץ איז געווען אומלעגאַל. זי פלעגט נעמען אין האַנט אַריין אַ נייעם נומער פון דעם זשורנאַל „יידישער אַרבעטער", צי אַ נייע פּראָקלאַמאַציע, און אַן אינעווייניקסטן ציטער פון פרייד האָט זי דע־מאָלט דורכגעלעבט. איצט ווערט אַלץ געטאָן אָפן. אין די בוך־געשעפטן פאַרקויפן זיך ביכער מיט סאָציאַליסטישן אינהאַלט; די געשפּרעכן פון רעוואָלוציאָנערע פראַגן זיינען שוין מער ניט שטיל און סודותדיק, און מען דאַרף שוין מער ניט פאַרהענגען די פענצטער, אַז מען קומט זיך צונויף אויף אַ זיצונג. פאַרשוואונדן איז די קאָנספּיראַציע. אָבער זלאַטקען דוכט זיך, אַז אינאיינעם מיט דעם איז אויך פאַרשוואונדן אַזוינס, וואָס איז איר נאָענט, דאָס אינטימע, די וואַרעמע חברישקייט, אין וועלכער זי האָט זיך אויסגעהאָדעוועט... אויף אַ וויילע טראָגט זי זיך אַריבער מיט דעם געדאַנק צו די קאָנספּיראַטיווע קוואַרטירן, ווען זי פלעגט לערנען אין אַ קרייזל מיט חברים. עס איז מאָדנע, ווי זי פילט אַ בענקשאַפט צו יענער צייט. דאָרטן האָט זי זיך געפילט, אַז זי לעבט, אין יענעם אונטערערדישן לעבן איז זי געווען שטאַרק...

„דו ווערסט ווייט ניט אַוועק, אַז דו ווערסט כסדר נאָר טראַכטן וועגן דעם, וואָס עס איז געווען", — זאָגט זלאַטקע צו זיך, כדי זיך אויפצומונ־טערן.

מענטשן קומען און גייען, דאָ אין די צימערן פון קלוב. זיי שטעלן זיך אָפּ אויף אַ שמועס, אַ דיסקוסיע. זיי באַשטעלן זיך ווידער צו זען. זלאַטקע האָט נאָך דערוויייל מיט קיינעם קיין באַקאַנטשאַפט ניט געשלאָסן. ווי אַ זייטיקע, וויל זי פריער צו אַלץ גוט זיך צוקוקן. זי איז פול מיט נייע איינדרוקן.

„הייסט עס, אַז דאָס איז דער אַרבעטער־קלוב. איינע פון די נייע אינסטיטוציעס", — טראַכט זי ביי זיך. און זי זיצט דאָ ביי אַ טישל, טיף פאַרקלערט.

און אין איינעם אַן אָוונט איז דאָס געווען, ווען זי האָט דאָ אין קלוב באַגעגנט זיך מיט אַן אייגענעם מענטשן, מיט חיימען. דער זעל־ביקער חיים, דער פאַרשטייער פון קאָמיטעט, וואָס זי האָט אים אַזוי גוט געקענט נאָך פון די צייטן אין ביאַליסטאָק. חיים איז דאָ געזעסן ביי אַ טישל מיט נאָך חברים. און ווען ער האָט איר דערזען, האָט ער אַלעמען איבערגעלאָזן און איז באַלד צו איר צוגעגאַנגען און געדריקט איר די האַנט.

— זלאַטקע! איר דאָ?!

ער האָט זיין גלאָז טיי איבערגעטראָגן אויף אַ באַזונדערן טישל

און ער און זלאַטקע זיינען שוין געזעסן און אינטים צווישן זיך גע־שמועסט.

— ווי לאַנג וועט איר דאָ זיין אין ווילנע? — האָט חיים גע־פרעגט. — וואָס דענקט איר דאָ צו טאָן? — און ער האָט איר אָנגעקוקט שאַרף מיט זיינע קלוגע אויגן.

— איך וויל זיך דאָ לערנען. איך בין זייער הינטערשטעליק אין וויסן.

— לערנען זיך? — האָט חיים געשמייכלט. — דאָס איז אַלעמאָל אַ גוטע זאַך צו טאָן.

— עס איז אַזוי גוט וואָס מיר זעען זיך ווידער, — האָט זלאַטקע געזאָגט.

זיצנדיק דאָ מיט חיימען, האָט זי געהאַט אַ געפיל, ווי איינער וואָס געפינט זיך אין אַ גרויסן שטורעם און ער ווערט געפירט פון אַ שטאַרקער, זיכערער האַנט. פון איצט אָן וועט שוין אַלץ זיין גוט מיט איר. דאָס איז געווען דער זעלבער חיים, מיט זיין ברייטער, באַלעבאַ־טישער פיגור, מיט דער פעסטער, עקשנותדיקער קין. ער האָט נאָך געטראָגן דעם זעלבן מאַנטל, מיט דעם האַרטן קאַפּעליוש. זי געדענקט אים ווי דעם מענטש פון שטאַרקן ווילן און אייזערנער אויסגעהאַלטנקייט. באַלד וועט זי מיט אים רעדן פון אירע ספקות, וואָס זיינען איר די לעצטע צייט באַפאַלן. ניט ספקות אין אידעאַל, נאָר אין אירע אייגענע כוחות, צוליב די נייע פאָרמען אין דער אָרגאַניזאַציע, צו וועלכע זי איז ניט צוגעפּאַסט, און אַז זי ווייסט ניט אויב זי קען נאָך איצט ברענגען נוצן דער באַוועגונג. אָבער אָנשטאָט צו רעדן מיט אים וועגן דאָס אַלץ, האָט זיך ביי איר מיטאַמאָל אַרויסגעכאַפּט אַ פראַגע:

— זאָגט מיר, וואָס איז מיט ליאָוואַן? איר מוזט דאָך אַוודאי וויסן.

חיים האָט איר געגעבן אַ קוק אָן שאַרף און ערנסט. עס האָט געדויערט אַ ווײַלע ביז ער האָט איר געענטפערט:

— קיינער האָט פון ליאָוואַן ביז איצט גאָרניט געהערט. מען ווייסט נאָר, אַז דורך דער אַמנעסטיע איז ער באַפרייט געוואָרן.

— אפשר איז ער אַוועקגעפאָרן אין אויסלאַנד? — איז שוין זלאַטקע ווידער געגאַנגען מיט אירע פראַגעס.

— ניין, ניט ליאָוואַ, — האָט חיים מיט זיכערקייט גערעדט. — גיכער פון אַלץ איז ער נאָך זיין באַפרייאונג געווען אין פּעטערבורג. דאָרטן האָט ער אָנטיילגענומען אין די גרויסע געשעענישן. ווער ווייסט, אפשר איז ער דאָרטן אומגעקומען...

זלאַטקע איז געבליבן זיצן אומבאַוועגלעך, און חיים האָט ווידער דורכגענומען איר מיט זיין שאַרפן בליק. קען דאָס זיין, אַז ער פאַר־דעכטיקט עפּעס, זי און ליאָוואַ...

— ווען איך וועל נאָר הערן עפּעס פון אים, וועל איך אייך געבן צו וויסן, — האָט ער איר אַזוי ווי געטרייסט.

זלאַטקע האָט אַ קלער געטאָן: „איצטער וועט זי שוין ניט קענען רעדן מיט אים פון אירע ספקות. וואָס זי וועט זאָגן, וועט חיים אַלץ מיינען, אַז איר אומרו און צעטראָגנקייט קומט צוליב ליאָוואַן, און צוליב אים איז איר מוט איצט געפאַלן"... עס איז אַרויסגעקומען אַזוי נאַריש, — צוליב וואָס האָט זי געדאַרפט פאַר אים זיך אַרויס־כאַפּן מיט דער פראַגע? עס איז געווען גאָר אומגעריכט פאַר איר אַליין.

חיים האָט איצט גערעדט מיט איר פון דער שטאָט ווילנע, און עס איז געווען בענקשאַפט אין זיין קול. אין די פרייע „אָקטאָבער־טעג" האָט דער „בונד" דאָ געהערשט. און אַפילו אַ „פּאָליצמייסטער" איז דאָ געווען אַ בונדיסט.

— ס'איז געווען אונזער ווילנע, — האָט חיים געזאָגט. — פון אַלע עקן רוסלאַנד זיינען די בונדישע טוער אַהער זיך צונויפגעקומען. פריינט, וואָס זיינען דורך דער אונטערערדישער אַרבעט פאַר יאָרן געווען צעשיידט, האָבן זיך דאָ ווידער באַגעגנט. און רירנדיקע סצענעס האָבן זיך דעמאָלט אָפּגעטאָן. איצט זיינען זיך די מערסטע טוער צע־פאָרן. אַ סך פון זיי זיינען ווידער אַרעסטירט. די רעדאַקציע גרייט זיך שטילערהייט צו נייע אָנפאַלן אויף דער רעוואָלוציאָנערער באַ־וועגונג.

— די ליבעראַלע פריינט אונזערע זיינען פון אונז שוין אַוועק, — האָט חיים מיט ביטערקייט פאַרגעזעצט צו רעדן. — זיי זיינען געווען מיט אונז ווען מיר זיינען געווען די זיגער. אַפילו אַ סך פון אונזערע אייגענע טוער זיינען אָפּגעשטאַנען. מיד און אויסגעשעפּט מסתמא...

חיים איז ווי אַ געטרייער סאָלדאַט געבליבן שטיין אויף זיין פּאָסטן. און זלאַטקען האָט זיך געדאַכט, אַז אַזעלכע ווי ער וועלן שטענ־דיק בלייבן, און קיין שטורעם וועט נישט אומשטאַנד זיין זיי צו צע־ברעכן.

דער אָוונט איז פאַרגאַנגען. און חיים האָט זיך דערמאָנט, אַז ער דאַרף נאָך היינט באַזאָרגן וואו ער זאָל קענען איבערנעכטיקן. זיי האָבן זיך צעזעגנט, און זלאַטקע האָט, אַוועקגייענדיק, געפילט ווי זיינע שאַרפע, קלוגע אויגן קוקן איר נאָך.

„אַלץ וואָס איז שיין און דערהויבן קען לאַנג ניט לעבן", — האָט זלאַטקע אַ פאַרטרויערטע געטראַכט וועגן ליאָוואַן. — „אַזוי איז אויך געווען מיט אידאַן, די ליכטיקע געשטאַלט, וואָס איר נאָמען וועט זי קיינמאָל ניט פאַרגעסן."

חיים איז אין אַ פּאָר טעג אַרום שוין פון ווילנע אַוועקגעפאָרן. און זלאַטקע איז נאָך אַלע טאָג געקומען אַהער אין אַרבעטער־קלוב.

נאָך דעם שמועס מיט חיימען איז איר געמיט געוואָרן אַ ביסל אויסגע־לייטערט. זי וועט זיך ניט אונטערגעבן אין גאַנצן צום טרויער. זי איז ניט פון די, וואָס זאָל זיך לאָזן ברעכן. דאָ אין קלוב, צווישן די אַרבעטער, האָט זי איצט געהערט רעדן כסדר וועגן גייסטיקער אַנט־וויקלונג. אַ גרויסע קולטור־אַרבעט איז דאָ, ווייזט אויס, אָנגעגאַנגען, לעקציעס און קורסן אַלערליי; פּאָרלעזונגען און אָוונטן פאַר ליטעראַ־טור. עס איז ווי די גאַנצע רעוואָלוציאָנערע ענערגיע פון די אַרבעטער וואָלט זיך איצט אַריבערגעטראָגן אויף גייסטיקער אַנטוויקלונג. זי האָט געהערט רעדן ווי עס גרינדן זיך געזאַנגס־פאַראיינען, טעאַטער־גרופּעס. דאָס זיינען געווען נייע רייד פאַר זלאַטקען. אָבער זי איז פון דעם אַלעם ניט פאַרכאַפּט געוואָרן און ניט געוואָרן באַגייסטערט. און דאָס האָט איר נאָך אַמאָל געוויזן ווי אָפּגעשטאַנען זי איז פון דער נייער צייט.

אַ סך מאָל האָט זיך איר געדוכט, ווי מען וויל דאָ אַריינכאַפּן וואָס מער פון די פרייהייטן, וואָס עס זיינען נאָך פאַרבליבן. די רעוואָלוציאָ־נערן זיינען נאָך ניט געווען איינגעשטילט. מען איז נאָך ניט געווען אין גאַנצן באַזיגט. און די רעאַקציע האָט זיך אַלץ מער אָנגערוקט, ווי אַ פינצטערער וואָלקן. אין די גאַסן זיינען אַרומגעגאַנגען סאָלדאַטישע פּאַטרולן. און ביינאַכט האָט זיך אַמאָל געהערט פון ערגעץ אַ שי־סעריי.

אָפטמאָל האָט זלאַטקען זיך אויסגעוויזן, אַז די אַלע רייד וועגן גייסטיקער אַרבעט איז נאָר צו פאַרגעסן זיך, צו באַהאַלטן די אייגענע אַנטוישונג און דעם טרויער, וואָס מען האָט דעמאָלט געפילט. וויפל זיינען דאָ פאַראַן אַזעלכע ווי זי, וואָס טראָגן זיך אַרום מיט ספקות אין האַרצן. זי טראַכט וועגן דעם ווען זי כאַפּט־אויף ביי עמעצן אַ בליק פון אומעט, אַ קול, וואָס האָט ניט דעם פריערדיקן האָפערדיקן קלאַנג. עס איז ווי אַ קרענק, וואָס מען רעדט ניט דערפון, כדי מען זאָל דעם אַנ־דערן ניט אַראָפּוואַרפן פון מוט, ניט אָנשטעקן דערמיט.

אין די גאַסן טרעפן זיך אָנפאַלן אויף אינטעליגענטן און אויף יידן. כוליגאַנישע גרופּעס, „די שוואַרצע מאה", האָט געקראָגן איצט די מאַכט. אַז זלאַטקע גייט אַהיים פון קלוב, איז אומהיימלעך אין די גאַסן. איר וואוינונג איז אויף „זאַרעטשיע". פון קלוב ביז איר היים איז אַ מהלך. עס דרייען זיך אַרום פאַרדעכטיקע פאַרשוינען. אויף די ראָגן די פּאַטרולן שטעלן אָפּ אַ פאַרבייגייער, פרעגן פאַר אַ פּאַספּאָרט. דער „דוואָרניק" (הויז־וועכטער), אַז ער עפנט פאַר איר דעם טויער, בורטשעט ער עפּעס אונטער די לאַנגע פּוילישע וואָנצעס. זי דערהערט דעם וואָרט „זשידי"... ווי דאָס שיפּען פון אַ שלאַנג. ער איז אָנגעטאָן אין אַ קורצן, פוטערנעם פּעלצל און עס שלאָגט פון אים מיט בראָנפן. ער באַלאַנגט אויך געוויס צו דער „שוואַרצער מאה".

אין גיכן האָט שוין זלאַטקע געלערנט ביי אַ לערערין, וואָס חיים האָט נאָך פאַר איר באַשטעלט. זלאַטקע האָט געוואָלט פריער פון אַלץ שטודירן מער געשיכטע, די רוסישע ליטעראַטור און אַנדערע געגנ־שטאַנדן. אַז זי וועט מער וויסן, וועט זי זיין מער צוגעגרייט פאַר דער נייער צייט, און איר צערודערונג וועט מיט דער צייט אַוועק...

דעם גאַנצן טאָג איז זי געווען פאַרנומען מיט איר שניידעריי אין מאַסטערסקאַיע, און אין די אָוונטן איז זי איצט געגאַנגען צו דער לערערין אין שטוב. דאָס זיינען געווען גוטע צייטן פאַר זלאַטקען. די לערערין האָט סימפּאַטיזירט מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. זי איז געווען אַ יונגע פרוי, אַ שיינע ברונעטקע, מיט וואַרעמע, שוואַרצע אויגן און אַ וואויל־קלינגעדיקן קול. זלאַטקע איז מיט איר גיך גע־וואָרן גוט־פריינט. זיי האָבן לערנענדיק ביידע הנאה געהאַט פון די גייסטיקע רייכקייטן אין דער רוסישער ליטעראַטור — פון פּושקינען, גאָגאָלן און פון די אַנדערע רוסישע שרייבער. און לאַנג נאָך דעם לער־נען האָבן זיי צווישן זיך פאַרבראַכט.

זלאַטקעס לערנען זיך איז געווען אַ דערפאָלג, און איר לערערין האָט איר געראַטן, אַז זי זאָל דעם שטודירן ניט אויפגעבן, ביז זי וועט האַלטן עקזאַמען אויף גימנאַזיע, און דערנאָך וועט איר שוין גרינג זיין צו דערגרייכן אַ העכערע אינטעליגענטע פּראָפעסיע. זלאַטקע האָט פון אָט דער עצה נאָר געלאַכט. איר אייגענע פּראָפעסיע, די שניידעריי, איז איר גוט געפעלן. אָבער זי האָט שוין פון יענעם אָוונט אָן געלערנט זיך אָן דער פריערדיקער לוסט. עס האָט עפּעס מיטאַמאָל איר אויס־געפעלט דער ציל, די אידייע, צוליב וואָס דאָס לערנען איז איר נויטיק געווען.

און ווי דאָס האָט ניט אויסגעזען מאָדנע פאַר איר אַליין, נאָר עס האָט איר מיטאַמאָל אַ ציי געטאָן צוריק אַהיים. זי האָט זיך מיטאַמאָל דערפילט זייער עלנט דאָ. זי האָט געבענקט נאָך בערעזע, נאָך דער־שטילקייט דאָרטן, די נידעריקע הייזלעך און די וואַרעמקייט פון איר היים. און זי האָט געבענקט נאָך אַלע אירע חברים דאָרטן. איר האָט זיך געדאַכט, אַז זי האָט דאָרטן איבערגעלאָזן אַזוינס, וואָס האָט גאָר אַ גרויסן ווערט.

# קאַפּיטל ניין און צוואַנציק

די היים האָט זלאַטקען באַלד אַריינגענומען אין איר מיטן, מיט איר פּשוטער וואַרעמקייט און געטריישאַפט. זלאַטקעס אָוועקפאָרן און איר קומען צוריק האָט אַלע מאָל פאַרשאַפט אין שטוב אַ צערודערונג. יעדער מאָל איז דאָס געווען מיט אַ נייער צרה, איר קומען. פריער מיט דער טורמע, און דערנאָך די פאַרוואונדעטע האַנט. איז מען דאָ איצט שוין געווען צופרידן און גאָט געדאַנקט, אַבי זי איז שוין צוריק און קיין שום נייע שלעכטס האָט מער מיט איר ניט פּאַסירט.

די מאַמע האָט שוין לאַנג אויפגעהערט האָבן טענות צו זלאַטקען פאַר אירע טואונגען. זי האָט געוואוסט, אַז עס וועט איר ניט העלפן דער רעדן. די מאַמע האָט דאָך געהאַט איר כלל: „אַז מען קען ניט אַריבער, מוז מען אַרונטער"...

אין די פאַרטאָגן, ווען זלאַטקע איז געלעגן נאָך אין האַלבן שלאָף, מיט פאַרמאַכטע אויגן, האָט זי געהערט איר טאַטנס קול. דער טאַטע האָט ליב געהאַט אויפשטיין פאַרטאָג, זיך זעצן צום טיש און לערנען אַ בלאַט גמרא. זלאַטקע האָט געהערט דעם ניגון, וואָס איז געווען אי טרויעריק, אי טרייסטנדיק, און עס איז איר פון דעם געוואָרן אַזוי וואויל. דער טאַטע אירער איז פול מיט אמונה און מיט אמתדיקן גלויבן. ווי ווייט זיי זיינען דאָס איינע פון די אַנדערע, און ווי אייגן ער איז איר. זי האָט זיך אונטערגעהויבן פון געלעגער אים צו קענען זען. די יאַרמלקע איז אים אַנגעטאָן אויפן שפּיץ קאָפּ, און עס אַנטפּלעקט זיך אין גאַנצן זיין הויכער שטערן. די פּיאות ציען זיך לענג־אויס דעם פּנים, גיסן זיך צונויף מיט דער שיין־צעוואַקסענער באָרד.

זלאַטקע האָט זיך דערוואוסט, אַז מיט איר טאַטן האָט דאָ ניט לאַנג געטראָפן אַ גליק. ער האָט דאָך געהאַנדלט מיט די לאָטעריי־צעטלען. קיין סך פּרנסה איז פון דעם ניט געווען. דער טאַטע האָט זיך ניט אויסגעטויגט צו אָט־דעם מסחר, גיין פון שטוב צו שטוב, איינרעדן מענטשן, זיי זאָלן קויפן אַ צעטל. ער האָט שוין געטראַכט דעם עסק אויפגעבן און עפענען גאָר אַ חדר. האָט זיך געדאַרפט מאַכן, אַז דער נומער פון זיינס אַ צעטל האָט געוואונען דעם געווינס. גאַנץ בערעזע האָט פון דעם גערעדט. עטלעכע אָרעמע משפּחות, וואָס האָבן דעם צעטל געהאַלטן בשותפות, זיינען אויפגעריכט געוואָרן. עס איז

אויסגעקומען אויף יעדנס חלק אַ מאַיאָנטעק מיט געלט. דעם טאַטן איז פון אָט דער געשעעניש אַריינגעזעצט געוואָרן אַ נייע נשמה, זיין פּנים אין יענע טעג האָט געשיינט, און ער האָט כסדר אונטערגעברומט פאַר זיך אַ ניגונדל, וואָס איז געווען אי אומעטיק, אי פריילעך...

עס זיינען אַוועק נאָר עטלעכע טעג זינט זלאַטקע איז געקומען צופאָרן, און דער מאַמעס קאָפּ האָט שוין געאַרבעט אויף אַ פּלאַן פאַר איר. זי האָט געוואוסט, אַז שרהקע די שוואַרצע נייט „פאַר זיך". עס וואָלט געווען אַ פּלאַן, אַז ביידע מיידלעך זאָלן מאַכן שותפות. די מאַמע האָט ניט ליב געהאַט אָפּלעגן זאַכן אויף שפּעטער; און אַז זי האָט געזען זלאַטקען זיך קלייבן אַוועקגיין פון שטוב, האָט זי זיך אָפּגערופן:

— דו גייסט צו דיין חברטע שרהקען? רייד זיך דורך מיט איר וועגן דעם. כ'האָב געהערט, זי האָט אַ סך רייכע קונדן. זי פאַרדינט שטיקער גאָלד.

זלאַטקע האָט אַ פאַרחידושטע אַ ווײַלע אָנגעקוקט איר מאַמען.

— גוט. איך וועל זען. איך וועל זיך מיט איר דורכריידן. — האָט זי נאָר געענטפערט.

עס איז מאָדנע, ווי זי האָט נאָך גאָרניט אַ טראַכט געטאָן וועגן אָנהויבן זיך איינצואָרדענען אין בערעזע. זי איז דאָך גערעכט, די מאַמע.

אירע טעג האָט זלאַטקע איצטער פאַרבראַכט מער ביי שרהקען אין שטוב. דאָס איז געוואָרן אַזוי ווי איר צווייטע היים. שרהקע, די גוטע נשמה, מיט איר צו זיין ווערט דער געמיט רואיקער. אַ סך מאָל פלעגן זיי אַפילו עסן צוזאַמען. שרהקע האָט אין געוועלבל אָנגעקויפט אַ סך גוטע זאַכן, פרישע בייגל און שווייצער־קעז.

— מיר וועלן היינט האָבן אַ רייכן אָנבייסן. — האָט זי אַ פריי־לעכע געזאָגט.

זלאַטקע האָט זיך שוין ניט נאָכגעפרעגט אויף זאַוולען. זי האָט געוואוסט, אַז זאַוול איז אין יאַבלאָנקע, מיט יענער מיידל. עס קען זיין, זיי האָבן שוין חתונה געהאַט. ער איז ניט גליקלעך, זאַוול. ער איז געבראָכן. זי האָט אים נאָך ליב, און עס ווייטיקט איר דאָס האַרץ פאַר אים. און זי האָט דאָך אַלע מאָל געטראַכט, אַז זיי זיינען באַשאַפן איינס פאַרן צווייטן, און קיין זאַך וועט זיי ניט צעשיידן. פאַרפאַלן...

די טעג זיינען שוין געווען וואַרעמע, אָנהויב זומערדיקע, לויטערע און זוניקע טעג. די סעדער און גערטנער האָבן זיך שוין גענומען צעבליען און די ערד איז אָנגעשאָטן געווען מיט בליעכצן פון די בוימער. רויטינקע בערעלעך, וואָס אַז מען נעמט זיי אין האַנט, זיינען זיי ווייך ווי סאַמעט. אַלע מאָל אין דער אָ צייט האָט זי דערפילט אין זיך אַן אויפגערעגטע פרייד, נייע פאַרלאַנגען און שטרעבונגען האָבן

דעמאָלט אין איר אויפגעלעבט. איצט האָט דאָס נאָך פאַרגרעסערט איר אומעט. איר האָט זיך געדאַכט, אַז מיט איר וועט שוין קיין זאַך ניט פּאַסירן. זי האָט נאָר געוואונטשן, אַז זי זאָל שוין ווערן זייער אַלט און קיין שום פאַרלאַנגען זאָל זי ניט האָבן, און עס זאָל איר פאַר קיין זאַך ניט אַרן.

פון אויבן־אויף האָט זיך אויף איר ניט אָנגעזען וואָס זי לעבט־דורך. איר מאַניער איז אַלע מאָל געווען ווי פון אַ צוריקגעהאַלטענער און אַ שטילער מיידל.

— דו ווייסט, שרהקע, — האָט זי איינמאָל געזאָגט צו איר חברטע. — מיין מאַמע לעגט־פאַר, אַז דו זאָלסט מיך אַריינגעמען אין שותפות צו דיין שניידעריי.

— הלוואי זאָלסטו נאָר וועלן, — האָט זיך שרהקע דערפרייט. זי האָט דאָך זלאַטקען געשטעלט אַזוי הויך, און זי האָט איר גענומען צו־רעדן צום שותפות.

איינמאָל אין אַ בייטאָג, אַז זיי האָבן ביידע אַזוי געשמועסט, האָט זיך געעפנט די טיר און אַ גאַסט איז אַריינגעקומען צו שרהקען אין שטוב. דאָס איז געווען פריידל די שניידערקע, דעם וואַסער־טרעגערס טאָכטער. אַלע האָבן געוואוסט אַז פריידל איז געווען אַוועקגעפאָרן אין קיעוו זיך לערנען. זי האָט געדאַרפט דאָרטן האַלטן עקזאַמען אויף פיר קלאַסן גימנאַזיע און דערנאָך זיך לערנען פאַר אַן אַקושערקע אָדער פעלדשעריצע. שוין אַ פּאָר טעג, אַז זי איז געקומען קיין בערעזע. זי האָט דאָך באַלאַנגט צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, און ביידע מיידלעך האָבן זיך מיט דעם גאַסט געפרייט.

פריידל איז געווען אָנגעטאָן שיין, אין אַ ווייסער, אויסגענייטער בלוזקע, וואָס די אַרבל זיינען געגאַנגען אין איין לענג מיטן סטאַן, און דאָס קלייד איז ביי דער טאַליע געווען מיט אַ סך פאַלדן. שרהקע, וואָס האָט זיך אינטערעסירט מיט נייע פאַסאָנען, האָט איר אַרומגעקוקט פון אַלע זייטן מיט גרויס וואונדער.

— ווייז נאָר זען דעם שניט פון דער בלוזקע, ביסט אַ מבין?

— איך האָב עס אַליין אויפגענייט. — האָט פריידל געזאָגט אַ צופרידענע.

זי האָט נאָך געטראָגן שנירלעך קאָלירטע פּאַטשערקעס אויפן האַלדז, וואָס האָבן זייער געפּאַסט צו איר לענגלעך, שמאָלן פּנים. אירע אויגן האָבן, ווי אַלעמאָל, שעלמיש געשמייכלט, און אין גאַנצן האָט זי געהאַט אַ מין ציגיינערישן אויסזען.

שרהקע איז באַלד אַוועק צוריק צו איר געניי. און ביידע מיידלעך האָבן זיך צוגעזעצט אַ ביסל וויטער, אויפן טאַפּטשאַן, שמועסן אַ ווײַלע. פריידל האָט קומענדיק קיין בערעזע באַלד זיך דערוואוסט וואָס זאַוול האָט אָפּגעטאָן אַנטקעגן זלאַטקען, און אַז ער איז אַוועק מיט אַן אַנ־

דער מיידל, אין יאַבלאָנקע דאָרטן. אָבער קיין איין וואָרט איז צווישן זיי וועגן דעם ניט דערמאָנט געוואָרן. פריידל האָט דאָך אַמאָל אין זאַוולען זיך געליבט. איז געקומען זלאַטקע און האָט אים פון איר אַוועקגענומען. און איצט האָט אַן אַנדער מיידל אַוועקגענומען זאַוולען פון זלאַטקען. זיינען זיי איצט קוויט. עס איז אַראָפּ דער כעס און די ביטערקייט, וואָס פריידל האָט געפילט צו זלאַטקען פאַר דער עוולה, וואָס איז אַנטקעגן איר באַגאַנגען געוואָרן.

— נו, פריידל, דערצייל. דו האָסט שוין מסתמא אַ סך דערגרייכט.

— האָט זלאַטקע ביי איר געפרעגט. — געענדיקט גימנאַזיע, אָדער גאָר אויף קורסן אפשר זיך פאַרשריבן.

— ניין, גאָרניט דערגרייכט, גאָרניט אויפגעטאָן, — איז געווען איר ענטפער.

— סטייטש, פריידל, דו ביסט דאָך געפאָרן זיך לערנען. — האָט זלאַטקע ניט געקענט פאַרשטיין. — דו, מיט דיינע פעאיקייטן. נינע האָט דאָך אַזוי געהאַלטן פון דיר — געדענקסט ?

פריידל האָט אַרויסגענומען פון איר קעשענע פּאַפּיראָסן און זי האָט פאַררויכערט.

— ס׳איז אַ סך צו דערציילן. — האָט זי געזאָגט מיט אַן אומעטיקן קול.

דורך נינעס רעקאָמענדאַציע איז זי דאָרטן אין קיעוו באַקאַנט געוואָרן מיט אַן אינטעליגענטן קרייז, דורכאויס סטודענטן און קורסיסט־קעס. זיי האָבן איינמאָל אויף אַן אָוונט געהערט איר זינגען, און זיי זיינען געווען אַנטציקט. זיי האָבן אויסגעפונען, אַז זי האָט טאַלאַנט, און מען האָט איר געגומען צורעדן, זי זאָל זיך מער אָפּגעבן מיט איר שטימע, זיך לערנען זינגען. און אַז מיט דער צייט וועט זי קענען אַנ־קומען אין קאָנסערוואַטאָריע. ביי פריידלען האָט זיך אַזש דער קאָפּ פאַרדרייט פון זייערע רייד. קיינמאָל האָט זי פון אַזוינס ניט גע־חלומט.

— כ׳האָב דאָס אויך ניט דורכגעפירט. — האָט פריידל גע־זאָגט. און זי האָט באַגלייט אירע ווערטער מיט דעם באַזונדערן סאַר־קאַסטישן געלעכטערל, וואָס האָט דערמאָנט דער אַמאָליקער פריידלען.

— אַז מען גיט זיך אָפּ מיט אַ סך זאַכן פאַר איין מאָל, פירט מען גאָרניט אויס, — האָט שרהקע זיך אָפּגערופן, ניט איבעררייסנדיק איר געניי.

פריידל האָט צוגעשוויגן. זינט זי איז געווען אין קיעוו, האָט זי זיך שטאַרק געביטן. זי איז געוואָרן פאַראיידלט און איינגעהאַלטענער. זלאַטקע האָט איר געדענקט ווען זיי האָבן צוזאַמען געאַרבעט ביי לאָזערן דעם דאַמסקן שניידער. פריידל איז דעמאָלט געווען אַ צולהכעיסניצע,

אַן אָפּלאַכערקע און אַ באַרימערקע. און איצט איז זי איינגעהאַלטענער, און זי רעדט פֿון זאַכן ערנסט און מיט געפֿיל. פֿריידל איז געווען אַ דינע און אַ שלאַנקע, און אירע האָר, וואָס זיינען אַמאָל געווען קוטשמעדיק, האָט זי איצט געטראָגן אין קורצע, שיינע לאָקן. די גרינע פּאַטשערקעס אויפֿן האַלדז האָבן נאָך מער אַרויסגעבראַכט דעם גרינעם גלאַנץ פֿון אירע אויגן. זי איז געווען גלוסטיק פֿאַרן אויג. און איינער פֿון די סטודענטן האָט זיך אין איר געליבט. ער איז געווען אַ מאַלער, און ער האָט אַפֿילו איינמאָל זיך אונטערגענומען צו מאָלן אַ פּאָרטרעט פֿון איר.

דאָס וואָס זי איז אַ פּראָסטע און ניט געלערנט, איז אים גראָד געפֿעלן, האָט פֿריידל אַ לאַך געטאָן, דערציילנדיק דאָס. זי קומט „פֿון פֿאָלק". ער האָט געוואָלט מער וויסן פֿון איר משפּחה און ווי עס קומט צו איר איר ציגיינערשער אויסזען... אַלע אָוונטן האָט זי געקענט גיין מיט יענער קאָמפּאַניע אין טעאַטער און אויף קאָנצערטן. דער מאַלער האָט איר מיטגענומען צו אויסשטעלונגען און ער האָט פֿאַרטייטשט פֿאַר איר די בילדער. זיינע רייד האָט זי יע פֿאַרשטאַנען און ניט פֿאַרשטאַנען. אָבער איין זאַך האָט זי געוואוסט, אַז קיינמאָל וועט זי ניט ווערן איינס מיט אים. ער פֿליט צופֿיל אין די הימלען. און זי האָט ביי זיך געטראַכט: „פֿריידל, ס'איז ניט פֿאַר דיר". און זי האָט אים מער ניט געוואָלט זען.

אָבער לערנען זיך האָט זי אויך ניט געקענט. צופֿיל איז איר דער קאָפּ געווען פֿאַרדרייט. דאָס איינציקע וואָס האָט איר געהאַלטן אויף די פֿיס איז געווען איר אַרבעט, די שניידעריי. אַזוי האָט פֿריידל פֿאַרענדיקט דערציילן.

זלאַטקע האָט זיך אויף פֿריידלען געוואונדערט. ניט פֿון דער באַוועגונג דאָרטן אין קיעוו האָט זי דערציילט, ניט פֿון רעוואָלוציאָנערע קאַמפֿן, נאָר פֿון אירע פּערזענלעכע ענינים האָט זי גערעדט, פֿון פּשוטע מענטשלעכע אינטערעסן. און דאָך איז עס געווען גוט צו הערן. און דעמאָלט האָט אין זלאַטקען זיך דערוועקט אַ פֿאַרלאַנג צו דערציילן פֿון אירע אייגענע געפֿילן. זי אויך האָט דאָך געהאַט העכערע פֿאַרלאַנגען, וואָס זי האָט ניט געקענט דערגרייכן. און עס האָט זיך איר געוואָלט דערציילן פֿון דעם גרויסן סוד, וואָס זי טראָגט אין זיך. זי האָט געקענט איינעם, ליאָוואַן, איז ער געווען גרויס. זיין אמתע גרויסקייט איז געלעגן אין דער זוניקייט, וואָס ער האָט געטריאָגן אין זיך, ווי עס וואָלט פֿון אים אַרויסגעלויכטן די פֿרייד פֿון לעבן, און די טיפֿקייט און קלאָרקייט אין זיין וויסן, וואָס האָט זיך געזען ביים צונעמען די שווערסטע פֿראַגעס און אַז אָט דער ליאָוואַ האָט איר ליב געהאַט, זלאַטקען.

זי וואָלט אָנגעהויבן דערציילן פֿון דער ערשטער מינוט אָן, ווען

זי האָט אים דערקענט, און דערפירן צו יענעם אָוונט אין שטאָטישן פּאַרק, איינמאָל אין פרילינג, ווען זיי זיינען אַזוי נאָענט געווען איינע מיט די אַנדערע. זי האָט זיך אַנטקעגן זיין ליבע געווערט, ווייל זי האָט באַלאַנגט צו אַן אַנדערן... זי האָט מיט אירע אייגענע געפילן געקעמפט. איצט איז שוין ליאָווא מער ניטאָ. ס'איז געווען ווי אַ העל־לער ליכט וואָלט דורכגעבליצט און ערגעץ צוריק פאַרשוואונדן...

אָבער זלאַטקע האָט געפילט, אַז זי וואָלט איר סוד פאַר קיינעם ניט געקענט פאַרטרויען. זי וואָלט ליאָוואס נאָמען ניט געקענט אַרויס־ברענגען פון מויל פאַר זייטיקע מענטשן. און זי איז מקנא געווען פריידלען, וואָס זי קען פון אַלץ אַזוי רעדן אָפן.

פריידל איז איצט געזעסן און געדרויכערט און געלאָזן דעם רויך זיך שלענגלען אויף אַרויף. מיטאַמאָל האָט זי זיך אַ הויב געטאָן פון אָרט:

— עך, דאָס איז אַלץ גאָרניט מיט גאָרניט! — האָט זי אַ לאַך־געטאָן. — שרהקע, איך זע, דו האָסט אַ טשאַיניק, לאָמיר גאָר מאַכן טיי...

***

אין שטוב ביי שרהקען דער שוואַרצער זיצן יונגען, אַלע גע־זונטע חברהלייט, איינס אין איינס. זיי האַלטן אָנגעגרייט אין די הענט „געציייג", ווער אַ שטיק אייזן, ווער אַ גרויסן מעסער און ווער מיט אַ גראָבן שטעקן. עס איז דאָנערשטיק היינט, און אין בערעזע האָט פון אינדערפרי אָן שוין געשטעלט זיך דער מאַרק. קלאַנגען גייען אַרום, אַז די גויים וועלן זיך צעשיכורן און זיך צעהוליען, וועלן זיי אָנהויבן שלאָגן יידן. און די יונגען ביי שרהקען אין שטוב זיינען וואַך צו יעדער קלאַנג.

עס איז אַן אמתע זעלבסטשוץ. און עס זיינען אַהער צוגעצויגן געוואָרן יונגען ניט נאָר פון דער אָרגאַניזאַציע, נאָר אַ סך זייטיקע בחורים פון שטעטל. אַלע וואָס האָבן געזונטע פּלייצעס און שטאַרקע קולאַקעס און זיי קענען געבן אַ קלאַפּ. זאַוול איז דער הויפּט־פירער פון דער חברה. ער איז דער אָרגאַניזאַטאָר פון דער גאַנצער זאַך. און אַלע זיינען גרייט אויסצופאָלגן זיינע באַפעלן. זאַוול איז נאָך פון דער אַרבעט אין דער אָרגאַניזאַציע אָפּגעשטאַנען, אָבער דער מאַרק־טאָג אין בערעזע האָט אים אַהער געבראַכט. ער זיצט דאָ צווישן אַלעמען אַן אָנגעכמורעטער, ווי אַ מרוק, און ער רעדט נאָר אַרויס בויטיקע, גע־ציילטע ווערטער, צו דער זאַך.

צווישן די בחורים איז דאָ פאַראַן איינער, לייבעלע יודקאָווסקי. ער זיצט דאָ מיט צאַלקען אויפן סאָפקע. צאַלקע האַלט אין האַנט אַ ברוינעם גלאַנציקן רעוואָלווער, און ער רעדט זיך דורך מיט לייבלען:

— איר זעט אָט־דעם שפּייער? ס'איז אַ „בראַונינג".

— איר דערציילט מיר? — רדפט זיך אָפּ לייבעלע יודקאָווסקי, מיט אַ מינע פון אַ מבין.

זיי שמועסן ביידע לאַנג, ווי אַזוי מען דאַרף אַרומגיין אַרום אַ רעוואָלווער און ווי מען דאַרף עס רייניקן.

אין בערעזע ווייסן די באַלעבאַטים, אַז די בונדיסטן וועלן ניט שווייגן טאָמער, חלילה, עס וועט קומען צו עפּעס, און זיי פילן זיך זיכערער. דאָס ווייסן אויך אַ סך פון די פּויערים, אַז זיי קומען זיך צונויף פון די דערפער, היינט, אין דעם גרויסן מאַרק־טאָג.

עס איז נאָך זייער פרי. ווייט אין האָריזאָנט איז אַ רויטע זון אַרויסגעשוואומען. דער טאָג וועט היינט זיין אַ ליכטיקער, אַ וואַרעמער. פון אַלע וועגן, פון אַלע טראַקטן האָבן זיך שוין געצויגן צום שטעטל די פּויערשע פורן, ווי אין אַ פּראָצעסיע. אין די פורן זיצן פּויערים אַ סך. זיי פירן מיט זיך אין שטעטל אַלץ, וואָס די אָרעמע ליטווישע ערד האָט געבוירן — קאָרן, און ווייץ, און רעטשקע, און קאַרטאָפליעס, און פלאַקס. וואו־ניט־וואו לויפן נאָכן וואָגן אַ בהמה צי אַ לאָשיקל, צו־געבונדן פעסט מיט אַ שטריק. אויך פּוסגייער אַ סך לאָזן זיך צו דער שטאָט. פּויערטעס אין קאָלירטע לייוונטענע קליידער, וואָס זיי האָבן אַליין אויסגעוועבט, באָרוועסע און מיט פּאַטשיילעס איבערן קאָפּ. ווער פון זיי עס טראָגט אַ פולן קאָשיק אייער, ווער פריש־אויסגעשלאָ־גענע פּוטער, געוויקלט אין אַ גרינעם בלאַט, און ווער אַ זעקעלע שוואומען, געלינקע „לעסיצעס", ערשט אָנגעקליבן אין וואַלד. אַ פּויער אין אַן אויסגעקראָכענעם פּוטערל טראָגט אין זיינע אָרעמס אַ פעטע, אויסגעפּאַשעטע גאַנדז.

אין בערעזע האָט מען זיך שוין אויף אָט דעם טאָג געריכט. דאָס איז ניט קיין געוויינלעכער מאַרק־טאָג. עס איז אַ יאַריד. ס'איז אָנ־הויב זומער, און דער פּויער וועט די גאַנצע הייסע חדשים זיין פאַר־נומען אין פעלד, דאַרף ער זיך אָנגרייטן מיט אַלעם נויטיקן, וואָס ער מוז האָבן. אין בערעזע וואַרטן שוין אַלע אויף דעם טאָג — די תבואה־הענדלער און אויך די בעלי־מלאכות, די טאַנדעטנע שניידער און די קירזשנער, און די שוסטער און די בלעכער, און פון די קרעמער איז דאָך שוין אָפּגערעדט.

און ביי זלאַטקען אין שטוב גרייט מען זיך אויך. די מאַמע איז שוין וואָך פון באַגינען־אָן. עס איז אַ גרויסער טאָג היינט פאַר איר. אין איר קראָם פון דזשעגעכץ, פון גראָבן זאַלץ און טיטון וועט היינט זיין אַ סך לייזונג. זי האָט דאָרטן אַריינגענומען נאָפּט צום פּאַרקויפן און אַ פעסל הערינג. און איר קאָפּ איז שוין דאָרטן, אַרום דער קראָם. אין שטוב, אין אָט דער פריער שעה, איז אַ כאַאָס — אויפגעוואָרפענע געלעגערס, ניט דורכצוגיין, קינדערשע זאַכן אויף די בענקלעך און

אונטער די בענק. און די מאַמע נעמט פון כאַאָס און שטעלט באַלד איין אָרדענונג אין שטוב. זי צעלייגט אַלץ אויף אַן אָרט, סאָרטירט די זאַכן; זי העלפט די קינדער זיך אָנטאָן און אויפזוכן וועמען עס פעלט אַ שוך צי אַ זאָק. דעם ייִנגל, משהקען וואָס ער האָט פיינט דאָס וואַשן זיך, פירט זי מיט געוואַלט צו דער אָנגעגאָסענער שיסל מיט וואַסער.

אין מיטן פון דעם אַלץ כאַפּט די מאַמע אַ קוק צום פענצטער. זי זעט אַ סך פורן איבערן טראַקט, און עס צעלויפן זיך איר די אויגן. די עופות, די הינער, און גענדז, און קאַטשקעס אויף די פורן די קאָשיקעס אייער. דאָס זיינען דאָך אַלץ סחורות, מיט וועלכע זי האָט פריערגעהאַנדלט, איידער זי האָט געעפנט די קראָם. פון ליבשאַפט צו דער זאַך, טוט זי נאָך איצט אויך אַ קויף איין אַ הון, צי אַ קאָשיק אייער, און זי פאַרקויפט עס דערנאָך מיט אַ פּאָר גראָשן ריווח. — „אוי־וואַ!" — זאָגט די מאַמע, קוקנדיק אויף די פורן, און שאָקלענדיק מיטן קאָפּ מבֿיניש...

דער טאַטע זלאַטקעס איז נאָך אַלץ אין שול ביים דאַווענען. און די מאַמע זעט אַליין אַרויסצופראַווען די צוויי ייִנגלעך אין צייט צום חדר. די ייִנגלעך ווילן גאָר העלפן דער מאַמען מיט די פּעקלעך טיטון, וואָס זי האָט אָנגעגרייט פאַרן קראָם, אָבער די מאַמע דאַרף זיי ניט האָבן. „ניט אייער עסק!" — שרייט זי אָן אויף זיי. — „איר עסט אָפּ אויף גיך און גייט אין חדר."

די לעצטע אַרבעט אירע איז אָנצוזאָגן שיינדלען וואָס צו טאָן אין דער באַלעבאַטישקייט פון שטוב; אַזוי אויך האָט זי אַ וואָרט פּאַר ריווטשען, דער ייִנגסטער מיידעלע. זלאַטקע אַליין איז אויך פאַרכאַפּט פון דער גאַנצער זאַך און זי זאָגט־צו דער מאַמען צו קומען אין קראָם איר העלפן:

— קום ניט שפּעט — זאָגט די מאַמע שטאַרק צופרידן פון דעם, און זי יאָגט זיך אַרויס פון שטוב, ווי אַ ווירבער.

און דאָרטן, אויפן מאַרק, האָט שוין דער האַנדל זיך אָנגעהויבן. עס איז אַ פאַרפלייצונג פון פּויערשע פורן און וועגענער, אַז עס איז נישט צו זען וואו עס ענדיקט זיך דער מאַרק און וואו עס הויבט זיך אָן אַ אַ גאַס. אין די קראָמען זיינען די קרעמער אין פיבערדיקער דערוואַר־טונג. און ניט נאָר די היגע סוחרים און בעלי־מלאכות זיינען צו דעם טאָג געווען צוגעגרייט, נאָר אויך אַזעלכע פון די שטעטלעך, וואָס אַרום בערעזע — פון האַלינקע, פון קאָסעווע, פון יאַבלאָנקע און פון נאָך אַנדערע ערטער. אין אַ לאַנגער שורה זיינען דאָ צייטווייליקע בייד־לעך אויפגעשטעלט געוואָרן, און בעלי־מלאכות ייִדישע, ווי אויך גויישע האָבן דאָ זייערע סחורות פאַרקויפט. די שוסטערס האָבן דאָ געהאַט גרויסע שטיוואַלעס פאַר די רייכערע פּויערים, און די טאַנדעטניקעס — פאַרטיקע מלבושים; די באַנדאַרעס האָבן פאַרקויפט פעסלעך און

באַלייעס און מולטערס, און די טעפּער האָבן אַרויסגעשטעלט זייערע שיינע ליימענע טעפּ און שיסלען; און די בעקערס האָבן פאַרקויפט ריזיקע לאַבנס ווייסע ברויט און קרענצלעך בייגעלעך, אויפגעצויגן אויף אַ שנירל.

די שטענדיקע שטילקייט און רואיקייט פון בערעזע איז ערגעץ אַנטלאָפן. און אַ גרויסער ליאַרעם האָט זיך אויסגעשפּרייט אין דער לופט — דאָס ריטשען פון די חזרים אין די וועגענער, דאָס הירזשען פון פערד און דאָס שרייען פון אַ גאַנער, און דאָס בענקענדיקע קול פון אַ געבונדענער קעלבל. איינער אַ בעטלער, אָן אַ היטל און מיט לאַנגע, גלאַטע האָר, האָט זיך צוגעטוליעט צו אַ בריקל פון אַ הויז, און זיין איינזאַמער קול און זיין זינגען איז פאַרטרונקען געוואָרן אין שרייענדיקן כאָר.

יידן מיט לאַנגע, טונקעלע בערד, און יידענעס מיט ווייסע פאַ־טשייליקעס אויף די קעפּ האָבן זיך דורכגעשטופּט אין געדרענג. מען האָט אַ טאָפּ־געטאָן אין די וועגענער, געזוכט עפּעס אַ מציאה, אַ נס... מיט אויגן נישטערנדיקע. איין יידענע, שטייענדיק דאָ ביי אַ וואָגן, האָט שוין געהאַט אַ פעטע הון אין איר האַנט. זי האָט זיך מיט דעם פּויער געדונגען וועגן פּרייז. איר פּנים איז געווען צעהיצט, און די פאַ־טשיילקע פאַררוקט צום פּאַטילניצע. אָבער דער פּויער האָט זיך ניט געאיילט און ער האָט רק געדרייט מיט דעם קאָפּ אויף ניין. ער האָט געהאַט אַ סך געדולד און געלאָזן דער יידענע ריידן און שרייען.

אין אַן אַנדער ווינקל פון מאַרק איז דער מסחר געגאַנגען הייס. אויפקויפער פון תבואה און פערד־הענדלער און קצבים האָבן מיט דעם פּויער געשלאָסן געשעפטן — אַ פּאַטש אין דער האַנט און פאַר־טיק, און אויסגעציילט די מזומנים. אַ גאַנצן טאָג איז דער האַנדל אָנ־געגאַנגען. די פּויערים, וואָס האָבן זייער סחורה שוין געהאַט פאַרקויפט, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן איבער די קראָמען, איינצוקויפן פאַר זיך די נויטיקע אַרטיקלען. די לייזונג איז דעמאָלט געווען שטאַרק, אַז עס האָבן דעם קרעמער אויסגעפּעלט הענט.

די גאַלאַנטעריי־קראָמען זיינען געווען באַפאַלן מיט קונים. דער פּויער האָט גרויסע אויגן און אַלץ ווילט זיך אים קויפן. יונגע שיקסעס האָבן דאָרטן געמאָסטן אויף זיך קאָלירטע שנירלעך פּאַטשערקעס, געבלומטע פּאַטשיילקעס און סטענגעס אין אַלע קאָלירן פון רעגנבויגן. אַזוי אויך איז געווען אַ געדרענג ביי די קראָמען פון הערינג, פון זאַלץ און פון טיטון. זלאַטקעס מאַמע איז אין קראָם געווען ווי אַ שיף אויף אַלע זעגלען, פלינק און צעפלאַמט, און אויף אירע שפּיץ־באַקן איז איר אַרויסגעטראָטן אַ רויטקייט. מען האָט געדאַרפט האָבן צען פּאָר הענט דעם עולם צו באַדינען. און אָט איז זלאַטקע איר שוין געקומען צו הילף.

— נעם, טאַכטער, גיב אַכטונג דאָרטןביים ווינקל, וואו דער טאַבאַק. — זאָגט צו איר די מאַמע. — דער ערל קאָן נאָך דאָרט עפּעס צולקחענען...

עס איז שוין געווען פאַרנאַכט, און די זון איז אַרונטער צום האָריזאָנט. די פּויערים, זיצנדיק אויף זייערע וועגענער, האָבן זיך גערייט עסן וועטשערע. זיי האָבן אַרויסגענומען פון טאָרבע ריזיקע שטיקער ברויט, און פון פּאַפּיר — דעם הערינג, אַרומגעלעקט פון הערינג דעם „ליאָק" און געשמאַק צוגעביסן. אַרום דער מאָנאָפּאָלקע (אַ מלוכהשע קראָם פון בראָנפן), איז שוין געווען גאָר פריילעך. גויים זיינען אַריין און אַרויס פון דער מאָנאָפּאָלקע מיט פלעשלעך משקה. עס האָבן זיך שוין געהערט שיכורע געזאַנגען, באַגלייט מיט דעם שפּילן פון „האַרמאָשקעס". איינער אַ פּויער, אין אַ לאַנגער העמד איבער די הויזן, און די „לאַפּטשעס" שטייף פאַרשנורעוועט אויף די פיס, האָט זיך פאַרטשעפּעט מיט אַ יידן, אַ קרעמער. עס האָבן זיך דערהערט שיכורע קולות, און עס האָט שוין געהאַלטן ביי אַ געשלעג. נאָר מענטשן זיינען אָנגעלאָפן און מען האָט דעם טומל איינגעשטילט.

עס איז געוואָרן אַ מהומה אויפן מאַרק. יידן זיינען אָנגעשראָקן, קלאַנגען אומרואיקע טראָגן זיך אַרום; מען ווייסט אַז איבער די דערפער דרייען זיך אַרום פאַרדעכטיקע פאַרשוינען, העצן קעגן יידן. בערעזע איז פון אַלע זייטן אַרומגערינגלט מיט דערפער, אָפּגעשניטן פון דער גרויסער וועלט...

די מער־פאַרזיכטיקע סוחרים און קרעמער נעמען זיך איינפּאַקן זייער סחורה באַצייטנס. די הענט פּיבערן און דאָס געהער איז אָנגעשטעלט אויפצוכאַפּן יעדן קלאַנג, און די אויגן בליקן אומרואיק און צעשראָקן.

נאָר דאָרטן, אין אַ זייטיקן געסל, ביי שרהקען דער שוואַרצער אין שטוב, זיצן יונגען, געזונטע בחורים, איינס אין איינס. זיי האַלטן „געצייג" אין די הענט און זיי היטן, אַז עס זאָל צו קיין צרה ניט קומען. דאָס ווייסן די איינוואוינער פון שטעטל און זיי פילן זיך זיכערער. דאָס ווייסן אויך אַ סך פון די פּויערים, וואָס זיינען אַ בעלן אַ „הוליע צו טאָן", אַז עס דערוועקט זיך אין זיי די „יוכע". זיי דערשמעקן מיטן חוש, אַז מען וועט דערלאַנגען צוריק. זאַוול אַליין האָט אין יענעם טאָג אַ פּאָר מאָל זיך דורכגעשפּאַצירט דורכן מאַרק. פּויערים קענען אים און עס ווילט זיך זיי ניט אָנהויבן קיין עסק.

יענער מאַרק־טאָג איז דורכגעגאַנגען בשלום. די פּויערים זיינען זיך צעפאָרן צוריק אין דאָרף; שיכורע פּויערישע געזאַנגען האָבן נאָך אָפּגעהילכט פון דער ווייטן, און אין שטעטל האָט מען גרינג אָפּגעאָטעמט.

זלאַטקע איז פון דער מאַמעס קראָם גלייך אַוועק צו שרהקען

אין שטוב. דאָרטן האָט זי נאָך געטראָפן אַ סך חברים פון דער אָרגאַני־זאַציע. לייבעלע יודקאָווסקי איז דאָ אויך געווען. זלאַטקע האָט אים ביז איצט ווייניק געקענט. זיי זיינען אַלע געזעסן אַרום טיש, און שרהקע האָט זיי דערלאַנגט טיי און צובייסן.

צום ערשטן מאָל זינט זלאַטקע איז געקומען פון ווילנע האָט זי דאָ זאַוולען באַגעגנט.

— שוין לאַנג אַז דו ביסט געקומען ? — האָט ער ביי איר גע־פרעגט.

— ניין, ניט לאַנג.

עס איז ניט געווען די ראַשיקע פרייד פון אַמאָל אין זייער באַ־געגענען זיך. זאַוול האָט פאַר דער צייט זיך שטאַרק געביטן. ער איז עפּעס מאָדנע פאַרעלטערט געוואָרן. טונקעלע שאָטנס האָבן זיך צע־לייגט ביי אים אונטער די אויגן און אַרום מויל האָבן זיך באַוויזן טיפע קאַרבן. זלאַטקע האָט געהערט ריידן צווישן די חברים, אַז עס האַלט דערביי, אַז פון דעם שידוך מיט שיפרה־לאהן זאָל ווערן אויס. זי אַליין, שיפרה־לאה, וויל אים שוין ניט. זי זעט שוין איין, אַז עס טויג ניט. זאַוול וועט קיינמאָל ניט אָנהויבן איר ליב האָבן. קיינער האָט ביי אים ניט געפרעגט, צי אָט־די קלאַנגען זיינען טאַקע אמתע, און זלאַטקע ? זי וועט געוויס ביי אים גאָרנישט פרעגן. ווען זי נעמט גיין אַהיים, גייט ער אויך מיט איר. ער פירט איר אָפּ ביז צו איר געסל, וואו זי וואוינט ; און דאָ בלייבט זלאַטקע שטיין.

— שוין, זאַוול, אָן דאָרטן איז מיין שטוב. איך וועל שוין דאָ גיין אַליין.

— אַ גוטע נאַכט, זלאַטקע.

—אַ גוטע נאַכט...

# קאַפּיטל דרייסיק

לייבעלע יורקאָווסקי איז געוואָרן אַן אָפּטער אַריינגייער צו שרהקען דער שוואַרצער אין שטוב, זינט יענעם מאַרק־טאָג, ווען ער איז צו־געצויגן געוואָרן צו דער זעלבסטשוץ. לייבעלע האָט געהאַט אַ נאָמען פון אַ ליידיקגייער, אַ הפקר־יונג. ער האָט־אַלע מאָל געווייכט פון ערנסטע פּראַגן, כאַטש אַ קאָפּ האָט ער געהאַט אַ גוטן און ער איז געווען וואויל־געלערנט. בחורים־עקסטערניקעס פלעגן קומען צו אים מיט די שווערסטע „זאַדאַטשעס", און ער האָט די „זאַדאַטשעס" גע־מאַכט אין אַ פּאָר מינוט צייט.

צו קיין אָרגאַניזאַציע האָט לייבעלע קיינמאָל ניט באַלאַנגט. אין בערעזע איז שוין כמעט ניט געווען קיין איין יונגער בחור, וואָס זאָל ניט פאַרכאַפּט זיין פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אָבער ער איינער איז זיך אַרומגעגאַנגען פראַנק־און פריי און האָט זיך פון אַלץ אויסגעלאַכט. ער איז אַמאָל געווען אָשרס אַ חבר, אַ באַלעבאַטישער בחור. ער האָט געהאַט אַ רואיקן פּנים, אַ ראָזע פאַרב האָט געשפּילט אויף זיינע באַקן, און מיט גראָבע ליפּן און גערדיכט־געצייכנטע שוואַרצע ברעמען. אַ געזונטער יונג, מיט קרעפּטיקע, געפּאַקטע פּלייצעס. זיין טאַטע, דער מעלער, האָט אים דערווייל געלאָזן לויפן. ווען ער וועט חתונה האָבן, וועט ער אים אָפּגעבן די מעל־קראָם און מיט פּרנסה וועט ער זיין פאַרזאָרגט...

אַן אַנדערש מאָל וואָלט אַזאַ איינער קיין אָרט נישט געהאַט דאָ צווישן די חברים־רעוואָלוציאָנערן. נאָר די שטימונג איז ביי אַלעמען איצט געווען אַ געדריקטע. אין לאַנד האָט זיך די רעאַקציע פאַר־שטאַרקט; די „דומע", וואָס די רעגירונג האָט געגעבן, איז פון איר אַליין צעטריבן געוואָרן און אַ סך פון די דעפּוטאַטן פאַרשיקט אין סיביר. די „שטראָף־עקספּעדיציעס" האָבן געווילדעוועט ווי אין אַ באַזיגט לאַנד. זיי האָבן זיך געיאָגט נאָך די רעוואָלוציאָנערן, ווען זיי האָבן פאַרשפּאַרט אין די טורמעס, און ווען זיי האָבן צעשאָסן אָן אַ שום געריכט.

די אַרבעט אין דער היגער אָרגאַניזאַציע האָט זיך נאָך געפירט, אָבער אָן דער פריערדיקער לוסט. אַז לייבעלע יורקאָווסקי פלעגט קומען צוגיין און מען האָט געקענט האַלטן אינמיטן פון אַן ערנסטן

שמועס, האָט ער באַלד אַריינגעוואָרפן אַ ווערטל, צי אַ וויץ, און די ערנסטע שטימונג איז זיך שוין פאַנאַנדערגעגאַנגען. ער האָט גע־רעדט פון די טויבן, וואָס ער האָדעוועט ביי זיך אין הויף, און אַז ער גייט אָפּט צום טייך כאַפּן פיש. און צו שרהקען דער שוואַרצער האָט ער געזאָגט:

— איך וועל אייך ברענגען פיש, אַז איך וועל אָנכאַפּן. איר וועט עס אָפּפּרעגלען.

שמואל דער סופר האָט לייבעלען פיינט געהאַט. און איינמאָל האָט ער אים פּשוט דאָס געזאָגט:

— איר זייט אַן עגאָאיסט, און די וועלט מיט אירע ליידן גייט אייך גאָרניט אָן.

לייבעלע האָט פריער פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס און דערנאָך האָט ער אים געענטפערט:

— און איר, איר טאָפּטשעט זיך כסדר אויף איין אָרט.

— ווער, איך? — איז שמואל אויסער זיך געוואָרן. ער, וואָס קען מיט דעם געדאַנק אַרומנעמען די גאַנצע וועלט, און ער ווייסט קלאָר ווי עס לעבן די מענטשן פון די ווייטסטע לענדער, די אָרעמקייט פון די „קוליס" אין כינע און ווי אָפּגעשטאַנען עס איז אינדיע, און אַפילו וועגן די עסקימאָסן קען ער אים דערציילן...

זלאַטקע פלעגט קומען אַהער אין קאַמער, פלעגט זיצן אַן אומע־טיקע, אַ פאַרנעפּלטע. יעדן מאָל וואָס עס האָט זיך געעפנט די טיר האָט זי געמיינט אַז זאַוול קומט. ווידער האָט ער אויפגעהערט צו באַ־ווייזן זיך דאָ. וואָס איז מיט אים איצט? צי איז ער נאָך אין יאַבלאָנקע, אָדער ער וואוינט שוין צוריק אין זיין אייבער־שטיבל? זאַוול ליידט, ער קען זיך ניט בויגן. „ער וועט דאָס איבערקומען", טראַכט איצט זלאַטקע. „אַלץ וועט זיך איבערקומען". עס האָט אין איר גערעדט די מידקייט, וואָס זי האָט איצט געפילט אין איר נשמה; דער יאוש...

זי האָט געהערט לייבעלען רעדן, און עס האָט איר פאַרדראָסן. איר האָט זיך געדאַכט, ווי ער גראָבט אונטער דעם פונדאַמענט אויף וועלכן זיי אַלע האַלטן זיך. זי האָט אַלע מאָל פיינט געהאַט מענטשן, וואָס נעמען זאַכן גרינג.

דאָ אין קאַמער האָט מען גערעדט שלעכטס אויף לייבעלע יור־קאָווסקין:

— ער, וואָס האָט מיט קיין זאַך ניט געאָפּפערט ,וואָס האָט אַליין קיינמאָל ניט געליטן, לעבט ווי אַ חיה — און ער רעדט אויך וועגן סאָציאַליזם! — האָט שמואל דער סופר זיך געקאָכט.

שרהקע די שוואַרצע האָט לייבעלען פאַרענטפערט:

— ער איז אַ וואוילער יאַט, דער לייבעלע. מער ניט, ער איז נאָך ניט קיין באַוואוסטזיניקער.

אויך צאַלקע האָט זיך פּאָר לייבעלען אָנגענומען, און ער האָט אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט:

— אים איז בעסער פון אונז, זייט זיכער...

מיט צאַלקען אַליין איז עפּעס ניט געווען גלאַט די לעצטע צייט, ער האָט אָנגעהויבן ווייניקער קומען צווישן די חברים און פון דער אַרבעט אין דער אָרגאַניזאַציע איז ער אינגאַנצן אָפּגעשטאַנען. מען האָט געשמועסט, אַז די מאַמע זיינע, פרומע די שניט־קרעמערקע, האָט אים סוף־כל־סוף איינגעבראָכן און געמאַכט אים פּאַר אַ „לייט". צאַלקע איז פריער גאָר געווען צעקריגט מיט זיין מאַמען, צוליב זיין ליבע מיט אַ מיידל, וואָס די מאַמע האָט אים קאַליע געמאַכט. ער האָט איר געסטראַשעט, אַז ער וועט אינגאַנצן אַוועק פון שטוב. קיין שום באַשעפטיקונג האָט צאַלקע ניט געהאַט, און ער איז דערווייל געהאַנגען אין דער לופטן, ניט אַהין, ניט אַהער.

איצט האָט ער זיך איבערגעבעטן מיט זיין מאַמען. ער איז אָנגעקומען אין היגן אַפּטייק און זיך געלערנט צו זיין אַ פּראָוויזאָר. ער קומט נאָר צוגיין אין קאַמער ביי שרהקען, ווען ער רייסט זיך אָפּ פון אַפּטייק. נאָר ער איז שוין ניט דער זעלביקער צאַלקע — ער איז אַ סך רואיקער געוואָרן און געזעצטער, און ער טראָגט זיך שוין ניט אַרום מיט זיין רעוואָלווער אין קעשענע. דעמאָלט, אויף „נעווסקי פּראָספּעקט", אין דעם טאָג פון צאַרישן מאַניפעסט, האָט צאַלקע פון זיין רעוואָלווער אויסגעשאָסן אין דער לופטן. דאָס איז געווען אין אַ מינוט פון עקסטאַז. מער שוין ניט...

דאָ אין קאַמער האָט מען צאַלקען זייער געזשאַלעוועט. ער איז געווען אַ טייערער חבר. עס איז אַן אמת, אַז צאַלקען איז שווער געווען נאָכצוקומען די דיסציפּלין פון דער אָרגאַניזאַציע. ער איז געווען צו־פיל היציק און ניט איבערגעטראַכט, און ער האָט אַמאָל איבערגע־טראָטן די גרענעצן פון קאָנספּיראַציע. אָבער ער איז געווען איבערגע־געבן דער באַוועגונג מיט לייב און לעבן.

— דאָס האָט לייבעלע יודקאָווסקי אויף אים געווירקט צום בייזן. — האָט מען וועגן צאַלקען דאָ גערעדט. — ער האָט אים איבער־געפירט...

מיט פריידלען, ווידער, איז געווען אַנדערש. איר האָט מען ניט באַדאַרפט איבערפירן. זי האָט עס געהאַט אין זיך, דעם הפקר. זי און לייבעלע יודקאָווסקי זיינען געווען אַ פּאָר. זיי האָבן זיך דאָ ביי שרהקען אין קאַמער באַגעגנט, און איינס־צוויי זיינען זיי שוין געוואָרן באַקאַנט. פריידל האָט געקענט זינגען, און לייבעלע האָט געקענט אויספייפן גוט אַ ניגון. פריילעכקייט איז אַנשטעקנדיק. און די ווענט פון שרהקעס קאַמער האָבן איצט פאַרנומען אַ סך פריילעכקייט און גלעכטער, אַזוינס וואָס איז דאָ ביז איצט ניט געווען.

— זינגט עפּעס, פריידל. — איז לייבעלע אָפּט צו איר צוגע־שטאַנען.

און פריידל האָט לאַנג זיך ניט געלאָזן בעטן. זי האָט דאָך געהאַט אַן אוצר פון לידער, רעוואָלוציאָנערע און אַזוי לידער. און לייבעלע האָט איר צו יעדער ליד באַגלייט, אָנשטעלנדיק זיינע גראָבע ליפּן, ווי אַ פּייפל. איינמאָל, אַז פריידל האָט געזונגען דאָס ליד „אין זאַלציקן ים פון די מענטשלעכע טרערן", האָט לייבעלע מיטאַמאָל זיך פאַנאַנ־דערגעלאַכט ביי די ווערטער: „משיח און יודענטום, ביידע גע־שטראָבן"...

— אַזוי? — האָט ער לאַכנדיק איבערגעפרעגט, — ביידע שוין געשטאָרבן?

עס איז אַלעמען געוואָרן ניט באַקוועם. מען איז אין כעס געוואָרן אויף לייבעלען. אָבער גיי רעד מיט אַזאַ איינעם...

אַז פריידל קומט, קומט אויך אַלטער ראַבינאָוויטש, דער העברע־אישער לערער. אַלטער איז אַ פיינער און אַ שטילער בחור, און אויף זיין וואָרט קאָן מען שטעלן אַ מויער. ער וועגט און מעסט יעדן וואָרט, וואָס ער רעדט אַרויס. איידער ער זעצט זיך אַוועק, גיט ער אַ הויב־אויף די הויזן ביי די קני, זיי זאָלן זיך ניט אויסרייבן. אַלטער איז אין פריידלען פאַרליבט. עס איז אַ סברא, אַז זיי האָבן זיך דורכגעשריבן, ווען זי איז נאָך געווען אין קיעוו.

— דאָס איז מיין חתן. — זאָגט פריידל צו אַלעמען מיט איר שעלמישן געלעכטערל. און מען ווייסט ניט, צי זי מיינט דאָס מיט אַן אמת, אָדער גלאָט אַזוי, עס ווילט זיך איר האָבן אימיצן ביי דער זייט. אַלטער איז צו איר געטריי מיט זיין ליבע.

— פריידל, רויכערט ניט. טוט מיר אַ טובה. — בעט ער זיך ביי איר.

— וואָס איז? פאַרוואָס ניט?

— אַזוי, עס פּאַסט ניט פאַר אַ מיידל צו רויכערן.

— אָ, אַזוי? — גיט פריידל אַ לאַך — גוט, נאָר דעם איין פּאַ־פּיראָס, מער ניט.

אַלטער ראַבינאָוויטש איז אַ „בורזשוי". און אַז עס פעלט אַמאָל אויס אַ צוואַנציק־דרייסיק קאָפּיקעס צו וועטשערע, נעמט ער זיך באַלד צום טייסטער, און ער גיט די געלט מיט גרויס הנאה. די וועטשערעס, וואָס מען האָט דאָ אַלע צוזאַמען געפּראַוועט, זיינען געווען רוישיקע און פריילעכע, צוגעמישט מיט ערנסט, אָדער מיט אַ הייסער דיסקוסיע.

אָשר מינסקי, דער שטענדיקער אומצופרידענער, דער שווייגער, איז אין יענע טעג געוואָרן זייער אויפגעלעבט, און ער האָט אַ סך גערעדט און זיך געוויצלט, ער פלעגט קומען צוגיין מיט אַ יונגער מיידל, סאָניע לוריע, פון די רייכע לוריעס. זי איז געווען אַ שיינע, בלוט און מילך,

מיט אַ פּאָר קאַרשן־אויגן און חן־גריבעלעך אין די באַקן, מיט צוויי לאַנגע צעפּ, שוואַרצע, און כאָטש זי איז געווען אַ בורזשואַזנע טאָכ־טער, איז שרהקעס שטוב איר שטאַרק געפעלן געוואָרן, די היימישקייט און די פּראָסטקייט. און גאָר גיך איז זי דאָ געוואָרן ווי אַן אייגענע צום קרייז. זי האָט דעמאָלט געלייענט פּשיבישעווסקיס אַ בוך. זי האָט זיך מיט דעם געקוויקט און גראַטן אַלעמען דאָס צו לייענען. אָבער קיינער האָט איר ניט גענומען ערנסט. מען האָט איר דאָ גע־האַלטן פאַר אַ נאַרעלע. פון יעדן וואָרט, וואָס אימיצער האָט אַרויס־גערעדט, האָט זי געלאַכט, מיט אַ קול אַ פולן, אַ קלינגענדיקן. אַ רעוואָלוציאָנערקע לאַכט ניט אַזוי.

אשר האָט זיך מיט איר געררייצט. ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט דערציילן ביי איר אין דער היים וואָס זי איז אַריינגעפאַלן צו אַזאַ באַלאַסטרע. האָט זי נאָך מער געלאַכט. עס איז געווען צו זען, אַז זי און אשר געפעלן זיך איינע די אַנדערע, און אַז עס האַלט ביי אַ לי־בע צווישן זיי. אָבער פריידל האָט דאָס ניט געגלויבט. און איינמאָל האָט זי שטילערהייט געזאָגט צו זלאַטקען:

— ער וועט מיט איר ניט חתונה האָבן, דו וועסט זען. עס איז נאָך ניט געבוירן געוואָרן די מיידל, וואָס זאָל פאַר אים זיין גוט...

פריידל האָט אָשרן גוט געקענט. איידער זי איז אַוועקגעפאָרן אין קיעוו, האָבן זיי צוזאַמען פאַרבראַכט אַ סך אָוונטן. און אַמאָל האָבן ביידע בחורים, אַלטער ראַבינאָוויטש און ער, איר אַפּגעפירט אַהיים. זיי זיינען לאַנג געשטאַנען לעבן איר שטוב און גערעדט, און יעדערער פון זיי האָט געוואָלט איבערוואַרטן, אַז ער זאָל קענען פאַרבלייבן מיט איר אַליין. אָבער פריידל האָט אָשרן ניט ליב געהאַט:

— ער איז צופיל פאַרריסן ביי זיך און ער מיינט רק, אַז קיינער פאַרשטייט אים ניט. — האָט זי זלאַטקען דערקלערט.

זלאַטקע האָט ליב געקראָגן אָט־די רוישיקע אָוונטן ביי שרהקען אין שטוב. זי פלעגט מיטריידן און מיטלאַכן. אָבער אירע אויגן פלעגן זיך אַמאָל פאַרשאָטענען מיט דעם צער און אומרו, וואָס זי האָט אין זיך געטראָגן. אין אַזאַ מינוט האָט זי איינמאָל דערזען ווי לייבעלע יודקאָווסקי איז אויסגעוואַקסן ביי איר זייט. ער האָט פאַרפירט מיט איר אַ שמועס, ווי ווילנדיק פאַרטרייבן דעם אומעט פון איר פנים:

— איך גיי מאָרגן גאַנץ פרי צום טייך פיש כאַפּן. איר וואָלט אפשר אַ בעלן געווען מיטגיין?

זלאַטקע האָט אים אַ ווײַלע אָנגעקוקט מיט טשיקאַווע בליקן:

— עס מוז זיין אינטערעסאַנט אָפּצוגעבן זיך מיט קליינע פאַר־געניגנס, צו לעבן נאָר מיט דעם היינטיקן טאָג.

— וואָס מיינט איר דערמיט צו זאָגן? — האָט ער ניט פאַר־שטאַנען.

— איך מיין נאָר צו זאָגן, אַז איר טוט גאָר ניט אויף מיט אייער לעבן.

— איך לעב. איז דאָס ניט גענוג?

— וואָס פאַר אַ נוצן ברענגט איר. איר טוט גאָרניט פאַר אייערע מיטמענטשן, פאַר די, וואָס ליידן.

— איך טו דאָס אויך. — האָט לייבעלע ווייטער געצויגן דעם שמועס. — אַז עס איז ערגעץ אַ פייער, קום איך העלפן אַרויסראַ־טעווען מענטשן. אַנומלטן, פאַר פסח, ווען דער טייך איז אַרויס פון די ברעגן, האָב איך אויך מיטגעהאָלפן עס זאָל קיין פאַרפלייצונג ניט זיין.

— איר צעברעקלט אייערע כוחות אויף איינצלנע טאָטן. — האָט זלאַטקע געפּרואווט אים דערקלערן.

— און ראַטעווען אַ נפש איז ביי אייך גאָרניט? — האָט לייבעלע מיט היץ אַרויסגערעדט.

אָבער זלאַטקע האָט ניט געוואוסט צי ער רעדט דאָס ערנסט, אָדער ער שפּאַסט.

אַן אַנדערש מאָל, פאַרפירנדיק מיט איר אַ שמועס, האָט ער גע־זאָגט:

— פאַראַן זאַכן אויסער דער באַוועגונג, וואָס זיינען אויך אינ־טערעסאַנט.

— צום ביישפּיל?

— אָ, שווימען זומער אין טייך; ווינטער גליטשן זיך, פאָרן אין אַ שליטן איבערן שניי.

— דאָס אַלץ?

— גוטע מוזיק, טעאַטער, ביכער אינטערעסאַנטע צום ליינען.

— דאָס אַלץ וואָלט גוט געווען, ווען אַלע מענטשן זאָלן קענען פון דעם געניסן. — האָט זלאַטקע אים געזאָגט.

איינמאָל נאָך אין אַזאַ אָוונט איז זאַוול פּלוצלונג געגעבן אַ קום אַריין. ער האָט שווייגנדיק זיך אַוועקגעזעצט צווישן אַלעמען. שרהקע איז באַלד צו אים צוגעגאַנגען:

— אָט איז אַ גלאָז טיי פאַר אייך, זאַוול.

זאַוול האָט געשוויגן און נאָר געזעסן ווי אַ מרוק, ווי ער וואָלט גע־ווען באַזונדער פון אַלעמען. אַ פּאָר מאָל האָט ער זיך גוט איינגעקוקט אין לייבעלעס פּנים, ווי ער וואָלט ווען פרעגן; וואָס טוט ער דאָ?" אין זיין קוק איז געווען עפּעס וואָלפישעס. לייבעלע איז אויך אַנט־שוויגן געוואָרן און ער האָט אויסגעפייפט אַ ניגונדל מיט זיינע גראָבע ליפּן. ביי זאַוולען האָט זיך געכמורעט דער שטערן, ווי ער וואָלט וועלן זיך צונויפנעמען מיט זיינע געדאַנקען. ער איז געווען אָפּגעלאָזן, די באַקן ניט ראַזירט, און די קליידער זיינען אויף אים געווען צעקנייטשט.

ווען אימיצער האָט צו אים גערעדט, האָט ער געענטפערט קורץ און אָן חשק.

זלאַטקע האָט זיך אויפגעהויבן צו גיין אַהיים. האָט זיך זאַוול אויך אויפגעהויבן צו באַגלייטן איר, פון אַלטער געוואוינהייט. ווען זיי זיינען אַרויס אין גאַס, איז זיי שווער געווען אָנצוהויבן אַ שמועס. צווישן מענטשן איז שוין געווען בעסער. זאַוול האָט געהאַט צו זאָגן איר גאָר אַ נויטיקע זאַך, אָבער עס איז אים שווער געווען צו רעדן. זיינען זיי געגאַנגען שווייגנדיק. זלאַטקע האָט זיך אָפּגעשטעלט:

— אָט איז שוין מיין שטוב, זאַוול. אַ גוטע נאַכט.

— אַ גוטע נאַכט...

***

און די טעג זיינען ווייטער געגאַנגען מיט זייער אָנגעצייכנטן גאַנג. די חברים פון דער אָרגאַניזאַציע האָבן ליב געהאַט קומען צו שרהקען דער שוואַרצער אין שטוב. און אַן אייגנשאַפט האָט שרה־קעס קאַמער געהאַט, אַז וויפל מענטשן עס זיינען אַהער געקומען, איז דאָ קיינמאָל ניט געווען צו ענג. מען איז געזעסן אויפן טאַפּטשאַן, אויף די בענקלעך, אויפן פענצטער און אויף דער ערד. שרהקע אַליין, אַ נידעריקע, אַ זשוואַווע, מיט איר באַהנט פּנים און די שוואַרצע, וואַרעמע אויגן — עס איז גוט געווען צו זיין מיט איר, אַלע האָבן אַזוי ווי געטוליעט זיך אַרום איר.

שמואל דער סופר, דער וואָס זיצט אַ גאַנצן טאָג מיט אַ געגנד־זענער פּענע אין האַנט און ער שרייבט אויפן פּאַרמעט מזוזות אָדער תפילין, און ער היט זיך עס זאָל ניט אַרויסקומען קיין פּסולע אותיות. ער דערלעבט קוים, אַז עס זאָל זיך שוין ענדיקן דער טאָג און ער זאָל שוין קענען קומען אַהער.

שמואל דער זייגערמאַכער, וואָס מען רופט אים דער פּאַרפראָ־רענער, פאַרטרויט זיך פאַר שרהקען, אַז ער פּלאַנט צו פאָרן אין אָדעס, צי אין יעקאַטערינאָסלאַוו. דאָרטן קען ער פון זיין מלאכה אַ סך געלט פאַרדינען. אָבער שרהקע גלויבט אים ניט. זי האַלט אים פאַר אַ פּויליאַק.

— דו וועסט אַזוי פאָרן, ווי איך וועל פאָרן. — זאָגט זי צו אים. — איך קען דיך ניט?

עס קומט צוגיין הערשל דער דרוקער, דער וואָס וואוינט אין דער אומלעגאַלער ביבליאָטעק. ער איז דאָ עלנט. ער קומט פון אַ שטעטל ניט ווייט פון בערעזע. הערשל האָט דאָ אַ שוועסטערקינד, וואו ער עסט מאָלצייטן. זי באַהאַנדלט אים ניט גוט, באַקלאָגט ער זיך פאַר שרהקען.

— זי איז אַ גראַביאַנקע, דיין שוועסטערקינד. — זאָגט צו אים שרהקע. — קום אַהער עסן, וועסט האָבן אַ וועטשרע, אַז דו האָסט נאָך אויף דיין לעבן ניט געזען.

אַפילו אסתר דעם שוחטס האָט אָנגעהויבן קומען אַהער אָפּט. זי איז געווען פון די סאַמע ערנסטע און איבערגעגעבנסטע טוער אין דער אָרגאַניזאַציע. אַ הויכע און אַ דאַרע, איז זי געגאַנגען אַ ביסל איינגעבויגן, און שטענדיק מיט די הענט פאַררוקט אין די אַרבל. איר זייער הויכער שטערן און די שמאָלע אויגן, ווי ביי די כינעזער, האָט איר צוגעגעבן אַ באַזונדערן אויסזען. און אַז זי האָט זיך וועגן עפּעס געשפּאַרט, האָט אַ פאַנאַטישער פייערל זיך געצונדן אין אירע אויגן. אסתר האָט ניט דערלאָזן מען זאָל אָפּשטיין פון דער אַרבעט. זי האָט איצט אָפּט די טוער פון דער אָרגאַניזאַציע געשטראָפּט. דאָ האָט מען אינגאַנצן פאַרלאָזן דעם קרייזל פון אָנפאַנגער; דאָ האָבן די אַרבעטער פון דער שוועבל־פאַבריק זיך גענויטיקט אין אַ פאַרזאַמלונג און עס איז קיינער אַהין ניט געגאַנגען רעדן. אסתר האָט אַזוי ווי מיט געוואַלד געוואָלט אויפהאַלטן די גוטע קעמפערישע צייטן...

עס האָט מיט זלאַטקען פּאַסירט בעת זי איז געזעסן מיט לייבעלע יודקאָווסקין, זיך מיט אים צעווערטלט, און ער האָט געשפּאַסט, אַזוי ווי ער קען. זלאַטקע האָט איינמאָל זיך אַפילו צעלאַכט הויך אויפן קול. דעמאָלט האָט זי דערפילט ווי עס קוקן אויף איר אַ פּאָר שטרענגע אויגן — אסתרס שמאָלע, כינעזישע אויגן, וואָס באַשולדיקן, וואָס טאַדלען איר. זלאַטקע איז פאַר אסתרן אַלעמאָל געווען אַ מוסטער פון אַ רעוואָלוציאָנער, מיט איר אויפטו פון פאַרן אין אַ גרויסער שטאָט און ווערן אַרעסטירט און אַפילו פאַרוואונדעט ווערן, און וואָס קיין זאַך האָט איר ניט אָפּגעהאַלטן פון קאַמף. זי האָט אַלע מאָל געקוקט אויף זלאַטקען מיט אויגן פול מיט באַוואונדערונג און זי האָט נאָך דערוואַרט פון איר גרויסע זאַכן...

איצט איז זי אין זלאַטקען אַנטוישט: זי איז ווי אַלע. שטייט אָפּ פון דער אַרבעט. אסתר האָט באַלאַנגט צום „באַיעוואָי אָטריאַד", וואָס זאָל איז דאָרטן געווען דער פירער. איצט, אַז זאָל איז אָפּגעשטאַנען פון דער אַרבעט, האָט זי באַשולדיקט זלאַטקען אין דעם. אסתר האָט, אַזוי ווי זלאַטקע, געגלויבט, אַז יעדער קעמפער דאַרף קענען זיך אָפּזאָגן פון אַלץ, וואָס האָט קיין שייכות ניט צו דער באַוועגונג, און קיין שום זייטיקע באַגערן דאַרף מען ניט האָבן. אסתר האָט דאָס דורכגעפירט אין לעבן. זלאַטקע — ניט...

זי, אסתר, האָט שוין איינמאָל געהאַט אַ געשפּרעך מיט זלאַטקען וועגן דעם:

— זלאַטקע, איר! — האָט זי גערעדט מיט אַ קול, וואָס מאָנט, וואָס באַשולדיקט...

זלאַטקע האָט געזען דעם פּאַנאַטישן פייערל אין אירע אויגן, און זי האָט זיך ניט־ווילנדיק צוגעפּגעצויגן אין זיך. וואָס האָט זי איר געקענט זאָגן?

— אסתר, איר האָט געהערט וואָס לייבעלע יודקאָווסקי זאָגט — עס זיינען פאַראַן זאַכן אויסער דער באַוועגונג, וואָס זיינען אויך גענוג אינטערעסאַנט...

זלאַטקע האָט דאָס אַרויסגערעדט מיט ביטערקייט, מיט איראָניע. אָבער אסתר איז געווען צו ערנסט, און זי האָט קיין איראָניע ניט פאַר־שטאַנען.

— לייבעלע יודקאָווסקי! — איז זי געווען אויסער זיך. — פון אַזאַ מענטשן איז אויך פאַראַן וואָס צו רעדן. ביי אים איז דאָך אַלץ נאָר צייט־פאַרטרייב, נאָר שפּיל...

זלאַטקען האָבן אויך אַ סך אַנדערע אין דער אָרגאַניזאַציע באַ־שולדיקט וואָס זי טיילט זיך ניט מיט איר וויסן, און עס איז ביי איר אַ רענדל אַ וואָרט. שמואל דער סופר, דער אַסקעט, וואָס ביי אים איז אַלץ איינס, אַ בחור צי אַ מיידל, אַבי ער זאָל האָבן מיט וועמען צו דיסקוטירן, איז אין כעס געווען אויף זלאַטקען, פאַרוואָס מען קען איר ניט אַריינציִען אין אַ דיסקוסיע.

די טעג זיינען געווען הייסע, זומערדיקע. אין שטעטל איז דעמאָלט שטיל געווען מיט פּרנסה. די פּויערים זיינען אַלע ביז איינעם געווען פאַרנומען אויף זייערע פעלדער. דער גרויסער, האַלב־קיילעכדיקער מאַרק־פּלאַץ איז געווען ליידיק. פאַרשלאָפענע קרעמער זיינען געזעסן יעדערער ביי זיין טיר פון קראָם, וואַרטנדיק אויף אַ קונה. אין מיטן טאָג האָט אַמאָל אַ פּויערטע פאַרבלאָנדזשעט צווישן די גאַלאַנטערעי־קראָמען איינקויפן פאַר זיך אַ פאַטשיילע. איז געוואָרן אויף איר אַ געיעג:

— פּראָשע פּאַניע, פּאַניע, פּאַניע!

קרעמערקעס האָבן איר געריסן פאַר די אַרבל פון אַלע זייטן, אַז די גוייע איז גאָר אַ צעטומלטע געבליבן און ניט געוואוסט וואו צו גיין.

עס איז אין די אָוונטן געווען צו הייס צו זיצן ביי שרהקען אין שטוב. האָט חברה זיך אַוועקגעלאָזט וואַנדערן הינטערן שטאָט, ביז שפּעט אין דער נאַכט. די נעכט זיינען געווען ליכטיקע, די הימלען — באַגענטע, ווי מיטן האַנט צו דערלאַנגען. עס האָט אַזוי ווי געטריפט מיט זילבער פון די מיליאָנען צעשאָטענע שטערן איבערן הימל. קיי־נעם האָט זיך ניט געגלוסט גיין אַהיים. האָט מען זיך אויסגעזעצט אויף איינעם פון די בריקלעך פון אַ הויז. די גאַנצע שטעטל איז שוין געשלאָפן. זיי זיינען געזעסן שטיל און צווישן זיך געשמועסט. איינער האָט געחלומט צו פאָרן אין אַ גרויסער רוסישער שטאָט, און אַן אַנדערער

האָט געוואָלט זיין אין אויסלאַנד, אין שווייצאַריע; אַ דריטער האָט גערעדט פון לאָזן זיך איבערן ים, אין ווייטע לענדער.

אויפן הימל האָט אַ שטערן זיך אָפּגעריסן און דורכגעשניטן דעם רוים.

— דאָס איז מיין שטערן. — האָט סאָניע לוריע זיך אָפּגערופן אַ פאַרקלערטע.

שמואל דער סופר האָט, קוקנדיק אין די הימלען, זיך צערעדט פון דער צייט, ווען די וועלט איז נאָך געווען אַ כאַאָס. און ווי שפּעטער האָט ביסלעכווייז פון דער מאַטעריע זיך גענומען אויסבילדן אונזער ערד, טייכן און לעבעדיקע ברואים און פלאַנצן...

לייבעלע יודקאָווסקי האָט אויך זיך איינגעקוקט אין הימל. און ער האָט געזאָגט, אַז מאָרגן וועט זיין אַ גוטער טאָג צו באָדן זיך אין טייך, און ער האָט זייער אַ באַלעבטער גענומען פרעגן, ווער עס וויל מיט אים מיטגיין. פאַראַן אַזאַ אָרט הינטערן שטאָט, ביים טייך, וואו עס באָדן זיך מיידלעך באַזונדער און בחורים באַזונדער, און וואָס די חברים רעוואָלוציאָנערן האָבן אָט דעם אָרט וויניק באַזוכט.

ביילקע די פריקאַזטשיצע איז זיך קיינמאָל ניט פאַרזעסן צו שפּעט אין דער נאַכט. — פאַר מיר איז שוין צייט גיין אַהיים, — פלעגט זי יעדן מאָל זאָגן.

ביילקע האָט דאָ געהאַט אַ נאָמען פאַר זייער אַן אויסגערעכנטער און פּראַקטישער, און אַז קיינמאָל פאַרלירט זי ניט אומזיסט קיין צייט. זי האָט איצט געפּלאַנט זיך צוצוגרייטן פאַר אַן אינטעליגענטער פּראָ־פעסיע, זיך לערנען פאַר אַן אַקושערקע אפשר, און מיט דער צייט אַוועקוואַרפן די קראָם. דערוויל האָט זי גענומען לעקציעס אויף רוסיש ביי אַלטער ראַבינאָוויטש, אַן געלט. און צו שרהקען אין שטוב פלעגט זי קומען מיט אירע לערן־ביכער און דאָרטן חזרן כסדר די רוסישע גראַמאַטיקע.

לייבעלע יודקאָווסקי האָט אַ ביסל פון איר אונטערגעחוזקט:

— אָט איז אַ מענטש, פון וועלכן אַלע דאַרפן זיך אָראָפּנעמען אַ מוסר.

ער האָט רעדנדיק יעדן מאָל געווענדט זיך צו זלאַטקען, ווי נאָר איר האָט ער אין זינען. אויף זייערע שפּאַצירן הינטערן שטאָט, איז ער אַלעמאָל אויסגעקומען ביי איר זייט. ער איז מסתמא גאָר ניט געווען פאַרליבט אין איר. פריידל האָט איינמאָל אין אַ שמועס מיט זלאַטקען געזאָגט, אַז אַזאַ ווי לייבעלע יודקאָווסקי קען גאָר ניט ערנסט ליב האָבן. נאָר ווי עס ווייזט אויס, איז דאָס געווען זיין אַמביציע צו פאַר־טרייבן דעם אומעט פון איר פּנים, אַרויסצונעמען איר פון איר מרה־שחורה. און אַז עס האָט זיך אים איינגעגעבן אַרויסצורופן ביי איר אַ געלעכטער, איז ער געווען צופרידן.

— אָט אַזוי איז גוט. — האָט ער זיך געפרייט מיט איר דע־מאָלט.

דאָ ניט לאַנג צוריק, וואַנדערנדיק אין אַ פאַרנאַכט היינטערן שטאָט, זיינען זיי פאַרבייגעגאַנגען אַ פוילישן קלויסטער. די טירן פון קלויסטער זיינען געווען אָפן און עס האָט זיך פון דאָרטן געזען דאָס שעמערירנדיקע ליכט ביים אַלטאַר. עטלעכע נאָנעס זיינען געשטאַנען אויף די קני, מיט זייערע הענט צונויפגעלייגט אין שטילן געבעט.

— אָ, ווי איך בין זיי מקנא! — האָט זיך ביי זלאַטקען אַרויסגע־כאַפּט אַ וואָרט.

לייבעלע האָט טשיקאַווע איר געגעבן אַ קוק אָן:

— איר? אַ רעוואָלוציאָנערקע זאָל אַזוי ריידן. — האָט ער אַ לאַך געטאָן. — איר ווייסט דאָך וואויל, אַז רעליגיע פאַרשפּרייט נאָר פינצטערניש.

זלאַטקע האָט צוגעשוויגן. זי האָט קיינמאָל ניט געוואוסט ווען ער מיינט ערנסט מיט זיין ריידן און ווען ער לאַכט אָפּ. אָבער איר האָט דאָס ניט געאַרט. איר איז דאָס אַפילו געפעלן. אין איר איצטיקער שטימונג איז זי אַליין אויך אָפּט צופרידן מיט זיין שפּילעוודיקן טאָן.

דער זומער איז אַוועק אין גאַרניט טאָן. עס איז ביי אַלעמען פון די חברים אין דער אָרגאַניזאַציע געווען די שטימונג פון איבערוואַרטן די צערודערטע צייט, און אַז אַלץ איז נאָך ניט פאַרלאָרן. אַ מענטש פון דעם בונדישן ראַיאָנעם קאָמיטעט האָט באַדאַרפט קומען. ער וועט קלאָר־מאַכן וואו מען האַלט און וואָס עס איז נויטיק צו טאָן. דערווייל האָט מען געלעבט אַ הפקרדיק לעבן, געהאַלטן האָט מען זיך אַלע אינאיינעם, אין איין אָפּגעשלאָסענעם קרייז ווייט־אָפּגעריסן פון דעםווירקלעכן לעבן. זיי האָבן זיך אַליין אַ נאָמען געגעבן די „כאַליאַסטרע“, און אין שטעטל האָט מען זיי אויך אַזוי גערופן:

— אָט גייט שוין די כאַליאַסטרע. — האָט מען אויף זיי אָנגע־וויזן.

לייבעלע יודקאָווסקי האָט דאָ איצט פאַרנומען דעם אויבנאָן, און ער האָט אָנגערעדט צו אַלערליי אַוואַנטורעס... גאַנץ אָפּט האָט מען זיי געקענט זען וואַנדערן היינטערן שטאָט, איבערן וואַלד, פאַרביי אָן אָפּגעשניטענעם פעלד, אָדער פאַרלירנדיק זיך אין געדיכטע קוסטעס. מיט די שיך אין די הענט איז מען אַריבערגעגאַנגען אַ וואַסער אָדער אַ בלאָטקע. זיי האָבן אַלע אויסגעזען ווי האַלב־ווילדע.

עסן האָט ביי שרהקען אין שטוב קיינמאָל ניט אויסגעפעלט. יעדערער האָט צוגעשטעלט פּראָוויאַנט, וואָס נאָר מען האָט געקאָנט קריגן. סאָניע לוריע האָט פון איר היים געבראַכט זיסן געבעקס און אַ סך מאָל טיי און צוקער, און ראָזשינקעס. הערשל דער דרוקער איז געקראָכן אויף די בוימער אין איינעם פון די שטעטלשע סעדער,

מיט מסירת נפש, און ער האָט געבראַכט צוטראָגן פולע קעשענעס מיט עפּל, מיט באַרנעס און שליוועס. לייבעלע יודקאָווסקי איז פון דער פרי אָן שוין געווען ביים טייך. און אַז עס איז געווען אַ גוטער פאַנג, האָט ער געבראַכט צוטראָגן אַ קאָשיקל מיט פיש, און עס איז געפּראַוועט געוואָרן אַ שיינע וועטשערע.

איינמאָל האָט אימיצער פון ערגעץ געקראָגן אַ פלעשל ווישניאַק. עס איז געוואָרן אַ שמחה. לייבעלע יודקאָווסקי מיט דעם פלעשל אין דער האַנט האָט אָנגעגאָסן אַ גלעזל וויין און געזוכט מיט די אויגן וועמען ער זאָל דעם ערשטן מיטן וויין מכבד זיין. ער האָט דערזען אסתרן, דעם שוחטס, ווי זי איז געשטאַנען ביי דער פּאָליצע מיט די ביכער. אין האַנט האָט זי געהאַלטן דאָס בוך „ערפורטער פּראָגראַם", און מיט אירע דאַרע פינגער געמישט די בלעטער. לייבעלע איז צו איר צוגעגאַנגען מיט דעם קעלישעק וויין אין האַנט:

— נאָט, פאַרזוכט. — האָט ער געזאָגט.

— איך טרינק ניט. — האָט אסתר זיך אָפּגערופן, ווי אַן אויפ־געוועקטע פון חלום.

— איר טרינקט ניט? — האָט לייבעלע אַ לאַך געטאָן. — עס מוז עפּעס זיין מיט אייך ניט גלאַט. איר דאַרפט גיין צו אַ דאָקטאָר.

אַלע האָבן זיך צעלאַכט. און אסתר אַליין האָט אויך, ניט־ווילנדיק, זיך צעשמייכלט.

די שפּעטע נאַכט האָט די כאַליאַסטרע באַגעגנט ווי זיי זיינען גע־זעסן אַלע אין ווינקל, אויפן טאָפּטשאַן, אין איין גרויסער הורבע. מען האָט שטיל און האַרציק געשמועסט וועגן אַן איבערגעלייענטן בוך, וועגן פּלענער פאַר דעם מאָרגנדיקן טאָג, וואוהין צו גיין. אימיצער האָט פאַרצויגן אַ ניגון פון אַ ליד. באַלד האָבן עס אַנדערע אונטערגעכאַפּט. אין אַ ווײַלע אַרום האָבן שוין אַלע געזונגען. שרהקעס קאַמער איז פול געוואָרן מיט געזאַנג. עס איז אַרויסגעזונגען געוואָרן דער אומעט און די בענקשאַפט, וואָס איז ביי יעדערן אין האַרצן געלעגן פאַרבאַ־האַלטן...

פריידלס קול האָט געקלונגען ווי דאָס פלאַטערן פון אַ פייגל אין דער לופט, ווען עס שלאָגט זיך אָן אין אַ וואַנט...

דעם שבתדיקן טאָג איז מען שוין פון פרי אָן געווען אין וואַלד. פון צווישן די הויכע סאָסנעס האָט זיך אַ פרייע לאָנקע אויסגעטיילט, ווי אַ גרינער טעפּיך. געל־רויטע און ווייסע פעלד־בלימעלעך האָבן ליכטיק אַרויסגעקוקט פון צווישן די פעטע גראָזן. די כאַליאַסטרע האָט דאָ דעם גאַנצן טאָג פאַרבראַכט. זיי האָבן געשטיפּט און געלאַכט, געשפּילט זיך אין לויפעניש פון בוים צו בוים, אין „קאַמעניצע." לייבעלע יודקאָווסקי איז געווען דער שטאַרקסטער פון אַלעמען. ער האָט זיך מיט יעדערן פאַרמאָסטן אין כוחות. ער האָט געקענט אויפהויבן אַ מענטשן

הויך, איבער זיינע אַקסלען. ער האָט געשפּרונגען איבער אַ שטעקן, וואָס איז אויפגעהויבן געוואָרן הויך, אין דער ברייט. און ער האָט אויפגעעפנט די שטאַרקסטע קולאַקעס. הערשל דער דרוקער האָט באַוויזן ווי ער קען אַרויפקריכן הויך, ביז דעם שפּיץ בוים. און די ביידע שמואלס האָבן זיך געקוליעט אין ווייכן גראָז. פריי־געלאָזענע, יונגע ענערגיע און פּשוטע פרייד פון לעבן האָט אין אַלעמען אויפגעוואַכט.

די מיידלעך זיינען ניט אָפּגעשטאַנען פון שפּיל און זיי האָבן הילכיק געלאַכט. און זלאַטקע אויך מיט זיי. זי האָט ניט געוואָלט טראַכטן פון יענע, אַנדערע צייטן, דאָ אין וואַלד, ווען זי און זאַוול זיינען געגאַנגען פון אַן אומלעגאַלער פאַרזאַמלונג. זיי האָבן שוין געהאַט זייערע באַליבטע ווינקלען און שטעגעלעך אין וואַלד. אָט דאָרטן פאַרנעמט זיך דער וועג צום „לעסניק", וואו זיי פלעגן זיך אָפּשטעלן עסן וועטשערע, פרישע מילך מיט שוואַרצן ברויט. וואָס פאַר אַ לאַנגע צייט עס איז אַוועק פון דעמאָלט אָן...

די זון האָט געהאַלטן ביים פאַרגיין. וואָס נענטער צום האָריזאָנט האָט זי אַלץ מער זיך צעברענט אין אַ פייערדיקן קויל, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז זי וועט אָנצינדן דעם וואַלד. פאַרגאַפט זיינען אַלע געבליבן זיצן און געקוקט. אין דער הויך האָט דער הימל געביטן אַלע ווילע זיינע קאָלירן. גיגאַנטישע פאַסן פון בלייכן גאָלד און צונטער־רויט האָבן זיך אויסגעמישט און פאַרצויגן דעם האָריזאָנט.

פון אומעטום האָבן די שאָטנס זיך אַראָפּגעלאָזן און טראָט נאָך טראָט זיך דערנענטערט אַהער. זלאַטקען האָט זיך געדאַכט, ווי פון ווייט, צווישן די שאָטנס פון די בוימער האָט זי געזען זאַוולען דורכשלייכן. „זאַוול קלייבט זיך עפּעס אָפּצוטאָן", האָט איר אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרצן. זי האָט געהערט רעדן, אַז ער האָט זיך די לעצטע צייט אַריינגעלאָזן מיט אַ שלעכטער קאָמפּאַניע און אַז מען האָט אים אַפילו שוין געזען אַ האַלב־שיכורן.

זלאַטקעס אויסערלעכע רואיקייט האָט פאַרשטעלט פון אַלעמען דאָס, וואָס זי לעבט איצט דורך.

# קאַפּיטל איין און דרייסיק

דאָס איז געווען שוין אין אָנהויב ווינטער. אַ מענטש איז ענדלעך געקומען צופאָרן צו דער היגער אָרגאַניזאַציע, אַ פאָרשטייער פון ראַ־יאָנעם בונדישן קאָמיטעט. די אַרבעט אין דער היגער אָרגאַניזאַציע איז געווען כמעט ווי אָפּגעשטעלט. און מיט זיין קומען האָט ער אַריינגע־בראַכט אַהער צוריק לעבן.

ביי שרהקען דער שוואַרצער איז די פאַרזאַמלונג פאָרגעקומען. מ׳האָט פון דער נייס איינע די אַנדערע אָנגעזאָגט אין געהיים, כאָטש קיין קאָנספּיראַציע איז שוין ניט געווען, און די פענצטער האָט מען שוין אויך ניט געדאַרפט פאַרהענגען. אַלע זיינען געקומען. צאַלקע וויסענבערג האָט זיך אָפּגעריסן פון זיין אַרבעט אין אַפּטייק און איז געקומען. אַזוי אויך דיביידע שמואלס, און אָשר מינסקי, און זלאַטקע, און פון אסתר דעם שוחטס איז דאָך שוין אָפּגערעדט. זי האָט דאָך געלעכצט נאָך אַרבעט ווי אַ דורשטיקער נאָך אַ טרונק.

אַפילו ביילקע די פּריקאַזטשיצע איז דאָ געווען, וואָס איר האָט מען שוין געהאַלטן פאַר אָפּגעשטאַנען פון דער אָרגאַניזאַציע. זי האָט אַפילו צוריק אָנגעטאָן די רויטע אויסגענייטע בלוזקע און גע־האַלטן זיך זייער ערנסט, אַז מען האָט געקענט מיינען, ווער־ווייסט ווי איבערגעגעבן זי איז.

אַבראַם האָט ער געהייסן, דער שליח פון „בונד״. און כאָטש ער איז קיינמאָל אין בערעזע ניט געווען, איז ער באַלד מיט די חברים געוואָרן היימיש און אויסגעמישט, ווי דאָס איז געווען די נאַטור פון אַלע בונדיסטן.

די וויכטיקסטע פון אַלע פּראָגעס איז איצט געווען דאָס גרייטן זיך צו די וואַלן אין דער צווייטער „דומע״ — אַזוי האָט אַבראַם באַ־ריכטעט.

— די ערשטע דומע האָבן די רעוואָלוציאָנערן באָיקאָטירט. אין דער איצטיקער דומע, ווידער, נעמען מיר אַן אַקטיוון אָנטייל. פאַרוואָס דעמאָלט ניט און איצט יאָ? ווענן דעם איז פאַראַן אַ סך צו ריידן.

און אַבראַם האָט דאָס אַלץ קלאָר געמאַכט: „צו זיין אַ קאַנדידאַט אין דער דומע האָט מען באַדאַרפט האָבן אַ „צענז״, אַ הויז אַן אייגענע,

אַ שטענדיקע דירה, אָדער אַ פּאַרמעגן. די רעוואָלוציאָנערע טוער, וואָס האָבן מערער געלעבט אומלעגאַל, האָבן אַזוינס ניט געהאַט און האָבן דערפאַר ניט געקענט אויסגעקליבן ווערן. אַזוי האָבן אויך אַר־בעטער, לויטן וואַל־געזעץ, געקענט שטימען נאָר די וואָס האָבן גע־אַרבעט אין די גרויסע פאַבריקן און זאַוואָדן. די יידישע אַרבעטער, וואָס זיינען צעוואָרפן איבער די קליינע וואַרשטאַטן, האָבן כמעט קיין וואַל־רעכט ניט געהאַט. אויך האָט מען נאָך דעמאָלט געהאָפט אויף אַ נייעם רעוואָלוציאָנערן אויפברויז, וואָס וועט ברענגען דעם לאַנד אַן אמת דעמאָקראַטישן פּאַרלאַמענט.

„פון דעמאָלט אָן האָט זיך די לאַגע אַ סך געביטן. דער אינ־טערעס צו די וואַלן איז ביי אַלעמען פאַרשטאַרקט געוואָרן. די רעדעס פון די דעפּוטאַטן אין דער ערשטער דומע האָט אויפגערודערט דאָס לאַנד. די דומע איז איצט געוואָרן דער צענטער פון פּאָליטישן לעבן אין לאַנד.

„עס איז אונזער חוב אויסצונוצן די אָפענע טריבונע און רעדן צום גאַנצן פאָלק." האָט אַבראַם געזאָגט. „דעם רעוואָלוציאָנערן פּעריאָד דאַרף מען רעכענען פאַר געענדיקט. מיר טרעטן איצט אַריין אין פּאַרלאַמענטאַרישן פּעריאָד."

אַבראַם האָט זיך געמיט רעדן זאַכלעך און געלאַסן. און אין גאַנצן איז ער געווען איינגעהאַלטן און מיט גוטע מאַניערן. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ פיינעם גאַרניטער, אַרום האַלדז אַ הויכן קאָל־נער און אַ שיינעם שניפּס און מיט ווייסע מאַנזשעטן ביי די אַרבל. מען קען זאָגן, אַז ער איז געווען פּראַנטיש אויסגעפּוצט. נאָר אַז מען האָט זיך גוט צוגעקוקט צו אים, האָט מען געקענט דערקענען דעם אַלטן, גוטן בונדיסטישן טוער — פּאַריאָכט און פאַרהאַוועט אין קאַמף און אַז ער האָט זיך דאָס בכיוון אויסגעפּוצט אַזוי צוליב דער נייער צייט וואָס פּאָדערט פון אַ טוער אַז ער זאָל אַרויסגיין מערער אין דער וועלט.

צייטן זיינען איצט געווען שווערע פאַרן „בונד". אַלע נייע פּראַגעס זיינען אויפגעקומען אין טאָג־טעגלעכן לעבן. ביז איצט איז דער „בונד" געווען די איינציקע פּאָליטישע פּאַרטיי אין יידישן לעבן. מיט זיינע רעוואָלוציאָנערע טאַטן האָט דער „בונד" געהאָלפן אויס־קעמפן פרייהייטן און רעכטן פאַרן גאַנצן יידישן פאָלק. איצט זיינען אויפגעקומען אַנדערע פּאַרטייען, בורזשואַזע און ליבעראַלע. די ציו־ניסטן האָבן אויך גענומען פּאָליטיש זיך אָרגאַניזירן. מען האָט געמוזט דאָס אַלץ די אַרבעטער דערקלערן, דורכפירן די ליניע...

נאָך אַבראַמס רעדע האָבן, ווי דער שטייגער איז, באַלד זיך אָנ־געהויבן די פּראַגעס. זלאַטקע האָט באַוואונדערט אַבראַמען. עס זיי־נען דאָך פאַראַן טוער, וואָס האָבן די אַרבעט אין דער אָרגאַניזאַציע

ניט איבערגעריסן. זי האָט זיך געפילט שטאַרק שולדיק. עס איז איר געקומען אויפן זינען, ווי פריער פלעגט זי זיך אין יעדער נייער אַרבעט אַריינוואַרפן מיט ענערגיע, מיט באַגייסטערונג. זי האָט דעמאָלט גע־פילט אויף זיך אַ גרויס אַחריות און צו איבערגעגעבנהייט איז גאָר קיין גרענעץ ניט געווען. נאָכאַמאָל אַזוי זיין וואָלט זי איצט ניט געקענט...

עס איז געווען ווי זי וואָלט צופיל כוחות פאַרווענדט דעמאָלט און עס איז אין איר שוין גאָרניט געבליבן פאַר היינט. אָדער ס'איז אפשר דערפאַר וואָס די וואָכעדיקייט איז אַריינגעטראָטן? ניט גוט איז צו זען ווי נאָך אַ צייט פון געהויבענעם קאַמף, פון גרויסע העלדיש־קייטן, קומען וואָכעדיקע, פראַקטישע טאָטן. ניט אַזוי האָט זי זיך דאָס אַלץ פאָרגעשטעלט די ווירקלעכקייט איז אַזוי אַנדערש. קיין זאַך איז ניט ווי זי האָט זיך פאָרגעשטעלט. עס מוזן אַנדערע מענטשן קומען דעם אידעאַל צו פאַרווירקלעכן. ניט זי איז צו דעם באַרופן, ווייזט אויס.

זי האָט זיך געפילט שולדיק אַנטקעגן די חברים, די טוער. וואָס וואָלט אסתר געזאָגט, ווען זי ווייס אירע געדאַנקען? ווי וואָלט שמואל אויף איר געקוקט? עס איז נאָך גוט וואָס געדאַנקען קען מען פאַר־באַהאַלטן, אַז קיינער זאָל ניט וויסן וועגן וואָס דו טראַכסט...

אַבראַם האָט איצט גערעדט וועגן דער פראַקטישער אַרבעט. דער „בונד" האָט אַרויסגעשטעלט זיינע אייגענע קאַנדידאַטן צו דער דומע. מען מוז דערקלערן דעם ברייטן עולם די בונדישע פּלאַטפאָרם דורך גרויסע, אָפענע פאַרזאַמלונגען. און אויב אַפילו אַ בונדישער קאַנדידאַט וועט ניט דורכגיין, וועט דאָך דער נוץ פון דער אַגיטאַציע זיין גרויס. אונזערע צילן וועלן אַריינדרינגען טיפער אין די ברייטע מאַסן.

אין בערעזע האָט שוין דעמאָלט געהאַט זיך פאָרמירט אַ וואַל־קאָמיטעט פון כלל יידן צו אַגיטירן פאַר זייערן אַ קאַנדידאַט. עטלעכע ליבעראַלן פון די פּני זיינען דאָרט געווען די פירער, צווישן זיי סאָלאָמאָן לוריע, סאָניעס טאַטע. האָט מען זיך דאָרט דערוואוסט, אַז אַ בונדישער פאָרשטייער איז געקומען צופאָרן. און אויף מאָרגן איז אַבראַם איינ־געלאַדן געוואָרן צו אַ פאַרזאַמלונג, צו באַקענען זיך מיט דער בונדי־שער פּלאַטפאָרמע. עס קאָן זיין, אַז סאָניע לוריע האָט געהאַט אַ האַנט אין דעם. נאָר אַבראַם האָט די איינלאַדונג אָנגענומען. עס איז אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי דערלויבט געווען צייטווייליקע אָפּ־מאַכן מיט ליבעראַלע, דעמאָקראַטישע גרופּעס צו קעמפן צוזאַמען קעגן דער זעלבסטהערשנדיקער רעגירונג.

ביי לוריען אין שטוב, אין גרויסן זאַל, איז די פאַרזאַמלונג געווען. עס איז אין יענעם אָוונט געווען דאָרט אַ גרויסער עולם און צווישן זיי, אַלע חברים פון דער אָרגאַניזאַציע. עס זיינען געווען צעשטעלט אַ סך שטולן אין רייען, ווי אין אַ טעאַטער, און אויבן אָן אַן אָרט פאַר

דעם רעדנער, מיט אַ הויכן טישל אויף אָנשפּאַרן זיך. סאָניע לוריע האָט דאָ אַרומגעפּלאַטערט איבערן צימער, אָנגעוויזן יעדערן אַן אָרט וואו זיך צו זעצן. אַזוי אויך האָבן אירע טאַטע־מאַמע אויפגענומען די געסט מיט אַ שמייכל פון ווילקאָמען.

סאַלאָמאָן לוריע איז געווען אַ הויכער און אַ גלייכער, מיט אַ שטאַלטנער פיגור. ער האָט געטראָגן פּענסנע אויף אַ שוואַרצן שני־רעלע און די באָרד פאַרשאָרן לענגלעך און שמאָל, און דאָס האָט אים געגעבן אַן אויסזען פון אַ רוסישן אינטעליגענט מיט אַ ביסל אַ צע־טראָגענעם אויסזען. ער איז געווען אַ פּאָדריאַטשיק ביי „קאַזנאַ." ער האָט צוגעשטעלט פּראָוויאַנט פאַר דעם פּאָלק סאָלדאַטן, וואָס איז געשטאַנען איינגעקוואַרטירט אין אַ געגנט ניט ווייט פון בערעזע. ער האָט זיך געקענט גוט מיטן וואָיעוועם נאַטשאַלניק און מיטן גובערנאַטאָר אַליין און ער האָט גערעדט מיט אַ שיינעם, קלינגענדיקן רוסיש.

סאַלאָמאָן לוריע האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ ליבעראַל. און ער האָט ליב געהאַט אַ שמועס צו טאָן מיט אַ סאָציאַליסט און מיט ציפערן און מיט געאָגראַפיע אים דערוויזן, ווי גרויס און מעכטיק רוסלאַנד איז און אַז קיין רעוואָלוציאָנערע איבערקערעניש וועט דאָ קיינמאָל ניט קענען זיין...

צווישן די אָנגעזאַמלטע געסט האָבן זיך דאָ געזען עטלעכע פון די פּני. דער דאָקטאָר ראָזענפעלד, אַ פולער און אַ קיילעכדיקער, מיט אַ גרויסן, קיילעכדיקן קאָפּ אויף אַ קורצן האַלדז. ער האָט גערעדט מיט אַ כריפּקען און בייזן קול. נאָר אַלע האָבן געוואוסט, אַז ער איז גוטהאַרציק און ביי אַן אָרעמען חולה נעמט ער ניט קיין געלט און ער לאָזט נאָך איבער אַ מעדיצין אין אַ פלעשעלע, וואָס ער טראָגט מיט זיך אין זיין דאָקטאָרשן טשעמאָדאַנטשיק.

עס איז דאָ געווען יאָסיף גראָדזינסקי, דער אַפּטייקער, וואָס אין בערעזע האָט מען אים ניט ליב געהאַט דערפאַר וואָס ער בלאָזט צופיל פון זיך און וואָס ער דערקענט ניט קיין מענטשן ווען עס לוינט זיך אים אַזוי. מען האָט אויף אים געזאָגט, אַז ער וויל קיינמאָל קיין יידיש וואָרט ניט אַרויסרעדן און אַז ער חברט זיך נאָר מיטן סודיאַ, מיטן פּאָטשטמייסטער און אַפילו מיטן גלח.

עס איז אַפילו געקומען צוגיין די אַלטע בלומע־פייגע פון מיל, אַ פרומע, אַ צדקניות. זי איז געווען באַוואוסט מיט דעם וואָס זי טוט אויף אַ סך פאַר מענטשן, וואָס זיינען אין נויט. בלומע־פייגע האָט געהאַט אַ סך גוטסקייט אין זיך. טאָמער האָט אַ יידן אויסגעפּעלט אויף שבת און ער האָט זיך געשעמט אָנקומען צו פרעמדע, האָט שוין בלומע־פייגע פון דעם געוואוסט און זי האָט אַריינגעבראַכט צו דעם יידן אין שטוב אַלץ וואָס ער האָט באַדאַרפט. צו אַ קימפּעטאָרין אַן אָרעמער האָט זי געבראַכט אַ טעפּעלע הינערשע יויך, וואָס זי אַליין האָט אויס־

געקאָכט ביי איר אויפן פּליטע. דינסטמיידלעך און אַזוי אָרעמע כּלות האָבן ביי איר איינגעלייגט געלט וואָס זיי האָבן געקליבן אויף נדן.

בלומע־פייגע אַליין איז שוין געווען אַן אַלטע יידענע. זי האָט גע־טראָגן איר פּאַרוק ביז צו די אויגן. נאָר איר טראָט איז געווען מונטער און רירעווודיק; אַ יונגע נשמה, און מיט אַ ליכטיקן שמייכל אויפן פּנים. אַז זי האָט זיך באַוויזן אין אַ נגידישער שטוב, האָט מען שוין געוואוסט נאָך וואָס זי איז געקומען, און דער קאַרגסטער האָט געעפנט זיין האַנט און געגעבן צדקה. דאָ, ביי די לוריעס אין שטוב, האָט זי מיט אַלעמען זיך געקענט און מיט יעדערן האָט זי געהאַט אַ וואָרט אַרויסצורעדן און אַפילו זיך אַ וויצל טאָן.

נאָר דער גאַנצער גרויסער עולם איז דאָ געווען אַ פּשוטער: באַלמעלאָכעס און קרעמער און אַזוי באַלעבאַטישע יידן. און פאַר זיי האָט איצט אַבראַם גערעדט. ער האָט צעגלידערט די איצטיקע פּאָ־ליטישע לאַגע אין לאַנד און ער האָט באַוויזן פאַרוואָס מען דאַרף שטימען פאַר אַ בונדישן קאַנדידאַט. דער „בונד", מיט זיין סאָציאַ־ליסטישער און נאַציאָנאַלער פּראָגראַם, פאַרטרעט אויך די אינטערעסן פון די ברייטע, אָרעמע יידישע מאַסן און אַז די דומע — דאָס איז דער ערשטער רוסישער פּאַרלאַמענט, נאָך הונדערטער יאָרן פון זעלבסטהערשנדיקער מאַכט.

אַבראַם האָט גערעדט אויף רוסיש, נאָר זיין רעדע האָט געהאַט אַ געשמאַקן יידישן טעם, איז געווען קלאָר און זאַכלעך, ווי נאָר אַ בונדיסט האָט געקאָנט רעדן, און נאָך צוגעפּראַוועט מיט אַ משל און מיט אַ וויץ, און דער עולם האָט גרויס הנאה געהאַט. אַבראַם האָט נאָך ניט באַוויזן ענדיקן זיין רעדע, ווי לעבן אים האָט זיך אויפגעשטעלט איינער אַ בחור און ער האָט אָנגעהויבן רעדן אַנטקעגן „בונד":
„דער „בונד" האָט ניט אין זינען די אינטערעסן פון יידישן פאָלק. דער „בונד" איז ניט גענוג נאַציאָנאַל. ער איז אַסימילאַטאָריש און אינטערנאַציאָנאַל".

דער בחור, דאָס איז געווען בערל רייצעס, דער עסעסאָוועץ. וויניק מענטשן האָבן אים דאָ געקענט. ער איז געווען אַ הויכער און אַ דאַרער, מיט אַ לאַנגן נאָז און גרויסע, אָפּגעשטאַנענע אויערן, מיט בלויע, וואַסערדיקע אויגן; אַן אומרואיקער און אַ צאַפּלדיקער, ווען ער האָט גערעדט.

אין דער היגער בונדישער אָרגאַניזאַציע האָט מען בערל רייצעסן גוט געקענט. און ניט איינמאָל האָט מען שוין געהאַט צוזאַמענשטויסן מיט אים. די עס־עסאָווצעס זיינען געווען אַזוי קליין אין צאָל, אַז מען האָט זיי געקענט ציילן אויף די פינגער. אָבער טומל האָבן זיי גע־קענט מאַכן אַ סך. בערל רייצעס פלעגט קומען אויפן דאַמבע, וואו

די בונדישע בירזשע איז געווען, און מיט זיינע טענות האָט ער געוואָלט אָפּציען מיטגלידער פון „בונד". זיי צו באַקעמפן איז נאָך געווען גרינגער, ווי די פּועלי־ציון.ביידע פּאַרטייען האָבן דאָך וועגן זיך געזאָגט, אַז זיי זיינען סאָציאַליסטן, נאָר דער אמתער קאַמף וועט זיך ערשט אָנהויבן אויף אַן אייגענער טעריטאָריע. נאָר די פּועלי־ציון האָבן כאָטש געהאַט אַ פּונקט וואוהין צו שטרעבן — קיין ארץ ישראל. אָבער די עס־עסאָווצעס האָבן געהאַט הוילע טעאָריעס, געבויט אין דער לופטן. אָשר מינסקי, וואָס איז געווען גוט אין אויסגעפינען ביי אַ קעגנער זיין שוואַכן פּונקט, פלעגט אים, בערל רייצעסן, צעקלאַפּן איינס און צוויי...

ווי אַלעמאָל, איז בערל רייצעס איצט אין זיין רעדע געווען זייער פּאַרביסן און ער האָט זיך שטאַרק געקאָכט. ער האָט גערעדט אַזוי גיך, אַז מען האָט קוים געקענט כאַפּן דעם מיין. עס האָבן זיך נאָר געהערט די ווערטער „פּראָלעטאַריזאַציע", „עמיגראַציע", „אַסימילאַ־ציע". מער ניט. דער פרעמדער עולם האָט נאָר געהויבן מיט די אַקסלען. מען האָט נאָר אַרויסגעזען איין זאַך — די „חברה" קריגט זיך אַרום צווישן זיך, וואַרפן איינע די אַנדערע אַראָפּ. אַבראַם האָט נאָך בערל רייצעסן ווידער גערעדט. און זיינע ענטפערס זיינען געווען שאַרף און צום פּונקט. נאָר דער גאַנצער גרויסער עולם, די באַלמעלאָכעס און די קרעמער און גלאַט אַזוי באַלעבאַטישע מענטשן, וואָס האָבן ליב גע־האַט גלויבן יעדערן וואָס האָט זיך נאָר אויפגעשטעלט ריידן, איז אַוועק מיט צעמישטע געדאַנקען. און יענער אָוונט, קען מען זאָגן, האָט זיך פאַרענדיקט מיט גאָרנישט.

# קאַפּיטל צוויי און דרייסיק

אַבראַם, דער פאַרשטייער פון קאָמיטעט, איז אַוועקגעפאָרן. און ווידער זיינען געווען אומעטיקע טעג פאַר זלאַטקען. דאָס וואָס זי איז געווען אין די גרויסע שטעט האָט, ווייזט אויס, ניט געטאָן איר קיין גוטס. זי איז ווי אַרויסגעריסן געוואָרן מיטן וואָרצל פון היגן לעבן און שווער איז איר געווען איינצופלאַנצן זיך דאָ צוריק. די מאַמע זלאַטקעס האָט אַ באַזאָרגטע זיך איינגעקוקט אין איר טאָכטערס פּנים:

— כ׳האָב מורא, דו ביסט גוט קראַנק. — האָט זי איר געזאָגט.

זי איז שוין צו איר ניט צוגעשטאַנען, אַז זי זאָל אָנהויבן עפּעס טאָן, ווערן שותּפות מיט שרהקע דער שוואַרצער, ווי זי האָט עס פריער פאַר איר געפּלאַנט.

זלאַטקען אַליין האָט זיך גאָרניט געגלוסט עפּעס אונטערנעמען צו טאָן און איינזעצן זיך אויף אַלעמאָל דאָ אין שטעטל. עפּעס וועט נאָך מיט איר פּאַסירן. אויף וואָס האָט זי געוואַרט, זלאַטקע? מען האָט איר איבערגעגעבן, אַז זאַוול וואוינט שוין צוריק אין זיין אויבער־שטיבל. ער קומט זיך ניט זען מיט איר. פאַרפאַלן...

אין שטעטל האָבן די מיידלעך אַ סך גערעדט צווישן זיך וועגן זלאַטקען:

„זי וועט נאָך ערגעץ ווידער אַוועקפאָרן. איר וועט זען!..“

„פאָרן? גייט שוין גייט. זי האָט זיך שוין גענוג אָפּגעבריט מיט איר אַרומפאָרן“...

„פאַרוואָס טוט זי ניט קיין שידוך? אין בערעזע זיינען נאָך פאַראַן גענוג בחורים“.

„ווער זאָגט דען, אַז ניט, אָבער זלאַטקע, איר שפּילט זיך מיט איר!“.

זינט פון יענער פאַרזאַמלונג ביי די לוריעס אין שטוב האָבן אַ סך פון די בונדישע חברים אָנגעהויבן קומען צו די לוריעס פאַרברענגען דאָרטן אַן אָוונט. מען האָט דאָרטן אַלעמאָל געקענט טרעפן נייע מענטשן. עס איז דאָרטן געווען, וואָס מען רופט, אַן אָפענע שטוב. סאלאָמאָן לוריע איז צוליב זיינע געשעפטן אָפט אין דער היים ניט געווען. געפירט די הויז האָט מאַדאַם לוריע, סאָניעס מאַמע, געפירט מיט אַ שטאַרקער

און שטרענגער האַנט. נאָר צוליב אירע פיינע און ווייכע מאַניערן האָט זיך די שטרענגקייט אירע ניט אָנגעזען.

די לוריעס אַליין זיינען געווען אַ גרויסע משפחה. אַלע קינדער גוט אויסגעכאָוועטע, געצערטלטע און לוסטיקע. דאָ אין שטוב האָט נאָך געגאָלטן דער באַגריף וועגן דער גאַנצקייט פון דער משפחה, וואָס די מאַדאַם לוריע האָט געשטעלט העכער פון אַלץ: „קינדערלעך", — האָט זי ליב געהאַט זאָגן צו אירע זין און טעכטער, — „איר קענט זיך טאָן וואָס איר ווילט, נאָר איך זאָל דערפון וויסן"... איז אימיצער פון די קינדער געגאַנגען ערגעץ פאַרברענגען, איז מען שוין געוואוינט געווען אויף מאָרגן ביים טיש פון דעם אַלעמען דערציילן. די מערסטע פון די לוריעס קינדער זיינען שוין געווען אויסגעגעבענע. נאָר אויך זיי האָבן געקלעפּט צו דער היים, און ביים טיש זיינען אָפט געזעסן מער ווי אַ צענדליק מענטשן — איידעמס, און שניר, און שוועגערינס, און שוואָגערס...

סאָניע איז געווען די יינגסטע פון די קינדער, אַ געבאַלעוועטע און אַ נאָכגעגעבענע. זי האָט דאָס די ערשטע אַריינגעבראַכט אַהער אין שטוב בחורים אין רוסישע רובאַשקעס, אָן היטלען און מיט די הויכע קוטשמעס האָר, און מיידלעך שניידערקעס און נייטערקעס. אָשר מינסקי איז שוין פון לאַנג־אָן געווען דאָ אַן אָפטער איינגייער, און לייבעלע יודקאָווסקי איז אויך דאָ באַלד היימיש געוואָרן און מיט יעדערן פון די לוריעס געשפּאַסט און זיך געוויצלט.

עס האָבן זיך צוריקגעקערט קיין בערעזע אַ סך יונגעלייט, וואָס האָבן זיך געלערנט אין די גרויסע שטעט. יעדערער פון זיי האָט עפּעס אַ שייכות געהאַט צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. זיי זיינען אַלע געווען אידעאַליסטיש געשטימט. זיי האָבן פון דער רוסישער רע־וואָלוציע געהאָפט גרויסע זאַכן. און איצט... אין די אוניווערסיטעטן איז די פּראָצענט־נאָרמע ווי געווען, און די „טשערטאַ אָסעדלאָסטי" איז אויך געבליבן די זעלבע וואָס געווען. דער וואָרעם פון צווייפל האָט זיך פאַרקליבן אין די הערצער ביי יעדערן פון זיי. ביי לוריען אין שטוב האָט מען געקענט געפינען אַטמאָספערע; געווען זיינען אָוונטן פון לייענען און דעקלאַמירן לידער פון רוסישע שרייבער: פון נאַדסאָן, נעקראַסאָוו, און „דער שטורעם־פויגל" פון מאַקסים גאָרקי. סאָניע האָט דאָס אָנגערופן ליטעראַרישע אָוונטן. און אַלע מאָל האָט פריידלס זינגען צוגעגעבן קאָליר און גלאַנץ צו אַזאַ אָוונט.

עס איז געקומען צופאָרן יאַשאַ גרינבערג, דער סטודענט; האָט ער אויך באַלד געפונען דעם וועג צו די לוריעס אין שטוב. יאַשאַ איז געווען דער זון פון היגן הורט־סוחר. דער טאַטע האָט זיין זון געשיקט אין פּעטערבורג שטודירן. איז ער דאָרטן געוואָרן אַ רע־וואָלוציאָנער, און ער איז דערנאָך פאַרשיקט געוואָרן אין סיביר.

אין בערעזע האָט מען פון יאַשאַ גרינבערג אַ סך גערעדט. אַ בחור האָט זיך אויפגעהאָדעוועט אין ווילטאָג, האָט איבערגעלאָזן זיין איינגעפונדעוועטע היים, זיין קאַריערע און איז אַוועק צו די סאָציאַליסטן. יאַשאַ גרינבערג האָט פון קינדווייז־אָן אַרויסגעוויזן געוואַלדיקע פעאיקייטן. אין גימנאַזיע האָבן זיינע קאָמפּאָזיציעס וועגן פושקינען געהאַט אַ נאָמען. שפּעטער איז זיין באַליבטער קורס געוואָרן „סלאַוועסנאָסט", די רוסישע ליטעראַטור. ער האָט די שפּראַך געשליפט און פאַרפיינערט. ער האָט געוואוסט די וויכטיקייט פון אַ גוטן אויסדרוק, און ער האָט אויסגעשטודירט אַלע קוואַלן פון דער רוסישער ליטעראַטור אַזוי גרינדלעך, אַז ער האָט געמאַכט זיינע לערער זיך צו וואונדערן אויף אים.

ביי יאַשאַן איז נאָך ביז היינט פאַרבליבן אַ ליבשאַפט צו אַלץ, וואָס איז רוסיש. ער האָט דאָרטן אין סיביר זיך צונויפגעטראָפן מיט אַ גרופּע „איסקראָווצעס", און ער איז אַליין אויך געוואָרן אַ הייסער איסקראָוועץ. ער איז עפּעס אינגאַנצן פאַרגויישט געוואָרן. און אַז מען האָט אים דאָ ביי די לוריעס אין שטוב געפרעגט, וואָס איז זיין מיינונג וועגן „בונד", האָט ער אָפּגעענטפערט:

— איך בין אינטערנאַציאָנאַל.

דער ערשטער צוזאַמענשטויס צווישן אים און אָשר מינסקין איז דאָ געווען אין איינעם אַן אָוונט, ווען זיי האָבן זיך צערעדט וועגן דער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם פון „בונד". יאַשאַ האָט געענטפערט, אַז פאַר אים עקזיסטירט ניט קיין יידישע נאַציאָנאַלע פּראַגע. די רעוואָלוציע וועט באַפרייען אַלע פעלקער און וועט אָפּווישן אַלע נאַציאָנאַלע גרענעצן.

אָשר אַליין האָט זיך גאָר געראַנגלט מיט זיינע ציוניסטישע שטימונגען. פאַר אים איז די נאַציאָנאַלע פּראָגראַם פון „בונד" ניט געווען גענוג, און דאָ קומט אַ ייד און זאָגט: ער איז אינטערנאַציאָנאַל...

— דאָס קלינגט ווי חוזק! — האָט אָשר גערעדט מיט ביטערקייט.

— דער מענטש האָט פאַר די לעצטע פאַר יאָר גאָרניט געלערנט...

די אַנדערע בונדיסטישע חברים האָבן געקוקט אויף יאַשאַן ווי אויף אַ בייז־וואונדער. אָט דאָס איז ער, אַן איסקראָוועץ, איינער פון די „בונד"־פּרעסער. ער רעדט אין נאָמען פון רוסישן פאָלק. ער איז עפּעס יע אַ ייד און ניט קיין ייד. יאַשאַ אַליין האָט זיך אויך דערפילט דאָ אָפּגעפרעמדט, ווי אַ גר. אין די היציקע דיסקוסיעס איז ער געבליבן אַליין אויפן פעלד, און אַלץ פאַרעקשנטער און שאַרפער איז געוואָרן זיין מיינונג:

— די יידן האָבן ניט קיין אַלגעמיינע אינטערעסן. עס זיינען נאָר פאַראַן קלאַסן...

ער האָט גערעדט פאַרביסן און צעווייטיקט פון דעם, וואָס מען

פאַרשטייט אים ניט. און דאָס האָט זיך אַנגעזען אויף זיין דינעם פּנים, מיט די גרויסע, טונקעלע אויגן.

זלאַטקען האָבן די דיסקוסיעס דערמאָנט אָן אַנדערע צייטן, גע־הויבענע און שיינע צייטן ביי מאַטעסן אין שטוב. עס איז איר שווער געווען פון דעם איצט צו טראַכטן. זי האָט געפרעגט ביי לייבעלע יודקאָווסקי, וואָס איז געזעסן לעבן איר, וואָס איז זיין מיינונג וועגן דער פראַגע.

לייבעלע האָט זיך פון דער דיסקוסיע געלאַנגווייליקט, און ער האָט ווי אַלעמאָל, געענטפערט מיט אַ גרינגן געמיט. ער האָט איר נאָך געגעבן אַ משל מיט אַ פלאַנץ:

— איר זעט אַמאָל אין גאָרטן אַ רעטעך צי אַן אוגערקע, וואָס האָט זיך צופיל צעוואַקסן. עס גייט אַוועק אין זריעה און ברענגט שוין קיין נוצן ניט. אַזוי איז מיט די דיסקויסעס — זיי פירן צו גאָרניט.

לייבעלע יודקאָווסקי האָט אין יענע טעג גאָר עפּעס אַנדערש גע־האַט אין געדאַנק. אין ברעזע זיינען אַראָפּגעקומען אַ טרופּע אַקטיאָרן, רוסיש־אוקראַיִנישע. ער האָט געגומען צורעדן אַלעמען מען זאָל גיין זען זייער שפּילן. עס איז געוואָרן אַ גרויסער גערודער ביים גרייטן זיך צו גיין צו דער פאָרשטעלונג. לייבעלע יודקאָווסקי האָט פאָרגעלייגט, אַז כדי עס זאָל קיין סך ניט קאָסטן, זאָל מען זיך אויפלעגן מיט געלט און מיט דער גאַנצער סומע קומען צום טיר פון טעאַטער, וועט דער מענטש וואָס ביים טעאַטער אַריינלאָזן אַלעמען הורטאָם... יעדערער האָט געגעבן וויפל מען האָט געקענט. שמואל דער זייגערמאַכער האָט דער לעצטער אויסגעציילט זיינע פּאָר קאָרגע גראָשן און געגעבן עס לייבעלען אין האַנט.

עס איז געווען אין ברעזע אַ „נאַראָדני דאָם“, אַ טיי־הויז, וואָס די רעגירונג האָט איינגעאָרדנט פאַר די רוסן צו קומען אַהין פאַר־ברענגען ביי אַ גלעזל טיי. עס האָט דאָרטן מער געפּוסטעוועט. און דאָרטן האָט די טרופּע אַקטיאָרן איינגעאָרדנט זייער פאָרשטעלונג. דער זאַל איז געווען געפּאַקט מיט מענטשן. מען האָט געשפּילט „נאַ־טאַלקאַ פּאָלטאַווקאַ“, און דער ברעזער עולם האָט זיך געקוויקט און הנאה געהאַט פון די אוקראַיִנישע לידער, פון די טענץ און די שיינע קאָסטיומען. און מער פון אַלעמען האָבן זייער הנאה אַרויסגעוויזן די חברים־רעוואָלוציאָנערן. צעפלאַמטע און באַגייסטערטע האָבן זיי אַ סך מאָל אַרויסגערופן די שפּילער. די טרופּע וואַנדערנדיקע אַקטיאָרן האָבן מסתמא אין ערגעץ ניט געהאַט אַזאַ הייסע אָפּשאַצונג, ווי דאָ. עס איז גאָר אַ סברא, אַז זיי זיינען אַלע געווען יידן, נאָר געזונגען האָבן זיי גוט.

פריידלען, דעם וואַסער־טרעגערס, האָט די פאָרשטעלונג דערמאָנט אָן די פריילעכע טעג אירע אין קיעוו. זי האָט פון גרויס געפיל גאָר

געשוויגן שטיל. און זיצנדיק לעבן זלאַטקען האָט זי נאָר אַלע ווײַלע איר אַ דריק־געטאָן ביי דער האַנט.

זלאַטקע האָט געטראַכט: „זאָוול, ער האָט דאָ באַדאַרפט זיין. פאַרוואָס איז ער דאָ ניטאָ?..."

נאָך יענער פאָרשטעלונג אין טעאַטער זיינען אַלע ווי אָפּגעפרישט געוואָרן, די אָוונטן ביי לוריען אין שטוב זיינען געוואָרן פריילעכע. מען האָט נאָכגעמאַכט די אַקטיאָרן, נאָכגעזונגען זייערע לידער. איין אָוונט האָט מען זיך פאַרקליבן אין זאַל און געשפּילט אין „פאַנדן". עס איז געווען אַזוי, אַז ווער עס האָט זיך פאַרזינדיקט, האָט יענעם גע־קומט אַ שטראָף. לייבעלע יודקאָווסקי איז געווען דער ריכטער. ער האָט צוגעפּסקנט ביילקען דער פּריקאַזטשיצע, אַז זי זאָל אַ קוש טאָן אַ בחור, וועמען זי וועט אויסקלייבן.

— שמואלן, שמואל דעם סופר! — האָבן זיך דערהערט קולות.

ביילקע האָט אַרויסגעלאָזן אַ קוויטש, און שמואל האָט זיך פאַר־שטעלט דאָס פּנים מיטביידע הענט און ער האָט זיך געבעטן:

— ניין, ניין, ניט מיר!

און אַלע האָבן האַרציק געלאַכט.

אין אַן אַנדער אָוונט האָט די חברה געשפּילט אין „פּאָטשט". איינער אַ בחור, דער „פּאָטשטאַליאָן", איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ פולער היטל בריוועלעך און אויסגעטיילט יעדערן לויט דעם אַדרעס. סאָניע לוריע, די ייִנגסטע פון אַלע מיידלעך דאָ, האָט אַריינגעקראָגן מער פון אַלעמען בריוועלעך. מיט אירע גלאַנציקע קאַרשן־אויגן און ווייסן פּנים, און די צוויי צעפּ אַראָפּגעלאָזן לאַנג איבער דער פּלייצע, איז זי געווען זייער צערודערט. זי האָט דערהאַלטן אַ שלעכטן בריוועלע. זי האָט געקוקט בייז אויף לייבעלע יודקאָווסקין, געגעבן אַ צעררייס דעם ברי־וועלע און באַלד זיך גענומען שרייבן אַן ענטפער. זלאַטקע האָט אויך געקראָגן אַ סך בריוועלעך. אָט איז איינער וואָס האָט זיך געלייענט אַזוי:

„דיר איז, ווייזט אויס, באַשערט צו הויבן זיך און צו פאַלן. איז אויב פאַלן, ווינטש איך דיר פון וואָס אַ גרעסערע הויך"...

„דאָס איז אָשר מיט זיינע פילאָסאָפיעס", האָט זלאַטקע מיט פאַר־דראָס אַ טראַכט געטאָן. און זי האָט צעריסן דעם בריוועלע אויף פּיק־פּיצלעך.

איינמאָל אין אַזאַ אָוונט האָט זיך זאָוול באַוויזן דאָ, ביי לוריען אין שטוב. ער איז ביי טאָג געווען ביי שרהקען דער שוואַרצער אין שטוב. האָט זי אים געזאָגט, אַז אַלע וועלן אין אָוונט זיין ביי די לוריעס, איז ער אויך געקומען. ער איז געווען אָנגעטאָן גאָר לייטיש, מיט דער טשופּרינע האָר פיין צוגעקאַמט און זיין קורטקע פאַרשפּיליעט אויף אַלע קנעפּלעך. צאַלקע ווייסענבערג, זיין גוטער חבר, איז דאָ אויך

פונקט היינט געווען. און ביידע האָבן זיך שטאַרק דערפרייט איינער מיטן אַנדערן.

סאָניע לוריע האָט זאַוולען געקענט פון זען אים אַ פּאָר מאָל ביי שרהקען אין שטוב. זי האָט באַלד געגעבן אים אַן אָרט וואו צו זיצן. זי האָט פון טיש גענומען אַ פלעשל ווישניק, אָנגעגאָסן אַ גלעזעלע און צוגעטראָגן עס צו זאַוולען, מיט קיכלעך צו פאַרבייסן. זאַוול האָט דעם ווישניק אויסגעטרונקען פאַר איין מאָל, ווי אַ דאָרשטיקער, אָדער ווי אויף צוגעבן זיך מוט.

ביי זלאַטקען האָבן אין יענעם אָוונט געביטן זיך די שטימונגען, ווי אָפט די לעצטע צייט. און זי איז געווען דאָ צופיל פריילעך, און דאָ אומעטיק און פאַרקלערט. זי האָט מיט אַנגסט זיך איינגעקוקט אין זאַוולס פנים. ער האָט געהאַט אַ הפקרדיקן אויסזען. אירע בליקן האָט ער אויסגעמיטן. „ער האָט עפּעס פאַרקלערט אָפּצוטאָן, זאַוול", האָט זלאַטקע אַן אומרואיקע געגעבן אַ טראַכט.

לייבעלע יודקאָווסקי איז יענעם אָוונט געווען באַזונדערס גוט אויפגעלייגט. ער האָט פון ערגעץ געפונען אַ לאַנגע פעלערינע, האָט עס אָנגעטאָן אויף זיך, מיט איין עק פאַרוואָרפן אויפן אַקסל, און אויסגעזונגען אַ ניגון פון עפּעס אַן אָפּערע. עס איז געוואָרן אַ געלעכטער. לייבעלע, דערמוטיקט פון זיין איינפאַל, האָט מיט די אויגן אַ זוך־געטאָן איבערן צימער, זיך אָפּגעשטעלט לעבן זלאַטקען און האָט זיך פאַר איר אַראָפּגעלאָזן אויף איין קני, מיט איין האַנט פאַרלייגט אויפן האַרצן און מיט דער צווייטער האַנט אויסגעשטרעקט אין דער לופטן, ווי אַן אמתער פאַרליבטער העלד פון אַן אָפּערע.

און זאַוול? זאָל דאָס אים אָנהויבן אַרן. ער איז נאָר געזעסן און געקוקט, און געשמייכלט אין זיך. שפּעטער אַ ווײַלע, אינמיטן פון דעם פריילעכן טומל, האָט זאַוול זיך אויפגעהויבן און ער איז צוגעגאַנגען צו לייבעלע יודקאָווסקין, וועלכער איז איצט געשטאַנען אין מיטן צימער. איין ווײַלע זיינען זיי געשטאַנען אַזוי, פנים לפנים, און זאַוול האָט אויפגעהויבן זיין האַנט און אַראָפּגעלאָזן לייבעלען אַ פּאַטש, שפּילעוודיק אַזוי, אָבער עס האָט פאַרקלונגען איבערן גאַנצן שטוב.

זלאַטקע האָט אַ ציטער געטאָן אינגאַנצן און זי האָט זיך פאַרשטעלט דעם פנים מיט ביידע הענט. דער פריילעכער טומל אין צימער האָט מיטאַמאָל אויפגעהערט, ווי אָפּגעשניטן מיט אַ מעסער. ווי אויסגעניכטערטע האָבן אַלע אייגע די אַנדערע זיך אָנגעקוקט. לייבעלע יודקאָווסקי, דער גיבור, האָט זיך ניט געכאַפּט צו זאַוולען שלאָגן. אַזוי אומגעריכט איז דער פּאַטש געווען, ווי אַראָפּגעפאַלן פון הימל, און ער איז געבליבן אַ צעטומלטער.

ווי צו פאַרטרייבן די מאָדנע שטימונג, האָט פריידל פאַרצויגן אַ ניגון פון עפּעס אַ רוסישן ליד, אָבער קיינער האָט איצט דעם ניגון

ניט אונטערגעהאַלטן, און פריידלס שטימע האָט געקלונגען מאָדנע אומעטיק און פאַרבענקט...

און זאַוול איז שוין ווידער געזעסן אויף זיין אָרט און גערויכערט. ער איז געזעסן רואיק, ווי אַ שווערע משא וואָלט אים אַראָפּ פון די פּלייצעס. ער האָט באַצאָלט אַ חוב, וואָס האָט שוין לאַנג פון אים געקומט, און ער איז געווען צופרידן און רואיק.

⁂

דאָס איז געווען אין איינעם אַן אָוונט. די נעענטערע חברים פון דער אָרגאַניזאַציע זיינען געזעסן אַלע ביי שרהקען דער שוואַרצער אין שטוב, אַלע פאַראומערטע און פאַרטרויערטע. אַן אומפאַרשטענדלעכע געשעעניש האָט פּאַסירט, וואָס האָט געמאַכט אַלעמענס הערצער אויפציטערן. אסתר דעם שוחטס, איינע פון די איבערגעגעבנסטע חברטעס אין דער באַוועגונג, האָט זיך גענומען דאָס לעבן. זי האָט זיך אַריינגעשאָסן אַ קויל אין שטערן, נאָענט צום אויג. דעם רעוואָלווער האָט זי נאָך געהאַט ביי זיך פון די צייטן, ווען זי האָט באַלאַנגט צום „באָיעוואָי אָטריאַד". ווען דער דאָקטאָר ראָזענפעלד איז געקומען צולויפן אויפן רוף, איז שוין אסתר געווען טויט. ער האָט נאָר אומעטיק געשאָקלט מיט זיין גרויסן קיילעכדיקן קאָפּ און ער איז געבליבן שטיין ווי פאַר אַ רעטעניש.

פריער ווי אַלעמאָל איז מען זיך היינט צונויפגעקומען צו שרהקען אין קאַמער. שווייגנדיק איז יעדערער באַזונדער געזעסן אין זיין ווינקל. די טרויעריקע געשעעניש האָט אַוועקגענומען ביי אַלעמען דעם לשון. די שטילקייט אַליין האָט יעדן איינעם שווער געדריקט אויפן געמיט. שרהקע די שוואַרצע האָט מיט אַ טיכעלע זיך געווישט די אויגן. זי איז דאָך געווען אַזוי ווי אַ מאַמע צו די אַלע חברים פון דער אָרגאַניזאַציע, און איצט איז איינע פון אירע „קינדער" אַוועק פון דער וועלט.

— ערשט מיט אַ פּאָר טעג צוריק איז זי נאָך דאָ געווען... — האָט שרהקע מיט דער האַנט אָנגעוויזן צו דעם ווינקל מיט דער פּאָליצע ביכער, וואו אסתר איז אַלע מאָל געוואוינט געווען צו שטיין.

וואָס האָט איר געקענט פירן צו אַזאַ שרעקלעכן טאַט? אסתר איז ביי אַלע חברים אין די אויגן געשטאַנען זייער הויך פאַר איר זיין איבערגעגעבן צו דער אַרבעט אין דער אָרגאַניזאַציע. בחורים האָבן אַפילו אין איר זיך געליבט, אָבער זי האָט זייערע פאַרליבטע בליקן ניט באַמערקט. זי איז שטענדיק געווען אַזוי ערנסט און שטרענג צו זיך און צו אַנדערע. עס האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט גאָר קיינמאָל יונג ניט געווען. אסתר האָט זיך קיינמאָל ניט געזאָרגט וועגן איר אויסזען און ניט וועגן איר אָנטאָן. שטענדיק אָנגעטאָן אין אַ לאַנגן

טונקעלן קלייד, מיט גרויסע שיך אויף נידעריקע קנאַפּל — אַ נאָנע. איר פיגור — דין און פלאַך, מיט שמאָלע אויגן, ווי ביי די כינעזער, און מיט אַ הויכן, פּוקאַטן שטערן.

קיין פערזענלעכער לעבן האָט איר ניט אינטערעסירט. איין גרויסע ליבשאַפט האָט איר פאַרכאַפּט אינגאַנצן — די ליבשאַפט צום אידעאַל. זי האָט די מענטשן אין דער אָרגאַניזאַציע צעטיילט אויף צוויי סאָרטן — אַזעלכע וואָס זיינען איבערגעגעבן צו דער באַוועגונג מיטן גאַנצן האַרצן, און אַזעלכע וואָס ניט. און נאָר פון די, וואָס זיינען איבערגעגעבן מיטן גאַנצן האַרצן, האָט זי געהאַלטן. גרויס עגמת־נפש האָט אסתר געהאַט, ווען זי האָט באַמערקט ווי אימיצער פון די חברים האַנדלט ניט ריכטיק, ער האַלט קיין וואָרט ניט, אָדער ער באַ־רימט זיך צופיל מיט זיין אויפטו. זי האָט אַזעלכע חברים שטרענג אויסגערעדט:

„איר טוט ניט גוט, חבר“, — האָט זי זיי געזאָגט מיט אַ שטילער, אָבער פעסטער שטימע. — „אַזוי דאַרף אַ רעוואָלוציאָנער ניט האַנדלען.“

איר האָט זיך געוואָלט, אַז ווען מען וועט אַריינטרעטן אין דער צוקונפטיקער אידעאַלער אָרדענונג, זאָל מען זיין ריין פון וועלכן־עס־איז חטא אויף זיך.

איצט, נאָך איר טויט, זיינען די חברים געזעסן דאָ ביי שרהקען אין קאַמער, און יעדערער האָט פון דעם געטראַכט. מען האָט גערעדט אָפּגעהאַקט און מען האָט זיך דערמאָנט שטיקלעך פון אסתרס לעבן. אין דער היים ביי איר האָט אסתר זיך געהאַלטן ווי אַ פרעמדע. איר טאַטע האָט דאָ צווישן די חברים געהאַט אַ נאָמען פון אַ טיראַן. אַזוי שטרענג איז ער געווען מיט זיין טאָכטער. ער, דער שוחט, איינער פון די שענסטע באַלעבאַטים אין בערעזע, וואָס זיין גרויסע פרומקייט האָט געהאַט אַ שם, און קיין שפּרינקעלע איז קיינמאָל ניט געפאַלן אויף זיין גוטן נאָמען, איז אים געווען אַ חרפה פאַר לייטן צוליב זיין טאָכ־טער. ער פלעגט אסתרן אָפּט אָפּוואַרטן ביינאַכט, ווען זי פלעגט קומען פון אַן אומלעגאַלער פאַרזאַמלונג, און ער האָט איר געשלאָגן מיט אַ שטריק, און אסתר איז אָפּט אַרומגעגאַנגען צעקיילט און צעביילט דאָס לייב.

וואָס מער דער טאַטע האָט איר פאַרפאָלגט, אַלץ מער איז זי געוואָרן איבערגעגעבן צו דער באַוועגונג. אַלע געדענקען נאָך דעם פאַל, ווען איר טאַטע, זוכנדיק ביי איר אונטערן שעניק, האָט געפונען עטלעכע אומלעגאַלע ביכלעך. ער האָט געהייסן אסתרס מאַמע אויפ־לייגן אַ פייער און ער האָט זיך שוין געקליבן די ביכלעך צו פאַר־ברענען. אסתר איז דעמאָלט צוגעשפּרונגען צו איר טאַטן און מיט גרויס כעס האָט זי אויסגעשריען:

— ניין, לייג מיך בעסער אויפן פייער!..

דער שוחט האָט אָפּט געהאַט טענות צו זיין ווייב, אסתרס מאַמע:

— דו ביסט שולדיק! — האָט ער אויף איר געשריען — אַ מאַמע דאַרף וויסן ווי אָפּצוהיטן איר קינד.

די מאַמע איז געווען אַ דערשלאָגענע און איבערגעשראָקענע יידענע. זי האָט מורא געהאַט אַ פּיפּס צו טאָן. און אַז זי האָט געזען אין אַן אָוונט ווי אסתר קלייבט זיך אַוועקגיין ערגעץ, האָט זי אַ נעבעכ־דיקע איר געפרעגט:

— דו גייסט שוין ווידער? דער טאַטע וועט דאָך דיך ממיתן... — און די אויגן זיינען איר געווען פול מיט טרערן. און אסתר האָט איר געענטפערט האַרט:

— יע, מאַמע, איך גיי שוין ווידער. און ווייַן נישט, איך האָב פיינט אַז מען וויינט...

קיין זאַך אין דער וועלט האָט שוין אסתרן ניט געקענט אָפּהאַלטן פון דעם וועג, אויף וועלכן זי האָט זיך פאַרנומען. עס האָט אין איר געלעבט די פרייד פון אָפּגעבן אַ לעבן פאַר הויכע אידעאַלן, גערעכ־טיקייט פאַר דעם פאַריאָכטן און דערנידעריקטן. און זי איז שטענדיק געווען גרייט אויף קרבנות, אויב דאָס וועט זיך פון איר פאָדערן. עס איז אין איר שטאַרק געווען דער גלויבן, אַז די צוקונפט איז שוין נאָענט און די וועלט וועט אויסגעלייזט ווערן פון אַלע שלעכטס.

נאָך די רעוואָלוציאָנערע טעג, זינט עס איז אַריינגעטראָטן די רעאַקציע אין לאַנד, האָט אסתר קיין אָרט זיך ניט געפונען. זי פלעגט קומען צו שרהקען אין שטוב, האָט זיך געזעצט אַ פאַררוקטע אין אַ ווינקל, מיט די הענט אין אירע גרויסע אַרבל אַריינגעטאָן. דאָס איז געווען אין די טעג, ווען לייבעלע יודקאָווסקי האָט אָנגעהויבן אַריינ־קומען אַהער, און ער האָט אַריינגעצויגן אַלעמען אין זיינע פריילעכע געזאַנג. אסתר פלעגט דעמאָלט קוקן אויף אַלעמען ערנסט און שטרענג. און אין אירע שמאָלע טונקעלע אויגן איז געלעגן פאַרוואורף און באַ־שולדיקונג. זי האָט געזען ווי עס ווערט פאַרקלענערט ביי יעדן איינעם דער גלויבן און דער פאַרלאַנג צו קעמפן ווייטער, און נאָר פערזענ־לעכע פאַרגעניגנס ליגט זיי אין זינען.

— זי איז געשטאָרבן מיט אַ שיינעם טויט, — האָט זלאַטקע אַרויסגערעדט שטיל ווי צו זיך אַליין. — עס איז אַ העלדישקייט צו נעמען און מאַכן אַ סוף פון זיך, ווען עס איז ניטאָ מער פאַרוואָס צו לעבן.

קיינער האָט ניט געהאַט קיין פאַרלאַנג מער צו רעדן יענעם אָוונט. אָשר מינסקי איז געזעסן און געראויכערט איין פּאַפּיראָס נאָכן אַנדערן. פריידל האָט גענומען ביי אים אַ פּאַפּיראָס און זי האָט אויך פאַררויכערט. אַלע זיינען איצט געזעסן און געשוויגן, ווי זיי וואָלטן אויף זיך געפילט אַ טייל פון דעם שולד אין אסתרס טויט...

# קאַפּיטל דריי און דרייסיק

עס האָט זיך שוין איינגעשטעלט דער לאַנגער ווינטער, מיט זיינע שנייען און זאַווערוכעס, שנייאיקע פעלדער, שנייאיקע וועגן. עס איז געווען ווי דאָס גאַנצע לעבן וואָלט זיך אָפּגעשטעלט און אַלץ אַרום ליגט איינגענורעט אין אַ לאַנגן ווינטערדיקן שלאָף.

זלאַטקע זיצט ביים פענצטער אַן איינגענורעטע, אַן אומעטיקע; פון דרויסן בלישטשעט קאַלט דער שניי, און אַרום איז אַזוי שטיל. עס הערט זיך נאָר דאָס שטענדיקע טיק־טאַק פון דעם אַלטן וואַנט־זייגער. אין שטוב איז קיינער ניטאָ, אויסער דער קליינער ריווטשען, וועלכע שפּילט זיך אויף דער ערד מיט איר ליאַלקע און וויגט איר איין צום שלאָף. שיינדל האָט זיך איינגעשפּאַרט, זי וויל ווערן אַ שניידערקע, אַזוי ווי זלאַטקע, און זי גייט איצט אַוועק פאַר דעם גאַנצן טאָג זיך לערנען נייען ביי דעם דאָמסקן שניידער. זלאַטקע אַליין האָט זיך אונטערגענומען אַכטונג צו געבן אויף דער שטוב ביז וואָס־ווען. דערווייל פילט זי זיך נאָך אַלץ ווי אַ קראַנק, קראַנק פון אומעט און יאוש. שווערע טעג לעבט זי איצט דורך, זלאַטקע, זי האָט אַפילו צו שרהקען דער שוואַרצער אויפגעהערט צו גיין אַזוי אָפט.

פון די גרויסן, וואָס די חברים האָבן איצט געהערט פון אַלע שטעט, איז נאָר געווען צו זען איין זאַך: די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג גייט אַלץ מער באַרג־אַראָפּ, די קעמפנדיקע רייען זיינען שיטערער געוואָרן. אַ סך פון דער אינטעליגענץ, וואָס זיינען געווען מיט דער באַוועגונג, האָבן זיך איצט אָפּגעקערט פון די רעוואָלוציאָנערן און מען באַגעגנט זיי מיט קאַלטקייט, און ניט ווייניק פון די רעוואָלוציאָנערע טוער אַליין זיינען אָפּגעשטאַנען. עס האָט אַ מידקייט זיי אַרומגענומען, נאָך די גרויסע הערבאָישע קאַמפן.

זלאַטקע האָט פון דעם אַלץ געוואוסט. עס האָט זיך איר צייטנווייז געגלוסט אומצוקומען ערגעץ, שטאַרבן מיט אַ שיינעם טויט. אַזוי ווי אסתר דעם שוחטס. ניין, ניט שטאַרבן נאָר איבערשלאָפן די טרויעריקע צייט. עס וועלן דאָך געוויס נאָך אַנדערע צייטן קומען. די הימלען וועלן זיך אויסלייטערן, די רעאַקציע וועט אַריבער און דער רעוואָלוציאָנערער קאַמף וועט זיך אָנהויבן אויף דאָס ניי. סוף־כל־סוף וועט דאָך די רעוואָלוציע קומען און ברענגען צו אַ זיג . . .

דערווייל איז אין אירע געדאַנקען איצט געווען אַ שטילשטאַנד, אַפּאַטיע און אַפּהענטיקייט האָבן זיך געפילט אין אירע אַלע גלידער. עס איז געווען ווי זי וואָלט צוגעקומען צו אַ וואַנט, וואו מען קען ווייטער ניט גיין. און עס האָט זיך איר דעמאָלט געדוכט, אַז זי איז שוין זייער אַלט, זי האָט שוין דורכגעלעבט אַ סך לעבנס אין אירע איין און צוואַנציק יאָר. אַ סך מאָל האָט זיך איר אויסגעוויזן ווי עפּעס האָט זי פאַרפעלט, עפּעס האָט זי אין איר לעבן דורכגעלאָזן. און זי האָט אָנגעהויבן דורכמישן אין איר געדאַנק אַלץ, וואָס איז מיט איר ביז איצט געשען.

אירע בליקן זיינען איצט געווען געווענדט נאָר צו דער פאַרגאַנגענהייט, ניט צו דעם היינט און ניט צו דער צוקונפט. די שיינע, ליכטיקע פאַרגאַנגענהייט אירע! און זי האָט זיך געזען נאָך אין די ערשטע צייטן, ווען זי איז נאָר־וואָס אַריינגעטראָטן אין דער באַוועגונג. זי איז נאָך דעמאָלט געווען זייער פרום; די ערשטע ביכלעך, וואָס זי האָט געקראָגן וועגן נאַטור־וויסנשאַפטן — די וועלט איז פול מיט וואונדער, און זי האָט זיך דערוואוסט ווי אונזער ערד דרייט זיך אַרום דער זון, און פאַרוואָס עס גייט אַ רעגן; און שפּעטער — די וואונדער פון דער סאָציאַליסטישער לערע, אַ ליכטיקע און אַ קלאָרע, ווי דער טאָג.

דעמאָלט האָט זאָול זיך באַוויזן, איר געליבטער. ווי שטאַרק זיי האָבן זיך דאָס ליב געהאַט!.. זי האָט אים געהאַט, זאָולען, און זי האָט אים פאַרלאָרן דורך איר אייגענער שולד.

— פאַרפאַלן, — האָט זלאַטקע איצט אַ טרויעריקע צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ — פאַרפאַלן...

אַן אַנדערש מאָל זיינען אַנדערע דערמאָנונגען אָנגעלאָפן פאַרביי איר געדאַנק. אירע וואונדערלעכע טעג ביי מאַטעסן אין שטוב. דער אינטערעסאַנטער און וואוילער בעניאָמקע מיט זיין שטענדיקן שטרעבן צו אַלץ וואָס איז שיין און דערהויבן. איר חברטע שיינע־רחל, און מאַטעס אַליין, און די האַרציקע און געטרייע כאַשקע.

עס האָבן איבער איר אַ פליי געטאָן די דערמאָנונגען וועגן ליאָוון. ליאָווע... זי האָט צוגעמאַכט די אויגן און זי האָט אים געזען אַריינקומען אין שטוב. די טיר איז צו נידעריק פאַר אים און ער מוז איינבויגן דעם בלאָנדן קאָפּ ביים אַריינקומען. די פּאַסמעס האָר פאַלן אים אויפן שטערן, און מיט אַ בויג פון קאָפּ פאַרוואַרפט ער זיי אויף אַרויף. כאַשקע פלעגט אַזש דאָס מויל צעעפענען, ווען זי האָט אים דערזען.

אַן אָוונט ביי ליאָוון אין צימער. נאָר זייביידע זיינען פאַראַן. זלאַטקע און ער. זייערע שמועסן וועגן ביכער, וועגן אידייען. די טיפע געדאַנקען וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט זיינען פאַר איר יעדער מאָל

געוועזן ווי אַן אַנטפּלעקונג, אַז עס האָט איר אַזש אַ בלענד געטאָן פאַר די אויגן, ווי פון צופיל ליכט.

דאָס זיינען געוועזן שיינע, וואונדערלעכע צייטן פאַר איר. ליאָווען האָט איר ליב געהאַט. זי האָט עס געפילט אין אים אָן שום רייד, ווען נאָר ער פלעגט זיך דערנענטערן צו איר. זיינע אויגן פון אַגרעס־קאָליר האָבן באַגעגנט אירע. און איין ווײַלע האָט דער בליק זייערער זיך פאַרהאַלטן, ווי אין שטומער אַנטציקונג. ווי זי האָט זיך דאָס גע־ווערט אַנטקעגן אָט־דעם געפיל אירן צו ליאָווען! זי האָט זיך אַליין פאַרבאָטן און ניט דערלאָזן זיין כישופדיקע געשטאַלט צו האָבן שליטה איבער איר. זי האָט געוואוסט, אַז זי טוט גוט. זי באַלאַנגט צו אַן אַנ־דערן, צו זאַוולען...

„וואָס איז געוואָרן פון איר שטרעבן יעדער מאָל אַלץ פאָראויס, פון איר פאַרלאַנג צו שטייגן הויך?" — האָט זי איצט זיך אַליין גע־פרעגט. — „וואו איז אַהינגעקומען די זיכערקייט אין אַלץ וואָס זי האָט געטאָן, די קלאָרקייט פון די געדאַנקען? אַז מען האָט דאָך אַלץ געוואוסט." און אויף יעדער פראַגע איז געוועזן דער ריכטיקער ענט־פער. ווי גרינג עס האָט זיך דעמאָלט געלעבט!

אַז זי איז מיד געוואָרן פון טראַכטן, איז זי אַוועק צו דער קאַנאַפּע זיך צולייגן. זי איז אַריינגעפאַלן אין האַלבן דרעמל און אַלערליי קאָש־מאַרן האָבן זיך איר געגומען מישן אין קאָפּ. אָפּגעריסענע געדאַנקען, שטיקלעך געשעענישן, דערינערונגען. אַז זי האָט דערהערט הינטערן טיר איר מאַמעס האַסטיקע טריט, האָט זי זיך געגעבן אַ כאַפּ אויף, זיך אויפגעהויבן, די מאַמע זאָל אויף איר גאָרניט דערקענען.

די מאַמע, זלאַטקעס, איז געקומען אַן אַנגעפּעלצטע פון קראָם, וואו זי האָט צוגלייך מיט נאָך יידענעס און יידן אין מאַרק געפּרוּווירן און געוואַרעמט זיך די הענט אויף אַ פייער־טאָפּ. זי האָט צוגעלייגט האָלץ צום אויוון און אינאיינעם מיט זלאַטקען האָבן זיי גענומען גרייטן וועטשערע. באַלד איז שיינדל געקומען פון שניידער. און דערנאָך די ייִנגלעך פון חדר, משהקע און דודל. עס האָט זיך איינגעשטעלט דער געוויינלעכער רעש פון אַ שטוב מיט קינדער. די טיר האָט זיך געעפנט און עס איז אַריינגעקומען דער טאַטע. ער האָט אוועקגעשטעלט דעם נאַסן שירעם אין ווינקל און געזאָגט אַ וואַרעמען „גוטן־אָוונט", אַרומקוקנדיק זיך אויף זיין פאַרמעגן, די ווייב און די קינדער, צי זיי זיינען אַלע דאָ אין שטוב. בשעת די מאַמע און זלאַטקע האָבן געגרייט צום טיש, האָט דער טאַטע דערווייל אַריינגעכאָפּט און זיך געשטעלט מעריב דאַוונען, נאָך פאַר וועטשערע.

איינמאָל אין אַזאַ אָוונט, אין מיטן פון דעם גאַנצן רעש, האָט זיך זלאַטקען געדאַכט, זי הערט אַ שטילן פייף אין דרויסן, אונטערן פענצ־טער. דאָס האַרץ האָט איר זיך געגעבן אַ שטעל אָפּ. דאָס איז זאַוולס

פּייף, זיין סיגנאַל אַז זי זאָל אַרויסקומען צו אים. זי האָט אַ צעמישטע זיך געגעבן אַ שטעל אויף פון טיש. באַלד זיך צוריק אַוועקגעזעצט. און דורך די אָנגעפּרוירענע פענצטער געפּרוּווט אַרויסקוקן צום גאַס. זי האָט דאָרט קיינעם ניט געזען. זי ווער וואַרטן אויף נאָך אַ פּייף. נאָר דער סיגנאַל איז מער ניט געקומען. זי האָט דערנאָך שלעכט געשלאָפן די נאַכט פון צערודערונג. דאָס איז געווען ער, זאָוול. ער האָט איר נאָך אין זינען.

אויף מאָרגן אין דער פרי, אַז אַלע זיינען אַוועק פון שטוב, האָט זלאַטקע שוין מער קיין חשק ניט געהאַט צו אָפּזיצן אַזוי איינגע־נורעט ביים פענצטער דעם גאַנצן טאָג. זי האָט אָנגעגאָסן אַ שיסל קאַל־טע וואַסער און לאַנג זיך געוואַשן און געפּליעסקעט זיך אין וואַסער. דערנאָך האָט זי אין שפּיגל זיך לאַנג אָנגעקוקט. אַ בלייכער, אויסגע־מאַטערטער פּנים. נאָר דער אומעט פון דער לעצטער צייט האָט גע־נומען ביסלעכווייז אָפּטרעטן פון איר. עס האָט נאָך פולסירט לעבן אין איר.

זי איז צוגעגאַנגען צום שאַפע זאַכן און אַרויסגענומען פון דאָרט דעם ווינטערדיקן מאַנטל, די „שובקע" מיטן קאַראַקולענעם קאָלנערל, וואָס זי האָט זיך אַליין אויפגענייט. דאָס איז געווען שוין לאַנג צוריק. זי האָט נאָך געהאַט אַ פוטערנע היטעלע דערצו. אַז זי האָט דעם מאַנטל אָנגעמאָסטן, האָט זי איצט אויסגעזען דינער, שלאַנקער. מיט דער היטעלע אַ ביסל אין אַ זייט, זייער גרויסשטאָטיש. נאָר זי האָט בעסער ליב געהאַט אָנצוטאָן דאָס וואַרעמע טיכל אויפן קאָפּ, וואָס פאַרשטעלט די אויערן. די קעלט אין דרויסן איז גרויס. אין אָוונט וועט זי צוגיין צו שרהקען דער שוואַרצער. שוין לאַנג דאָרט ניט געווען. אפשר וועט זי דאָרט באַגעגענען זאָוולען... זי ווייס ער האָט ניט אויפ־געהערט איר ליב האָבן.

„שטאַרקער פון אייזן איז זיין ליבע", טראַכט זלאַטקע, אַן אי־בערגעוועלטיקטע.

זי פילט זיך אַנטקעגן אים שולדיק. זי איז אויסגעשעפּט אין גייסט. זי האָט גאָר קיין לעבן שוין ניט אין זיך. וואָס וועט זי אים קענען געבן? ער מיינט דאָך געוויס, אַז זי איז די זעלבע זלאַטקע וואָס אַמאָל...

אַז עס קומט דער אָוונט, באַלד נאָך דער וועטשערע, זאָגט זי צו דער מאַמען:

— איך וועל זיך אָנטאָן און זיך דורכגיין אַ ביסל אין גאַס. דער מאַמען דאַרף מען קיין סך ניט דערציילן. זי זעט, זלאַטקע איז אַן אַנדערע היינט. מער אויפגעלעבט. זאָל דאָס נאָר זיין צום גוטן...

— גיי געזונטערהייט, — זאָגט זי איר — נאָר פאַרזאַם זיך ניט צו לאַנג.

אַז זי קומט צו שרהקען אין שטוב, דערפֿרייט זיך שרהקע מיט איר:

— פֿאַרוואָס האָט מען דאָס דיך ניט געזען די גאַנצע צייט? וואָס איז מיט דיר?

— איך ווייס ניט, שרהקע, פֿרעג ניט...

זלאַטקע קוקט זיך אַרום. זי זעט אַ לעדיקע שטוב און זי וואונדערט זיך:

— וואו זיינען דאָס אַלע חברים אַהינגעקומען?

— אין צוקערניע, ביי איטקע מנשהס. אַהין קלייבט מען זיך איצט אויף אַלע אָוונט.

שרהקע האַלט ביים פֿאַרענדיקן דעם זוים פֿון אַ קלייד. זי בייסט אָפּ דעם פֿאָדים און זי זאָגט:

— קום, מיר וועלן אויך גיין אַהין. איך וועל זיך נאָר אָנטאָן.

איטקע מנשהס צוקערניע איז אויף דער ברייטער גאַס, מיט דריי טרעפּלעך אַראָפּצוגיין. עס איז דאָרט ליכטיק און וואַרעם און עס שמעקט מיט זיסן געבעקס. איטקע אַליין, אַ פּולע, מיט אַ ווייסן, שמייכלענדיקן פּנים, שטייט הינטערן הויכן קאָנטער. אויפֿן קאָנטער, אונטער אַ גלעזערנעם צודעק, ליגן אויסגעלעגט זיסע בולקעלעך, קיכעלעך אַלערליי און „טשאַסטעס" מיט שאָקאָלאַד באַדעקט. אַלץ זעט דאָ אויס גאָר גרויסשטאָטיש. אַלע חברים זיינען שוין דאָ פֿאַראַן. די ביידע שמואלס, שרהקע די פּריקאָזטשיצע, פֿריידל, אָשר, סאָניע לוריע, אַלטער ראַבינאָוויטש. אַלע, אַחוץ לייבעלע יודקאָווסקי. ער שעמט זיך, ווייזט אויס. זינט ער האָט געקראָגן באַצאָלט מיט אַ פּאַטש פֿון זאַוולען, ווייזט ער זיך ניט פֿאַר די אויגן. מען זאָגט, ער קלייבט זיך גאָר אַוועקצופֿאָרן אין אַ גרויסער שטאָט שטודירן.

די חברים לאָזן זיך דאָ וואוילגיין. זיי טרינקען און עסן שטייענדיק ביים קאָנטער הייסע מילך מיט זיסע בולקעלעך. אַרום שמואל דעם זייגערמאַכער איז אַ גרויסער טומל און געלעכטער. חברה האָבן מיט אים זיך פֿאַרוועט וויפֿל בולקעלעך ער וועט קענען אויפֿעסן. אָשר פֿונדעוועט אים און צאָלט די געלט. ער איז אַ בעלן צו זען וויפֿל בולקעלעך קען דאָס אַ מענטש אויפֿעסן. נאָר שמואל — אים אַרט ניט. עס איז ביי אים אַ קישקע אָן אַ דעק. און ער שלינגט ממש די זיסע, וואַרעמע בולקעלעך איינס נאָכן אַנדערן.

עס עפֿנט זיך די טיר און עס קומט אַריין זאַוול. ער דערזעט דאָ זלאַטקען. גייט ער באַלד צו איר צו:

— דו ביסט גאָר דאָ? — זאָגט ער צו איר, ווי ערשט נעכטן וואָלטן זיי זיך געזען. — און איך בין איצט געוועזן לעבן דיין שטוב.

— און איך בין געוועזן ביי שרהקען. כ'האָב געמיינט דו וועסט דאָרט אויך זיין, — איז זי זיך פֿאַר אים מודה.

זי שמייכלט צו אים מיט איר אָפענעם פּנים. איר בלייכקייט אין העלן ליכט זעט זיך נאָך מער אָן. נאָר זאַוול זעט אין איר אַזאַ שיינקייט, וואָס פאַר אַלעמענס אויגן איז עס פאַרבאָרגן. ער איז צופיל פריילעך היינט, זאַוול, און ער רופט צו דער חברה מען זאָל גיין אין גאַס:

— קומט, וואָס זיצט איר דאָ?..

באַלד גיבן זיך אַלע אַ לאָז אַרויס אין דרויסן. עס איז אויסגעפאַלן אַ פרישער, פוכיקער שניי, אַ ווייסע וועלט. די נידעריקע הייזלעך זינקען אין שניי און די פייערלעך דורך די קליינע שויבן ווינקען סודותדיק. עס יאָגט זיך פאַרביי אַ שליטן, באַגלייט מיט דעם לוסטיקן קלאַנג פונם גלעקל. אין שליטן זיצן יונגוואַרג. זייער הילכיקער געלעכטער רייסט דורך די שטילקייט פון אַרום. אַלץ נויגט צו פריילעכקייט, צו שטיפעריי און געלעכטער. חברה גיבן זיך אַ נעם צו מאַכן קוליעס שניי און צו וואַרפן זיך איינע די אַנדערע מיט דעם. פריידל די שטיפערקע איז דאָ אויך פאַראַן. איר געלעכטער רייצט, מונטערט.

זלאַטקע איז אין מיטן פון שפּיל. עס דרייען זיך איר די הייזער פאַר די אויגן, די פאַרשנייטע דעכער, די פאַנאַרן אויף די סלופּעס. אירע אברים זיינען אָנגעלאָדן מיט יונג־לעבן, זי ווערט זיך אַנטקעגן די קוליעס שניי, וואָס פאַלן אויף איר, און זי גיט צוריק. אָט צילט איינער מיט אַ קוליע שניי אויף איר. אָבער באַלד לויפט אונטער זאַוול אַנטקעגן און ער פאַרוואַרפט יענעם מיט אַזוי פיל שניי, אַז מען זעט אים קוים אַרויס.

זאַוול איז אָנגעטאָן אין אַ באַשליק, פאַרוואָרפן אַרום האַלדז. ער האָט זיך געקויפט אַ הויכע פוטערנע היטל, ווי עס טראָגן די רוסן. ער האַלט זיך היינט זייער דרייסט אַנטקעגן זלאַטקען. ער דאַרף איר אויף דאָס ניי איינגעמען, געווינען...

— נו, גענוג. פאַר דיר איז שוין גאָר צייט צו גיין אַהיים. — רעדט ער צו איר כלומרשט שטרענג.

— אַזוי זאָגסטו? — רייצט זי זיך מיט אים און זי פאַרקוקט אים גלייך אין די אויגן. די אַנדערע חברים האָבן ביסלעכוויַיז אָפּגעטראָטן פון זיי. עס הערט זיך נאָר פון דערווייטנס זייער פריילעכע גערעדעריי. זלאַטקע און זאַוול כאַפּן זיך, אַז זיי זיינען איצט אַליין, זיי זיינען פאַר־גאַנגען צופיל אָן אַ זייט, זיי בלאָנדזשען אין טיפן שניי, וואָס איז נאָך ניט באַרירט געוואָרן פון אַ מענטשלעכן טראָט.

— מיר בלאָנדזשען... — זאָגט זלאַטקע. און זי גיט זיך אַ שטעל אָפּ.

זאַוול שטעלט זיך אויך אָפּ. די נאַכט איז אַ ליכטיקע פונם שניי. און זאַוול ווייזט אָן מיט דער האַנט:

— אָן דאָרטן זעט זיך שוין מיין אויבער־שטיבל, וואו איך וואוין.

— דו וואוינסט נאָך אַלץ אויף דעם זעלביקן אָרט? — פרעגט ביי אים זלאַטקע.

— קום צוגייין, וועסטו זען. — קוקט ער איר אָן מיט זיינע בלי־ציקע אויגן.

אַ ווײַלע איז אַ שטיל־שווייגעניש.

— איך שטעל זיך שוין פאָר דעם לאַד ביי דיר אין קאַמער. — רופט זיך אָפּ זלאַטקע.

— אַז עס פעלט אַ באַלעבאָסטע אין שטוב. — זאָגט זאַוול.

זלאַטקע גיט זיך אַ בויג אַראָפּ. זי גיט אַ מאַך־אויף אַ קוליע שניי און זי פאַרמעסט זיך מיט דעם אַנטקעגן זאַוולען.

— פאַמעלעך, דיין האַנט! — גיט ער איר אַ כאַפּ־אָן ביי איר אָרעם.

— וואָס פאַר אַ האַנט?

— דאָ מיט דער וואונד. דו האָסט שוין פאַרגעסן.

— אָ, ווייס־איך־וואָס. שוין לאַנג זיך פאַרהיילט.

און ווי זיי שטייען אַזוי, גיט ער איר אַ נעם אַרום, און ער הויבט איר אָן קושן.

— פאַמעלעך, מיין האַנט! — זאָגט זלאַטקע.

און ביידע לאַכן.

# עפּילאָג

גאָר ניט פּטור צו ווערן פון דעם לאַנגן ווינטער מיט די פרעסט און מיט די שנייען. אָבער אין שטוב איז היינט אָנגעהייצט, אַ מחיה. די טאָפּעלע פענצטער זיינען אַריינגעשטעלט, פאַרקלעפּט מיט פּאַפּיר אַלע שפּאַרונעס; אַפילו די טיר איז באַשלאָגן מיט אַ קרייקע, כדי דער ווינט זאָל ניט דורכבלאָזן. אויף די שויבן האָט דער פראָסט אויסגעמאָלן אַלערליי בוימער און צווייגן, וואָס פון דער וואַרעמקייט אין שטוב נעמען זיי זיך צעגיין. עס איז אָנהויב אָוונט, באַלד נאָך וועטשערע. זלאַטקע האָט זיך אָנגעטאָן וואַרעם און זי איז אַוועק פון שטוב, ווי זי טוט דאָס איצט שוין אַ פּאָר וואָכן צייט. די מאַמע האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי דער וואַרעמער וואַנט פון אויוון, און זי פליקט פעדערן, ווייסע ווי פוך, וואָס זי האָט אָנגעשטאָפּט אין אַ גרויסן טאָפּ.

דעם טאַטן האָט זיך היינט פאַרגלוסט צו פאַרהערן זיינע צוויי יינגלעך, משהקען און דודלען, אויף ווי ווייט זיי האַלטן שוין אין לימוד און אויב עס איז שוין צייט פאַר זיי אַריבערצוגיין אין אַ העכערן חדר. וועגן דעם עלטערן, משהקען, זאָגט גאָר דער רבי, אַז ער וואַקסט אַן עלוי. נו, גוט. האָט דער טאַטע אַרויסגענומען אַ חומש פון ספרים־אַלמער. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט צום טיש און צוגערופן צו זיך די יינגלעך. ער האָט אויפגעמישט די סדרה משפּטים און ער האָט מיט זיי געלערנט:

„וגר לא תונה ולא תלחצנו, כי גרים הייתם בארץ מצרים" — און אַ פרעמדן זאָלסטו ניט קריוודען און זאָלסט אים ניט דריקן, וואָרעם פרעמדע זייט איר געווען אין לאַנד מצרים.

און ווייטער:

„כל אלמנה ויתום לא תענו" — אַן אַלמנה און אַ יתום זאָלסטו ניט פּייניקן.

דער טאַטע האָט זיך אין מיטן לערנען פאַרקלערט. ער האָט אַ בלעטער געטאָן אין חומש, און עס איז אים געקומען אויפן זינען אַן אַנדער פּרשה:

„ומי גוי גדול אשר לו חוקים ומשפטים צדיקים ככל התורה!" — האָט ער שוין געלערנט אויף אויסווייניק — און וואָסער גרויס פאָלק

איז פאַראַן, וואָס האָט חוקים און געזעצן גערעכטע, אַזוי ווי די דאָזיקע גאַנצע תורה?

דער טאַטע האָט שוין פאַרגעסן אָן די ייִנגלעך זייַנע. אַ צעוואַ־רעמטער האָט ער גענומען אַרומשפּאַנען איבערן שטוב; אויפן קאָפּ די יאַרמולקע אָנגעטאָן, מיט די לאַנגע פּיאות, וואָס האָבן זיך צונויפגע־גאָסן מיט דער באָרד און אַרומגענומען זייַן פּנים ווי אין אַ טונקעלער ראָם. ער האָט אויסגעקוקט זייער געהויבן, דער טאַטע; געהויבן, וואָס ער באַלאַנגט צום אויסדערוויילטן פֿאָלק, וואָס ער איז אַ ייִד.

אין מיטן פֿון זייַן שפּאַנען איבערן שטוב און אין מיטן פֿון זייַן טראַכטן, האָט זיך געעפֿנט די טיר און עס איז אַרייַנגעקומען דער שכן זייערער, הערש לייב דער שענקער.

— אַ גוטן אָוונט אייַך! — האָט ער געזאָגט היימיש. — ס׳איז אַ גאַנץ פֿייַנער פּרעסטל הייַנט. — האָט ער זיך אַזש געריבן איין האַנט אָן דער אַנדערער. ער האָט דערציילט ווי דער שניי האָט פֿאַרשאָטן דעם גאַנצן אַרומיקן געגנט. און ווען אַ מענטש לאָזט זיך איצט אין וועג אַרייַן, איז אַ סכנה ער זאָל, חלילה, ניט פֿאַרבלאָנדזשען און דער־פֿראָרן ווערן אינמיטן פֿעלד.

די מאַמע האָט אַרויסגעשלעפּט די הייסע בונקע פֿון אויוון, און זי האָט מכבד געווען הערש־לייבן מיט אַ גלאָז שטאַרקן טיי. ביידע ייִדן זייַנען איצט געזעסן בײַם טיש און געשמועסט. דער טאַטע האָט צו אים גערעדט מיט פּסוקים און מיט ווערטלעך פֿון דער תורה. הערש־לייב איז געווען אַ מגושמדיקער ייִד, מיט אַ פֿעסטן קאַרק און מיט אַ שוואַר־צער, געדיכט־צעוואַקסענער באָרד. ער איז געווען אַ ביסל שטומפּיק אויף עברי. ער האָט געשלונגען די ווערטער פֿון דער תורה, ניט וויסנ־דיק אָפּט דעם מיין דערפֿון; אָבער ער האָט זיך פֿון דעם געפֿילט אָנגע־טרונקען, ווי מיט שטאַרקן ווייַן.

הערש־לייב, פֿון זייַן זייַט, האָט ליב געהאַט אַלערליי מעשיות צו דערציילן. ער איז אויסגעוועזן אַ סך אונטערוועגנס, איבער די דערפֿער, און ער האָט געהאַט אַ סך וואָס צו דערציילן. אַ מעשה וועגן אַ פּריץ, וואָס אַז די משוגעת פֿאַרדרייט זיך אים, ווערט ער גוט, ער לאָזט זיך רעדן און מען קען מיט אים האַנדלען; אַ מעשה ווי אַזוי ער איז איינ־מאָל ביינאַכט געפֿאָרן דורכן וואַלד, און עס זייַנען אים באַפֿאַלן פּויערים. עס האָט געקענט זייַן אַ באַנדע גזלנים; און ווי אַזוי ער האָט זיך פֿון זיי אַרויסגעראַטעוועט. הערש־לייב האָט געקענט די זעלביקע מעשה איבערדערציילן עטלעכע מאָל, נאָר אָפּגעפֿרישט און צוגעפּראַוועט, און עס איז אַרויסגעקומען ווי ניי. דער טאַטע האָט די מעשיות זייַנע יע געגלויבט און ניט געגלויבט. ער האָט צוגעשמייכלט גוטמוטיק און ער האָט שטאַרק הנאה געהאַט פֿון הערן. און די ייִנגלעך, משהקע און

דודל, זיי האָט מען גאָרניט געקענט אָפּרייסן פון אָרט, ווען הערש־לייב האָט געהאַלטן אין דערציילן אַ מעשה.

דער ווינטערדיקער אָוונט איז גרויס. די מאַמע האָט אויסגעבעט די געלעגערס פאַר די קינדער, און זי האָט זיך צוריק גענומען צו איר איבערגעריסענער אַרבעט פון פליקן די פעדערן. זי האָט איינגעשפּאַנט שיינדלען צו העלפן איר אין דער אַרבעט. שיינדל האָט געוואוסט, אַז די פעדערן וועלן גיין אין אַ קישן פאַר זלאַטקען, און אַז עס גרייט זיך אַ גרויסע געשעעניש אין שטוב, און זי וועט אַוודאי צולעגן אַ האַנט צו העלפן. נאָר זי איז איצט געווען אָנגעברוגזט אויף דער מאַמען, שיינדל. זי האָט דאָ ניט לאַנג געהאַט מיט איר אַן איבעררייד. שיינדל שניידט זיך אויף אַ גרויסע קענערקע אין איר געניי. זי וויל פאָרן אויף דער מדינה, אַזש קיין אָדעס, אָדער יעקאַטערינאָסלאַוו. דאָרטן פאַרדינט מען ביי שניידעריי גוט, און מען ווערט דאָרטן אַ מענטש. די מאַמע איז געווען דאַקעגן שיינדלס פּלענער. זי איז נאָך אַלץ די קעניגין ביי זיך אין שטוב, און אַז זי זאָגט „ניין", דאַרף זיין „ניין".

— וועלן מיר שוין זען! — האָט שיינדל געסטראַשעט דער מאַמען אַ פאַרעקשנטע.

— אַוודאי וועלן מיר זען, — האָט די מאַמע געענטפערט פונקט אַזוי איינגעשפּאַרט.

איצט, ביים פליקן די פעדערן, איז שיינדל געווען אומגעדולדיק און האַסטיק אין אירע באַוועגונגען, אַז די מאַמע האָט זיך שוין אַ בייזער געטאָן אויף איר:

— ווי אַזוי פליקסטו דאָס די פעדערן. זע, דער גאַנצער פּוך איז דאָך געבליבן אויף די שטעקעלעך!

אָבער דער מאַמעס בייזקייט האָט היינט קיין האַפט ניט. עס איז איר איצט גוט אויפן האַרצן. זי האָט היינט בייטאָג צוגעמאַכט אויף אַ ווײַלע די קראָם און זי איז אַוועק צו בלומע דער שניט־קרעמערקע אָנצוקוקן לייוונט אויף העמדער.

— איך דאַרף האָבן אַ גוטן שטיקל לייוונט, דינעם, אויף העמדער. — האָט זי געזאָגט.

די מאַמע זלאַטקעס איז ניט געווען קיין אָפטער קונה אין די קראָמען. נאָר אַז זי האָט שוין יאָ עפּעס געקויפט, האָט דאָס געמוזט זיין פון בעסטן סאָרט. און פרומע די שניט־קרעמערקע, די גרויסע סוחרטע, די פּיקחת, האָט אַראָפּגענומען פון אַ ווינקל־פּאָליצע אַ שטיקל וואַרע, האָט עס געגעבן אַ צעוויקל, און מיט דער האַנט אַ נעם געטאָן אַ ברעג פון דעם, און זי האָט געזאָגט:

— איך האָב לייוונט, איז עס דין ווי וועב...

פונקט דעמאָלט איז אַריינגעקומען ברײַנע־לאה, וואָס מען האָט איר גערופן די „פּליאַדערקע", די מאַמע זלאַטקעס האָט ברײַנע־לאהן

ניט ליב געהאַט, פאַר איר לאַנגן צונג. ווען נאָר עס האָט זיך עפּעס געמאַכט מיט זלאַטקען, פלעגט זי, ברײַנע־לאה, די ערשטע צוטראָגן דאָס באַלד אויף טעלערלעך, אַז מען זאָל פון דעם רעדן אין גאַנץ בערעזע. איצט, מיטאַמאָל, זי איז אויך דאָ!

— אויף וואָס דאַרפט איר דאָס אַזאַ פײַנעם לײַוונט, טעמע?

— וואָס הייסט, אויף וואָס? אויף העמדער פאַר מײַן זלאַטקען.

— האָט די מאַמע געזאָגט.

— אַזוי? זי איז שוין אַ כלה געוואָרן, אײַער זלאַטקע?

— יע. — ענטפערט די מאַמע. — זי וועט מירצעשעם אינגיכן חתונה האָבן.

— זעטס נאָר, — האָט ברײַנע־לאה אַ פאַרברוגזטע זיך אָפּגעדרופן. — מען וואונטש אַ שטוב לעבן אַ שטוב און מען זאָגט דאָס גאָר־ניט אויס.

— איך האָב געמיינט, אַז איר ווייסט שוין אַלײן. — האָט די מאַמע איר אָפּגעענטפערט מיט אַ שטאָך, און דערמיט איר פאַרמאַכט דעם מויל.

דער מאַמען איז איצט געוועזן גוט: זי וועט זיך שוין ניט דאַרפן מער היטן פאַר קײנעם מיט אַ וואָרט און זי וועט קענען אַלעמען קוקן גלײַך אין די אויגן.

הערש־לײב דער שענקער איז שוין אַוועק אַהײם. און דער טאַטע האָט צוגעמאַכט דעם ספר און ער האָט אַ שפּאַן געטאָן איבער דער שטוב. ער האָט אַ קוק געגעבן אויף דעם וואַנט־זײגער און אַ באַאומרואיקטער האָט ער אַ פרעג געטאָן בײַ זײַן ווײַב:

— וואו איז דאָס זלאַטקע אַזוי שפּעט?

— זי וועט מסתמא באַלד קומען, זאָרג ניט. — האָט זי זיך אָפּגערופן, און זי האָט צו זיך אַלײן געשמייכלט: „אַ מאַנסביל איז אַזוי ווי אַ קינד, מען דאַרף אים צעקײַען די ווערטער און אַרײַנלײגן אים אין מויל אַרײַן“.

אָבער זי האָט געהאַט אַ טעות, די מאַמע. איר מאַן האָט זיך באַלד געכאַפּט, אַז זי ווייסט עפּעס גוטע נײַס. ער האָט עס פאַרשטאַנען לויט איר קול און לויט איר שמייכל. פאַר אײן קורצער ווײַלע האָבן מאַן־און־ווײַב זיך דורכגעשמועסט נאָר מיט די אויגן. און ער האָט דערנאָך זײַער האַסטיק גענומען אַרומשפּאַנען איבער דער שטוב.

די מאַמע האָט שטײפער פאַרבונדן די ווײַסע פאַטשײלקע איבערן קאָפּ, און ניט ווײסנדיק אַלײן פאַרוואָס, איז איר געקומען אויפן זינען אַ לידל, וואָס זי האָט ליב געהאַט צו זינגען נאָך גאָר יונגערהייט:

„אַ פויגעלע איז געפלויגן איבער אַלע ימען, איבער אַלע ימען,
אַ גרוס זאָל זי אָפּגעבן מײַן טאַטן מיט דער מאַמען“...

זי האָט געזונגען מיט אַ כריפּקן קול, אָבער מיט אַ סך געפיל.

— דו ביסט שוין איינמאָל אַ זינגערקע! — האָט זיך שיינדל אָפּגערופן, נאָך אַלץ אַ ברוגזע.

דער טאַטע זלאַטקעס האָט זיך געגעבן אַ שטעל אָפּ אינמיטן שטוב און ער האָט אונטערגעהויבן אַ ביסל זיינע שפּאַקולן, כדי בעסער אָנצוקוקן זיין ווייב.

— דו זינגסט דאָס, טעמע? — האָט ער ביי איר געפרעגט.

די מאַמע, שטאַרק פאַרשעמט, האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און גיך, גיך האָט זי גענומען פליקן די פעדערן.

די צוויי יינגלעך, אין דעם צעעפנטן שלאָף־באַנק, זיינען נאָך ניט געשלאָפן, נאָר שטיל געשמועסט צווישן זיך. אַלע פאַרנאַכט, גייענדיק פון חדר, האָבן זיי געמוזט פאַרבייגיין די גויישע געסל. שקצים האָבן געקענט אַרויסלויפן, אָנרייצן אויף זיי אַ הונט. זיי זיינען אויך פאַרבייגעגאַנגען אַ ליידיקע הויז, אַ חורבה, אָן אַ מזוזה אויף דער טיר. דאָרטן זיינען געווען פאַרבאַהאַלטן אַלערליי ניט־גוטע. און די יינגלעך פלעגן דורכלויפן דעם אָרט מיט קלאַפּנדיקע הערצער, ביז זיי פלעגן קומען בשלום אַהיים. איצט זיינען זיי געלעגן אויפן געלעגער און דערציילט זיך אַלערליי מעשיות פון שדים און פון רוחות און פון גזלנים, ביז זיי זיינען אַנטשלאָפן געוואָרן אינמיטן פון דערציילן.

אין דרויסן אַרום איז געווען שטיל. עס איז אויפגעגאַנגען די לבנה, אַ ליכטיקע און אַ פולע, און באַלויכטן די איינזאַמע און פאַר־שנייטע ווייטקייטן. פון צייט צו צייט האָט דאָ אַ שליטן זיך דורכגעיאָגט, פול געפאַקט מיט מענטשן, פון דעם שטעטלשן יונגוואַרג. דער לוס־טיקער קלאַנג פונם גלעקל ביים שליטן האָט דורכגעריסן די שטילקייט פון דעם אַרום.